ספר

# חיי אדם

הועתק

מהספר חיי אדם בלה"ק שחבר הרב המאוה"ג
מוהר"ד **אברהם דאנציג** ז"ל מו"צ דווילנא .

אזו וויא דאש דאזיגע ספר הייסט · אזו איז דאש אויך · דאש
גאנצע לעבין פון דעם מענטשין · עש שטייען אלע דינים פון
דעם שולחן ערוך אורח חיים אונ אנדערע פוסקים
אלדינג זייער קלאר אונ ריין · אפילו ווער עש איז ניט קיין למדן
וועט ער זיך אויך דער פון אויש לערנען אלע דינים :


שנת תש"י לפ"ק

הוצאת מסורה פאבלישינג קאמפאני

Published by MESORAH COMPANY

New York

# לוח המפתחות

פארצייכעניש פון אלע דינים וואש געפינן זיך אין דעם דאזיגען ספר חיי אדם :

השכמת הבוקר׳ אליץ וואש מען זאל טאן אין דער פריא ווען מען שטייט אויף אונ וויא אזו מען זאל זיך אן טאן :

ב נטילת ידים ׳ וויא אזו דאש וואשין זאל זיין אין דער פריא אונ מיט וועלכע וואסער מעג מען זיך וואשין :

ג דיני טהרה ונקיות ׳ וויא אזו מען מוז זעהן תמיד ריין צו זיין ׳ אונ וועלכע זאכין עס הייסין נישט ריין אונ מען טאר קעגין זייא ניט לערנען אונ ניט דאוונן אדר איין הייליג ווארט זאגין :

דיני קודם תפלה ׳ די אלע זאכין וואש מען מעג יוא טאן אונ וואש מען טאר ניט טאן פאר דעם דאוונען :

ה דיני ציצית ׳ אלע דינים פון ציצית ווען מען מוז גיין אין ציצית ׳ וויא מען מוז ערליך האלטין די ציצית ׳ וועלכע ציצית עש זיינען כשר׳ אונ וויא אזו מען זאל איין מאכין דיא ציצית אין ארבע כנפות אריין :

ו דיני תפילין ׳ וויא אזו מען זאל לייגין תפילין ׳ אונ ווען מען זאל זייא אויש טאן ׳ וויא אזו די רצועות זאלין זיין ׳ אונ וויא מען מוז הייליג האלטין דיא תפילין :

ז דיני תפלה ׳ אלע דינים פון דאוונען ׳ וועמן מעג מען מצרף זיין צום מנין ׳ ווען מען מעג זאגין ברכו אונ קדושה אונ קדיש חאטשע עש איז ניטא קיין מנין ׳ אויף וועלכע ערטר אין דאוונן טאר מען ניט ריידין׳ אונ וויא מען זאל דאוונן ווען מען קומט שפעט אין שול:

ח דיני פסוקי דזמרה ׳ אלע דינים פון ברוך שאמר ביז נאך ישתבח :

ט דיני קדיש וברכו ׳ ווען מען מעג זאגין קדיש אדר ברכו אדר קדושה׳ ווער עש מוז נאך זאגין מיט דעם חזן׳ אונ ווער עש מעג דאוונען פר דעם עמוד :

י דיני קריאת שמע ׳ ביז וויא לאנג איז די צייט אין דער פריא קריאת שמע צוא זאגין ׳ וויא אזו מען זאל זאגין קריאת שמע וואש מען זאל טאן ווען מען האט אין דר פריא אדר צו מעריב קיין קריאת שמע נישט גיזאגט אונ נאך אויך אנדערע דינים דער פון :

יא דיני שמונה עשרה ׳ וויא אזו מען מוז דאוונען שמונה עשרה ׳ וואש מען זאל טאן ווען מען האט איין שמונה עשרה פארפעלט׳ אונ וויא לאנג מען האט צייט שמונה עשרה צו דאוונען :

יב דיני משיב הרוח • טל ומטר • יעלה ויבא • ווען מען זאגט משיב הרוח ׳ אונ טל ומטר ׳ אונ יעלה ויבא ׳ אונ וואש מען זאל טאן ווען מען האט פר געסין צו זאגין׳ אדר מען האט נאר גיזאגט משיב הרוח אדער טל ומטר׳ אדר מען האט מוצאי שבת נישט גיזאגט אתה חוננתנו׳ אדר תשעה באב האט מען פאר געסין צו זאגין נחם׳ אדר חנוכה אונ פורים האט מען פאר געסין על הנסים׳ אדער עשרת ימי תשובה האט מען ניט גיזאגט המלך הקדוש ׳ אדער וכתוב אדער בספר חיים׳ אדר אין איין תענית ווען מען

האט

הָאט פַאר גֶעסִין צוּ זָאגִין עֲנֵנוּ · אָדֶר מֶען הָאט אִין דֶר פְּרִיא גִיזָאגְט שָׁלוֹם רָב · אָדֶר מֶען הָאט אִין דִיא עֶרְשְׁטֶע נַאכְט פֶּסַח גִידַאבֶענְט דִיא וָואכֶדִיגֶע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה :

יג דיני חזרת הש״ץ · אַלֶע דִינִים פוּן דֶער הוֹיכֶע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה וָואשׂ דֶער חַזָן זָאגְט · אוּנ וִויא מֶען זָאל טָאן וֶוען דֶער חַזָן הָאט זִיךְ טוֹעֶה גִיוֶועזִין אִין מִיטִין · אָדֶער עֶר אִיז פַאר שְׁלַאפְט גִיוָוארִין · אָדֶר עֶר אִיז אַיין כֹּהֵן אוּנ עֶשׂ הָאט זִיךְ גִיטְרָאפִין אַיין מֵת אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע זַאכִין :

יד דיני טעות בשמונה עשרה · וָוען מֶען הָאט זִיךְ טוֹעֶה גִיוֶוען אוּנ מֶען הָאט גִיזָאגְט אַיין אַנְדֶר בְּרָכָה אִין דֶר שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה אָדֶער מֶען הָאט גָאר גִידַאבִינְט אַיין אַנְדֶרֶע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה וָואשׂ מֶען טוּט :

טו דיני תחנון · וִויא אַזוֹ אוּנ וֶוען מֶען פַאלְט תַּחֲנוּן אוּנ אוֹיף וֶועלְכִין אָרְט מֶען זָאגְט עֶשׂ · אוּנ אִין וֶועלְכֶע טֶעג מֶען זָאגְט נִישְׁט קֵיין תַּחֲנוּן :

טז דיני קריאת התורה · וִויא מֶען מוּז זִיךְ נוֹהֵג זַיין וֶוען מֶען לֵייעֶנְט · וֶוער עֶשׂ מֶעג לֵייעֶנֶען · וֶועמֶען מֶען זָאל אוֹיף רוּפִין · וָואס מֶען טוּט וֶוען דֶער אוֹיף גִירוּפֶענֶר הָאט זִיךְ טוֹעֶה גִיוֶועזִין מִיט דֶער בְּרָכָה אָדֶער עֶר אִיז אִין מִיטִין פַאר שְׁלַאפְט גִיוָוארִין · אָדֶער מֶען הָאט אִים גִיוִויזִין אַיין אַנְדֶער אָרְט אִין סֵפֶר · אָדֶר עֶס אִיז אִין מִיטִין לֵייעֶנִין גִיבְּלִיבִּין וֵוינִיגֶער פוּן אַיין מִנְיָן · אָדֶר דֶער אוֹיף גִירוּפֶענֶער הַאלְט אִין מִיטִין דַאבְנֶען אָדֶר מֶען הָאט אֵיינֶם אוֹיף גִירוּפִין אוּנ עֶר אִיז גָאר נִישְׁט דָא · אָדֶער וֶוען דֶער קוֹרֵא הָאט זִיךְ טוֹעֶה גִיוֶועזִין אוּנ הָאט פַאר אֵיינֶעם נִישְׁט מֶער גִילֵייעֶנְט נָאר צְוֵויא פְּסוּקִים · אָדֶער וֶוען עֶשׂ אִיז נִישְׁט דָא קֵיין אֵיינְצִיגֶער יִשְׂרָאֵל נָאר לוֹיטֶער כֹּהֲנִים אָדֶער לְוִיִם · אוּנ נָאךְ פִיל אַנְדֶערֶע דִינִים :

יז דיני עליות החיובים · וֶוער עֶשׂ אִיז אַיין חִיוּב עוֹלֶה לְתוֹרָה צוּא זַיין :

יח דיני נשיאת כפים · אַלֶע דִינִים פוּן כֹּהֲנִים דוּכֶענֶען :

יט דיני אשרי ובא לציון · דִינִים פוּן אַשְׁרֵי אוּנ וּבָא לְצִיּוֹן · אוּנ וֶוען מֶען זָאגְט נִישְׁט לַמְנַצֵּחַ · אוֹיךְ דִינִים פוּן עָלֵינוּ לְשַׁבֵּחַ :

כ דיני קדיש יתום · וָואשׂ דֶער קַדִישׁ אִיז · וֶוער עֶשׂ אִיז אַיין חִיוּב קַדִישׁ צוּא זָאגִין · אוּנ וִויא אַזוֹ מֶען זָאל אַיין טֵיילִין דִיא קַדִישִׁים :

כא דיני אחר התפלה · וָואשׂ מֶען זָאל לֶערְנֶען נָאךְ דֶעם דַאוְונֶען :

כב דיני ספר תורה · יֶעדֶר אִיד זָאל זִיךְ אַלֵיין שְׁרַייבִּין אַיין סֵפֶר תּוֹרָה אָדֶער עֶר זָאל זִיךְ בַּאשְׁטֶעלִין בַּייא אַיין סוֹפֵר · אוּנ וִויא מֶען מוּז עֶרְלִיךְ הַאלְטִין אַיין סֵפֶר תּוֹרָה אוּנ אַנְדֶרֶע הֵיילִיגֶע סְפָרִים :

כג דיני הנהגות האדם · דִיא בַּשְׁרַייבּוּנְג פוּן אַלֶע גוּטֶע אוּנ שְׁלֶעכְטֶע מִדּוֹת אוּנ וִויא אַזוֹ דֶער אִיד זָאל זִיךְ תָּמִיד אוֹיף פִירִין :

כד דיני בריאות הגוף · אַלֶע זַאכִין וָואשׂ מֶען זָאל טָאן כְּדֵי מֶען זָאל גִיזוּנְד אוּנ שְׁטַארְק זַיין :

כה דיני איסורי סכנה · אַזֶעלְכֶע זַאכִין וָואשׂ

מען

מען טאר נישט עסין אדער טאן ווייל עס איז געפערליך פאר דעם מענטשין:

כו דיני נטילת ידים. דינים פון וואשין צום עסין:

כז דיני המוציא. אלע דינים פון דר מוציא וויא גרוים דיא מוציא מוז זיין. אונ איבער וואס מאכט מען ד' מוציא:

כח דיני סעודה. דינים פון דעם עסין אונ וויא אזוא דער איד דארף צוא עסין עס זאל נישט זיין איין פראסט פרעסין וויא איין בהמה:

כט דיני מים אחרונים. וויא אזו מען מוז זיך וואשין דיא הענט נאך דעם עסין. אונ אז מען מוז דער נאך תיכף בענטשין:

ל דיני ברכת המזון. אלע דינים פון מזומן בענטשין אונ וויא אזו מען זאל טאן ווען מען האט עפעס פאר געסין צוא זאגין אין דעם בענטשין:

לא דיני ברכת הנהנין. דיא הויפט כללים פון אלערלייא ברכות. אונ וואס די ברכה איז. אונ וואס מען זאל טאן אז מען האט זיך טועה געוועזן אדער מען האט גאר קיין ברכה נישט געמאכט:

לב דיני ברכה אחרונה. ווען מען מאכט בורא נפשות אונ ווען מען זאגט די לאנגע ברכה אחרונה. אונ דיא בשרייבונג פון אלע ברכות:

לג דיני ברכות. וועלכע ברכות עס זיינן פריער מען זאל זייא פריער מאכין איידער דיא אנדערע:

לד דיני ברכות הראיה. דיא ברכות וואס מען מוז מאכין איבער זאכין וואס מען זעהט:

לה דיני ברכות השמיעה אלע ברכות איבער זאכין וואס מען הערט:

לו דיני ברכות הריח. דיא ברכות איבער זאכין וואס מען שמעקט:

לז דיני שהחיינו והטוב והמטיב. יעדער זאך וואס מען מוז דריבער מאכין שהחיינו אונ ווען מען מאכט דיא ברכה הטוב והמטיב:

לח דיני פרטי ברכת הנהנין. דיא ריינע בשרייבונג פון יעדער זאך וואס פר איין ברכה מען מוז איבער איר מאכן:

לט דיני ברכות פרטיות. דינים פון גוזל בענטשין. פון ברוך שפטרני. פון חלה נעמען אונ פון כלים טובלין:

מ איזה דיני ברכות. וויא אזו מען זאל מאכין יעדער ברכה. ווען מען זאל זיא מאכין. אונ וואס מען טאר נישט טאן ווען מען מאכט דיא ברכה:

מא דיני משא ומתן. וואס דאס געלט איז וויא אזו מען מוז ערליך האנדלין. אלע דינים פון מעסטין אונ וועגין. וויא אזוא מען מוז הייליג האלטין דאס ווארט:

מב דיני מנחה. אלע דינים פון מנחה דאווענען. אונ ווען דיא צייט איז פון מנחה:

מג דיני מעריב. דיא צייט פון מעריב דאווענען. אונ וואס מען זאל טאן ווען מען פאר שפעטיגט זיך מיט מעריב. אונ נאך אנדערע דינים דער פון:

מד דיני סדר הלילה. דינים פון קריאת שמע לייענן. אונ וויא מען זאל זיך פירין בייא דער נאכט:

מה דיני ערב שבת. וואס דער הייליגער שבת איז. אונ וויא מען זאל זיך נוהג זיין פרייטאג בייא טאג:

דיני

ראש

---

# הקדמה בקצרה מהרב המחבר

אזוא וויא עס איז ידוע אז דר עיקר לימוד התורה איז ניט דער לערנן אליין · נאר אז מען זאל וויסין אלע דינים אונ אלע מצות מקיים צו זיין · אזו וויא עס שטייט אם תבקשנה ככסף כו' אזו וויא דער מענטש וואש זוכט געלט צו פאר דינען · מיינט ער דאך ניט דיא געלט אליין נאר דעם תכלית פון דיא געלט · אזו אויך דארף יעדר איד לערנע באופן ער זאל קומען צו דעם תכלית פון לערנען · היינו ער זאל וויסין וויא צו פירין זיך אין זיין גאנצין לעבין ע"פ דיני התורה · הן די דינים פון דאווגען · ציצית · תפילין · שבת ויום טוב · ער זאל ח"ו ניט נכשל ווערין אין קיין דין וואס ער ווייס ניט וויא דר דין איז · עכ"ל המחבר בקיצור · דרום האבין מיר מעתיק געווען דעם ספר חיי אדם על לשון אשכנז המורגל כדי אלע זאלין פר שטיין אונ אויך אלע דינים וואש עס זיינען שייך צו יעדערן בן ישראל · ובזכות זה נזכה לביאת הגואל · עס זאל מקוים ווערין ומלאה הארץ דעה את יי' כמים לים מכסים :

שִׁוִּיתִי יְהֹוָה לְנֶגְדִּי תָמִיד

א איך האב גאט שטענדיג פאר מיר · דאס איז דער ערשטער כלל וואס דער איד מוז האבין · ער מוז שטענדיג אין זינען האבן אז ער שטייט פאר גאט · אונ ווער עס פאר געכט אן דעם קיינמאל ניט · קאן קיינכאל ניט זינדיגין · דען לאמיר זעהן ווען איין מענטש שטייט פאר דעם קיניג וועט ער גיוויס אפ היטין יעדען ווארט אונ יעדין טריט ער זאל דעם קעניגס גזעץ ניט איברטרעטין · ווען דאש איז אזוא פאר איין מלך בשר ודם · וויא מוז עס נאך זיין ווען מען ווייסט אז מען שטייט פר דעם גרויסין הייליגין גאט · וואס אויסער דעם וואס ער זעהט אלדינג וואס דער מענטש טוט · ווייסט ער אויך יעדעס גידאנקען וואס מען האט אין הארץ דרום מוז מען ציטערין בייא יעדין טריט אונ זיך שטארק היטין ניט צוא טאן דאס מינדעסטע וואס בייא גאט איז ניט רעכט :

ב ווען מען לייגט זיך אין בעט אריין מוז מען זיך לייגין מיט גרויש דרך ארץ אונ פרומקייט · מען מוז אין זינען האבין אז מען לייגט זיך ניט וועגין תענוג נאר זיך אוים צו רוען כדי מען זאל מארגין ווידער כח האבין דעם אויבערשטין צוא דינען · אונ אזו באדארף זיין בייא יעדער זאך וואס דער מענטש טוט אזוא וויא אונזער הייליגע גמרא זאגט · כל מעשיך יהיו לשם שמים · אלץ וואש דוא טוסט · אפילו עסין אונ טרינקן שלאפין אונ אנדערע זאכין · זאלסט בייא אלעס אין זינען האבן אז דו טוסט עס כח צו האבין זיין ליבין נאמע צוא דינען :

ג וויא מען מאכט נאר אויף די אויגין נאך דעם שלאף מוז מען זיך איבער קלערין דעם גרויסין חסד וואס דער אויבערשטער האט גיטאן · מיט דעם וואס ער האט איהם צוריק גיגעבין די נשמה · איבער דעם מוז מען תיכף זאגין מודה אני לפניך מלך חי וקים שהחזרת בי נשמתי בחמלה · רבה אמונתך · דאס הייסט איך דאנק דיר לעבדיגער אונ אייביגער גאט ווייל דוא האסט מיר צוריק גיגעבין דאס לעבין מיט דיין גרויסער בארמהערציגקייט · דאס זאגט מען נאך איידער מען האט זיך געוואשין · (נאר אז עס שטייט ניט קיין נאכט כלי בייא דעם בעט) · ווארום אין דר ברכה איז קיין שם ניט דא :

ד וויא באלד מען חאפט זיך אויף אזו מען תיכף אויף שטיין אונ זיך ניט פוילין · דר מענטש מוז זיך איבערלייגין וויא גישווינד ער וואלט אויפגעשטאנן ווען מען וואלט איהם גירופין צו איין גישעפט געלד צוא פאר דינען · מכל שכן דא וואש עש איז וועגין אויבערשטין צוא דינע, אונ וועגין דעם גאנצין לעבין :

ה ווער עש קאן אויפשטיין פאר טאג צוא לערנען אדער חצות אפ צוא ריכטן איז געווים גוט · ווער עש האט אבער קיין כח ניט פאר טאג אויף צוא שטיין · מוז ער וויינגסטענס אויף שטיין איין שעה פאר דער שול צייט · כדי ער זאל צייט האבין זיך צוא וואשין · אן צוא טאן אונ צו ריינגין זיך פאר דעם דאווענען אונ צו קומען צייטליך אין שול אריין :

ו ווער עס ליגט נאקיט אין בעט · זאל ער זיך ניט אויף זעצין אן צוא טאן דאש העמד · ווארום עש איז קיין דרך ארץ ניט נאקיט צוא גיין פאר דעם אויבערשטן · נאר מען מוז ליגענדיק אזו וויט אריין שטעקין דעם קאפ מיט דיא הענט אין דעם העמד · אז ווען מען שטייט אויף זאל מען שוין זיין גאנץ באדעקט · דאס אייגענע איז ווען מען לייגט זיך מוז מען איינוויינינג אין בעט אויס טאן דאס העמד · ניט אין דרויסין · אויך מוז מען זעהען ווען מען טוט אן דאס העמד אז דיא רעכטע זייט זאל זיין ארויס ניט אריין · אויך זאל מען ניט נעמען דאס העמד אויס דער האנט פון דעם באדינער · נאר מען זאל אליין נעמען מיט זיינע אייגענע הענט אונ זיך אן טאן :

ז ווען מען טוט אן דיא שיך אדר שטיוויל · זאל מען פריער אן טאן דעם רעכטין דער נאך דעם לינקן · אונ ווען זייא זיינען מיט בענדליך זאל ער פריער צוא בינדין דעם לינקן דער נאך דעם רעכטין · בייא דעם אויסטאן איז פארקעהרט · פריער זאל מען אויס טאן דעם לינקן שוך · דר נאך דעם רעכטין · בייא די קליידר איז אויך דאס אייגענע · אן טאן מוז מען תמיד דעם רעכטין ארביל · אונ אויס טאן דעם לינקן ארבעל :

ח מען טאר ניט אן טאן צווייא קליידער אין איינעם ווארום דאש שאדעט שטארק צום זכרון :

ט דר איד מוז גיין ריין אונ שיין · ניט אין צוריסענע קליידער אונ ניט פארשמירט · אבער אויך ניט אין צו טייערע קליידר אדר עכטע קאלירטע קליידר מיט גאוה :

י מען טאר נישט גיין פיר איילין מיט דעם בלויזין קאפ · אויך טאר מען ניט זאגין קיין איינציג הייליג ווארט מיט דעם בלויזין קאפ · אונ מען מוז גיוויינען די קינדר פון קליינהייט אן צו גיין שטענדיג דעם קאפ באדעקט :

יא מען טאר נישט גיין צו שטארק מיט דעם קאפ אין דער הייך אבער אויך נישט צו שטארק גיבוקט · אן דעם גאנג פון דעם מענטש דער קענט מען אויב ער איז קלוג אדער איין נאר :

## ב דינים פון וואשין זיך אין דער פריא · אין אים איז ניין סעיפים :

א אין דר פריא וויא מען שטייט אויף מוז מען זיך תיכף וואשין׳ מען טאר נישט אן רירין דאס מויל אדער דעם נאז אדער דיא אויגן אדער דיא אויערין אדער איין כלי אדער איין מאכל איידר מען האט זיך גוואשין · אונ מען טאר נישט גיין פיר איילין אום גיוואשין · איבער דעם מוז שטיין איין כלי מיט וואסר ביייא דעם בעט אונ וויא באלד מען חאפט זיך אויף מוז מען זיך אפ גיסין דיא הענט :

ב מען נעמט דיא כלי מיט דיא רעכטע האנד אונ גיט זיא אין דער לינקער האנד אריין אונ באגיסט דיא רעכטע האנד דער נאך נעמט מען זיא אין דר רעכטער האנט אונ באגיסט די לינקע האנט · דער נאך ווידר צוריק אין דר לינקע האנט · אזו טוט מען דריי מאל :

ג מען מוז וואשין די גאנצע הענט ביז צום ארט וואו דיא ארבעל פאנגען אן · נאר פאר נויט ווען מען האט ווייניג וואסער איז גינוג ביז איבער דיא פינגר · אויך וואשט מען דאס פנים אונ שווענקט גוט אויס דאס מויל · אונ מען מוז דיא הענט מיט דעם פנים גוט אפ ווישין מיט איין האנטוך :

ד מען מעג זיך לאזין באגיסין פון איין אנדערין · אבער נישט פון איינעם וואס ער האט זיך אליין נאך נישט גיוואשין :

ה מען מוז זיך וואשין אין איין כלי אבער נישט אויף דער ערד אונ נישט אויף שייטליך האלץ · דאס וואסער מוז מען אוועק גיסין דארט וואו קיין מענטשין גייען אונ מען טאר עס צוא קיין איינציגער זאך נישט באנוצין · ווארום עס איז דרויף איין רוח רעה אונ עס איז זייער שעדליך :

ו עס איז רעכט זיך צו וואשין מיט גאנץ ריין וואסער וואש עס איז נישט באנוצט גיווארין · אבער ווען עס איז קיין ריין וואסער נישט צוא באקומען מעג מען זיך וואשין מיט וואסער וואש מען האט דרינען גיווייקט קרייטעכער אדער מען האט דר מיט גיוואשין גיפעס אדער עפעס אנדערס גיטאן :

ז דאס וואסער וואס מען וואשט זיך מוז זיין ווייניגסטינס איין קרוצאק אונ די כלי וואס מען וואשט זיך דאמיט מוז זיין גאנץ זיא זאל נישט רינען · אבער אין דר נויט איז גינוג אויך ווייניגער פון איין קרוצאק אדר איין צובראכענע כלי אדער פון איין פלומפ אדער מען טונקט איין דיא הענד דרייא מאל אין איין טייך אדער אין שנייא אונ מען מאכט דיא ברכה על נטילת ידים · אונ שפעטער ווען ער באקומט ריין וואסער אונ איין גאנצע כלי · וואשט ער זיך נאך איין מאל אונ מאכט נישט מעהר קיין ברכה :

ח אויך ווער עס שלאפט בייא טאג מוז זיך וואשין דרייא מאל נאך דעם שלאף · אונ אויך ווער עס איז אויף דיא גאנצע נאכט מוז זיך וואשין אין דער פריא נאר ער מאכט ניסט דיא ברכה על נטילת ידים :

דער

ט דער מענטש שטייט שטענדיג פר גאט · ווארום דר אויבערשטער איז איבעראל · מלוא כל הארץ כבודו · דרום מוז מען זיך וואשין דיא הענד ווען מען האט עפיס גיטאן וואס עם מאכט אומריין · אונ וויא באלד מען קומט פון דעם בית הכסא · פון דעם באד · פון דעם בית עלמין · פון איין שטוב וואש איין טויטר איז דערינגען גילעגין · פון איין לויה · ווען מען האט זיך אפ גישניטין דיא נעגיל · אפ גישארין דיא האר · גיקעמט דעם קאפ · אן גירירט דיא פים · אויש גיטאן דיא שיך אויך ווען זייא זיינען גאנץ ריין · גיהאפט איין כנה · אן גירירט דאס לייב אויף איין ארט וואס מען גייט צוא גידעקט · אדער מען האט גטאן איין אנדערע זאך וואס איז נישט גאנץ ריין · נאך דיא אלע זאכין מוז מען זיך דיא הענט וואשין :

## ג דיני טהרה ונקיות ובו י״ב סעיפים
## דינים פון ריינגן

א תיכף נאך דעם וואשין אין דער פריא מוז מען זיך גוט רייניגן (מען פאר שטייט שוין וואס מען מיינט דער מיט) אונ וויא מען קומט צוריק אריין זאגט מען אשר יצר אונ אלהי נשמה :

ב דר מענטש מוז זיך גוויינען צו רייניגן דעם גוף פריא אונ אבינד · אונ ווען ער האלט זיך אויף איז ער עובר אויף אל תשקצו · ווען מען האלט זיך אויף מיט מי רגלים איז עס אוך זייער גיפערליך :

ג אין בית הכסא מוז מען זיין זייער מיט צניעות אונ מיט גרוים דרך ארץ אונ מען מוז זיך אוים דעם קאפ ארוים שלאגין אלע גידאנקען פון תורה אדער פון איין אנדערע הייליגע זאך · נאר מען האט אין זינען גישעפטין · אום שבת האט מען אין זינען זאכין וואס מען האט גיהערט אדר גיזעהן :

ד איבעראל וואו מען דאווענט אדער מען לערינט מוז זיין ריין · דער מענטש זאל פר זיך ניט זעהן קיין שענדליכע זאך אונ ניט פילין קיין שלעכטין ריח · איז דא אין שטוב צואה פון איין מענטש אדער פון איין קאץ אדער פון איין אינדיק אונ עס האט איין ריח רע מוז ער זיך דער פון דער ווייטערין ביז פיר איילין ווייטער פון דעם ארט וואו דר ריח האט אויף גיהערט · איז אבער קיין ריח נישט · דר ווייטערט ער זיך פיר איילין דער פון אבער אויף יעדין פאל מוז ער זיך דר ווייטערין ביז ער זאל עס נישט זעהן · אויך ביי דר נאכט מוז ער זיך דער ווייטערין אזו ווייט וויא ער וואלט עס ניט מער גיקאנט זעהן ביי טאג · אויך פון איין היגער שטייג · אויך פון פאר שטונקען וואסער · (פון וואסר וואס מען האט דריגען גווייקט פלאקס אדר האנף) · פון איין פאר שימעלט עסין · פון דיא אלע זאכין מוז מען זיך אויך דער ווייטערין אזו וויא אויבין שטייט · אויך איז רעכט זיך צו דער ווייטערן אפילו פון דעם אוים גאנג פון איין קינד וואס איז ערשט אלט אכט טאג :

ה איין נאכט כלי אויך ווען עס איז ריין אונ שטינקט נישט · מוז מען איר ארויס טראגין אוים דער שטוב ווּאס מען דאווינט אדר לערינט דרינען · עס העלפט נישט קיין איבער קערין אדער וואסער אריין גיסין אדער ארונטער שטעלן אונטער דעם בעט · אבער איין קופערנער אייזערנער צינענער אדער גלעזערנער נאכט כלי ווען עס איז גאנץ ריין אוים גיוואשין אונ האט קיין ריח נישט מעג עס בלייבין אין שטוב :

ו אז עס איז אויף דר ערד השתנה פון איין מענטש · מוז מען צו גיסין איין קרוצאק וואסער · מען זאל מעגין דארט לערנען אדער דאוונען · איז עס פון צוויא מאל גיסט מען צוא צוויא קרוצאקעס וואסער אונ אזו איז תמיד · פאר יעדען מאל מוז צוא גיגאסין ווערין איין קרוצאק וואסער · אונ אויך ווען עס איז שוין איין גזאפט אין דער ערד נאר עס זעהעט זיך נאך אן אביסיל פייכטיגקייט · מוז מען צוא גיסין איין קרוצאק ריין וואסער :

ז נישט אליין אז מען טאר נישט לערנען אדער דאוונען אויף איין אום ריין ארט נאר מען טאר דארט אויך נישט אין זינען האבין איין היילינע זאך :

ח אין באד טאר מען אויך נישט ריידין אדער אין זינען האבין היילינע ווערטער אונ נישט אן רופין דעם אויבערשטענס נאמען אפילו אויף טייטש אדער איין אנדער לשון · אויך טאר מען דארט קיינעם נישט שלום געבין ווארום דאס איז אויך דעם אויבערשטענס היילינער נאמען :

ט ווען מען האט איין לופט גילאזט · מוז מען ווארטין מיט דעם דאוונען אחער לערנען עטליכע מינוט · דאס אייגענע איז אויך ווען מען שטייט ביא איינעם וואס יענער האט גילאזט איין לופט · אבער אז מען האלט אין מיטין לערנען דארף מען נישט ווארטין ווען יענער האט איין לופט גילאזט :

י קעגין דעם בלויזע לייב פון איין נקבה · דארט וואו זיא גייט אימער צו גדעקט · טאר מען נישט לערנען אונ נישט זאגין איין היילינ ווארט · דאס אייגענע איז אויך ווען ער זעהעט דיא האר אויף דעם קאפ פון איין פרויא · אויך איז נישט רעכט צו דאוונען אדער לערנען ווען מען הערט איין נקבה זינגען · (אויבער דעם איז אגרויסע עבירה צוא הערין זינגען איין נקבה) :

יא ווען מען האט פאר זיך אפין זיין ערוה אדער איין אנדערינס ערוה אפילו פון איין קינד טאר מען נישט לערנען אדער דאוונען עס העלפט אויך נישט ווען מען מאכט זיך צו דיא אויגין · נאר מען מוז זיך אום קערין מיט דעם פנים :

יב אויך ווען מען גייט נאר אין העמד אפילו מען זעהט נישט די ערוה טאר מען נישט ריידין קיין היילינ ווארט · נאר מען מוז אן טאן הויזין אדער איין גארטיל אדער ארום לייגין די הענט פארינט איבער דעם העמד · עס זאל זיין איין צווישין שייד צווישין דעם הארץ אונ דעם אונטערשטין טייל :

---

## ד דינים פון פאר דעם דאווענען אונ אין אים איז פיר סעיפים:

א וויא באלד עס הייבט אן צו טאגין טאר מען שוין נישט אנפאנגען איין ארבעט אדער איין געשעפט אדער פארין ביז מען דאווינט פריער:

ב מען טאר נישט עסין פאר דעם דאווענען · אויך טאר מען נית טרינקען קאווע אדער טייא מיט צוקער אונ מילך · אבער וואסער אדער טייא אונ קאווע אן צוקער אונ אן מילך מעג מען טרינקען · אונ פון איין רפואה וועגין מעג מען עסין אונ טרינקען פאר דעם דאווענען אלס וואש דער דאקטער הייסט:

ג מען טאר קיינעם נישט געבין שלום פאר דעם דאווענען · נאר אז איינער גיט אים שלום מעג ער אים ענטפערין · אונ אז מען בעגעגנט איינם מעג מען אים זאגין גוט מארגין · אבער צו יענם אהיים גיין גוט מארגין זאגין פר דעם דאווענען טאר מען נישט:

ד אויך לערנען טאר מען נישט וויא עס הייבט אן צוא טאגין ביז נאך דעם דאווענען נישט פריער · נאר איינער וואס לערינט מיט מערער מענטשין אונ נאך דעם דאווענען וועלין זייא שוין נישט מער קומען · מעג ער מיט זייא לערנען פאר דעם דאווענען · אבער ער מוז זעהן דאס דאווענען נישט צוא פאר שפעטיגן · אויך איינער וואס גייט אלע טאג אין שול אריין אונ האט איין אוים געזעצטע צייט דער צוא · דער וועט בוודאי נישט פאר זאמען דיא באשטימטע צייט · מעג ער לערנען פאר דעם דאווענען:

---

## ה הלכות ציצית ובו כ״ב סעיפים
## דינים פון ציצית

א יעדער קלייד וואש האט פיר עקין מוז האבין ציצית · אונ ווען עס האט מער וויא פיר עקין איז אויך חייב · (אסך פוסקים פטרין אז עש איז מער וויא פיר עקין · דרום זאל מען נזהר זיין צוא מאכין דאס ארבע כנפות נאר מיט פיר עקין) · אבער עש טאר נישט האבין נאר פיר ציצית · אבער איין קלייד וואש האט נישט מער נאר דרייא עקין · איז פטור פון ציצית:

ב איין בלינדער מוז אויך גיין אין ציצית:

ג מען טאר נישט גיין פיר אײלין אן ציצית · דאש איז אבער נאר בייא טאג · אבער ביי דער נאכט איז מען נית מחויב דין ציצית צוא גיין · אבער רעכט איז אז דאש ארבע כנפות זאל פון דעם איד נית אראפ גיין אפילו בייא דער נאכט:

ד איין לעדערנע קלייד אדער איין ארבע כנפות פון לעדר איז פטור פון ציצית ·

ה ווייבער זיינען פטור פון ציצית · אבער ווען איין פרויא אדער אמיידיל וויל גיין אין ציצית · מעג זיא איבר זייא א ברכה מאכין:

ו יעדע ציצה מוז האבין פיר טאפעלטע פעדים:

ז עש איז רעכט צוא גיין אין איין טלית קטן אויס וואל ווייניגסטענס דרייא פערטיל אייל לאנג אונ איין האלב אייל ברייט · אונ וואס גרעסער דער טלית קטן איז · איז אלץ מער מצוה :

ח מען מעג אראפ נעמן ציצית פון איין טלית איין צו מאכן אין איין אנדערן טלית ·

ט וויא באלד מען דער זעהעט אין דעם טלית איין פסולע ציצה עש מעג זיין אין דר היים אדער אין שול · מוז מען אים תיכף פון זיך אראפ ווארפין · אבער אום שבת וועז מען דער זעהט אין שול אז דער טלית האט איין פסולע ציצה · מעג מען אים אן טאן · אונ מוצאי שבת מאכט מען איין אנדערע ציצה · אבער אז מען דער זעהעט אין שול או דאש ארבע כנפות אדער דער טלית קטן האט איין פסולע ציצה · דארף מען עש אפילו אום דער וואכין אויך נישט אויש טאן ביז מען קומט אהיים :

י מען מוז זעהען דיא ציצית פון דעם טלית זאלין זיך נישט נאך שלעפין אויף דר ערד · ווארום ציצית זיינן היליג אונ מען מוז זיי שטארק בכבוד האלטין :

יא יעדען טאג אין דר פריא מוז מען איבער זעהען די ציצית אויב זייא זיינן כשר · אבר אז עס איז קיין צייט נית דא ווארום מען דאווענט שוין אדר מען רופט אים אויף צום ספר · איז גינוג ווען ער ווייס אז זייא זיינען נעכטין כשר גיוועזין :

יב כשר זיינן די ציצית ווען יעדע האט אכט פעדים · אדר ווייניגסטינס זיבין פעדים · ווען איין פאדים האט זיך אפ גריסין · ווייניגר פון זיבין פעדים איז זיא פסול :

יג אין דער פריא ווען מען טוט אן דאש ארבע כנפות מאכט מען דיא ברכה על מצות ציצית שטייענדיג · טוט מען עס אבר אן פאר טאג אדר פר דעם וואשין · מאכט מען ניט דיא ברכה · נאר ערשט שפעטער ווען עס איז שוין טאג אונ מען האט זיך שוין גיוואשין רירט מען אן די ציצית אונ מע מאכט די ברכה שטייענדיג :

יד יעדער איד מוז האבין איין גרויסין טלית צום דאווענן · אונ וואס גרעסער אונ שענער ער איז · איז אלץ מער מצוה · אויך ציצית זאל מען קויפין גוטע אונ שיינע אונ פון איין ערליכין פאבריקאנט וואס מען ווייס אז ער האט זייא בוודאי גימאכט וויא דער דין איז :

טו ווען מען טוט אן דעם טלית · באדעקט מען זיך דעם קאפ אפאר מינוט אונ מען מאכט דיא ברכה להתעטף בציצית שטייענדיג :

טז ווער עס שלאפט אין ארבע כנפות אדער אין טלית קטן · זאל ער אין דער פריא נישט מאכין דיא ברכה איבער דיא ציצית · נאר מיט דער ברכה איבער דעם טלית זאל ער אין זינען האבין יוצא צוא זיין אויך איבער דעם ארבע כנפות אדער איבער דעם טלית קטן :

יז דיא ציצית מוזין גימאכט ווערין פון גוטין וואל אונ בייא דעם שפינען מוז מען אין זין האבין אז מען שפינט עש וועגין ציצית :

יח איבער איין זיידענעם טלית מאכט מען נאר דיא ברכה ווען ער האט זיידענע

ציצית · אָבֶּער וָוען דיא ציצית זיינֶען פון וואל · מוז מֶען פְרִיעֶר אָן טָאן איין וואָלֶענֶעם טַלִית אונ מאכִין דיא בְּרָכָה · דֶער נָאךְ טוט מֶען אָן דֶעם זיידֶענֶעם טַלִית׃אָן אַבְּרָכָה ׃

יט עֶשׁ איז רֶעכְט אַז יֶעדֶער ציצה זָאל זיין לַאנְג איין פֶערְטִיל אַרְשִׁין ׃

כ מֶען מַאכְט איין אין די ציצית פִיר פַּרְשִׁיוֹת · פְרִיעֶר ציהְט מֶען די פִיר פֶעדִים אין דֶער כַּנְפָה אַריין · אונ לֵייגְט זייא אויף צְווייעֶן · וָוערִין זייא צו זאמֶן אַכְט פֶעדִים · מֶען בִּינְט עֶם צְווייא מָאל אַרום מִיט צְוויי קְנִיפִּין · דֶער נָאךְ ווִיקֶעלְט מֶען דיא זִיבִּין פֶעדֶים אַרום מִיט דֶעם אַכְטִין פָאדִים זִיבִּין מָאל · דֶער אַכְטֶער פָאדִים איז לֵיינְגֶער פון אַלֶע אונ הייסְט שַׁמָשׁ · איצוּנְד מַאכְט מֶען ווידֶער צְווייא קְנִיפִּין · ווִיקֶעלְט ווידֶער דיא פֶעדִים אַרום אַכְט מָאל מַאכְט מֶען ווידֶער צְווייא קְנִיפִּין · ווִיקֶעלְט ווידֶער אַרום עֶלְף מָאל אונ מַאכְט צְווייא קְנִיפִּין · ווִיקֶעלְט ווידֶער אַרום דְרייצֶעהֶען מָאל מַאכְט צְווייא קְנִיפִּין · נִמְצָא איז צוּא זַאמֶען פִינְף מָאל צוּא צְווייא קְנִיפִּין אונ פִיר פַּרְשִׁיוֹת ׃

כא וָוער עֶשׁ הַאנְדֶעלְט מִיט קְלֵיידֶר אונ טוט זייא אַלֶע מָאל אָן · דֶער קוֹנֶה זָאל זֶעהֶען דיא גְרוֹיס אָדֶער אויב זיי פַּאסִין · דַארְף אין זיי נִישְׁט זיין קיין ציצית · אֲפִילוּ זייא הָאבִּין פִיר עֶקִין ׃

כב וֶוען איין ציצה איז פָּסוּל גִיוָוארִין טָאר מֶען זיא נִישְׁט אָוֶועק וַוארְפִין · אויךְ טָאר מֶען זיא נִישְׁט בַּאנוּצִין פַאר אַשְׁנִירִיל · אויךְ אַצוּרִיסִינֶעם טַלִית טָאר מֶען נִישְׁט בַּאנוּצִין צוּ אַגְמֵיינֶע זַאךְ · וָוארום וָואשׁ עֶשׁ איז אַמָאל הֵיילִיג גִיוֶועזִין מוּז בְּלַייבִּין בְּכָבוֹד · דיא פְרוּמֶע זיינֶען זִיךְ נוֹהֵג אַז זייא בַּאהַאלְטִין ציצית אין איין סֵפֶר ׃

---

# ו הלכות תפילין ובו כ״ד סעיפים
## דִינִים פון תְּפִילִין

א יֶעדֶער איד וָואשׁ איז שׁוין אַלְט דְרַייצֶעהֶען יָאר מוּז תְּפִילִין לֵייגִין · אונ אין פִיל לֶענְדֶער איז דֶר מִנְהָג אַז מֶען הֵייבְּט אָן צוּ לֵייגִין תְּפִילִין מִיט אַפָּאר חֳדָשִׁים פַאר דְרֵייצֶען יָאר ׃

ב פְרִיעֶר לֵייגְט מֶען דֶעם שֶׁל יַד אונ דֶער נָאךְ דֶעם שֶׁל ראש ׃

ג דֶעם שֶׁל יַד לֵייגְט מֶען אויף דֶער לִינְקֶע הַאנְד אונ וָוער עֶשׁ איז גְלִינְקְט לֵייגְט אויף דֶער רֶעכְטֶער הַאנְד ׃

ד מֶען לֵייגְט דֶעם שֶׁל יַד דָארְט וואו דָאשׁ דִיקֶע פְלֵייש איז אִיבֶּער דֶעם עֶלְנְבּויגִין · אונ דֶר שֶׁל ראש מוּז לִיגְן דָארְט וואו די וָוארְצִיל פון דיא הָאר הֵייבִּין זִיךְ אָן אִיבֶּר דֶעם שְׁטֶערִין · דֶער קֶשֶׁר מוּז לִיגִין אִיבֶּר דֶעם גְרִיבֶּעל פון דֶעם הַאלְז אין נַאקִין ׃

ה מֶען לֵייגְט דֶעם שֶׁל יַד אויף דֶער הַאנְד אונ אֵיידֶער מֶען ציהְט אִים צוּא זָאגְט מֶען די בְּרָכָה לְהָנִיחַ תְּפִילִין · דֶער נָאךְ לֵייגְט מֶען דֶעם שֶׁל ראש אונ מֶען מַאכְט דיא

ברכה

בְּרָכָה עַל מִצְוַת תְּפִילִין אַיידֶער מֶען לֵייגְט דֶעם קֶשֶׁר אוֹיף דֶעם רֶעכְטִין אָרְם · דֶעם וָואו פוּן דֶעם וָוארְט מִצְוַת מוּז מֶען זָאגִין מִיט אַיין פַּתָּח :

ז נָאךְ דֶער בְּרָכָה עַל מִצְוַת תְּפִילִין מוּז מֶען זָאגִין בָּרוּךְ שֵׁם כְּבוֹד מַלְכוּתוֹ לְעוֹלָם וָעֶד · וָוארוּם דָאס אִיז אַסָפֵק אוֹיבּ מֶען דַארְף אִיבֶּר דֶעם שֶׁל רֹאשׁ מַאכִין אַבְּרָכָה אוּנ טַאמִיר אִיז דָאס אַבְּרָכָה לְבַטָּלָה זָאגְט מֶען בָּרוּךְ שֵׁם כְּבוֹד וכו׳ · דְרִיבֶּער זָאל מֶען דִי בְּרָכָה מַאכִין שְׁטִיל כְּדֵי מֶען זָאל נִיט הֶערִין אוּנ זָאגִין אָמֵן · וָוארוּם נָאךְ אַבְּרָכָה לְבַטָּלָה טָאר מֶען קֵיין אָמֵן נִיט זָאגִין :

ח דִיא מִצְוָה אִיז צוּא לֵייגִין בֵּיידֶע תְּפִילִין שְׁטֵייעֶנְדִיג :

ח צְוִוישִׁין דֶעם שֶׁל יַד אוּנ דֶעם שֶׁל רֹאשׁ טָאר מֶען נִיט רֵיידִין אֲפִילוּ נִישְׁט אָמֵן יְהֵא שְׁמֵיהּ רַבָּא · אוּנ נִישְׁט ווינְקֶען מִיט דִיא אוֹיגִין אוּנ נִישְׁט ווייזִין מִיט דִיא פִינְגֶער · אַז עֶר הָאט גֶירֶעט אָדֶער גִיוואוּנְקֶען אָדֶער גִיוויזִין מִיט דִיא פִינְגֶער מוּז עֶר דֶעם שֶׁל יַד אָן רִיהְרֶען אוּנ נָאךְ אַמָאל מַאכִין דִיא בְּרָכָה לְהָנִיחַ תְּפִילִין :

ט דֶער שֶׁל יַד מוּז לִיגִין אוֹיף דֶער נָאקֶעדִיגֶע הַאנְד אוּנ דֶער שֶׁל רֹאשׁ אוֹיף דֶעם הוֹילִין קָאפּ · אָבֶּער וָוער עֶס הָאט חַס וְשָׁלוֹם אַיין מַכָּה אוֹיף דֶער הַאנְד מֶעג לֵייגִין דֶעם שֶׁל יַד אוֹיף דֶעם פְּלַאסְטֶער ·

י פַאר נוֹיט וָוען מֶען הָאט נִישְׁט מֶעהְר נָאר אֵיינֶעם פוּן בֵּיירֶע תְּפִילִין אָדֶער וָוען מֶען קָאן דוּרְךְ אַיין קְרַאנְקְהַייט נִישְׁט מֶעהְר לֵייגִין נָאר אֵיינֶעם פוּן בֵּיידֶע · זָאל עֶר לֵייגִין וָואס עֶר קָאן · לֵייגְט עֶר דֶעם שֶׁל יַד אַלֵיין · זָאגְט עֶר דִיא בְּרָכָה לְהָנִיחַ תְּפִילִין · לֵייגְט עֶר אָבֶּער נָאר דֶעם שֶׁל רֹאשׁ אַלֵיין זָאגְט עֶר בֵּיידֶע בְּרָכוֹת · לְהָנִיחַ תְּפִילִין אוּנ עַל מִצְוַת תְּפִילִין · דֶר נָאךְ זָאגְט עֶר בָּרוּךְ שֵׁם כְּבוֹד מַלְכוּתוֹ לְעוֹלָם וָעֶד :

יא אִין דֶעם טַלִּית זַאק דַארְף לִיגִין פוּן אוֹיבִין דֶער טַלִּית אוּנ פוּן אוּנְטִן דָאס תְּפִילִין זֶעקִיל · אִין דֶעם תְּפִילִין זֶעקִיל זָאל לִיגִין רֶעכְטְס דֶער שֶׁל רֹאשׁ אוּנ לִינְקְס דֶער שֶׁל יַד :

יב דָאס תְּפִילִין זֶעקִיל אִיז הֵיילִיג · אוּנ אֲפִילוּ וָוען מֶען הָאט נָאר אַיין אֵיינְצִיג מָאל דְרִינֶען גִיהַאלְטִן תְּפִילִין · טָאר מֶען עֶס שׁוֹין נִישְׁט מֶער נִיצִין צוּ אַיין אַנְדֶר זַאךְ :

יג דִיא רְצוּעוֹת פוּן דִיא תְּפִילִין מוּזִין שְׁוַוארְץ זַיין אוּנ וִויא בַּאלְד דִי פַארְבּ אִיז פוּן זַייא אָפּ גִיקְרָאכִין · מוּז מֶען זַייא לָאזִין פוּן אַיין אִיד אָפּ שְׁוַוארְצִין אָדֶער מֶען קוֹיפְט זִיךְ נַייעֶ :

יד דִיא לֵיינְג פוּן דִיא רְצוּעוֹת אִיז אַזוֹי · פוּן דֶעם שֶׁל יַד מוּזִין זַייא גִינוּג זַיין אַרוּם צוּ ווִיקְלֶען זִיבְּן מָאל אַרוּם דִיא הַאנְד אוּנ דְרַייא מָאהְל אַרוּם דֶעם פִינְגֶער אוּנ אַשְׁטִיקֶעל זָאל נָאךְ בְּלֵייבִּין · פוּן דֶעם שֶׁל רֹאשׁ מוּז דִיא רֶעכְטֶע זַייט רְצוּעָה זַיין בִּיז צוּם נָאפִּיל אוּנ דִיא לִינְקֶע זַייט בִּיז צוּא דֶער בְּרוּסְט :

טו אוּיס דֶער רְצוּעָה פוּן דֶעם שֶׁל יַד מֶעג מֶען מַאכִין צוּם שֶׁל רֹאשׁ · אָבֶּר דִי רְצוּעָה פוּן דֶעם שֶׁל רֹאשׁ טָאר נִישְׁט גִימַאכְט וֶוערִין צוּם שֶׁל יַד · בַּייא דִיא תְּפִילִין אִיז אוֹיךְ דָאס אַיינֶענֶע · וָוארוּם דֶער שֶׁל רֹאשׁ אִיז הֵיילִיגֶער פוּן דֶעם שֶׁל יַד :

דיא

טז די רצועות מוז ברייט זיין ווייניגסטענס וויא דיא לייני פון איין גערסטין:

יז ווען מען האט דיא תפילין אויף זיך טאר מען ניט עסין און ניט שלאפין. אויך טאר מען אין זיי ניט אריין גיין אין באד אריין אדער אין איין אנדער ארט וואו עס איז ניט ריין. אויך מוז מען שטענדיג אין זינען האבין אז דיא תפילין זיינען הייליג מען זאל זייא ניט לייגין צוא פוסין אין בעט אריין אדער אין דער זייט אדער אויף איין אום ריין ארט:

יח ווען מען האט אפ גילייגט דיא תפילין וייל מען מוז ארויס גיין דרויסין. וויא מען קומט צוריק אריין און לייגט זייא ווידער מוז מען ווידער איבער זייא מאכין דיא ברכות. ווען ער האלט אבער דענמאלט אין דיא ברכות פון קריאת שמע, דאס הייסט פון יוצר אור און ווייטער. טאר ער דיא ברכות פון תפילין ניט מאכין. נאר ער לייגט זיי אזוי. און נאך שמונה עשרה רירט ער זיי אן און מאכט דיא ברכות:

יט ביידע תפילין מוזין ליגין הארט אויף דעם לייב. עס טאר ניט זיין קיין איינציגע זאך צווישין דעם בלויזין לייב און דיא תפילין. אבער אויף גאנץ קורצע און דינע האר אויף דעם קאפ מעג מען לייגין דעם של ראש. ווען מען האט איין מכה מעג מען זיי לייגין אויף דעם פלאסטער אן איין ברכה און פון אויבין טוט מען אן איין אנדער קלייד:

כ מען טאר ניט אפ לייגין די תפילין ביז מען זאגט אפ גאנץ ובא לציון. ראש חודש לייגט מען זייא אפ פאר מוסף. חול המועד סוכות לייגט דער עולם און דער חזן אפ פאר הלל. אבער חול המועד פסח לייגט אפ דער עולם פאר הלל און דער חזן נאך הלל. ווען עס איז איין ברית מילה אין שול לייגט מען דיא תפילין ערשט אפ נאך דעם ברית מילה:

כא מען מוז דיא תפילין אפ לייגין שטייענדיג. מען וויקעלט אפ דיא רצועה פון דעם פינגער און נעמט אראפ דעם של ראש. דער נאך לייגט מען אפ דעם של יד. און עס איז רעכט אראפ צו נעמען דעם של ראש מיט דער לינקע האנט. מען גיט איין קוש דיא תפילין ווען מען לייגט זייא. און ווען מען לייגט זייא אפ. מען טאר ניט אפ לייגין דיא תפילין פאר איין ספר תורה אדער פאר איין רב אדער פאר זיין רעבין נאר מען קערט זיך אין איין אנדער זייט און לייגט זייא אפ:

כב ביי דער נאכט טאר מען קיין תפילין ניט לייגין:

כג אז מען ווארפט אראפ דיא תפילין מוז מען דעם טאג פאסטין. אדער מען לייזט זיך אויס מיט צדקה דאס איינענע איז אויך ווען עס האט זיך אים איבער געקערט די רצועה ארום דעם קאפ אדער ארום דער האנד אויף דער ווייסער זייט. אויך ווען מען ווארפט אראפ דאס תפילין זעקיל ווען דיא תפילין זיינען דרינען זאל מען פאסטין אדער צדקה געבין:

כד מען מוז אלע זיבין יאר די תפילין איבער זעהן אויב זייא זיינען ניט פסול. אויך ווען זייא זיינען גיפאלין אין וואסער אריין אדער זייא זיינען גילעגין איין צייט לאנג אויף איין פייכט ארט מוז מען זיי לאזין איבער זעהן:

## ז דִינִים פוּן דַאוְונֶען אוּנ אִין אִים גִיפִינֶען זִיךְ צְוַואנְצִיג סְעִיפִים:

א דָאס דַאוְונֶען אִיז דָאס עֶרְשְׁטֶע וָואס דֶער אִיד מוּז טָאן אִין דֶער פְּרִיא וִויא עֶס הֵייבְּט אָן צוּ טָאגִין . אוּנ דִיא צַייט אִיז נָאר בִּיז אַדְרִיטִיל טָאג זוּמֶר אָדֶר וִוינְטֶער:

ב פַאר דֶעם דַאוְונֶען טָאר מֶען נִיט טָאן דָאס מִינְדֶעסְטֶע . אוּנ נִיט עֶסִין אוּנ נִיט טְרִינְקֶען . אָבֶּר בְּלוֹיס וַואסֶער אָדֶר קַאוֶוע אוּנ טֵייא אָן צוּקֶער מֶעג מֶען טְרִינְקֶען:

ג דֶער עִיקָר מִצְוָה אִיז צוּא דַאוְונֶען אִין שׁוּל אָדֶער בֵּייא אַיין מִנְיָן מִיט דֶעם עוֹלָם . אָבֶער וֶוער עֶס וואוֹנְט אִין אַיין דָארְף אָדֶר עֶר אִיז גִישְׁט גִיזוּנְד דֶער מֶעג דַאוְונֶען אִין דֶער הֵיים:

ד אַיין מִנְיָן אִיז נִיט וֵוינִיגֶער פוּן צֶעהֶן גְרוֹיסֶע מֶענְטְשִׁין וָואס יֶעדֶער אִיז שׁוֹין בַּר מִצְוָה׳ דָאס הֵייסְט עֶר אִיז שׁוֹין אַלְט דְרַייצֶעהֶן יָאר׳ אָבֶער וֶוען עֶס אִיז וֵוינִיגֶער פוּן צֶעהֶן גְרוֹיסֶע מֶענְטְשִׁין טָאר מֶען נִיט זָאגִין קְדוּשָׁה אוּנ בָּרְכוּ אוּנ קַדִישׁ:

ה וֶוען מֶען הָאט אָן גִיהוֹיבִּין צוּא דַאוְונֶען אָן אַיין מִנְיָן׳ דֶער נָאךְ אִיז צוּ גִיקוּמֶען בִּיז אַיין מִנְיָן טָאר מען נִיט תֵּכֶף זָאגִין קַדִישׁ׳ נָאר מֶען מוּז זָאגִין דְרַייא פְּסוּקִים אָדֶער אַיין מִזְמוֹר אוּנ דְרוֹיף זָאגְט מֶען קַדִישׁ:

ו וֶוען אֵיינֶער זֶעהְט אַז מִיט אִים אִיז אַיין מִנְיָן טָאר עֶר נִיט אַרוֹישׁ גֵיין׳ אוּנ אַז עֶר גֵייט יוֹא אַרוֹים טוּט עֶר אַיין גְרוֹיסֶע עֲבֵירָה:

ז אַז מֶען הָאט אָן גִיהוֹיבִּין צוּא זָאגִין קַדִישׁ נָאךְ יִשְׁתַּבַּח׳ אוּנ דֶער וַוייל זַיינֶען עֶטְלִיכֶע אַרוֹים גִיגַאנְגֶען אוּנ עֶס אִיז קַיין מִנְיָן נִיט מֶער דָא׳ קָאנְצֶעט מֶען קַדִישׁ אוּנ מֶען זָאגְט בָּרְכוּ הָאטְשֶׁע עֶס אִיז נִיט דָא קַיין מִנְיָן:

ח בֵּייא מַעֲרִיב אַז מֶען הָאט גִיזָאגְט בָּרְכוּ אוּנ דֶער נָאךְ אִיז גִיוָוארִין וֵוינִיגֶער פוּן אַיין מִנְיָן׳ זָאגְט מֶען קַדִישׁ פַאר שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה׳ אָבֶער נִיט נָאךְ דֶער שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה׳ אָבֶער וֶוען מֶען הָאט אָן גִיהוֹיבִּן צוּ דַאוְונֶען שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה אִיז נָאךְ גִיוֶועזִין אַיין מִנְיָן׳ נָאר אִין מִיטִין דֶער שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה זַיינֶען עֶטְלִיכֶע אַרוֹים גִיגַאנְגֶען׳ מֶעג מֶען נָאךְ שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה אוֹיךְ קַדִישׁ זָאגִין אָן מִנְיָן:

ט אִין דֶער פְּרִיא אַז מֶען הָאט גִיזָאגְט יִשְׁתַּבַּח מִיט אַיין מִנְיָן אוּנ דֶער נָאךְ זַיינֶען עֶטְלִיכֶע אָדֶר אֵיינֶר אַוֶועק גִיגַאנְגֶען אוּנ עֶס אִיז נִיט גִיבְּלִיבְּן קַיין מִנְיָן׳ זָאל מֶען נִיט זָאגִין דִי הוֹיכֶע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה׳ אוּנ אֲפִילוּ דִיא עֶטְלִיכֶע זַיינֶען אַוֶועק גִיגַאנְגֶען אִין מִיטִין דִי שְׁטִילֶע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה׳ טָאר מֶען אוֹיךְ נִישְׁט זָאגִין דִי הוֹיכֶע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה׳ אָבֶער אַז עֶשׂ אִיז וֵוינִיגֶר פוּן אַיין מִנְיָן גִיוָוארִין עֶרְשְׁט דֶעמָאלְט וֶוען דֶר חַזָן הָאט שׁוֹין גִיזָאגְט דִיא הוֹיכֶע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה אוּנ עֶס אִיז גִיבְּלִיבִּין אַיין רוֹב פוּן דֶעם מִנְיָן׳ דָאשׂ הֵייסְט עֶשׂ זַיינֶען וֵוינִיגְסְטִינְשׁ גִיבְּלִיבִּין זֶעקְס מֶענְטְשִׁין׳ זָאגְט דֶער חַזָן דִיא גַאנְצֶע הוֹיכֶע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה׳ אוּנ דִיא קְדוּשָׁה אוּנ חֲצִי קַדִישׁ נָאךְ דֶער שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה׳ אוּנ גַאנְץ קַדִישׁ נָאךְ וּבָא לְצִיּוֹן׳ אָבֶער נָאךְ עָלֵינוּ זָאגְט מֶען נִיט קַיין קַדִישׁ אָן מִנְיָן נָאר אַז מֶען הָאט אָן גִיהוֹיבִּן צוּא זָאגִין עָלֵינוּ מִיט אַיין מִנְיָן:

צוא.

י צוא מנחה ווען מען האט אנגעהויבן צוא זאגן אשרי מיט איין מנין. דער נאך איז געווארין ווייניגער פון איין מנין. זאגט מען ניט קיין קדיש נאך אשרי. האט מען אבער שוין אן געהויבן שמונה עשרה מיט איין מנין. אונ אין מיטין איז איינער ארויש געגאנגען. איז דער איינער דין וויא מיר האבין פריער געשריבין אין (ס׳ ט׳):

יא מען איז אנדערש ניט מצרף צוא א מנין נאר איינעם וואש איז שוין אלט דרייצען יאר מיט איין טאג. עס דארף אבער ניט זיין איין גאנצער טאג. נאר אפילו איין איינציגע שעה אדער אפילו ווייניגער פון איין שעה נאך דעם דרייצענטין יאר איז מען שוין אויך בר מצוה. אונ מען איז אים מצרף צום מנין:

יב עס קאן זיך טרעפין אז איינער וואש איז שפעטער געבארין געווארין ווערט פריער בר מצוה פון איינעם וואש איז פריער געבארין. למשל איינער איז געבארין געווארין אין איין עבור יאר ניין אונ צוואנציג טעג אין חודש אדר ראשון. אונ איין אנדערער איז געבארין געווארין אין דעם נעמליכין יאר אום ראש חודש פון אדר שני. דאש הייסט אין דעם עבור חודש. אונ דאש דרייצענטע יאר איז ניט קיין עיבור יאר. ווערט דער וואש איז געבארין געווארין ראש חודש אדר שני תיכף אום ראש חודש אדר בר מצוה. אבער דער וואש איז געבארין געווארין ניין אונ צוואנציג טאג אין ערשטין חודש אדר. ווערט ערשט בר מצוה ניין אונ צוואנציג טעג אין אדר. אבער ווער עס איז געבארין געווארין אין איין עבור יאר אין ערשטין חודש אדר אונ דאס דרייצענטע יאר איז אויך איין עבור יאר. ווערט ער בר מצוה אין ערשטין חודש אדר. ווער עס איז געבארין געווארין אין דעם ערשטין טאג ראש חודש כסלו אונ דעמאלט איז כסלו געווען צוויי טעג ראש חודש. איז דאך דער ראש חודש וואס ער איז אין אים געבארין געווארין ניט דער ערשטער טאג פון כסלו נאר דער לעצטער טאג פון חשון. אונ אין דעם דרייצענטען יאר איז כסלו נאר איין טאג ראש חודש געווען ווערט ער ניט בר מצוה אין לעצטין טאג פון חשון נאר ערשט אום ראש חודש כסלו. אונ דאס איז גאנץ רעכט ווארום דער לעצטער טאג פון חשון איז ערשט דער ניין אונ צוואנציגסטער טאג פון חשון. אונ ער איז דאך געבארין געווארין מיט איין טאג שפעטער אין דרייסיגסטין פון חשון. דרום ווערט ער ערשט אום ראש חודש כסלו פולע דרייצין יאר אלט. ווער עס איז געבארין געווארין אום ראש חודש כסלו אין איין יאר וואס כסלו איז נאר געווען איין טאג ראש חודש. אונ אין דעם דרייצינטין יאר איז כסלו צווייא טעג ראש חודש ווערט ער בר מצוה אין דעם ערשטין טאג ראש חודש:

יג איין אונן איז מען ניט מצרף צום מנין. ווער עס הייסט איין אונן וועלין מיר באשרייבין ווייטער אין דיא דינים פון אבילות:

יד איין בלינדער מעג דאווענען פאר דעם עמוד. אויך איין גר מעג זיין איין שליח צבור. דאס איז אבער נאר פאר נויט ווען קיין געבארענער ישראל איז דא וואס קאן דאווענען פאר דעם עמוד. איז אבער יוא דא איין געבארענער ישראל אונ איין זעהענדיגער איז ליבער ער זאל זיין דער חזן. שבת אונ יום טוב אונ ימים

נוראים דארף בודאי קיין בלינדער אדער איין גר ניט דאווענען פאר דעם עמוד. אויסר ווען עס איז קיין בעסערער ניט דא פון אים:

טו איין אבל וואס איז נאך איין פאטער אדער איין מוטער קומט צוא דאווענען פאר דעם עמוד און ווער עס האט יארצייט האט נאך מער רעכט צוא דאווענען פאר דעם עמוד. ווען עס זיינען דא צוויי אבלים. איינער איז שוין נאך שלשים און איינער איז נאך אין מיטין שלשים. זאל דאווענען פאר דעם עמוד דער וואס איז נאך אין מיטין שלשים. אבער דאס ווענדט זיך אלץ אן דעם עולם ווארום אז דער עולם וויל מעגין זיי הייסין דאווענען דעם וואס ער איז זייא ליבער:

טז פון פארינט ביז ברוך שאמר מעג מען ריידין ווען מען האט גאר נייטיג צוא ריידין. אבער ניט אין מיטין דער תפלה אדער אין דיא קרבנות. נאר ווען מען ענדיגט איין ברכה. פון ברוך שאמר ביז ישתבח טאר מען ניט אויס ריידין און ווען מען הערט איין אנדערין איין ברכה מאכין טאר מען ניט נאך זאגין ברוך הוא וברוך שמו. אבער ווען מען הערט איין דונער אדער איין בליץ מעג ער מאכין די ברכה אפילו ווען ער האלט אין מיטין איין מזמור. און אז דער עולם האלט שמע ישראל מוז ער נאך זאגין דעם ערשטין פסוק האטשע ער האלט נאך צווישין ברוך שאמר און ישתבח און אמן מעג מען ענטפערין נאך אלע ברכות:

יז פון ישתבח ביז שמונה עשרה איז נאך הארבער. מען טאר אפילו קיין אמן אויך ניט נאך זאגין. אבער ווען דער חזן לאזט אויס דיא ברכה פון האל הקדוש אדער שומע תפלה. מעג מען יוא נאך זאגין אמן; ווען ער הערט דונערין אדער בליצין צווישין יוצר המאורות און אהבה רבה אדער צווישין הבוחר בעמו ישראל באהבה און שמע ישראל. אדער צווישין ובשעריך און והיה אם שמוע. אדער צווישין על הארץ און ויאמר מעג ער דיא ברכה מאכין. און אז דער חזן זאגט מודים. זאל ער זיך בוקין און זאגין די דריי ווערטער מודים אנחנו לך אבער ניט מער. אויך מעג ער נאך זאגין אמן יהא שמיה רבא. אויך אז דער חזן ענדיגט דאמירן בעלמא מעג ער ענטפערין אמן. אויך ווען מען רופט אים אויף צום ספר מעג ער גיין דיא ברכות מאכין:

יח פון גאל ישראל ביז נאך שמונה עשרה איז נאך הארבער. מען טאר ניט נאך זאגין אמן און נישט מאכין קיין איינציגע ברכה. אפילו ווען דער חזן לאזט אויס גאל ישראל טאר מען ניט נאך זאגין אמן:

יט יעדער מענטש מוז גלייך דאווענען מיט דעם עולם. ווער עס קומט אבער אין שול אריין ווען דער עולם האלט שוין ווייט אין דאווענען. זאגט ער על נטילת ידים. אלהי נשמה. און די ברכה לעסוק בדברי תורה. והערב נא. ברוך שאמר. אשרי און ישתבח. און דער נאך דאווינט ער גלייך מיט דעם עולם. אבער נאך דעם דאווענען מוז ער זאגין דאס וואס ער האט פארהיפט. ווען ער האט מעהר צייט זאל ער אויך זאגין דעם מזמור הללו את יי מן השמים. האט ער נאך מעהר צייט זאל ער אויך זאגין הללו אל בקדשו. אדער פון אשרי ביז כל הנשמה

תהלל יה. איז נאך מער צייט דא זאגט ער אויך ויברך דויד אדער אויך הודו ביז אתה יי לא תכלא רחמיך. איז נאך מער צייט דא זאגט ער אויך ויושע אונ דיא שירה. אונ שבח ווען עס איז נאך צייט דא זאגט ער למנצח לדוד בשנותו אונ תפלה למשה אונ מזמור שיר ליום השבת:

כ קומט מען אבער אין שול אריין ווען דער עולם האלט שוין ווייט נאך ישתבח איז דער דין אזו ווען עס איז מיגליך אן צוא הייבין יוצר אור אוים צוא קומען גלייך מיט דעם עולם איז גוט. איז עס אבער ניט מיגליך. זאל ער דאווענען גאנץ כסדר פאר זיך פון אן הייב אן:

## ח דיני פסוקי דזמרה ובו ו סעיפים

## דינים פון פסוקי דזמרה

א פון ברוך שאמר ביז סוף ישתבח הייסט פסוקי דזמרה. מיר האבין שוין אויבין גיזאגט אז פון ברוך שאמר ביז יוצר אור טאר מען ניט אוים ריידין אפילו קיין לשון קודש ווארט. נאר אז מען הערט איין ברכה מעג מען נאך זאגין אמן אפילו אין מיטין ברוך שאמר אדר אין מיטין ישתבח. אונ אז מען הערט דעם עולם זאגין קריאת שמע זאגט מען נאך דעם ערשטין פסוק שמע ישראל ביז אחד. אויך מעג מען נאך זאגין קדיש אונ קדושה אונ ברכו. אונ אז עס איז מיגליך ער זאל דאס זאגין צווישין איין מזמור אונ דעם אנדערין אדער וויינינגסטענס צווישין איין פסוק אונ דעם אנדערין איז בוודאי גוט. אבער ברוך הוא וברוך שמו טאר מען ניט זאגין אין פסוקי דזמרה. אויך טאר מען ניט זאגין יתברך וישתבח ווען דער חזן זאגט ברכו. אונ אז מען איז גיוועזין אין דרויסין אונ האט זיך גיוואשין די הענט. טאר מען ניט זאגין אשר יצר ביז נאך תפלת שמונה עשרה:

ב ברוך שאמר זאגט מען שטייענדיג. מען נעמט ביידע פאדערשטע ציצית אין דער האנד אריין אונ זאגט ביז בתשבחות דער נאך קושט מען דיא ציצית אונ לאזט זייא אוועק:

ג גאנץ פסוקי דזמרה זאגט מען בכוונה. ניט גישווינד מען מוז ציילין איטליכס ווארט וויא פעריל. אויך מוז מען אין זינען האבין דם טייטש פון יעדין ווארט. איבער הויפט דעם פסוק פותח את ידך מוז מען זאגין מיט גרויש כוונה. אונ אז מען האט אים אוועק גיזאגט אן כוונה מוז מען אים נאך אמאל זאגין. אונ אין הודו מוז מען זיך אביסיל אפ רוען צווישין דעם ווארט אלילים אונ ויי שמים עשה. עס זאל ניט אוים זעהן אז דאס ווארט ויי גייט חלילה ארויף:

ד מזמור לתודה זאגט מען שטייענדיג מיט גרויס פרייד ווארום דאס איז פאר דעם קרבן תודה וואס מען פלעגט מקריב זיין אין בית המקדש. אויך ויברך דויד ביז אתה הוא יי האלהים מוז מען זאגין שטייענדיג. דיא גאנצע שירה מוז מען אויך זאגין שטייענדיג מיט פרייד אונ מען מוז אין זינען האבין דעם טייטש פון יעדער ווארט. ישתבח מוז מען אויך זאגין שטייענדיג:

ה שבת און יום טוב. ערב פסח. חול המועד פסח און ערב יום כפור זאגט מען ניט מזמור לתודה:

פון פסוקי דזמרה ביז איבער דעם גאנצין דאווענען טאר מען ניט אן רירין דאס לייב דארטין וואו מען גייט צוא גידעקט אונ ניט דעם קאפ אונטער דער היטיל. אויך ניט אנדערע ערטער אפילו פון זיין גוף אליין וואס זיינען ניט ריין:

# ט דיני קדיש וברכו ובו ט סעיפים

## דינים פון קדיש און ברכו

א מען טאר ניט זאגין קדיש אדער ברכו אדער קדושה נאר ווען עס זיינען דא צען גרוסע מענטשין. דאס הייסט ווען יעדער איז שוין אלט דרייצעהן יאר. אויך לייענען אין דער תורה טאר מען ניט נאר ווען עס זיינען דא צען גרויסע. ווען עס זיינען קיין צעהן ניט גיוועזין ווען מען האט גיזאגט ישתבח. דער נאך זיינען צוא גיקומען ביז צען. זאגט דער חזן קיין קדיש ניט. איבער דעם זאל מען ווארטין מיט ישתבח זאגין ביז עס זיינען דא צען. דאס ווארטין זאל אבער ניט מער דויערן נאר איין האלבע שעה. האט מען אבער שוין גיווארט איין האלבע שעה און עס איז נאך ווייטער קיין מנין ניט דא. זאל מען זאגין ישתבח און ווייטער ווארטין. אונ אז עס קומען דער נאך צו ביז צען זאגט מען עטליכע פסוקים און דרויף זאגט דער חזן חצי קדיש.

ב אלע צען מוזין זיין אין איין שטוב מיט דעם חזן. אבער ווען אפילו ניין זיינען אין איין שטוב און דער צענטער איז אין איין אנדער שטוב אדער אין פאלוש. הייסט דאס שוין קיין מנין ניט. און מען טאר ניט זאגין קדושה און ברכו אדער קדיש אפילו ווען די טיר איז צווישין ביידע שטיבער אפין: און אפילו דער איינער שטייט אויף דער אויסוויינינגסטער שוועל פון דער אנדער שטוב. און ווען מען זאל צוא מאכין דיא טיר וואלט ער געבליבין אין דרויסין. קאן מען אים אויך ניט מצרף זיין צום מנין:

ג ווען מען הערט קדיש אדער ברכו אדער קדושה אין פאלוש אדער אפילו פון עטליכע שטיבער ווייטער מוז מען ענטפערין:

ד דעם קדיש מוז מען גוט אויס הערין און נאך זאגין דעם אמן מיט גרוים כוונה. איבער הויפט אמן יהא שמיה רבא כוז מען זאגין הויך מיט דעם גאנצין כח און מיט גרוים כוונה אבער פון דעסטוועגין זאל מען ניט צוא הויך שרייען כדי מען זאל פון אים ניט לאכין:

ה ווען עס זיינען אין שול אין איינעם מיט דעם חזן נישט מער דא נאר צעהן. און איינער פון זייא דאווינט שמונה עשרה און קען נישט נאך זאגין. מעג מען פארט זאגין קדיש אדער ברכו און קדושה. דאס איינע איז אויך ווען אפילו פיר מענטשין דאוונען שמונה עשרה און קענען ניט נאך זאגין ווארום ווען עס זיינען דא מער וויא די העלפט וואס קענען יוא נאך זאגין איז שוין גענוג. אבער

אײדער

אײדער דער חזן הײבט אן צוא זאגין דיא הויכע שמונה עשרה אונ עס זײנן ניט מער דא נאר ניין חוץ אים · זאל ער זעהן אויב אלע זײנען שוין אוים גיגאנגען · אונ אז אײנר דאווינט נאך זאל ער ווארטין ביז ער גייט אויש:

ו ווען דער חזן זינגט ברכו זאגט דער עולם יתברך וישתבח אבער ווען ער זאגט דיא ווערטער טאר מען גאר ניט זאגין נאר מען מוז אוים הערין וואס ער זאגט:

ז וויא דער חזן לאזט אוים המבורך זאגט דער עולם ברוך יי המבורך לעולם ועד · אויף דעם ענטפערט דער חזן אויך ברוך יי המבורך לעולם ועד · אונ דער עולם זאגט נאך אמן · אבער ווען דער עולם לאזט אוים לעולם ועד טאר דער חזן ניט זאגין אמן:

ח ווען אײנר קומט אין שול אריין ווען דר עולם זאגט ברוך יי המבורך מעג ער מיט זאגין חאטשע ער האט ניט גיהערט דעם חזן זאגין ברכו:

ט דער חזן דארף צוא זיין איין פרומער איד וואס מען האט אויף אים קיין מאל קיין שלעכץ ניט גירעט · אויך מוז ער זיין איין מענטש וואס דער גאנצער עולם האט אים ליב אונ ער מוז האבין איין שיין קול · אויך זאל ער ניט זיין איין עם הארץ ווארום ער מוז פאר שטיין וואש ער דאווינט · אויך מוז ער שוין האבין איין בארד · אבער אז עש טרעפט זיך אמאל אז דער חזן איז ניטא מעג דאוונען איינער וואש ער איז שוין איבער דרייצעהן יאר חאטשע ער האט נאך איין ניט בארד:

# י הלכות קריאת שמע ובו י״ב סעיפים
## דינים פון קריאת שמע

א דיא צייט פון קריאת שמע זאגין אין דער פריא איז וויא עס הייבט אן צוא טאגין ביז איין פערטיל פון טאג זומר אדר ווינטר · האט מען אבער פרזאמט די צייט · מעג מען נאך זאגין קריאת שמע מיט דיא ברכות ביז איין דריטיל טאג · נאבר אז עס איז שוין שפעטער זאגט מען נאר קריאת שמע אליין אן דיא ברכות:

ב ווער עש האט אין דר פריא נישט גיקענט זאגין קריאת שמע אדער ער האט פאר געסין צו זאגין · זאגט ער ביא דער נאכט נאך קריאת שמע פון מעריב נאך איין מאל קריאת שמע אן די ברכות · אונ ווידער ווער עש האט אין מעריב נישט גקאנט קריאת שמע זאגין אדר ער האט פר געסין · זאגט ער דעם אנדערין טאג אין דר פריא נאך דעם דאוונען פון שחרית קריאת שמע אן דיא ברכות:

ג מען מעג קריאת שמע זאגין זיצענדיג אדער שטייענדיג אבער נישט ליגענדיג · אז מען ליגט שוין אבער מען זאל זיך איין בייגין אויף דער זייט אונ זאגין · ווען מען איז קראנק אונ קאן נישט ליגין אויף דער זייט · זאל מען זיך ווײניגסטינס אביסיל איין בייגין אויף דער זייט:

ד צוא שמע ישראל לייגט מען דיא רעכטע האנט אויף דיא אויגין אונ מען זאגט דעם פסוק גאנץ הויך אונ מיט גרויש כוונה · דאש ווארט אחד זאגט מען

אביסיל

אביסיל לייננער אונ מיט אלע כוחות · מען מוז דער ביא אין זינען האבין אז דער אויבערשטער איז איינציג אונ ער באהערשט דיא גאנצע וועלט · נאך אחד זאגט מען שטיל ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד · נאר יום כפור זאגט מען עס הויך :

ה נאך לעולם ועד רועט מען זיך אביסל אפ אונ מען זאגט ואהבת · נאך ובשעריך רועט מען זיך ווידער אביסיל אפ אונ מען זאגט והיה אם שמוע · אונ פאר ויאמר רועט מען זיך ווידער אביסיל אפ :

ו פאר קריאת שמע וויא מען זאגט והביאנו לשלום נעמט מען דיא ציצית אין דער האנט אריין · אונ מען האלט זייא אין דער לינקער האנט קעגין דעם הארץ אבער וויא מען קומט צוא ויאמר נעמט מען זייא אן מיט דער רעכטער האנט · וויא מען זאגט וראיתם אותו גייט מען איבער מיט זייא דיא אויגין אונ קושט זייא · אונ איטליכעס מאל וואס מען זאגט דאסווארט ציצית קושט מען זייא אונ מען האלט זייא ביז מען קומט צו ונחמדים לעד · דא קושט מען זייא אונ לאזט זיי אוועק :

ז קריאת שמע איז דאס הייליגסטע פון דעם גאנצין דאווענען · איבער דעם מוז מען יעדעם ווארט ציילין וויא פעריל אונ מען מוז יעדען ווארט זאגין מיט דעם טראפ אונ מען מוז פאר שטיין וואס מען זאגט · מען טאר אין מיטין נישט ווינקען צוא איינעם מיט דיא אויגין אדער מיט דער האנד · נאר וועגין איין מצוה זאך מעג מען ווינקען אין מיטין והיה אם שמוע · אויך מוז מען זיך היטין אפילו קיין טאבאק נישט צוא שמעקין אין מיטין :

ח ווען מען זאגט וקשרתם רירט מען אן דעם תפילין של יד אונ מען קושט אים · ביא והיו לטוטפות רירט מען אן דעם של ראש אונ קושט אים :

ט נאך אלהיכם מוז מען תיכף זאגין אמת אונ מען טאר צווישין דיביידע ווערטער נישט מפסיק זיין · דער נאך הערט מען אויש פון דעם חזן די דרייא ווערטער יי אלהיכם אמת מיט גרויש כוונה · אונ מען זאגט ווייטער ויציב · אבער מען טאר נישט נאך אמאל זאגין דאש ווארט אמת :

י ווער עש דאווינט ביא זיך אין דער היים אן אמנין מוז ער פאר שמע ישראל זאגין אל מלך נאמן :

יא ווער עש האט צווישין שמע ישראל אונ על הארץ גימוזט אויף הערין צוא זאגין · אונ דאש האט גידויערט אזוא לאנג וואש ער וואלט אין דער צייט גיקאנט זאגין גאנץ קריאת שמע · מוז ער נאך איין מאל זאגין פון שמע ישראל אן :

יב ווער עש האט שוין גיזאגט קריאת שמע אונ איז דער נאך גיקומען אין שול אריין ווען דער עולם זאגט קריאת שמע מוז ער מיט זייא אין גאנצין נאך זאגין · אונ ער באקומט פאר דעם שכר וויא פאר לערנען · אויך ווער עש האלט פאר ברוך שאמר אדר אין די פסוקים וואש מען מעג אין מיטין אויש ריידין אונ דר עולם זאגט דענמאלט קריאת שמע · זאגט ער נאך מיט דעם עולם אונ האט אין זינען דער מיט נישט יוצא צוא זיין · כדי ער זאל שפעטער קענען זאגין קריאת שמע מיט דיא ברכות :

וויא

## יא דינים פון שמונה עשרה. אונ אין אים איז אכט צעהען סעיפים:

א וויא מען קומט צוא תהלות לאל עליון מוז מען זיך אלע פרעמדע גידאנקען ארויס שלאגין אויש דעם קאפ · אונ אויש שפייען אונ דעם נאז שנייצין אונ זיך מיט דעם גאנצין הארץ מכין זיין צוא דער הייליגע שמונה עשרה · מען גייט דרייא טריט צוריק אונ זאגט ביז גאל ישראל אונ גייט ווידער דרייא טריט צוא זיין ארט אונ הייבט אן דיא שמונה עשרה:

ב צווישין גאל ישראל אונ שמונה עשרה טאר מען נישט מפסיק זיין · אפילו נישט ווענין קדיש אדר ברכו אדר קדושה · איבר דעם זאל מען זעהן אוים צו לאזין גאל ישראל גלייך מיט דעם החזן כדי מען זאל נישט דארפין זאגין אמן · ווארום עש איז דא איין דעה אז מען טאר דעם אמן נישט זאגין · אבער אין מעריב נאך ועל כל מעשיו אדער שבת נאך ועל ירושלים מעג מען נאך זאגין אמן:

ג שמונה עשרה מוז מען דאווענען שטייענדיג אונביידע פים איינער לעבין דעם אנדערין מען טאר זיך נישט אן לעהנען אן קיין איינציגע זאך ווער עש איז אבער נישט גיזונד מעג דאווענען שמונה עשרה זיצענדיג אדער אפילו אויף דעם גילעגר · מען מוז דעם קאפ אביסיל איין בייגין אונ די אויגין צו האלטין אונ אז מען דאווינט אין איין סידור זאל מען קיין אויג נישט אפ לאזין פון דעם סידור אונ נישט דעם מינדסטין בליק ארוים טאן:

ד מען מוז שטיין שמונה עשרה מיט דעם פנים קעגין מזרח · ווען מען דאווינט אבער ביא איין נכרי אין הויז אונ עש הייגגען בילדער אויף דער מזרח וואנט · זאל מען זיך שטעלין קעגין איין אנדערע זייט · דער מאנט מען זיך אין מיטין דר שמונה עשרה אז מען שטייט קעגין צפון אדער דרום זאל מען נישט אויש גיין נאר מען נייגט דאש פנים אויש צוא דרייען · אונ ער מעג ווייטער ענדיגין דיא שמונה עשרה אזוא וויא ער שטייט · דר מאנט ער זיך אבער אז ער שטייט קעגין מערב · דאווינט ער ווייטער אונ דארף דאש פנים נישט אויש צוא בייגין · נאר ער מוז אין זינען האבין אז זיין הארץ איז גינייגט צו דעם ארט וואו דאש בית המקדש איז גישטאנן:

ה מען מוז דאווענען שמונה עשרה גאנץ שטיל · אבער פון דעסט וועגין מוז מען אליין הערין וואש מען רעט:

ו ווען מען דאווינט אין איין סידור מוז מען זיך פריער פאר צייכענען דיא ערטער וואש מען דארף צוא זאגין · כדי מען זאל נישט דארפין מישין אין מיטין שמונה עשרה:

ז ווען עש לאזט זיך אראפ איין עק פון דעם טלית אין דער שמונה עשרה מעג מען אים צוריק ארויף לייגין · אבער אז דער טלית איז אין גאנצין פון אים אראפ גיפאלין טאר ער אים נישט אויף הייבין · אז עש איז פאר אים אראפ גיפאלין

איין

איין ספר אונ עס שטערט אים דיא כוונה · מעג ער עס אויף הייבין צווישין איין ברכה אונ דיא אנדערע :

ח ווען מען הייבט אן דיא ערשטע ברכה פון שמונה עשרה מוז מען זיך בוקין · אויך ווען מען לאזט אויש דיא ערסטע ברכה · דאש הייסט מגן אברהם · בוקט מען זיך : ווען מען הייבט אן צוא זאגין מודים בוקט מען זיך · אונ ווען מען לאזט אויש די ברכה ולך נאה להודות בוקט מען זיך אויך : דאש בוקין איז אזוא ווען מען זאגט ברוך בייגט מען דיא קניען · בייא דעםווארט אתה בייגט מען שטארק איין דעם קאפ אונ דעם גאנצין גוף · דאש אייגענע איז אויך בייא מודים · וויא מען קומט אבער צום שם שטעלט מען זיך גילאסין אויף · איין אלטער אדער איין קראנקער דארף זיך נישט בוקין נאר עש איז גינוג אז ער בייגט איין דעם קאפ · בייא דיא איבעריגע ברכות טאר מען זיך נישט בוקין :

ט עושה שלום בוקט מען זיך אונ מען גייט צוריק דריי מיטיל מעסיגע טריט · פריער מיט דעם לינקן פוס · דער נאך מיט דעם רעכטין · אונ קערט זיך צוא דער לינקער זייט אונ זאגט עושה שלום במרומיו · דער נאך קערט ער זיך צוא דער רעכטער זייט אונ זאגט הוא יעשה שלום עלינו · דער נאך בוקט ער זיך אונ זאגט ועל כל ישראל :

י נאך ואמרו אמן מוז מען בלייבין שטיין מיט ביידע פים איינער לעבין דעם אנדערין אויף דעם ארט וואו מען איז אויש גיגאנגען ביז דער חזן זאגט קדושה אונ אז מען דאווענט פאר זיך אליין אין דער היים שטייט מען אזוא לאנג ווא בייא איין מנין וואלט שוין דער חזן גיקאנט זאגין קדושה · אבער אז עש איז איינג אין שול אדער ווען מען זאגט פייט אין דער הויכע שמונה עשרה · גייט מען תיכף צוריק אויף זיין ארט :

יא שמונה עשרה מוז מען דאווענען מיט איין גאנץ ריינעם מוח אונ קלארע גידאנקן איבער דעם ווען מען האט אזוא פיל גיטרונקען אז מען שעמט זיך צוא ריידין מיט איין גרויסין מאן · טאר מען נישט זאגין קיין שמונה עשרה · האט מען אבער יוא גיזאגט איז עש גאר נישט ווערט אונ שפעטער ווען מען ניכטערט זיך אויש מוז מען נאך אמאל דאווענען שמונה עשרה · אונ אז עש איז שוין נאך דער צייט · זאל ער נישט מער דאווענען · נאר נאך דר ערשטע תפלה וואש ער דאווינט שפעטער זאגט ער נאך איין שמונה עשרה · אזו וויא מיר וועלין דא תיכף שרייבין :

יב דיא צייט פון שמונה עשרה איז ביז איין דריטיל טאג זומער אדער ווינטער · אז ער האט זיך אבער פר שפעטיגט איז נאך צייט ביז צו מיטאג אבער שוין מער נישט :

יג ווען ער האט פאר געסין אדער ער האט פאר נויט ניט גידאווענט שמונה עשרה · דאווענט ער תיכף אין דער אנדערע תפלה נאך איין שמונה עשרה · למשל ער האט אין דער פריא ניט גידאווענט שמונה עשרה דאווענט ער פאר נאכט אפ מנחה אונ זאגט תחנון · דער נאך זאגט ער נאך איין מאל אשרי אונ דאווענט ווידער שמונה עשרה פאר דיא שמונה עשרה פון אין דער פריא · האט ער ניט

ג'דאווענט מנחה · דאווענט ער אף מעריב אונ רועט זיך אפ עטליכע מינוט דר נאך דאווינט ער נאך איין מאל שמונה עשרה פאר דעם מנחה · האט ער נישט גידאווינט מעריב · זאל ער דעם אנדערין טאג אין דער פריא אפ דאוונען שמונה עשרה אונ תחנון · דער נאך זאגט ער אשרי אונ שמונה עשרה פאר דעם נעכטיגין מעריב · דער נאך זאגט ער למנצח אונ ובא לציון אונ ער טאר נישט דאש מינדעסטע עסין פאר דער אנדערע שמונה עשרה :

יד דיא שמונה עשרה קען מען נישט דער פילין נאר תיכף אין דער אנדערע תפלה אבער נישט שפעטער · למשל אז מען האט פאר פעלט דיא שמונה עשרה אין דער פריא אונ האט אויך נישט גידאווינט מנחה קען מען צוא מעריב נישט מער דאוונען נאר נאך איין שמונה עשרה פאר מנחה · אונ פון אין דער פריא איז שוין פאר פאלין · אבער שחרית מיט מוסף הייסין וויא איין תפלה · איבער דעם ווען מען האט ניט גידאווינט דיא שמונה עשרה פון שחרית אין אטאג וואש אין אים איז אמוסף · קאן מען נאך מנחה דאוונען איין שמונה עשרה פאר אין דר פריא · אויך דאש מוז מען וויסין · אז דיא שמונה עשרה וואש מען דאווינט פאר דיא וואש מען האט פאר פעלט · מוז מען דאוונען אין איינעם מיט איין אנדערע תפלה · אבער ניט פיל שפעטער נאך דער אנדערע תפלה · ווארום דאס הייסט שוין איין שמונה עשרה פאר זיך אליין אונ דאש טאר מען ניט :

טו דיא שמונה עשרה וואש מען דאווענט פאר דעם וואש מען האט פאר פעלט · האט אן זיך דעם אייגענעם דין פון דער שמונה עשרה וואש ער האט איצט גידאווינט · למשל ער האט פרייטאג פאר נאכט קיין מנחה ניט גידאווינט · דאווינט ער ביא נאכט נאך מעריב נאך איין מאל דיא שמונה עשרה פון שבת · האטשע זיא איז פאר די וואכדיגע שמונה עשרה · אזו איז אויך ערב ראש חודש אז ער האט קיין מנחה גידאווינט · זאגט ער ביא דער נאכט נאך מעריב נאך איין שמונה עשרה מיט יעלה ויבא · אונ אזו איז תמיד · ווידער שבת ווען ער האט פאר פעלט מנחה · דאווינט ער ביא דער נאכט נאך איין וואכעדיגע שמונה עשרה אבער אן אתה חוננתנו · ווארום דאש איז דאך אייגענטליך הבדלה אונ ער האט עס דאך שוין איין מאל גיזאגט · אונ צווייא מאל הבדלה מאכט מען נישט · אונ אז ער האט צו מוצאי שבת פאר פעלט מעריב דאווינט ער זונטאג פריא נאך ותחנון ווידער איין שמונה עשרה אן אתה חוננתנו :

טז ווען עס איז נאר איין טאג ראש חודש אונ ער האט אין מנחה פאר געסין צוא זאגין יעלה ויבא · נאך אנדערע פוסקים טאר ער נישט נאך מעריב נאך איין מאל דאוונען שמונה עשרה ווארום דעמאלט איז דאך שוין ניט מער ראש חודש · אונ ער קאן שוין ניט זאגין יעלה ויבא :

יז ווער עס האט פאר פעלט איין שמונה עשרה אונ אין דער אנדערע תפלה דאווינט ער פאר דעם עמוד דארף ער ניט זאגין צווייא מאל שמונה עשרה ·

ווארום

וואָרום ער איז יוצא מיט דער הויכע שמונה עשרה וואָס ער זאָגט נאָך איין מאָל :
יח ווער עס גידיינקט ניט אויב ער האט גידאַווינט שמונה עשרה אָדער ניט · זאָל ער ניט מער דאַוונען נאָך איין שמונה עשרה אין דער אַנדערע תפלה ·

## יב דיני טל ומטר משיב הרוח ויעלה ויבא ובו טו סעיפים
## דינים פון טל ומטר · משיב הרוח · אונ יעלה ויבא :

א פון מוסף שמיני עצרת ביז מוסף פון דעם ערשטין טאָג פּסח · זאָגט מען משיב הרוח · אין דער שטילע שמונה עשרה פון דעם ערשטין טאָג פּסח זאָגין אים נאָך דער עולם אונ דער חזן נאָר ערשט אין דער הויכע שמונה עשרה הערט אים אויף דער חזן צוא זאָגין · אונ צוא מנחה זאָגט אים שוין קיינער ניט מער · אונ ווער עס דאַווינט אום ערשטין טאָג פּסח פאַר זיך אַליין אין דער היים · מוז ער דאַוונען גאַנץ צייטליך מוסף · דאָס הייסט אין דער צייט אַז דער חזן האט נאָך ניט אָן גיהויבין דיא הויכע שמונה עשרה פון מוסף · וואָרום וויא באַלד דער חזן האט שוין אויף גיהערט צוא זאָגין משיב הרוח טאָר מען אין דר היים אויך ניט זאָגין :

ב ווער עס האט פאַר געסין צוא זאָגין משיב הרוח · ווען ער האט נאָך ניט אָן גיהויבין אתה קדוש זאָגט ער דאָרט וואו ער האט זיך דער מאָנט · ווען ער האַלט אָבער שוין אתה קדוש מוז ער ווידער צוריק אָן הייבין אתה גבור :

ג ווער עס האט מוצאי שבת פאַר געסין צוא זאָגין אתה חוננתנו אונ האט שוין אויס גילאָזט חונן הדעת דאַרף ער עס ניט מער זאָגין :

ד ווען ער האט פאַר געסין צוא זאָגין טל ומטר אונ ער דער מאָנט זיך איידער ער האט אָן גיהויבין תקע בשופר · זאָגט ער דאָ טל ומטר · ווען ער האט אָבער שוין אָן גיהויבין תקע זאָל ער זאָגין טל ומטר צום סוף שמע קולנו · פאַר דער ברכה אונ אין אַתענית פאַר עננו · ווען ער האט זיך אָבער ערשט דער מאָנט תיכף נאָך שומע תפלה · זאָגט ער דאָ טל ומטר אונ דער נאָך רצה · ווען ער האט זיך אָבר ערשט דר מאָנט אין מיטין רצה · מוז ער אָן הייבין נאָך אַמאָל פון ברך עלינו את השנה הזאת ביז צום סוף שמונה עשרה · האט ער זיך אָבר ערשט דר מאָנט ווען ער איז שוין אוים גגאַנגען די שמונה עשרה · מוז ער נאָך איין מאָל דאַוונען די גאַנצע שמונה עשרה :

ה אַז ער האט זיך פאַר געסין אונ האט גיזאָגט משיב הרוח אום זומר · אויב ער האט גיקאָנצעט דיא ברכה מחיה המתים · הייבט ער אָן אתה גבור · אונ אויב ער האט אָן גיהויבין אתה קדוש זאָל ער אָן הויבין פון אָנהייב שמונה עשרה · ווען ער האט זיך זומער טועה גיוועזין אונ האט גיזאָגט טל ומטר אונ דער מאָנט זיך תיכף · זאָל ער נאָך איין מאָל אָן הייבין ברך עלינו · אונ אַז ער האט שוין גיזאָגט ברוך אתה יי׳ זאָל ער אויס לאָזין למדני חוקיך אונ זאָל נאָך אַמאָל זאָגין גאַנץ ברך עלינו אונ אַזוא איז דער דין ביא אַלע זאַכין וואָס מען דאַרף איבער זאָגין · אַז ער דער מאָנט זיך שפּעטער אין מיטין שמונה עשרה · מוז ער צוריק אָן הייבין ברך עלינו · אַז ער דער מאָנט זיך אָבער ערשט נאָך יהיו :

יהיו לרצון · מוז ער ווידער אמאל דאוונען דיא גאנצע שמונה עשרה :

ו אנפאנג יאר זאגט מען האל הקדוש · אונ עשרת ימי תשובה זאגט מען המלך הקדוש · ווען ער האט זיך טועה גיוועזין אין מיטין יאר אונ האט גיזאגט המלך הקדוש דארף ער ניט איבער זאגין · ווען ער האט זיך טועה גיוועזין אין עשרת ימי תשובה אונ האט גיזאגט האל הקדוש אונ האט זיך תיכף דער מאנט זאגט ער המלך הקדוש · ווען ער האט זיך אבער ערשט שפעטער דער מאנט מוז ער איבער דאוונען פון אן הייב אבער בייא המלך המשפט אונ זכרנו ומי כמוך דארף מען ניט איבער דאוונען פון אן הייב שמונה עשרה :

ז תשעה באב צו מנחה זאגט מען נחם · ווען ער האט אבער פאר געסין צוא זאגין · זאגט ער נחם אין שמע קולנו נאך עננו פאר דיא ברכה· אונ לאזט אויש די ברכה שומע תפלה · ווען ער האט זיך ערשט דער מאנט אין רצה · זאגט ער נחם נאך מודים פאר ועל כולם · אבער אז ער האט זיך ערשט דער מאנט נאך ועל כולם זאגט ער דר נאך נחם נאך שים שלום · אונ אז ער האט זיך דר מאנט צום לעצטין זאגט ער ניט מער נחם :

ח אין איין תענית אז ער פאר געסט צוא זאגין עננו זאל ער זאגין פאר אלהי נצור אן אברכה :

ט ראש חודש צוא שחרית אדער צוא מנחה אונ חול המועד שחרית · מנחה אדער מעריב · ווען ער האט פאר געסין יעלה ויבא אונ האט שוין גיענדיגט די ברכה פון רצה· דאס הייסט ער האט שוין גיזאגט ברוך אתה ה׳ · ענדיגט ער אוים דיא ברכה אונ זאגט יעלה ויבא פאר מודים · ווען ער האט זיך אבר דער מאנט ערשט אין מודים אדער ווייטער הויבט ער נאך אמאל אן רצה · אז ער האט זיך ערשט דער מאנט ווען ער איז שוין אויס גיגאנגען שמונה עשרה · מוז ער נאך אמאל דאוונען דיא גאנצע שמונה עשרה · אבער ראש חודש צוא מעריב ווען ער האט פאר געסין יעלה ויבא אונ האט זיך דער מאנט אין מיטין דער ברכה · איז שוין פאר פאלין אונ ער זאגט ניט מער יעלה ויבא :

י ווען ער האט פאר געסין יעלה ויבא אונ האט זיך ערשט דער מאנט צוא מוסף · דארף ער ניט נאך אמאל דאוונען שחרית :

יא ווען ער האט אין חנוכה אדער פורים פאר געסין צוא זאגין על הנסים אדער עשרת ימי תשובה זכרנו · מי כמוך · וכתוב · אונ האט זיך ערשט דער מאנט אפילו נאך ברוך אתה יי איז שוין פר פאלין אונ ער זאגט עש ניט מער · אבר אז ער דר מאנט זיך פר ברוך אתה יי זאגט ער דא זכרנו מי כמוך על הנסים אדר וכתוב :

יב אז ער האט פאר געסין אין עשרת ימי תשובה צוא זאגין בספר חיים אונ האט שוין אן גיהויבין ברוך אתה יי ענדיגט ער דיא ברכה אונ זאגט ניט מער · אבער אנדערע פוסקים הייסין זאגין בספר חיים פאר אלהי נצור :

יג ווען ער איז זיך טועה אונ זאגט אין דער פריא שלום רב אדער צוא מנחה אונ מעריב שים שלום איז ער יוצא :

יד דיא שאלה הייסט דיא נאכט וואש מען הויבט אן אין איר צוא זאגין טל ומטר
אונ דאש גיפאלט תמיד אין דעם זעכציגסטין טאג נאך דער תקופה פון תשרי
ווען דיא שאלה גיפאלט אום שבת אונ איינער איז זיך טועה אונ דאוונט דיא
וואכדיגע שמונה עשרה אונ אין מיטין ברך עלינו את השנה הזאת דער מאנט ער
זיך אז עש איז שבת מוז ער אויס זאגין דיא גאנצע ברכה אבער טל ומטר זאגט
ער ניט ווארום דער גאנצער עולם האט דאך נאך ניט אן גיהויבין צוא זאגין טל
ומטר · אונ דער איינציגער מענטש מוז טאן אזוא וויא דער עולם טוט · אונ וויא ער
לאזט אויס מברך השנים הייבט ער אן די ברכה פון שבת · איז עש פרייטאג צוא
נאכט זאגט ער אתה קדשת · שבת אין דער פריא זאגט ער ישמח משה · איז עס
צוא מוסף זאגט ער תכנת שבת · איז עש צוא מנחה זאגט ער אתה אחד :
טו ווען מען האט פאר געסין אין מעריב פון דער ערשטער נאכט פסח אונ האט
גידאווינט דיא וואכעדיגע שמונה עשרה · אונ אין מיטין ברך עלינו האט ער
זיך דער מאנט · זאגט ער אויש דיא גאנצע ברכה ביז מברך השנים אונ דאווינט
ווייטער אתה בחרתנו · אבער טל ומטר זאגט ער ניט · ווארום דער עולם זאגט דאך
אויך דעמאלט ניט מער טל ומטר :
טז ווען מען גייט אויש שמונה עשרה דארף מען שטיין אויפין ארט איידער מען
גייט צו צוריק · וויא דער שיעור וואש מיקאן אפ גיין פיר איילין :

# יג הלכות תפלת הש״ץ ובו כ״ג סעיפים
## דינים פון דר הויכע שמונה עשרה

א ווען דער חזן זאגט די הויכע שמונה עשרה מוז מען שטיין גאנץ שטיל אונ הערין
וואס ער זאגט · אונ נאך זאגין ברוך הוא וברוך שמו נאך יעדער ברכה · נישט
אזו אז מען טאר דעמאלט נישט ריידין נאר אפילו לערנן אויך נישט · עס איז אפילו
זייער רעכט אריין צוא קוקין אין סדור אונ צוא שטיין גלייך וויא דעמאלט ווען מען
דאווינט אליין דיא שמונה עשרה :
ב ביא דער הויכע שמונה עשרה מוזין וויינגסטינס זיין ניין מענטשין חוץ דעם חזן
וואש הערין אים אויס אונ זאגין נאך ברוך הוא וברוך שמו אונ אמן · איבער
דעם אז עס איז פונקט דא איין מנין מיט דעם חזן · מוז ער ווארטין מיט דר הויכע
שמונה עשרה ביז אלע קענען נאך זאגין :
ג ווען דער חזן לאזט אויס איין ברכה מוז ער ווארטין מיט דער אנדערע ברכה ביז
דאס רוב עולם האט שוין גיזאגט אמן :
ד מען זאגט נישט דיא הויכע שמונה עשרה נאר ווען עס זיינען וויינגסטינס דא
צעהן וואס האבין מיט גידאווינט · אבער אז עס האבין ווייניגער פון זעקס מיט
גידאווינט · האטשע עס זיינען דא אין שול צעהן מענטשין אדר מעהר · זאגט דר חזן נישט
מעהר הויך נאר ביז האל הקדוש אונ מען זאגט קדושה · דר נאך דאווינט מען שטיל :
ה יעדער מענטש מוז זאגין קדושה מיט דעם עולם · אונ דר אמן נאך האל הקדוש

און נאך שומע תפלה זיינען אויך אזו טייער וויא דיא קדושה און עס איז איין גרויסער חיוב זייא צוא זאגין · אבער אז מען איז שפעט גיקומען אין שול אריין און מען מוז פאר זיך דאווענען און דיא צייט פון דעם דאווענען איז נאך ניט עובר · טאר מען זיך ניט שטעלין שמונה עשרה ווען מען ווייס אז מען וועט אן ווערין איינס פון דיא פיר דאס הייסט קדושה און דיא ביידע אמנם און מודים · נאר מען מוז ווארטין מיט דער שמונה עשרה ביז מען זאגט קדושה · אדער ווען דער חזן האלט שוין ווייטער · ביז מען זאגט דיא ביידע אמנם אדער נאר דעם אמן פון שומע תפלה און מודים ווען דר חזן האלט שוין נאך האל הקדוש · מען זאל אבר ניט דאווענען ביז גאל ישראל און בלייבין שטיין ווארום מיר האבין דאך שוין אויבין גיזאגט אז נאך גאל ישראל מוז מען תיכף זאגין שמונה עשרה און מען טאר ניט מפסיק זיין איבער דעם זאל מען בלייבין שטיין ביא שירה חדשה :

ו ביא דער קדושה מוז מען שטיין מיט גרויש פארכט · און ביידע פיס איינער לעבין דעם אנדערין און עש איז רעכט צוא האלטין דיא אויגין צוא גימאכט אדר ארויף צום הימעל :

ז וויא דער חזן הייבט אן צוא זאגין מודים מוז זיך דער גאנצער עולם בוקין און זאגין מודים דרבנן אין גאנצין גיבוקט · ווער עס האלט אין מיטין דער שמונה עשרה ווען דער חזן זאגט מודים · איז דער דין אזוא · האלט ער אין מיטין איין ברכה בוקט ער זיך גלייך מיט דעם עולם · אדער ווען ער האלט דעמאלט ביא דעם אן הייב פון איין ברכה אדער ביא איין אויש לאז פון איין ברכה · טאר ער זיך ניט בוקין · ווארום מיר האבין שוין אויבין גיזאגט אז מען טאר זיך ניט מער בוקין נאר פיר מאל · דאש הייסט צווייא מאל אין דער ערשטע ברכה און צווייא מאל אין מודים :

ח אין דער שמונה עשרה פון שחרית און מוסף זאגט דער חזן דיא ברכת כהנים פאר שים שלום · אבער צוא מנחה זאגט מען דאש קיין מאל ניט · נאר אין איין תענית צבור וייל מען זאגט דעמאלט צוא מנחה אויך שים שלום : ביא איין אבל זאגט מען עס ניט אפילו אין דער פריא · און תשעה באב אין דער פריא זאגט מען אויך ניט ברכת כהנים · ווען דער חזן זאגט וישמרך זאגט דער עולם ניט אמן נאר כן יהי רצון · און אזו אויך נאך ויחנך · און נאך שלום זאגט מען אויך כן יהי רצון :

ט אין איין תענית זאגט דער חזן אין דער הויכע שמונה עשרה עננו פאר רפאנו · אז ער האט אבער פאר געסין און ניט גיזאגט · און האט זיך דער מאנט אין מיטין רפאנו אדער ביא ברוך אתה · זאגט ער איצונד עננו און נאך איין מאל רפאנו · ווען ער האט אבער שוין גיזאגט דעם שם · לאזט ער אויס רופא חולי עמו ישראל און ערשט צום סוף שמע קולנו זאגט ער עננו און לאזט אויס דיא ברכה שומע תפלה · ווען ער דער מאנט זיך אבער ערשט נאך שומע תפלה אז ער האט ניט גיזאגט עננו · זאגט ער אים צום לעצט נאך עמו ישראל בשלום

און

אונ לאזט אויס דיא בְּרָכָה הָעוֹנֶה בְּעֵת צָרָה · אַז עֶר הָאט זִיךְ טוֹעֶה גִיוֶועזִין אונ הָאט גִיזָאגְט עֲנֵנוּ פַאר רְאֵה נָא בְעָנְיֵנוּ · מוז עֶר אִים נָאךְ אֵיין מָאל זָאגִין נָאךְ רְאֵה נָא בְעָנְיֵנוּ :

י אַז דֶער חַזָן אִיז פַאר שְׁלַאפְט גִיוָוארִין אִין מִיטִין דֶער הוֹיכֶע שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה אונ עֶר הָאלְט נָאךְ אִין מִיטִין דִי דְרַייא עֶרְשְׁטֶע בְּרָכוֹת · דָאשׁ הֵייסְט פַאר הָאֵל הַקָדוֹשׁ · מוז אַיין אַנְדֶערֶער זִיךְ שְׁטֶעלִין פַאר דֶעם עָמוּד אונ ווידֶער אָן הֵייבִין דִיא שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה פוּן פָארִינְט · הָאט עֶר אָבֶער שׁוֹין גִיהַאלְטִין צְווִישִׁין אַתָּה חוֹנֵן אונ רְצֵה · הֵייבְּט דֶער אַנְדֶערֶער אָן בַּייא דֶער בְּרָכָה וָואשׁ דֶער עֶרְשְׁטֶער חַזָן אִיז אִין מִיטִין פַאר שְׁלַאפְט גִיוָוארִין · הָאט עֶר אָבֶר שׁוֹין גִיהַאלְטִין נָאךְ רְצֵה · זָאל דֶר אַנְדֶערֶער אָן הֵייבִין רְצֵה אונ דַאווִינְט בִּיז צוּם לֶעצְט :

יא וֶוען דֶער חַזָן אִיז אַיין כֹּהֵן אונ עֶשׁ הָאט זִיךְ גִיטְרָאפִין אַיין מֵת אִין אַיין הויז וָואשׁ עֶס רִירְט אָן דִיא שׁוּל · אָדֶער אֲפִילוּ אִין עֶטְלִיכֶע הַייזֶער ווייטֶער וָואשׁ זַייא זַיינֶען אַלֶע נָאךְ מְטַמֵא נָאךְ דֶעם דִין וָואשׁ מִיר וֶועלִין שְׁרַייבִּין אִין דִינִים פוּן אֲבֵלוּת זָאל מֶען תֵּיכֶּף צוּא מַאכִין דִיא פֶענְסְטֶער אונ דִיא טִירִין פוּן דֶער שׁוּל אָדֶער פוּן דֶעם הויז וָואשׁ דֶער מֵת אִיז דְרִינֶען · אונ עֶרְשְׁט וֶוען דֶער חַזָן עֶנְדִיגְט דִיא שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה הֵייסְט מֶען אִים אַרוֹישׁ גֵיין · וֶוען עֶס אִיז אָבֶער נִיט מִיגְלִיךְ דִיא טִירִין מִיט דִיא פֶענְסְטֶער צוּא צוּא מַאכִין · מוז דֶער חַזָן אַרוֹיס גֵיין אֲפִילוּ אִין מִיטִין דֶער שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה :

יב וֶוען דֶער חַזָן הָאט זִיךְ טוֹעֶה גִיוֶועזִין אִין דֶער שְׁטִילֶע שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה מִיט טַל וּמָטָר · אָדֶער יַעֲלֶה וְיָבֹא אָדֶער אַנְדֶערֶע זַאכִין אונ הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט אַזוֹ שְׁפֶּעט דֶער מָאנְט · אַזוֹ וִויא מִיר הָאבִּין אוֹיבִּין גִישְׁרִיבִּין דֶעם דִין אַז מֶען מוז ווידֶער אָן הֵייבִּין דִיא שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה פוּן פָארִינְט · דַארְף עֶר נִיט נָאךְ אַיין מָאל דַאוֶונֶען דִיא שְׁטִילֶע שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה · כְּדֵי דֶער עוֹלָם זָאל נִיט מוּזִין צוּא לַאנְג וַוארְטִין · נָאר עֶר אִיז יוֹצֵא מִיט דֶער הוֹיכֶע שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה · עֶר מוז אָבֶער אִין זִינֶען הָאבִּין אַז עֶר דַאווִינְט דִיא הוֹיכֶע שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה יוֹצֵא צוּא זַיין · הָאט עֶר אָבֶער פַאר גֶעסִין צוּא זָאגִין מַשִׁיב הָרוּחַ אונ דֶער מָאנְט זִיךְ עֶרְשְׁט נָאךְ מְחַיֵה הַמֵתִים אונ עֶר הַאלְט נָאךְ נִיט ווייט אִין דֶער שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה · מְמֵילָא גִיוֶועט דָאךְ דָא נִיט פִיל דוֹיעֶרִין וֶוען עֶר וֶועט נָאךְ אַמָאל אָן הֵייבִּין פוּן פָארִינְט דַאוִוינְט עֶר ווידֶר נָאךְ אַיין מַאל דִי שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה פוּן אָן הֵייבּ אָן :

## יד דִינִים וֶוען מֶען אִיז זִיךְ טוֹעֶה אִין דֶער שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה

א אַז מֶען הָאט זִיךְ שַׁבָּת טוֹעֶה גִיוֶועזִין אונ אָן גִיהוֹיבִּין אַתָּה חוֹנֵן אָדֶער אַיין אַנְדֶערֶע בְּרָכָה פוּן דֶער וָואכֶעדִיגֶע שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה · מוז עֶר אוֹיס פִירִין דִי בְּרָכָה אונ הֵייבְּט ווידֶער אָן פוּן שַׁבָּת · דָאשׁ אִיז אָבֶער נָאר אִין מַעֲרִיב · שַׁחֲרִית אָדֶער מִנְחָה · אָבֶער אִין מוּסָף וֶוען עֶר הֵייבְּט אָן אַיין וָואכֶעדִיגֶע בְּרָכָה · הֶערְט עֶר אוֹיף אִין מִיטִין אונ דַאווִינְט דִיא תְּפִלָּה פוּן שַׁבָּת :

ווען

ב ווען ער האט שבת גיזאגט איין אנדערע תפלה · למשל ער זאגט אין מעריב ישמח משה · אדער אין דער פריא אתה קדשת אדער צו מנחה ישמח משה איז דער דין אזו · דער מאנט ער זיך אין מיטין דער תפלה · הערט ער אויף אונ זאגט דיא רעכטע תפלה וואש עש קומט צוא זאגין אין יענער צייט · האט ער אבר שוין אויש גילאזט מקדש השבת · דארף ער ניט מער צוא זאגין דיא רעכטע תפלה אונ איז יוצא מיט דעם וואס ער האט גיזאגט · אבער ווען ער איז זיך טועה אין מוסף אונ זאגט איין אנדערע תפלה אפילו ווען ער האט שוין אוים גילאזט די ברכה · מוז ער נאך אמאל דאווענען דיא תפלה פון מוסף :

ג אז ער האט זיך טועה גיוועזין אונ האט גידאווינט די שמונה עשרה פון מוסף אן שטאט אנאנדער תפלה מוז ער נאך אמאל דאווענען די תפלה :

ד אז מען איז זיך טועה אום שבת אדער אום יום טוב אונ מען דאווינט דיא וואכענדיגע שמונה עשרה · אונ מען דער מאנט זיך ערשט ווען מען איז שוין אוים גיגאנגען · דאווינט מען ווידער דיא שמונה עשרה פון שבת אדער יום טוב · דער מאנט מען זיך אבער נאך פריער איידער מען איז אוים גיגאנגן · הייבט מען אן פון נאך האל הקדוש דיא תפלה פון שבת אדער פון יום טוב :

ה האט מען ערב ראש חודש קיין מנחה ניט גידאווינט · מוז מען צוא מעריב דאווענען צוויא מאל שמונה עשרה אונ זאגט אין ביידע יעלה ויבא · די ערשטע שמונה עשרה איז פאר מעריב · אונ דיא אנדערע איז פאר מנחה · אזו וויא מיר האבן שוין אויבין איין מאל גישריבין :

# מו דיני תחנון ובו י׳ סעיפים

## דינים פון תחנון

א צווישין דער שמונה עשרה אונ תחנון טאר מען ניט ריידין :

ב אין דער פריא וויל מען גייט אין תפילין פאלט מען תחנון אויף דער רעכטער האנד · ווארום עם איז ניט קיין כבוד צוא פאלין אויף דיא הייליגע תפילין · אבער צוא מנחה ווען מען האט קיין תפילין אויף דער האנד · פאלט מען אויף דער לינקע האנד :

ג אז דיא מנחה ציהט זיך ביז אין דער נאכט אריין פאלט מען ניט קיין תחנון :

ד תחנון מוז מען זאגין זיצענדיג · אבער פאר נויט אז מען האט ניט וואו צוא זיצין · זאגט מען שטייענדיג · נאך תחנון זאגט מען דיא דרייא ווערטר ואנחנו לא נדע זיצענדיג אונ פון מה נעשה אונ ווייטער זאגט מען שטייענדיג :

ה מען פאלט ניט תחנון נאר דארטין וואו עם איז דא איין ספר תורה · אבער וואו עם איז ניט דא איין ספר תורה האטשע עם זיינען דא אנדערע הייליגע ספרים · זאגט מען נאר תחנון אבער מען פאלט ניט · דער פאלוש ווערט שוין גירעכינט צוא דער שול · אונ מען פאלט אין אים תחנון וויל אין דער שול איז דא איין ספר תורה :

ו מָאנְטִיג אוּנ דָאנֶערְשְׁטִיג זַיינֶען יְמֵי רָצוֹן · דָאס הֵייסְט אַז דִיא תְּפִלָּה וָואס מֶען טוּט אִין זֵייא · וֶוערְט בַּייא הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ אָן גִינוּמֶען · וָוארוּם משֶׁה רַבֵּינוּ אִיז אַרוֹיף גִיגַאנְגֶען אִין הִימִיל אַרַיין וֶועגִין דִיא אַנְדֶערֶע לוּחוֹת אוּם דָאנֶערְשְׁטִיג אוּנ אִיז מִיט זֵייא אַרָאפּ גִיקוּמֶען אוּם מָאנְטִיג׳ דָאס אִיז פוּן דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטִין גִיוֶועזִין אַיין גְרוֹיס חֶסֶד אוּנ עֶר הָאט דֶעמָאלְט דִיא יִשְׂרָאֵל מוֹחֵל גִיוֶועזִין דִי זִינְד פוּן דֶעם עֵגֶל · אִיבֶּער דֶעם הָאט מֶען מְתַקֵּן גִיוֶועזִין צוּא זָאגִין יֶעדֶער מָאנְטִיג אוּנ דָאנֶערְשְׁטִיג לַאנְג וְהוּא רַחוּם · וָואס עֶר אִיז לוֹיטֶער טַייעֶרֶע אוּנ הֵיילִיגֶע תְּפִלּוֹת · מֶען מוּז דֶעם וְהוּא רַחוּם זָאגִין שְׁטֵייעֶנְדִיג מִיט גְרוֹיס כַּוָּונָה אוּנ נִיט גִישְׁווִינְט · דֶעמָאלְט וֶוען מֶען זָאגְט נִיט תַּחֲנוּן זָאגט מֶען אוֹיךְ נִיט וְהוּא רַחוּם · מֶען זָאגְט נִיט וְהוּא רַחוּם אוּנ מֶען פַאלְט נִיט קֵיין תַּחֲנוּן בַּייא אַיין אָבֵל אִין דֶער גַאנְצֶע שִׁבְעָה אֲפִילוּ נִיט צוּ דֶער מִנְחָה פוּן דֶעם זִיבֶּעטִין טָאג וָואס עֶר אִיז שׁוֹין אוֹיף גִישְׁטַאנֶען פוּן שִׁבְעָה · אוֹיךְ וֶוען מֶען דַאוֶוינְט דָארְטִין וואוּ אֵיינֶער אִיז גִישְׁטָארְבִּין חָאטְשֶׁע עֶס אִיז קֵיין אָבֵל נִיט דָא · זָאגְט מֶען אוֹיךְ נִיט וְהוּא רַחוּם אוּנ נִיט תַּחֲנוּן · אוֹיךְ זָאגְט מֶען נִיט וְהוּא רַחוּם אוּנ תַּחֲנוּן דָארְטִין וואוּ עֶס אִיז אַיין מִילָה · אוֹיךְ נִיט דָארְטִין וואוּ עֶשׂ אִיז דָא אַיין חָתָן · פוּן נָאךְ דֶער חוּפָּה בִּיז אַלֶע שִׁבְעַת יְמֵי הַמִּשְׁתֶּה · אָבֶּער אַז אַיין אַלְמָן נֶעמְט אַיין אַלְמָנָה · זַיינֶען נָאר דִיא עֶרְשְׁטֶע דְרַייא טֶעג פְרַייא פוּן וְהוּא רַחוּם אוּנ תַּחֲנוּן · אָבֶּער אִין פֶערְטִין טָאג הֵייסְט עֶר שׁוֹין נִיט מֶער קֵיין חָתָן אוּנ מֶען זָאגְט שׁוֹין וְהוּא רַחוּם אוּנ מֶען פַאלְט תַּחֲנוּן · אִין דֶער חוּפָּה טָאג בַּייא אַיין בָּחוּר אָדֶער בַּייא אַיין אַלְמָן זָאגְט מֶען אִין דֶער פְרִיא וְהוּא רַחוּם אוּנ תַּחֲנוּן · נָאר עֶרְשְׁט צוּא מִנְחָה וָואשׂ עֶשׂ אִיז שׁוֹין נָאהֶענְט צוּא דֶער חוּפָּה · פַאלְט מֶען קֵיין תַּחֲנוּן נִיט :

ח דִיא טֶעג וָואשׂ מֶען זָאגְט אִין זֵייא נִיט קֵיין לַאנְג וְהוּא רַחוּם אוּנ קֵיין תַּחֲנוּן זַיינֶען רֹאשׁ חוֹדֶשׁ · חֲנוּכָּה · חֲמִשָּׁה עָשָׂר בְּאָב · חֲמִשָּׁה עָשָׂר בִּשְׁבָט · ל״ג בָּעוֹמֶר · תִּשְׁעָה בְּאָב · גַאנְץ חוֹדֶשׁ נִיסָן · פוּן רֹאשׁ חוֹדֶשׁ סִיוָן בִּיז נָאךְ אִסְרוּ חַג פוּן שָׁבוּעוֹת · אוּנ דִיא פִיר טֶעג צְווִישִׁין יוֹם כִּפּוּר אוּנ סוּכּוֹת · אִסְרוּ חַג פוּן סוּכּוֹת · בֵּיידֶע טֶעג פּוּרִים אוּנ בֵּיידֶע טֶעג קְלֵיין פּוּרִים · אִין דִיא אַלֶע טֶעג וָואס מִיר הָאבִּין דָא אוֹישׂ גִירֶעכִינְט פַאלְט מֶען נִיט קֵיין תַּחֲנוּן אוֹיךְ אִין דֶער מִנְחָה וָואשׂ אִיז פַאר זֵייא · לְמָשָׁל עֶרֶב רֹאשׁ חוֹדֶשׁ · אָדֶער עֶרֶב חֲנוּכָּה פַאלְט מֶען שׁוֹין אִין מִנְחָה נִיט קֵיין תַּחֲנוּן · אוּנ אַזוֹי אִיז בַּייא אַלֶע אִיבֶּערִיגֶע טֶעג · עֶרֶב רֹאשׁ הַשָּׁנָה אוּנ עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר פַאלְט מֶען אוֹיךְ נִיט קֵיין תַּחֲנוּן · אָבֶּער אִין דֶער מִנְחָה פַאר זֵייא פַאלְט מֶען יוֹא תַּחֲנוּן · אוֹיךְ אִין דִיא סְלִיחוֹת פוּן עֶרֶב רֹאשׁ הַשָּׁנָה אִין דֶער פְרִיא פַאלְט מֶען תַּחֲנוּן :

ט נָאךְ תַּחֲנוּן זָאגְט דֶער חַזָּן חֲצִי קַדִּישׁ · אוּנ מָאנְטִיג אוּנ דָאנֶערְשְׁטִיג זָאגְט מֶען יאֵל אֶרֶךְ אַפַּיִם :

אֵל אֶרֶךְ אַפַּיִם הָאט דֶעם אֵייגֶענֶעם דִין פוּן לַמְנַצֵּחַ · אוּנ דֶעמָאלְט וֶוען מֶען זָאגְט נִיט לַמְנַצֵּחַ · זָאגְט מֶען אוֹיךְ נִיט אֵל אֶרֶךְ אַפַּיִם · אוּנ כְּדֵי מֶען זָאל נִיט דַארְפִין ווייטֶער צוּא זוּכִין · שְׁרַייבִּין מִיר דָא דִיא טֶעג וָואשׂ מֶען זָאגְט אִין זֵייא נִיט אֵל אֶרֶךְ

אַפַּיִם · דִיא טֶעג זַיינֶען · רֹאשׁ חוֹדֶשׁ · חֲנוּכָּה · בֵּיידֶע טֶעג פּוּרִים אוּנ בֵּיידֶע טֶעג קְלַיין פּוּרִים · עֶרֶב פֶּסַח · עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר אוּנ תִּשְׁעָה בְּאָב · אוֹיךְ זָאגְט מֶען אִים נִיט בַּייא אַיין אָבֵל אִין דֶער שִׁבְעָה :

## טז הלכות קריאת התורה ובו ג׳ סעיפים

## דִינִים פוּן לֵייעֶנֶען אִין דֶער תּוֹרָה

א וָוען מֶען נֶעמְט אוֹיס דָאס סֵפֶר הַאלְט מֶען עֶס אִין דֶער רֶעכְטֶע הַאנְד אוּנ טְרָאגְט עֶס אוֹיף צָפוֹן זַייט צוּם טִישׁ וָואשׁ מֶען לֵייעֶנְט אוֹיף אִים · וָוען מֶען טְרָאגְט עֶס צוּרִיק צוּא אַיין זֶעצִין אִין אָרוֹן קוֹדֶשׁ אַרַיין טְרָאגְט מֶען עֶס אוֹיף דָרוֹם זַייט :

ב וֶוער עֶס גֵייט עוֹלֶה לְהַתּוֹרָה זַיין · מוּז גֵיין אִין אַיין טַלִית מִיט כָּשֵׁרֶע צִיצִית · מֶען גֵייט צוּם סֵפֶר אִין דֶער רֶעכְטֶער זַייט אוּנ גֵייט צוּא רִיק אִין דֶער לִינְקֶער זַייט · אוּנ מֶען גֵייט נִיט צוּרִיק תֵּיכֶּף נָאךְ דֶער עֲלִיָּה · נָאר מֶען מוּז וַוארְטִין בִּיז מֶען לֵייעֶנְט אָפּ אִין גַאנְצִין פַאר דֶעם אַנְדֶערִין וָואשׁ אִיז עוֹלֶה נָאךְ אִים אוּנ יֶענֶער זָאגְט דִיא לֶעצְטֶע בְּרָכָה · אוּנ בִּיז דֶר דְרִיטֶר קוּמְט וִוידֶער · גֵייט מֶען דֶר וַוייל צוּרִיק אוֹיף זַיין אָרְט :

ג מֶען טָאר נִיט אָן רִירִין דִיא סֵפֶר תּוֹרָה מִיט דִיא נַאקֶעטֶע הֶענְט · נָאר מִיט דֶעם טַלִית · עֶס אִיז אֲפִילוּ רֶעכְט אַז דִיא עֵץ חַיִּים זָאל מֶען אוֹיךְ נִיט אָן רִירִין נָאר דוּרְךְ דֶעם טַלִית :

ד דֶעם וָואס מֶען הָאט אוֹיף גִירוּפִין מוּז שְׁטֵיין מִיט גְרוֹישׁ פָּארְכְט · וָוארוּם מֶען לֵייעֶנְט דָאךְ פַאר אִים גָאטְס הֵיילִיגֶע וֶוערְטֶער · אָבֶּער וָוען עֶר אִיז אַיין שְׁלַאפֶר מֶענְטְשׁ מֶעג עֶר זִיךְ אוֹיף עֶפֶּעס אָן לֶעהֶנֶען :

ה דֶער אוֹיף גִירוּפֶענֶר מוּז זֶעהֶן אִין סֵפֶר אוֹיף וֶועלְכִין אָרְט מֶען וֶועט פַאר אִים אָן הֵייבִּין צוּא לֵייעֶנֶען · עֶר רִירְט אָן דָאס סֵפֶר מִיט דֶעם טַלִית אוּנ קוּשְׁט אִים אוּנ מַאכְט צוּא דִיא אוֹיגִין אוּנ זָאגְט בָּרְכוּ אֶת יְיָ הַמְבוֹרָךְ גַאנְץ הוֹיךְ אַז יֶעדֶער זָאל הֶערִין · אוּנ דֶער עוֹלָם עֶנְטְפֶערְט בָּרוּךְ יְיָ הַמְבוֹרָךְ לְעוֹלָם וָעֶד · נָאכְדֶעם זָאגְט דֶר וָואס אִיז עוֹלֶה אוֹיךְ בָּרוּךְ יְיָ הַמְבוֹרָךְ לְעוֹלָם וָעֶד · אוֹיךְ דִיא בְּרָכָה אֲשֶׁר בָּחַר בָּנוּ · אוּנ דֶער עוֹלָם זָאגְט אָמֵן · אוּנ דֶער קוֹרֵא טָאר נִיט אָן הֵייבִּין צוּ לֵייעֶנֶען בִּיז דֶער עוֹלָם הָאט גִיזָאגְט אָמֵן · אוּנ אַז דֶער קוֹרֵא לָאזְט אוֹיס דִיא פָּרָשָׁה · נֶעמְט אָן דֶער וָואשׁ אִיז עוֹלֶה דִיא עֵץ חַיִּים מִיט בֵּיידֶע הֶענְט אוּנ מַאכְט צוּא דִיא סֵפֶר תּוֹרָה אוּנ זָאגְט דִיא בְּרָכָה אֲשֶׁר נָתַן לָנוּ תּוֹרַת אֱמֶת :

ו דֶער אוֹיף גִירוּפֶענֶער מוּז שְׁטִילֶערְהֵייט נָאךְ זָאגִין מִיט דֶעם קוֹרֵא וָוארְט פַר וָוארְט וָואשׁ עֶר לֵייעֶנְט · וָוען דֶר אוֹיפְגִירוּפֶענֶער זָאגְט בָּרְכוּ בִּיז לְעוֹלָם וָעֶד מוּז יֶעדֶר שְׁטֵיין אָבֶּער נָאךְ לְעוֹלָם וָעֶד בִּיז אִיבֶּער דֶעם לֵייעֶנֶען אוּנ דִיא הִינְטֶערְשְׁטֶע בְּרָכָה אֲשֶׁר נָתַן לָנוּ דַארְף מֶען נִישְׁט שְׁטֵיין · אָבֶּער פְרוּמֶע מֶענֶער שְׁטֵייעֶן יוֹא :

ז וָוען דֶער קוֹרֵא אַלֵיין אִיז עוֹלֶה לְהַתּוֹרָה מוּז נָאךְ אֵיינֶער לֶעבִּין אִים שְׁטֵיין אוֹיף דֶר רֶעכְטֶע זַייט · אַזוֹ וִויא מֹשֶׁה רַבֵּינוּ אִיז גִישְׁטַאנֶען בַּייא דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטִין וֶוען עֶר הָאט אוּנְז גִיגֶעבִּין דִיא הֵיילִיגֶע תּוֹרָה :

ח וויא מען האט אן גיהויבין צו לייענן ביז גאר צום לעצט נאך דער הפטורה טאר מען ניט ריידין · אפילו תורה ווערטער טאר מען אויך ניט ריידין · אויך טאר מען ניט ארויס גיין אין מיטין לייענן · נאר צווישין איין עליה אונ דער אנדערע ווען דאס ספר איז צוא גידעקט מעג מען ארויס גיין זוועז מען דארף גאנץ נייטיג :

ט ווען דער אויף גירופענער האט זיך טועה גיוועזין אין דער ערשטע ברכה אונ האט גיזאגט דיא אנדערע ברכה אשר נתן לנו · אונ ער דער מאנט זיך נאך אין מיטין דער ברכה · זאגט ער איצונד דיא ערשטע ברכה · ער זאגט אבער ניט ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם · נאר ער הייבט אן פון אשר בחר בנו · דר מאנט ער זיך אבער ערשט ווען ער האט שוין גיענדיגט דיא גאנצע ברכה · מוז ער ווידער זאגין דיא גאנצע ערשטע ברכה פון פארינט אן · דאש הייסט ער הייבט אן פון ברוך :

י ווען ער איז זיך טועה אין דער הינטערשטע ברכה אונ זאגט דיא ערשטע אשר בחר בנו אונ דער מאנט זיך נאך אין מיטין · זאגט ער ווידער די אנדרע ברכה · אבער ער הייבט אן פון אשר נתן לנו אונ זאגט ניט ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם· האט ער אבער שוין אין גאנצין אויס גילאזין דיא ברכה · איז שוין פאר פאלין אונ ער מאכט ניט מער דיא אנדרע ברכה :

יא ווען ער האט פאר געסין צוא מאכין דיא הינטערשטע ברכה אונ דאש ספר ליגט נאך אויף דעם טיש · מוז ער זיא זאגין תיכף וויא ער דער מאנט זיך · האט מען אבער דאס ספר שוין אראפ גינומען פון דעם שלחן מאכט ער שוין ניט מער די ברכה :

יב ווען דער אויף גירופענער איז אין מיטין דער עליה אזוא שטארק פאר שלאפט גיווארין אז ער קאן ניט מאכין דיא הינטערשטע ברכה · רופט מען אויף איין אנדערין אונ מען לייענט פאר אים דיא גאנצע פרשה וואש מען האט אן גהויבין צוא לייענען פאר דעם פאר שלאפטין · אונ דר אנדרער מאכט פון פארינט אונ צום לעצט דיא ברכות אזו וויא יעדערער אנדערער וואס איז עולה :

יג ווען מען האט דעם אויף גירופענעם גיוויזין אין ספר פון וואנען מען וועט אן הייבן פאר אים צוא לייענען אונ וויא ער האט שוין גימאכט דיא ברכה דער מאנט מען זיך אז מען האט אים פאלש גיוויזין · ווארום מען מוז גאר אן הייבין צוא לייענען אויף איין אנדער ארט · איז דער דין אזו · איז דאס אנדערע ארט אויך אויף דעם אייגנעם עמוד · אדער אפילו און איין אנדערין עמוד ווייטער · נאר יענער עמוד איז אויך אפין גילעגין פאר דעם אויף גירופענעם · דארף ער ניט נאך איין מאל צו מאכין דיא ברכה · איז אבער יענער עמוד ניט אפין גילעגין פאר אים אדער ער איז פאר אים יע אפין גילעגין נאר ער איז פריער פאר דעם עמוד וואש מען האט אים גיוויזין · מוז ער נאך איין מאל זאגין דיא גאנצע ברכה אשר בחר בנו· נאר ברכו זאגט ער ניט אונ איידער ער הייבט אן דיא ברכה זאגט ער ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד · פאר דער ברכה וואש ער האט פריער גיזאגט אום זיסט

הָאט אָבֶּער דֶער קוֹרֵא שׁוֹין אָן גִיהוֹיבִּין צוּא לֵייעֶנֶען אוּנ דֶער מָאנְט זִיךְ אַז עֶר הָאט פַריעֶר דֶעם אוֹיף גִירוּפֶענֶעם פַאלְשׁ גֶעוֶויזִין · מוּז עֶר אוֹיף הֶערִין · אוּנ דֶר אוֹיף גִירוּפֶענֶער מַאכְט וִוידֶער נָאךְ אַמָאל דִיא גַאנְצֶע עֶרְשְׁטֶע בְּרָכָה פוּן בָּרְכוּ אָן בִּיז צוּם לֶעצְט :

**יד** דָאשׁ אַלמעמֶער וָואס דרוֹיף שְׁטֵייט דֶער שׁוּלְחָן וָואשׁ מֶען לֵייעֶנְט אוֹיף אִים מוּז זַיין אִין מִיטִין שׁוּל אוּנ זֶעקְס טְרֶעפִּין הוֹיךְ :

**טו** דֶער קוֹרֵא מוּז זַיין אַיין דֶער וַואקְסִינֶער מֶענְטְשׁ מִיט אַיין בָּארד · אָבֶּער אַז עֶס קָאן קֵיינֶער נִיט לֵייעֶנֶען נָאר אַיין קְלֵיינֶער וָואשׁ אִיז אַלְט דְרַייצֶעהֶן יָאר מֶעג עֶר לֵייעֶנֶען :

**טז** דֶער קוֹרֵא שְׁטֵייט אִין דֶר לִינְקֶער זַייט אוּנ דֶער אוֹיף גִירוּפֶענֶער שְׁטֵייט אִין דֶר רֶעכְטֶער זַייט · אִין אַנְדֶערֶע עֶרְטֶער אִיז דֶער מִנְהָג אַז דֶער קוֹרֵא שְׁטֵייט אִין מִיטִין · אוֹיף דֶער רֶעכְטֶער זַייט שְׁטֵייט דֶער אוֹיף גִירוּפֶענֶער אוּנ אוֹיף דֶער לִינְקֶר זַייט שְׁטֵייט דֶער גַבַּאי :

**יז** דֶער קוֹרֵא מוּז יֶעדֶער ווארְט צֵיילִין וְוִיא פֶּערִיל אוּנ לֵייעֶנֶען מִיט דֶעם טְרָאפּ אוּנ הוֹיךְ אַז דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם זָאל הֶערִין · אוּנ עֶר מוּז זִיךְ פְּרִיעֶר דְרַייא מָאל אִיבֶּר זֶעהֶען פַאר זִיךְ אַלֵיין דָאשׁ וָואשׁ עֶר וֶועט לֵייעֶנֶען :

**יח** אַז עֶשׁ אִיז נִיטָא אֵיינֶער וָואשׁ הָאט אִיבֶּער גִיזֶעהֶען דִיא פָּרָשָׁה מִיט דֶעם טְרָאפּ · לֵייעֶנְט אִים אַיין אַנְדֶערֶער פָאר אוֹיס אִין חוּמָשׁ · אָבֶּער נִיט הוֹיךְ · אוּנ עֶר לֵייעֶנְט אוֹיס דֶעם סֵפֶר הוֹיךְ · דֶער פָאר לֵייעֶנֶער מֶעג זַיין אַיין יוּנְגֶער וָואשׁ אִיז נָאךְ נִיט בַּר מִצְוָה וֶוען עֶס אִיז נִיטָא קַיין אַנְדֶערֶער :

**יט** דֶער קוֹרֵא טָאר נִיט לֵייעֶנֶען קַיין אֵיינְצִיג וָוארְט אוֹיס וֶויינִיג · אוּנ אֲפִילוּ בַּייא אַיין קְרִי וּכְתִיב · וָואס עֶס שְׁטֵייט אַנְדֶערְשׁ גִישְׁרִיבִּין אוּנ מֶען לֵייעֶנְט אַנְדֶערְשׁ לְמָשָׁל אִין פָּרָשַׁת נֹחַ שְׁטֵייט הוֹצֵא אוּנ מֶען לֵייעֶנְט הַיְצֵא · מוּז דֶער קוֹרֵא אַרַיין קוּקִין אִין דֶעם וָוארְט וָואס עֶס שְׁטֵייט גִישְׁרִיבִּין אִין סֵפֶר · וֶוען אוֹיךְ עֶר לֵייעֶנְט אוֹיס וֶויינִיג וְוִיא דָאס ווארְט דַארְף גִילֵייעֶנְט צוּא וֶוערִין · דָאשׁ וָוארְט וָואשׁ עֶס שְׁטֵייט גִישְׁרִיבִּין הֵייסְט כְּתִיב · אוּנ דָאשׁ וָוארְט וָואס עֶר לֵייעֶנְט אוֹיס וֶויינִיג הֵייסְט קְרִי :

**כ** אַיין אָבֵל אִין מִיטִין דֶער שִׁבְעָה טָאר נִיט לֵייעֶנֶען · אוּנ אֲפִילוּ אוּם זִיבֶּעטִין טָאג וואס עֶר שְׁטֵייט שׁוֹין אוֹיף פוּן דֶער שִׁבְעָה · טָאר עֶר אוֹיךְ אִין דֶער פְרִיא נִיט לֵייעֶנֶען · אוֹיךְ אִין דֶעם שַׁבָּת וָואס אִיז אִין מִיטִין דֶער שִׁבְעָה טָאר עֶר נִיט לֵייעֶנֶן · אוּנ אַז עֶר אִיז גִיוָוארִין אַיין אָבֵל אִין מִיטִין יוֹם טוֹב אָדֶער חוֹל הַמוֹעֵד אוּנ דִיא שִׁבְעָה וֶועט זִיךְ עֶרְשְׁט אָן הֵייבִּין נָאךְ יוֹם טוֹב · מֶעג עֶר לֵייעֶנֶען וֶוען עֶס אִיז נִיטָא קַיין אַנְדֶערֶער קוֹרֵא · אָבֶּער דֶעמָאלְט וֶוען עֶר אִיז נָאךְ אַיין אוֹנֵן · דָאס הֵייסְט וֶוען מֶען הָאט דֶעם מֵת נָאךְ נִיט בַּהַאלְטִין · טָאר עֶר אֲפִילוּ אוּם יוֹם טוֹב אָדֶער חוֹל הַמוֹעֵד אוֹיךְ נִיט לֵייעֶנֶען · הָאט מֶען אִים אָבֶּער אִין מִיטִין לֵייעֶנֶען צוּא וִויסִין גִיטָאן אַז עֶס אִיז אֵיינֶער גִישְׁטָארְבִּין וָואס עֶר אִיז דוּרְךְ דֶעם גִיוָוארִין

איין אונ׳ מעג ער ווייטער לייענען ווען עס איז ניט דא קיין אנדערער :

**כא** מען טאר ניט לייענען אין דער ספר תורה נאר ווען עס זיינען אין שול דא צעהען דער וואקסיגע מענטשין דאס הייסט וואס יעדער איז שוין אלט איבער דרייצעהען יאר ׳ ווען עס זיינען אין מיטין לייענען עטליכע ארויס גיגאנגען אונ עס זיינען נאך גיבליבין וויינינגסטינס זעקס ׳ לייענט מען ווייטער ביז צוא לעצט ׳ אונ נאך שביעי זאגט מען חצי קדיש ׳ אונ מען רופט ניט מער אויף מפטיר ׳ נאר דר וואס איז גיוועזין שביעי זאגט דיא הפטורה אן דיא ברכות פון מפטיר :

**כב** ווען מען האט איינעם אויף גירופין אונ ער וויל ניט גיין ווייל די עליה איז אים ניט לכבוד אדער ווייל מען מאכט דעמאלט נדבות אונ ער וויל קיין נדבה ניט געבין ׳ זאל אויף אים דר גאנצר עולם שטארק אן שרייען ווארום דאש איז איין גרויסע עבירה אונ מען איז מיט דעם מבזה דיא היילינע תורה :

**כג** דעם כהן רופט מען אויף צוא דיא ערשטע עליה ׳ אונ די אנדערע עליה נאך אים קומט דעם לוי ׳ איז אבער ניטא קיין לוי ׳ איז דער געמליכער כהן ווידער אמאל עולה ׳ אונ מען רופט אים אויף במקום לוי ׳ ווארום מען טאר ניט אויף רופין איין כהן נאך דעם אנדערין ׳ אויך טאר מען דעם כהן ניט אויף רופין צוא דיא איבעריגע עליות וואס זיינען נאך די ערשטע צוויי ׳ אבער מפטיר מעג מען אים יוא א יף רופין ׳ אונ דעמאלט ווען מען רופט אויף מער וויא זיבין דאש הייסט מען מאכט איין הוספה נאך ששי ׳ מעג מען דעם כהן אויף רופין אחרון :

**כד** איז קיין כהן ניטא ׳ רופט מען אויף איין לוי אדער איין ישראל צו דר ערשטע עליה ׳ אונ אז מען האט אויף גירופין איין ישראל אדער איין לוי פאר איין כהן ׳ רופט מען ניט מער אויף צוא דער אנדערע עליה איין לוי :

**כה** אין איין ארט וואו עס איז גאר קיין ישראל ניטא ׳ נאר לויטער כהנים אדער לויטער לוים׳ רופט מען אויף דיא כהנים אדער דיא לוים איינער נאך דעם אנדערין ׳ איז אבער דא איין איינציגער לוי ׳ רופט מען אים אויף צום ערשטין ׳ איז דא איין איינציגער ישראל ׳ רופט מען אים אויף צום ערשטין ׳ אונ דר נאך דיא כהנים אדער דיא לוים :

**כו** אז עס זיינען דא צוויא לוים אונ צוויא ישראלים אונ דיא איבעריגע זיינען לויטער כהנים ׳ רופט מען פריער אויף איין כהן ׳ אונ דער נאך רופט מען ווידר אויף איין כהן אונ איין לוי אונ איין ישראל ׳ אונ צוא שביעי אונ צו מפטיר רופט מען ווידער אויף צוויא כהנים :

**כז** אז עס איז ניטא קיין איינציגער ישראל נאר לויטער כהנים אונ לוים ׳ אונ פון יעדען וויינינגסטינס דא זיבין ׳ רופט מען צום ערשטין אויף איין כהן אונ צו דיא איבעריגע עליות רופט מען אויף לויטער לוים ׳ אונ אז עס זיינען ניט מער דא נאר לויטער כהנים אונ ישראלים ׳ רופט מען אויף איין כהן צוא די ערשטע עליה ׳ אונ במקום לוי צוא דער אנדערע עליה ׳ אונ צוא דיא איבעריגע עליות זיינען לויטער ישראלים ׳ אונ אז עס זיינען נאר דא לויטער לוים אונ ישראלים :

רופט מען אויף צום ערשטין איין לוי · אונ צו די איבעריגע עליות לויטר ישראלים :

כח ווען מען האט אויף גירופין איין כהן במקום לוי · דער נאך האט מען דער זעהען אז עס איז דא איין לוי · אז דער כהן האט נאך ניט גימאכט דיא ברכה · גייט ער אוועק אונ דער לוי איז עולה · האט אבער דער כהן שוין גימאכט דיא ברכה · איז שוין פאר פאלין אונ ער גייט ניט אוועק · דער אן הייב ברכה איז אבער ערשט ביא אשר בחר בנו · אבער אז ער האט נאר גיזאגט ברכו את יי המבורך · מוז ער אויף הערין אונ דער לוי איז עולה :

כט ווען מען האט אויף גירופין איין לוי אדר איין ישראל במקום כהן · אונ איידער ער האט גימאכט דיא ברכה האט מען דער זעהען אז עש איז דא איין כהן מוז דער לוי אדער דער ישראל בלייבין שטיין · אונ דער כהן איז עולה · אונ דער גבאי מוז דעם לוי אדער דעם ישראל געבין איין אנדער עליה :

ל מען טאר קיינעם ניט אויף רופין אז ער האלט אין מיטין פסוקי דזמרה · אבער איין כהן אדער איין לוי אז עס איז קיין אנדערער ניטא · מעג מען אויף רופין אפילו אין מיטין פסוקי דזמרה : פון יוצר אור ביז איבער דיא שמונה עשרה טאר מען אפילו קיין כהן אדער לוי אויך ניט אויף רופין · אונ אז דער כהן האלט נאך פאר קריאת שמע אדער אפילו ער האט שוין אן גיהויבין שמונה עשרה זאל מען אויף אים ניט ווארטין ביז ער וועט אפ דאווענען · ווארום עס איז קיין כבוד ניט פאר דעם ספר מען זאל ווארטין אויף איין מענטש · אויך איז ניט רעכט דער גאנצער עולם זאל מוזין ווארטין אויף איין איינציגין · איבער דעם רופט מען אויף איין לוי אדער איין ישראל אונ זאגט אין כאן כהן חאטשע דער כהן איז יוא דא · האט מען זיך אבער פאר געסין אונ האט אים יוא אויף גירופין אונ ער האלט נאך פאר קריאת שמע אדער אין מיטין קריאת שמע אדער נאך קריאת שמע · גייט ער צום ספר אונ מאכט דיא ברכה אונ הערט אויש וואס דער קורא לייענט אבער ער טאר ניט נאך זאגין דיא ווערטער שטילערהייט · אונ מאכט דיא אנדערע ברכה · דער נאך דאווינט ער ווייטער · עש איז אבער רעכט · אז ווען ער האלט אין מיטין איין תפלה זאל ער זיא אויש זאגין אין גאנצין איידער ער גייט צום ספר · למשל ער האלט אין לאל ברוך נעימות יתנו · זאל ער זאגין ביז יוצר המאורות · ווען מען רופט אים אויף אז ער האט שוין גיזאגט גאל ישראל · טאר ער ניט גיין · ווארום מיר האבין שוין אויבין גיזאגט · אז צווישין גאל ישראל אונ שמונה עשרה טאר מען ניט מפסיק זיין :

לא אז מען האט אויף גירופין איין כהן אדער איין לוי · דער נאך זעהט מען אז ער איז גאר ניטא · גייט אנאנדערער צום ספר אבר מען רופט אים ניט אויף · אבר זיין אייגנעם זון מעג מען יוא אויף רופין מיט דעם נאמען · אונ אז דער כהן אדער דער לוי האלט אין דאווענען דארטין וויא מיר האבין אויבין גיזאגט אז מען זאל אים ניט אויף רופין אונ מען האט אים יוא אויף גירופין · רופט מען אויף איין אנדרין אויסדריקליך מיט דעם נאמען · אונ אז מען האט אויף גירופין איין ישראל אונ ער איז גאר ניטא · רופט

מֶען אוֹיךְ אוֹיף אַיין אַנְדֶערְן מִיט דֶעם נָאמֶען · אוּנ אַז מֶען הָאט אוֹיף גִירוּפִין דֶעם כֹּהֵן אָדֶער דֶעם לֵוִי אַחֲרוֹן אָדֶער מַפְטִיר אוּנ עֶר אִיז נִיטָא · רוּפְט מֶען אוֹיךְ אוֹיף אַנַאנְדֶערִין מִיט דֶעם נָאמֶען :

לב וֶוען דֶער כֹּהֵן אִיז אַיין אוֹנֵן · דָאס הֵייסְט עֶס אִיז אִים אֵיינֶער גִישְׁטָארְבִּין וָואשׁ עֶר מוּז נָאךְ אִים זִיצִין שִׁבְעָה · אוּנ עֶר אִיז נָאךְ נִיט צוּ קְבוּרָה גִיקוּמֶען · טָאר מֶען אִים נִיט אוֹיף רוּפִין · אוֹיךְ אִין דֶער גַאנְצֶע שִׁבְעָה טָאר מֶען אִים נִיט אוֹיף רוּפִן · אוּנ חָאטְשֶׁע עֶר אִיז דָא · רוּפְט מֶען אוֹיף אַיין לֵוִי אָדֶער אַיין יִשְׂרָאֵל פַאר אִים · אָבֶּער וֶוען תִּשְׁעָה בְּאָב אִיז אִין דֶער שִׁבְעָה רוּפְט מֶען יוא אוֹיף · אוּנ אַז שַׁבָּת אִיז אִין דֶר שִׁבְעָה אוּנ מַען הָאט אִים אוֹיף גִרוּפִין · מֶעג עֶר גֵיין צוּם סֵפֶר · עֶס אִיז אָבֶּער בֶּעסֶר עֶר זָאל פַאר דֶעם לֵייעֶנֶען אַרוֹיס גֵיין אוֹיס דֶער שׁוּל :

לג וֶוען דֶר כֹּהֵן אִיז גִיוָוארִין אַיין אוֹנֵן אוּם שַׁבָּת אָדֶר אוּם עֶרְשְׁטִין טָאג יוֹם טוֹב אוּנ דִיא קְבוּרָה וֶועט עֶרְשְׁט זַיין אִין דֶעם אַנְדֶערִין טָאג מֶעג מֶען אִים אוֹיף רוּפִין :

לד אוֹיךְ אַיין לֵוִי אוּנ אַיין יִשְׂרָאֵל טָאר נִיט עוֹלֶה לְתוֹרָה זַיין וֶוען עֶר אִיז אַיין אוֹנֵן · אָדֶר אִין דֶער שִׁבְעָה אֲפִילוּ אִין דֶעם זִיבֶּעטִין טָאג אִין דֶר פְרִיא · אוּנ יֶעדֶער וָואשׁ אִיז גִיוָוארִין אַיין אוֹנֵן אִין מִיטִין דֶר עֲלִיָּה דָאס הֵייסְט מֶען אִיז גִקוּמֶן אִים זָאגִין אַז עֶס אִיז אִים אֵיינֶער גִישְׁטָארְבִּין טָאר עֶר נִיט אַוֶועק גֵיין פוּן דֶעם סֵפֶר · נָאר עֶר בְּלַייבְּט וַוייטֶער שְׁטֵיין בִּיז דֶר קוֹרֵא לֵייעֶנְט אוֹיס דִיא פָּרָשָׁה · אוּנ עֶר מַאכְט דִי אַנְדֶערֶע בְּרָכָה :

לה וֶוען אֵיינֶר וֶוערְט אַיין אוֹנֵן אִין אַחֲרוֹן שֶׁל פֶּסַח אָדֶער שִׂמְחַת תּוֹרָה אָדֶער דֶעם אַנְדֶערִין טָאג שָׁבוּעוֹת · הָאטְשֶׁע דִי קְבוּרָה וֶועט עֶרְשְׁט זַיין מָארְגֶן · טָאר עֶר דַאךְ נִיט עוֹלֶה לְתוֹרָה זַיין :

לו צְוֵויא בְּרִידֶר אֲפִילוּ נָאר פוּן אֵיין פָאטֶער אָדֶר פוּן אֵיין מוּטֶער רוּפְט מֶען נִיט אוֹיף אֵיינֶעם נָאךְ דֶעם אַנְדֶערְן · אוֹיךְ רוּפְט מֶען נִיט אוֹיף דֶעם פָאטֶער מִיט דֶעם זוּן אָדֶר מִיט דֶעם אֵיינִיקְל אָדֶר פַּרְקֶעהֶרְט · אֵיינֶעם תֵּיכֶף נָאךְ דֶעם אַנְדֶרִין · אָבֶּער אִין אֵיין שַׁבָּת אָדֶר אִין אֵיין יוֹם טוֹב וָואס מֶען לֵייעֶנְט מַפְטִיר אִין אַיין אַנְדֶר סֵפֶר · מֶעג זַיין אֵיין בְּרוּדֶער אַחֲרוֹן אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער מַפְטִיר · דָאס אֵייגֶענֶע אִיז אוֹיךְ בַּייא אַיין פָאטֶער מִיט אַיין זוּן אָדֶר אַיין אֵיינִיקֶל · בַּייא צְוֵויא בְּרִידֶר פוּן אֵיין מוּטֶער אָדֶר בַּייא אַיין זֵיידֶע מִיט אַיין אֵיינִיקְל אַז מֶען הָאט זִיךְ פַאר גֶעסְן אוּנ מֶען הָאט אוֹיף גְרוּפְן אֵיינֶעם נָאךְ דֶעם אַנְדֶערִין · אִיז פַאר פַאלְין אוּנ עֶר מֶעג גֵיין צוּם סֵפֶר :

לז אִין אַיין תַּעֲנִית טָאר מֶען אַיין כֹּהֵן נִיט אוֹיף רוּפִין מַפְטִיר · אוֹיךְ אַיין לֵוִי טָאר אִין אַיין תַּעֲנִית נִיט מַפְטִיר זַיין :

לח מֶען רוּפְט אִין אַיין תַּעֲנִית נִיט אוֹיף נָאר דֶעם וָואס עֶר פַאסְט · אוּנ אַז דֶר כֹּהֵן וֶועט נִיט פַאסְטִין זָאל מֶען אוֹיף רוּפְן אַיין לֵוִי אָדֶר אַיִשְׂרָאֵל בִּמְקוֹם כֹּהֵן · עֶס אִיז אָבֶּער רֶעכְט עֶר זָאל פַר דֶעם לֵייעֶנֶן גֵיין אוֹיס דֶר שׁוּל אַרוֹיס · אוּנ אַז מֶען הָאט זִיךְ טוֹעֶה גִוֶוען אוּנ מֶען הָאט אִים אוֹיף גִירוּפְן זָאל עֶר נִיט גֵיין צוּם סֵפֶר · אָבֶּער אִין אַיין שֵׁנִי אָדֶר אַיין חֲמִישִׁי אַז עֶר וֶועט נִיט פַאסְטִין · וֶוען מֶען רוּפְט אִים אוֹיף זָאל עֶר עוֹלֶה זַיין · וָוארוּם דָאס אִיז דָאךְ אַיין טָאג וָואס מֶען לֵייעֶנְט אִין אִים אַלֶע וָואךְ חָאטְשֶׁע מֶען

פאסט ניט · דאס איז אבער נאר אין דער פריא אבער צו מנחה אז מען רופט אים
אויף · זאל ער ניט גיין :

לט פר איטליכן וואס איז עולה לתורה מוז מען לייענן ווייניגסטינס דריי פסוקים · אונ אין אשני אונ חמישי אונ שבת צו מנחה מוז מען לייענען פאר אלע דריי צו זאמען צעהן פסוקים · פאר דעם כהן לייענט מען דרייא · פאר דעם לוי אויך דרייא · אונ פר דעם ישראל פיר פסוקים · האט מען אבער זיך טועה געוועזן אונ פאר דעם ישראל אויך נאר גילייענט דרייא פסוקים · איז מען יוצא · נאר פורים לייענט מען תמיד ניט מער נאר ניין פסוקים · וויל דיא פרשה לאזט זיך אוים מיט דעם ניינטן פסוק :

מ דר קורא מוז תמיד אן הייבן צו לייענן מיט דעם פסוק וואס רעט גוטס פון אידין · אונ ער מוז אויך אוים לאזין מיט אגוטין פסוק · אונ טאר ניט אוים לאזין מיט איין פסוק וואס דער צילט פון איינעם אשלעכטע זאך :

מא ווען דער קורא האט זיך טועה גיוועזן אונ האט פאר איינעם ניט מער גלייענט נאר צווייא פסוקים אונ יענער האט שוין גימאכט דיא לעצטע ברכה · מוז ער נאך אמאל מאכין דיא ערשטע ברכה אין גאנצין · אונ מען לייענט נאך אמאל דיא ערשטע צווייא פסוקים אונ נאך איין פסוק · אונ אז עס איז שלישי לייענט מען צווא די ערשטע צווייא פסוקים נאך צווייא פסוקים · כדי עס זאל זיין פיר פסוקים אזו וויא מיר האבן גזאגט אונ ער מאכט דר נאך די אנדערע ברכה · האט זיך אבר גיטראפין בייא דעם כהן אז מען האט אים נאר גילייענט צווייא פסוקים אונ מען האט שוין אויף גרופן דעם לוי · איז דער דין אזו · האט דער לוי נאך ניט גימאכט דיא ברכה אדר אפי׳ לו ער האט שוין גיזאגט ביז לעולם ועד נאר ער האט נאך ניט גימאכט דיא ברכה אשר בחר בנו · בלייבט ער שטיין אונ מען לייענט פאר דעם כהן ווידר אמאל דרייא פסוקים אונ ער מאכט די ברכה פון פארענט אונ צום לעצטין · דער נאך מאכט ווידער דער לוי דיא ברכה אונ מען לייענט פאר אים ווייטער · האט אבער שוין דר לוי אן גיהויבין אשר בחר בנו · לייענט מען פאר דעם לוי דעם פסוק וואס מען האט פאר פעלט פאר דעם כהן אונ ווייטער · אונ נאך אים רופט מען נאך אויף צווייא ישראלים · כדי עס זאלין זיין דרייא אויף גירופענע · ווארום דאס וואס מען האט גילייענט פאר דעם כהן ווערט גאר ניט גירעכינט ווייל עס איז נאר גיוועזן צווייא פסוקים · האט זיך אבר גיטראפין אז מען האט דעם לוי נאר גילייענט צווייא פסוקים אונ דר ישראל האט שוין גימאכט דיא ברכה אשר בחר בנו · לייענט מען פאר דעם ישראל נאך אמאל דיא צווייא פסוקים וואס מען האט גילייענט פאר דעם לוי אונ נאך איין פסוק ווייטער · אונ נאך אים רופט מען נאך אויף איין ישראל · כדי עס זאלין זיין דרייא אויף גירופענע ווארום דער לוי ווערט דא גאר ניט גירעכינט · ווע׳ עס איז קיין כהן ניטא אונ מען האט אויף גירופין איין ישראל במקום כהן אונ מען האט אים ניט מער גילייענט נאר צווייא פסוקים · אונ מען האט זיך ערשט דער מאנט ווען דער אנדרר ישראל האט שוין גימאכט דיא ברכה · לייענט מען פר דעם אנדרן ישראל נאך אמאל פון אן הייב הסדרה דיא ערשטע דרייא פסוקים אונ נאך

אִים רופט מֶען ווידער אויף דֶעם עֶרְשְׁטִין יִשְׂרָאֵל׳ מֶען לֵייעֶנְט אִים ווייטֶר די אַנְדֶרֶע
דְרַייא פְּסוּקִים אונ עֶר מַאכְט דיא עֶרְשְׁטֶע אונ די אַנְדֶרֶע בְּרָכָה׳ אונ נָאךְ אִים רופְט
מֶען ווייטֶער אויף דֶעם דְרִיטִין׃

מב שַׁבָּת צוּ מִנְחָה אונ מָאנְטִיג אונ דָאנֶערְשְׁטִיג הייבְּט מֶען אָן צוּא לֵייעֶנֶען פוּן דֶעם
אָרְט וואוּ מֶען הָאט אוֹיס גילֵאזִין שַׁבָּת אִין דֶער פְרִיא׃

מג אִין אַיין תַּעֲנִית אַז עֶס זַיינֶען נִיטָא צֶעהֶען פַאסְטֶער לֵייעֶנְט מֶען נִיט קֵיין וַיְחַל׳ אַז
עֶס אִיז אָבֶּער אַיין שֵׁנִי אָדֶר חֲמִישִׁי לֵייעֶנְט מֶען יוא וַיְחַל׳ הָאטְשֶׁע עֶס זַיינֶען נִיטָא
צֶעהֶן וואס פַאסְטִין׳ ווארום דָאס זַיינֶען דָאךְ טֶעג וואס מֶען לֵייעֶנְט אִין זַייא אַלֶע
וואךְ הָאטְשֶׁע מֶען פאסְט נִיט׳ דָאשׁ אִיז אָבֶּער נָאר אִין דֶער פְרִיא׳ אָבֶּער צוּא מִנְחָה
טָאר מֶען אִין אַיין שֵׁנִי אָדֶער חֲמִישִׁי אויף נִיט לֵייעֶנֶען ווען עֶס זַיינֶען קֵיין צֶעהֶען נִיטָא
וואס פַאסְטִין׳ ווארום אַלֶע טֶעג לֵייעֶנְט מֶען דָאךְ נִיט אִין יוֹם שֵׁנִי וַחֲמִישִׁי צוּ מִנְחָה׃

מד אויךְ דֶער קוֹרֵא אִין אַיין תַּעֲנִית מוּז זַיין אַזוֹא אֵיינֶער וואס פַאסְט׳ אָבֶּער אַז עֶס
אִיז נִיטָא קֵיין אַנְדֶרֶער וואס קָאן לֵייעֶנֶען מֶעג עֶר לֵייעֶנֶען הָאטְשֶׁע עֶר פַאסְט נִיט׃

מה אַז מֶען הָאט אִין אַיין תַּעֲנִית פַאר גֶעסִין צוּא לֵייעֶנֶען וַיְחַל אונ מֶען הָאט
גִילֵייעֶנְט דיא פַּרְשָׁה פוּן וואךְ׳ מוּז מֶען נָאךְ אַמָאל לֵייעֶנֶען וַיְחַל׳ אִיז אָבֶּער דֶר
תַּעֲנִית אִין אַיין מָאנְטִיג אָדֶער אַיין דָאנֶערְשְׁטִיג דַארְף מֶען נִיט נָאךְ אַמָאל לֵייעֶנֶען׳
אָבֶּער תִּשְׁעָה בְּאָב הָאטְשֶׁע עֶס גִיפַאלְט אִין מָאנְטִיג אָדֶער דָאנֶערְשְׁטִיג מוּז מֶען נָאךְ
אַמָאל לֵייעֶנֶען כִּי תוֹלִיד וואס מֶען לֵייעֶנְט תִּשְׁעָה בְּאָב׃

מו אַיין בְּלִינְדֶער מֶעג עוֹלֶה לְתּוֹרָה זַיין׳ אָבֶּער אַיין סְתּוּמֶער וואס הֶערְט נִישְׁט אונ
רֶעט נִיט טָאר נִיט עוֹלֶה זַיין׳ אָבֶּער אַיינֶער וואס אַקְרַאנְקְייט הָאט אִים אָפּ גִינוּמֶן
דֶעם לָשׁוֹן מֶעג עוֹלֶה זַיין׳ אונ אַיין אַנְדֶרֶער מַאכְט פַאר אִים דיא בְּרָכָה׃

מז נָאךְ דֶעם לֵייעֶנֶען זָאגְט מֶען תָּמִיד חֲצִי קַדִּישׁ׳ אָבֶּער שַׁבָּת צוּ מִנְחָה אונ אִין אַיין
תַּעֲנִית צוּ מִנְחָה זָאגְט מֶען נִיט חֲצִי קַדִּישׁ׃

מח נָאךְ דֶעם חֲצִי קַדִּישׁ הייבְּט אֵיינֶער אויף דֶעם סֵפֶר׳ אונ דָאס הֵייסְט הַגְבָּהָה׳
עֶר עָפִינְט דֶעם סֵפֶר אַזוֹ בְּרֵייט אויף אַז דֶער עוֹלָם זָאל דֶר פוּן זֶעהֶן דְרַיי עַמּוּדִים
אונ מֶען זָאגְט וְזֹאת הַתּוֹרָה׳ אונ אַיין אַנְדֶרֶר ווִיקֶעלְט עֶס צוּ אונ דָאס הֵייסְט גְלִילָה׃

מט מָאנְטִיג אונ דָאנֶערְשְׁטִיג נָאךְ הַגְבָּהָה זָאגְט דֶער חַזָּן די יְהִי רָצוֹנִים אונ דֶער עוֹלָם
מוּז עֶס גוּט אוֹיס הֶערִין אונ נָאךְ זָאגִין אָמֵן׳ אונ דֶענְמָאלְט ווען מֶען זָאגְט קֵיין
תַּחֲנוּן נִישְׁט׳ זָאגְט מֶען אויךְ נִיט דיא יְהִי רָצוֹנִם׃

נ פַאר נוֹיט אִין אַיין אָרְט וואוּ מֶען הָאט נִיט קֵיין סֵפֶר תּוֹרָה׳ זָאל אֵיינֶר לֵייעֶנֶען אִין
חוּמָשׁ אונ דֶער עוֹלָם הֶערְט אִים אוֹיס׳ כְּדֵי מֶען זָאל ווַיינִיגְסְטִינְס הֶערִן לֵייעֶנֶען
דיא הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אָבֶּער מֶען רוּפְט קֵיינֶעם נִיט אויף׃

## יח דיני עליות החיובים ובו י״ד סעיפים

## דִינִים פוּן אַלֶע וואס עֶס קוּמְט זַייא אוֹיף צוּא רוּפִין

א דֶעם רַב קוּמְט יֶעדֶען שַׁבָּת שְׁלִישִׁי׃

ב ווער עם האט חתונה · רופט מען אים אויף אין דעם שבת וואש איז פאר דער וואך פון דער חופה · אונ אין דעם שבת נאך דער חופה · אויך אין דעם טאג פון דר חופה אויך מען לייענט דעמאלט :

ווער עם מאכט איין ברית מילה קומט אים אויף צוא רופין אום דער שבת וואס פאר דער מילה · אויך ווען דאס ווייב האט מוליד גיוועזן אנקבה רופט מען אים אויף שבת אדער אין דער וואכין אונ אין דעם מי שברך וואס מען מאכט אים אונ דיא ווייב · גיט ער דעם קינד איין נאמען :

ד אין דעם שבת ווען דאס ווייב שטייט אויף נאך דעם קימפעט קומט דעם מאן איין עליה · דער אויפשטאנד מעג אבער אויך זיין אין דער וואכין נאר דעמאלט ווען מען לייענט :

ה ווער עם האט יאר צייט קומט אים איין עליה · איז אבער דער יארצייט אין איין טאג וואס מען לייענט ניט · רופט מען אים אויף מיט איין טאג פריער וואס מען לייענט פארין יאר צייט · למשל דער יאר צייט גיפאלט זונטיג · איז ער שבת עולה · אז גיפאלט דינסטיג אדער מיטוואך · רופט מען אים אויף מאנטיג :

ו ווער עם ווערט בר מצוה · דאס הייסט ווען ער איז גיווארין דרייצען יאר מיט איין טאג · אין איין טאג וואס מען לייענט · קומט אים אויף צוא רופין · אונ דער פאטער קומט אויך אויף דעם אלמעמר · אונ וויא דער זון האט שוין אפ גיזאגט דיא אנדערע ברכה · זאגט דער פאטער ברוך שפטרני מעונשו של זה :

ז ווען איינער דארף גומל צו בענטשין דארף מען אים אויף רופין :

ח ווער עם פארט אין וועג ארייין אדר ער איז גקומען פון וועג · קומט אים אויף צו רופן :

ט דעם בעל תוקע אונ דעם בעל מוסף אום ראש השנה אונ יום כפור ווען זיי נעמן ניט קיין געלט דער פר · קומט זייא איין עליה :

ווער עם האט זיך גילאזט שרייבין איין ספר תורה פאר זיין אייגנע געלד · קומט אים אויף צו רופין אין דעם ערשטין מאל ווען מען לייענט אוים דעם ספר :

יא ווען עם זיינן דא צווייא גלייכע חיובים · למשל צווייא יאר צייטין אדער צווייא וואס זייערע ווייבער זיינען אויף גישטאנען פון קימפעט · רופט מען אויף דעם וואס ער איז מער למדן פון דעם אנדרין · זיינען אבער ביידע גלייך · ווארפט מען גורל וועמען מען זאל אויף רופין :

יב איין אורח פון דר פרעמד איז רעכט אים אויף צוא רופין · אבער אז עם איז דא איין היימישער וואס עם קומט אים דעמאלט איין עליה · חאטשע דער אורח איז אויך דעמאלט איין חיוב · למשל ער האט יאר צייט · איז דער היימישער בילכער אונ מען רופט אים אויף · אבער ניט דעם אורח :

יג דארטין וואו דר מנהג איז צוא פאר קויפין שבת בראשית די ערשטע עליה פאר געלד · אונ עם האט דאס גיקויפט איין ישראל · מוז דער כהן מוחל זיין אונ ארויס גיין פון שול · אונ מען קאן אים אפילו ביטין דער צוא · כדי דיא שול זאל מער הכנסות האבין :

יד דארפין וואו עס איז איין אלטער מנהג אז דער רב איז עולה צו די שלש עשרה מדות · אונ עס טרעפט זיך אז דער רב איז איין כהן מעג מען אויף רופין צוא די איינגענע פרשה · האטשע עס איז שוין חמישי :

## יח הלכות נשיאת כפים ובו כ״א סעיפים

## דינים פון כהנים דוכענען :

א אין דעם טאג וואס מען דוכענט טוט דער כהן אויש די שיך איידער דער חזן זאגט רצה · אונ דער נאך וואשט ער זיך די הענד · אבער דאס וואסער מוז אים אויף גיסין איין לוי · אדער עטליכע לוים · איז קיין לוי ניט דא · גיסט אויף איין בכור · איז קיין בכור אויך ניט דא · גיסט זיך דער כהן אליין אויף אונ איין ישראל טאר אים ניט אויף גיסין · אונ יעדער ווייס גיסט אים אויף מוז אליין האבין ריינע הענט :

ב דער מנהג איז אין אונזערע לענדער אז מען דוכינט ניט נאר יום טוב צו מוסף · אונ אז יום טוב גיפאלט אום שבת דוכענט מען אויך · איינגענטליך דארף מען שבת אויך דוכענען · אבער עס ווענט זיך אלץ אן דעם מנהג וויא מען איז זיך נוהג פון לאנג אן :

ג שמחת תורה ד׳כענט מען ניט · ווארום דער מנהג איז דאך אז מען מאכט קידוש נאך דעם לייענען · אונ דער כהן וואש האט נאר עפעש גיטרונקען איין שארפע משקה טאר שוין ניט דוכענען · אבער אין איין טייל ערטער איז דער מנהג אז מען דוכענט שמחת תורה צוא שחרית :

ד מען טאר ניט דוכענען נאר ווען עס זיינען דא צעהען וואש זייגען בר מצוה · דער כהן ווערט אויך אריין גירעכינט אין די צעהן :

ה וויא באלד דער חזן הייבט אן צוא זאגין רצה מוז דער כהן גיין צום דוכענען :

ו דער כהן שטעלט זיך מיט דעם פנים קעגין ארון קודש · אונ וויא דער חזן זאגט דאש ווארט כהנים · מאכט ער די ברכה אשר קדשנו בקדושתו של אהרן · אונ אז עס זיינען דא מערער כהנים זאגין אלע צוא זאמען אויף איין מאל די דאזיגע ברכה · דער נאך קערין זייא זיך אום קעגין דעם פאלק אונ לאזין אוים די ברכה וצונו לברך את עמו ישראל באהבה · אונ דער עולם זאגט נאך אמן אבער דער חזן טאר ניט נאך זאגין אמן :

ז בייא דעם דוכענען מוז דער עולם אין זינען האבין וואש די כהנים זאגין אבער ניט קוקין אויף זייא · אויך די כהנים אליין טארין ניט קוקין אויף זייערע איינגענע הענט · איבער דעם לאזין די כהנים אראפ בקצת מקומות דעם טלית איבער דעם פנים אונ די הענט האלטין זייא ארוים · אויך איז רעכט דער עולם זאל אויך די טליתים אראפ לאזין איבער דעם פנים כדי זייא זאלין ניט קוקין אויף די כהנים ווארום דאש טאר מען ניט

ח דער חזן זאגט יעדער ווארט אונ די כהנים זאגין עש נאך מיט דעם ניגון ·

אונ דֶעמָאלְט וֶוען דֶער חַזָן אונ דיא כֹּהֲנִים זָאגִין דיא וֶוערְטֶער׳ מוּז דֶער עוֹלָם אוים הֶערִין אונ גָאר נִיט זָאגִין׳ נָאר וֶוען זֵייא זִינְגֶען מֶעג מֶען זָאגִין דיא פְּסוּקִים וָואס שְׁטֵייעֶן אִין סִידוּר׳ אונ בֵּייא דִי דְרַייא וֶוערְטֶער וְיִשְׁמְרֶךָ אונ וִיחֻנֶּךָּ אונ שָׁלוֹם זִינְגֶען דיא כֹּהֲנִים לַאנְג כְּדֵי דֶער עוֹלָם זָאל זָאגִין דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם׳ אָבֶּער דֶער חַזָן טָאר אִים נִיט זָאגִין׃

ט דֶער חַזָן טָאר נִיט אָן הֵייבִּין יָאר אוּנ נִיט יִשָּׂא אונ נִיט שִׂים שָׁלוֹם בִּיז דֶער עוֹלָם הָאט יֶעדֶער מָאל אוים גִילָאזְט אָמֵן׃

י דֶער חַזָן מוּז זָאגִין יֶעדֶער ווָארְט אוים דֶעם סִידוּר אָבֶּער נִיט אוים וֵוייגִיג׳ אונ דיא דְרַייא מָאל אָמֵן מֶעג עֶר אויךְ זָאגִין׃

יא וִויא דֶער חַזָן הֵייבְּט אָן צוּא זָאגִין שִׂים שָׁלוֹם קֶערִין זִיךְ דיא כֹּהֲנִים אוּם מִיט דֶעם פָּנִים צוּם אָרוֹן קוֹדֶשׁ אונ זָאגִין רִבּוֹן הָעוֹלָמִים אונ אַדִיר בַּמָרוֹם אַזוֹ לַאנְג בִּיז דֶער חַזָן לָאזְט אוים דָאשׁ ווָארְט בַּשָׁלוֹם׳ כְּדֵי דֶער עוֹלָם זָאל אִין אֵיינֶעם עֶנְטְפֶערִין אָמֵן אויף דֶעם חַזָנְס בְּרָכָה אונ אויף זֵייעֶר בְּרָכָה׳ אִיבֶּער דֶעם אוּם רֹאשׁ הַשָּׁנָה אונ יוֹם כִּפּוּר וָואשׁ דֶער הַיוֹם תְּאַמְּצֵנוּ דוֹיעֶרְט לַאנְג׳ מוּזִין דיא כֹּהֲנִים עֶרְשְׁט אָן הֵייבִּין צוּא זָאגִין דֶעם רִבּוֹן הָעוֹלָמִים אונ דֶעם אַדִיר בַּמָרוֹם דֶעמָאלְט וֶוען דֶר חַזָן הַאלְט שׁוֹין בֵּיי דֶעם סוֹף׳ כְּדֵי זֵייא זָאלִין גְלֵייךְ אוישׁ לָאזִין מִיט אִים׳ אויךְ מוּז מֶען ווִיסִין אַז דיא כֹּהֲנִים טארִין זִיךְ נִיט צוּא רִיק אוּם קֶערִין צוּם אָרוֹן קוֹדֶשׁ בִּיז דֶער חַזָן זָאגְט שׁוֹין שִׂים שָׁלוֹם׳ אונ זֵייא טארִין נִיט אוישׁ גְלַייכִין דיא פִינְגֶער בִּיז זֵייא הָאבִּין זִיךְ שׁוֹין אוּם גִיקֶערְט פוּן דֶעם עוֹלָם׳ אויךְ טָארִין זֵייא נִיט צוּא רִיק גֵיין פוּן דֶעם דוּכֶענְעֶן בִּיז דֶער עוֹלָם הָאט שׁוֹין גִיזָאגְט אָמֵן נָאךְ דֶער בְּרָכָה פוּן שִׂים שָׁלוֹם׃

יב בֵּיידֶע מָאל וֶוען דיא כֹּהֲנִים קֶערִין זִיךְ אוּם מוּזִין זֵייא זִיךְ אַלֶץ אוּם קֶערִין אויף דֶער רֶעכְטֶער זַייט׳ פְרִיעֶר וֶוען זֵייא שְׁטֵייעֶן קֶעגִין אָרוֹן קוֹדֶשׁ צוּא דֶער מִזְרָח זַייט׳ וֶוענְדִין זֵייא זִיךְ צוּא רִיק אויף דָרוֹם זַייט בִּיז זֵייא קוּמֶען אוים קֶעגִין דֶעם עוֹלָם צוּא מַעֲרָב זַייט אונ נָאךְ דֶעם דוּכֶענְעֶן קֶערִין זֵייא זִיךְ צוּא רִיק אויף צָפוֹן זַייט בִּיז זֵייא קוּמֶען אוים קֶעגִין אָרוֹן קוֹדֶשׁ צוּא דֶער מִזְרָח זַייט׳ מִמֵּילָא הֵייבְּט זִיךְ תָּמִיד אָן דָאס אוּם קֶערִין בֵּייא דֶער רֶעכְטֶע הַאנט׳ אונ וֶוען זֵייא גֵייעֶן צוּא רִיק פוּן דֶעם דוּכֶענֶען טָארִין זֵייא זִיךְ נִיט אויף אֵיין מָאל אוּם קֶערִין מִיט דֶעם רוּקִין צוּם אָרוֹן קוֹדֶשׁ׳ ווָארוּם דָאס אִיז נִיט קֵיין דֶרֶךְ אֶרֶץ קֶעגִין דיא הֵיילִיגֶע סְפָרִים׳ נָאר זֵייא גֵייעֶן אוים גִיבּוֹיגִין אַז דָאס פְּנִים זָאל אַלֶץ ווייטֶער בְּלֵייבְּן קֶעגִין דֶעם אָרוֹן קוֹדֶשׁ׃

יג וֶוען דיא כֹּהֲנִים טוּעֶן צוּ רִיק אָן דיא שִׁיךְ נָאךְ דֶעם דוּכֶענֶען׳ מוּזִין זֵייא זִיךְ הִיטִין נִיט אָן צוּ רִירִין דיא שִׁיךְ׳ הָאבִּין זֵייא אָבֶּער יוֹא אָן גֶערִירְט דיא שִׁיךְ מוּזִין זֵייא זִיךְ וַואשִׁין דיא הֶענְט׃

יד אֵייגֶענְטְלִיךְ וַויים יֶעדֶער כֹּהֵן וִויא אַזוֹ צוּא הַאלְטִין דיא הֶענְט וֶוען עֶר דוּכֶענְט אָבֶּער פוּן דֶעסְט וֶועגִין וֶועלִין מִיר עָס דָאךְ דָא בַּאשְׁרַייבִּין׳ עֶר הֵייבְּט אויף

דיא

דיא הענט קעגין דיא אקסלען אונ שטרעקט זייא אוים אונ טיילט אזוא אפ דיא פינגער אז עס זאלין צווישין זייא זיין פינף אבטיילונגען · ער בייגט אוים צווייא פינגער צוא זאמען אויף איין זייט אונ דיא צווייא אנדרע פינגער אויף דר אנדרע זייט איז שוין צווישין זייא דא איין אבטיילונג · ווידער בייגט ער ווייט אוועק דעם גראבין פינגער · איז שוין צווישין דיא צווייא אנדערע פינגער אונ דעם גראבין פינגער ווידער איין אבטיילונג · האבין מיר שוין צווייא אבטיילונגען · בייא דער אנדערע האנד איז דאס אייגענע · זיינען שוין דא פיר אבטיילונגען · אונ מאכט צווישין דיא ביידע גראבע פינגער אויך איין אבטיילונג · איז שוין דאס אין גאנצן פינף אבטיילונגען · איבער דעם מוז דער כהן זעהען אז די שפיצין פון דיא גראבע פינגער זאלין ניט אן רירין אייניש דאש אנדערע · ווארום וויא באלד זייא רירין זיך אן איז דאך שוין קיין אבטיילונג צווישין זייא אונ עס בלייבין ניט מער נאר פיר אבטיילונגען · אויך מוז ער האלטין דיא רעכטע האנד אביסעל העכער פון דער לינקע אונ דער גראבער פינגער זאל אביסעל העכער שטיין פון דער לינקע · אונ ער האלט דיא הענט אזו קרום אוים גיבויגין · אז די אויסין וויינקסטע זייט זאל זיין קעגין דעם הימעל אונ דיא איניוויניגסטע זייט קעגין דער ערד · דער טעם פאר וואס עס מוזין צווישין די הענט זיין פינף אבטיילונגן איז וייל עס שטייט אין פסוק מציץ מן החרכים דאס איז טייטש דר אויבערשטער קוקט דורך דיא פענסטערלאך האבין אונזערע חכמים גידרשנת אז דאש גייט אויף כהנים דוכענען אונ דאס ווארט החרכים איז גלייך וויא עס וואלט גישטאנען גטיילט אין צווייען ה' חרכים · דאס הייסט פינף פענסטערליך · הש"י קוקט אויף אונז דורך די פינף פענסטערליך · דאש זיינען דיא פינף אבטיילונגען צווישין דיא הענד פון דיא כהנים · אונ ער באשטעטיגט ד"א ברכות וואש דיא כהנים בענטשין אונז · אמן כן יהי רצון :

טו דער כהן מעג אין איין טאג עטליכע מאל דוכענען אין עטליכע שולין :

טז ווען דער כהן איז איין אונן · דאס הייסט עס איז איינער גישטארבין וואס ער דארף נאך אים זיצין שבעה · אונ ער איז נאך ניט צו דער קבורה גיקומען · טאר ער ניט דוכענן · אויך אין מיטין דער שבעה טאר ער ניט דוכענן · אויך אין דעם גאנצין יאר וואס ער איז איין אבל נאך איין פאטער אדער נאך איין מוטער · אדער אין דיא שלשים נאך איין וייב אדער איי קינד אדער אשוועסטער אונ אברודער · טאר ער ניט דוכענען · אונ בייא דיא אלע מוז ער ארוים גיין איידער דער חזן זאגט רצה · אונ בלייבט אין דרויסין ביז נאך דעם דוכענען · אז עס איז אבער אין שול ניט מער דא נאר איין איינציגר כהן חוץ אים · אדר עס איז גאר ניט דא קיין כהן ואונ ער איז איין אבל נאך פאטער אונ מוטער אין יאר · אדער אין די שלשים נאך אנדערע קרובים · מעג ער יוא דוכענען צוא זאמן מיט יענם כהן · אדר אליין · אבר ווען ער איז איין אונן אדר אין דר שבעה · חאטשע עס איז ניט מער דא איין איינציגער כהן אויסער אים · אדער עס איז גאר קיין איינציגער כהן ניט דא · טאר ער דאך ניט דוכענען :

יז ווען דער חזן איז איין כהן דארף ער ניט דוכענען · אונ ניט פאר זאגין פאר דיא כהנים נאר פון אלהינו ואלהי אבותינו ברכנו בלייבט ער שטיל ביז שים שלום: אונ עס שטעלט זיך איין אנדערער לעבין אים אונ זאגט דאש פאר דיא כהנים · אבער אז עס איז אויסער אים קיין איינציגער כהן ניט דא · מוז ער יוא דוכענען · אונ ער מוז אזו טאן · ער גייט אביסל אוים ביי רצה · אונ וויא ער לאזט אוים ולך נאה להודות זאגט איין אנדערער דעם אלהינו ואלהי אבותינו ברכנו שטילערהייט אונ וויא ער זאגט דאס ווארט כהנים הויך · גייט דער חזן צום דוכענען · אונ דער אנדערער זאגט אים פאר דיא ווערטער ביז שלום אונ ער דוכענט · דער נאך גייט ער צוא ריק צום עמוד אונ זאגט שים שלום · אבער דעם רבון העולמים טאר ער ניט זאגין ביז נאך דעם קדיש:

יח אין איין ארט וואס עס זיינען דא לויטער כהנים · איז דער דין אזו · זיינען זייא ניט מער נאר צעהן · מוזין אלע דוכענען · אונ ווייבער אונ קינדער זאגין נאך אמן · אונ אפילו עס זיינען נישט דא קיין ווייבער אונ קינדר איז אויך נישט קשה' ווארום זייער ברכה גייט אויך דיא אנדרע ישראל וואש זיצין אויף די דערפער אונ האבין קיין מנין ניט · זיינען אבער מער דא וויא צעהן · דוכענען נאר דיא דאזיגע כהנים וואש זיינען איבעריגע פון דיא צעהן · למשל עש זיינען דא עלף · דוכענט נאר איינער · זיינען דא צוועלף דוכענען צווייא · אונ צעהען בלייבן וואס דוכענען ניט אונ זאגין נאך אמן:

יט ווען איין כהן דאט קרומע הענט אדער דיא הענט זיינען שווארץ אדער זייא האבין אנדערע פארב אדער ער קאן ניט אויש בייגין דיא פינגער אדער ער האט אויף די הענט שטארקע פלעקין · זאל ער ניט דוכענען · ווארום דער עולם וועט זיך פאר קוקין אויף דיא הענט אונ וועט ניט אין זינען האבין וואש מען זאגט · איבער דעם זאל ער ארויס גיין פאר רצה אונ זאל ערשט אריין קומען צו שים שלום · אבער אז דיא שטאט איז שוין געוואונט מיט אים · ווארום ער איז שוין דארטין דרייסיג טא אונ מען וייש שוין אז ער האט אזעלכע הענט · מעג ער דוכענען · אויך ווער עס רעט שטאמלינג אדער ער זאגט דעם שין אזו וויא איין סמך · טאר ער ניט דוכענען · סיידין ווען דיא גאנצע שטאט רעט אזו:

כ ווען איין כהן האט טויט געשלאגין איין מענטש מיט ווילין אפילו ער האט דער נאך תשובה געטאן טאר ער ניט דוכענען · אבער ווען ער האט גיהרגעט איין מענטש אום גערין אונ האט דרויף תשובה געטאן · מעג ער יוא דוכענען · אויך איין מומר וואס איז ארויס גיקומען מעג דוכענען:

א ווען איין כהן האט גינומען איין גרושה אדער אלמנה וואש האט חליצה גנומען אדער ער האט זיך מטמא געוועזין צוא איין טויטין וואש ער טאר ניט · לאזט מען אים ניט דוכענען ביז ער נעמט אתשובה וואס איין תלמיד חכם גיט אים ארויס:



## יח דינים פון אַשְׁרֵי וּבָא לְצִיּוֹן אונ אִין אִים אִיז פִיר סְעִיפִים

א נָאךְ תַּחֲנוּן זָאגְט מֶען אַשְׁרֵי מִיט גְרוֹיש כַּוָּונָה אַזוֹ וִויא דֶעם עֶרְשְׁטִין אַשְׁרֵי אִין פְּסוּקֵי דְזִמְרָה · אונ וֶוען מֶען זָאגְט דֶעם פָּסוּק פּוֹתֵחַ אֶת יָדֶךָ זָאל יֶעדֶער אִין זִינֶען הָאבִּין דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער זָאל אִים גֶעבִּין וָואשׂ עֶר דַארְף אונ אַלֶע אִידִין זָאלִין הָאבִּין פַּרְנָסָה :

ב נָאךְ אַשְׁרֵי זָאגְט מֶען לַמְנַצֵּחַ · אָבֶּער אוּם רֹאשׁ חוֹדֶשׁ · חֲנוּכָּה · בֵּיידֶע טֶעג גְרוֹים פּוּרִים אונ בֵּיידֶע טֶעג קְלֵיין פּוּרִים · עֶרֶב פֶּסַח · עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר · תִּשְׁעָה בְּאָב אונ חוֹל הַמּוֹעֵד זָאגְט מֶען נִיט לַמְנַצֵּחַ · אוֹיךְ זָאגְט מֶען אִים נִיט בַּייא אַיין אָבֵל אִין דֶער שִׁבְעָה · אונ דֶעמָאלְט וֶוען מֶען זָאגְט נִיט לַמְנַצֵּחַ זָאגְט מֶען אוֹיךְ נִיט אֵל אֶרֶךְ אַפַּיִם :

ג דִיא קְדוּשָּׁה אִין וּבָא לְצִיּוֹן · דָאס הֵייסְט פוּן וְאַתָּה קָדוֹשׁ בִּיז עָלְמַיָּא אִיז זֵייעֶר הֵיילִיג · אונ מֶען מוּז זִיא זָאגִין מִיט רֵיינֶע גִידַאנְקֶען אונ גְרוֹישׂ כַּוָּונָה · אוֹיךְ טָאר קֵיינֶער נִיט גֵיין אוֹיס דֶער שׁוּל אַרוֹיס בִּיז מֶען זָאגְט אָפּ דִיא דָאזִיגֶע קְדוּשָּׁה אונ אַז מֶען קוּמְט אִין שׁוּל אַרַיין וֶוען דֶער עוֹלָם זָאגְט דִיא דָאזִיגֶע קְדוּשָּׁה · זָאגְט מֶען זִיא גְלַייךְ מִיט דֶעם עוֹלָם חָאטְשֶׁע מֶען הָאט נָאךְ נִיט גִידַאווִינְט · דָאשׂ פַאר שְׁטֵייט מֶען פוּן זִיךְ אַלֵיין אַז וֶוען מֶען הַאלְט עֶרְשְׁט בַּייא אַשְׁרֵי אָדֶער לַמְנַצֵּחַ אָדֶער בַּייא וּבָא לְצִיּוֹן אונ דֶער עוֹלָם זָאגְט שׁוֹין וְאַתָּה קָדוֹשׁ · הֵייבְּט מֶען אָן גְלַייךְ מִיט דֶעם עוֹלָם · אונ נָאךְ וּבָא לְצִיּוֹן זָאגְט מֶען דָאס וָואס מֶען דָאט פְרִיעֶר אִיבֶּער גֶעהִיפְּט :

ד עָלֵינוּ לְשַׁבֵּחַ אִיז זֵייעֶר אַיין טַייעֶרֶע אונ הֵיילִיגֶע תְּפִלָּה · וָואשׂ יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן הָאט מְתַקֵּן גִיוֶועזִין דֶעמָאלְט וֶוען עֶר הָאט אַיין גִינוּמֶען דִיא שְׁטָאט יְרִיחוֹ · אִיבֶּר דֶעם מוּז מֶען עֶס זָאגִין מִיט גְרוֹיס פָארְכְט · אונ מֶען מוּז יֶעדֶעס וָוארְט צֵיילִין אַזוֹא וִויא פֶּערִיל · אונ מֶען דַאנְקְט אַז מִיר דִינֶען דֶעם אֵיינְצִיגִין לֶעבֶּעדִיגֶען גָאט :

## כ דיני קדיש יתום ובו י״ט סעיפים

## דִינִים פוּן קַדִּישׁ

א דִיא הֵיילִיגֶע סְפָרִים שְׁרַייבִּין זֵייעֶר פִיל פוּן דֶעם קַדִּישׁ · אַז וֶוען דֶער זוּן זָאגְט קַדִּישׁ נָאךְ פָּאטֶער אונ מוּטֶער אִיז דָאשׂ זֵייעֶר גוּט פַאר זֵייעֶר נְשָׁמָה אונ מֶען בֶּעפְרַייעֶט זֵייא אִין הִימִיל פוּן דֶעם שְׁטְרָאף וָואס קוּמְט זֵייא פַאר זֵייעֶרֶע עֲבֵירוֹת · אִיבֶּער דֶעם מוּז יֶעדֶער וָואשׂ עֶשׂ אִיז אִים גִישְׁטָארְבִּין דֶער פָּאטֶער אָדֶר דִי מוּטֶר · נָאךְ זֵייא זָאגִין קַדִּישׁ עָלֶף חֳדָשִׁים · וָוארוּם דִיא גְמָרָא זָאגְט אַז דָאשׂ מִשְׁפָּט פוּן רְשָׁעִים אִין גֵיהִנָּם אִיז צְווֶועלְף חֳדָשִׁים · עֶשׂ אִיז אָבֶּער נִיט רֶעכְט צוּא הַאלְטִין זַיין אֵייגִינֶע פָּאטֶער אונ מוּטֶער פַאר רְשָׁעִים · אַז מֶען זָאל וָואךְ אִין דֶעם צְווֶועלְפְטִין חוֹדֶשׁ מוּזִין בֶּעטִין פַאר זֵייא · אִיבֶּער דֶעם זָאגְט מֶען נָאר עֶלְף חֳדָשִׁים · לְמָשָׁל אוֹיב דֶר פָּאטֶר אָדֶער דִי מוּטֶר זַיינֶען גִישְׁטָארְבִּין צְעהֶען טֶעג אִין שְׁבָט · הָערְט עֶר

אויף

אויף קַדִיש צוא זָאגִין נַיין טעג אִין טֵבֵת צוא מִנְחָה אונ אַז דָאשׂ פְרִיהֶערֶע יָאר אִיז גְוֶועזִין אַיין עִבּוּר יָאר הֶערְט עֶר אויף נַיין טֶעג אִין כִּסְלֵו צוּ מִנְחָה וָוארום דְעמָאלְט לָאזִין זִיךְ אוישׂ דִי עֶלְף חֲדָשִׁים :

ב וֶוער עֶשׂ אִיז אִין שִׁבְעָה קוּמְט אִיהּ אַלֶע קַדִישִׁים · אונ אָפִּילוּ דער זִיבֶּעטֶער טָאג פון דֶער שִׁבְעָה וָואשׂ מֶען שְׁטֵייט דָאךְ אויף אִין דער פְרִיא נָאךְ דֶעם דַאוְונֶען · וָוערְט עֶר נָאךְ פַאר נַאכְט צוא מִנְחָה גִירֶעכִינְט פַאר אַיין שִׁבְעָה טָאג אונ דֶער אָבֵל זָאגְט אַלֶע קַדִישִׁים · אונ עֶשׂ אִיז גָאר קַיין חִילוּק נִיט צוּבַאיז דער אָבֵל אַיין בַּר מִצְוָה אָדער נִיט · אָדֶער צוּא אִיז עֶר אַיין הַיימִישֶׁער אָדֶער אַיין אוֹרֵחַ · אונ אָפִילוּ עֶשׂ גִיפַאלְט יוֹם טוֹב אִין מִיטִין דֶער שִׁבְעָה חָאטְשֶׁע יוֹם טוֹב נֶעמְט אויף זִיךְ · אִיז דָאשׂ נָאר דָאשׂ זִיצִין · אָבֶער נִיט דֶעם דִין פון קַדִישׁ · אונ דָער אָבֵל הָאט בִּיז צוּם זִיבֶּעטִין טָאג פַאר נַאכְט אַלֶע קַדִישִׁים · דִיא שִׁבְעָה רֶעכִינְט מֶען אָבֶער פון דֶעם טאג וֶוען מען הָאט דֶעם מֵת קוֹבֵר גִיוֶועזִין · אִיבֶּער דֶעם אַז דער אָבֵל הָאט עֶרְשְׁט שְׁפֶּעטֶער גְוואר גְוָוארִין אונ הָאט זִיךְ עֶרְשְׁט דְעמָאלְט גְזֶעצְט שִׁבְעָה · קוּמְט אִים שׁוין נִיט אַלֶע קַדִישִׁים · לְמָשָׁל עֶר אִיז גְוָואר גְוָוארִין אִין דְרִיטִין טָאג קוּמְט אִים נָאר דִיא עֶרְשְׁטֶע פִינְף טָאג פון זַיין שִׁבְעָה אַלֶע קַדִישִׁים וָוארוּם דֶענְמָאלְט לָאזִין זִיךְ דָאשׂ אוישׂ דִיא זִיבִּין טָאג נָאךְ דֶער קְבוּרָה · הָאט עֶר אָבֶער עֶרְשְׁט גְוואר גְוָוארִין נָאךְ דער גַאנְצֶע שִׁבְעָה · הָאט עֶר נָאר דָאשׂ רֶעכְט וִויא אֵיינֶער פון שְׁלֹשִׁים אָבֶער נִיט וִויא אֵיינֶער וָואשׂ זִיצְט שִׁבְעָה :

ג וֶוען עֶשׂ אִיז אִין שׁוּל דָא אַיין אָבֵל אִין שִׁבְעָה וָואשׂ אִיז נָאךְ נִיט בַּר מִצְוָה אונ עֶשׂ אִיז אויךְ דָא אֵיינֶער וָואשׂ הָאט יָאר צַייט · קוּמְט דֶעם יָאר צַייט אַיין אֵיינְצִיגֶען קַדִישׁ אונ דיא אִיבֶּעריגֶע קַדִישִׁים זָאגְט דֶער שִׁבְעָה · זַיינֶען דָא עֶטְלִיכֶע יָאר צַייטִין קוּמְט יֶעדֶען אַיין קַדִישׁ אָפִילוּ וֶוען עֶשׂ בְּלַייבְּט פַאר דֶעם קְלֵיינֶעם יָתוֹם גָאר קַיין קַדִישׁ · ווידֶער אַז עֶשׂ אִיז דָא אַיין יָתוֹם אִין דֶער שִׁבְעָה וָואשׂ אִיז נָאךְ נִיט בַּר מִצְוָה אונ אַיין אַנְדֶערֶער וָואשׂ אִיז נָאךְ אִין דִיא שְׁלֹשִׁים · דָאשׂ הֵייסְט אִין דִיא עֶרְשְׁטֶע דְרַייסִיג טָאג זִינְט דֶער פָאטֶער אָדֶער דִי מוּטֶר אִיז אִים גְשְׁטָארְבִּין · קוּמְט אִים אַיין קַדִישׁ אונ דִי אִיבֶּעריגֶע קַדִישִׁים דֶעם יָתוֹם · אונ אַז עֶשׂ זַיינֶען דָא עֶטְלִיכֶע אִין דִיא שְׁלֹשִׁים מוּזִין זֵייא אַלֶע לָאזִין דֶעם יָתוֹם ווייניגְסְטִינְס אַיין קַדִישׁ · אונ אַיין אָבֵל אִין דֶער שִׁבְעָה וָואשׂ אִיז שׁוין בַּר מִצְוָה וועז עֶר קוּמְט שַׁבָּת אִין שׁוּל אַרַיין זָאגְט עֶר אַלֶע קַדִישִׁים · אונ וֶוען עֶשׂ אִיז דֶענְמָאלְט דָא אַיין יָאר צַייט · זָאגְט אויךְ דֶער אָבֵל אַלֶע קַדִישִׁים · נָאר אויף אַיין אֵיינְצִיגִין קַדִישׁ וַוארְפְט מֶען גוֹרָל צְווִישִׁין אִים אונ דֶעם יָאר צַייט · אִיז אָבֶּר גִיפַאלִין יוֹם טוֹב אִין דֶר שִׁבְעָה אָדֶר עֶר אִיז עֶרְשְׁט אוּם יוֹם טוֹב גִיוָוארִין אַיין אָבֵל חָאטְשֶׁע עֶר אִיז שׁוין בַּר מִצְוָה הָאט עֶר אָן זִיךְ דֶעם דִין וִויא אַיין יָתוֹם וָואשׂ אִיז נָאךְ נִיט בַּר מִצְוָה · וָוארוּם עֶר קָאן דָאךְ בִּיז אִיבֶּער יוֹם טוֹב נִיין אִין שׁוּל אַרַיין · אִיבֶּער דֶעם קוּמְט יֶעדֶען יָאר צַייט אַיין קַדִישׁ אָפִילוּ וֶוען עֶשׂ בְּלַייבְּט פַאר אִים נִיט קַיין אֵיינְצִיגֶער קַדִישׁ :

ד אַיין יָתוֹם וָואשׂ אִיז נָאךְ נִיט בַּר מִצְוָה אונ דֶער אָבֵל וָואשׂ אִיז שׁוין בַּר מִצְוָה ·

זיינען שבת אין מיטין דער שבעה אין שול ביידע גלייך אונ מוזין זיך גלייך איין טיילין מיט די קדישים · אונ אז עש איז דא איין יאר צייט זאגט ער ניט קיין קדיש ווארום דער וואש איז בר מצוה נעמט זיין קדיש אוועק · איבער דעם קומט דעמאלט דעם בר מצוה איין קדיש מער פון דעם אנדערין יתום · ווארום אז ער וואלט ניט גוועזין וואלט דאך דער יאר צייט גיזאגט דעם דאזיגין קדיש :

ה איין יאר צייט אונ דער וואש איז אין שלשים האבין מער רעכט אויף די קדישים פון די אנדערע אבלים וואש זיינען שוין נאך שלשים · פון דעסט וועגין דארף מען דיא אנדערע אבלים אויך צוא געבין עטליכע קדישים · איבער דעם איז רעכט אז דער יאר צייט אדער דער וואש איז אין שלשים זאל זאגין דעם רבנן קדיש אונ דעם קדיש נאך עלינו · אונ דיא איבעריגע קדישים זאלין זאגין די אנדערע אבלים · ווען איינער איז ביידע באנאנד · למשל ער איז אין שלשים נאך דעם פאטער · אונ ער האט יאר צייט אונ איז אויך איין אבל נאך שלשים נאך דער מוטער אדער פאר קערט · האט ער ערשטענס דאש רעכט וויא איין יאר צייט אדער שלשים אויף רבנן קדיש אונ קדיש נאך עלינו · אונ ווידער אויף דיא איבעריגע קדישים האט ער אויך איין גלייך רעכט מיט דיא אנדערע אבלים · ווארום זיין זכות וואש ער האט אויף רבנן קדיש אונ קדיש נאך עלינו איז באזונדער ווייל ער איז אין שלשים אדר ווייל ער האט יאר צייט · אונ ווידר ביא די איבריגע קדישים איז ער דאך ניט ערגער ויא אנאנדער אבל :

ו דער וואש איז אין שלשים איז גרעסער פון דעם וואש האט יאר צייט · אונ עש קומט דעם יאר צייט ניט מער נאר איין איינציגער קדיש · זיינען אבער דא מער יאר צייטין זאגט יעדער איין קדיש האטשע עש בלייבט פאר דעם שלשים גאר קיין קדיש' ווארום ער וועט קענן מארגין קדיש זאגין · אבער דעם יאר צייט קאן מען דאך ניט אפ לייגין אויף מארגין :

ז זיינען דא צווייא גלייכע אבלים · למשל גלייכע יאר צייטין אדר שלשים אדר אין מיטין יאר · ווארפין זייא גורל צווישין זיך · אונ אויף ווען עש קומט אויש צו זאגין קדיש צו מעריב · דער מוז דעם אנדערין טאג אין דער פריא דעם אנדערין צוא לאזין איין קדיש אן איין גורל פאר דעם קדיש וואש ער האט גזאגט ביא דער נאכט · אונ אויף די איבעריגע קדישים ווארפין זיי גורל · אונ אז עש זיינען דא מער גלייכע אבלים ווארפין זיי גורל צווישין זיך · אונ דער וואש עש גפאלט אויף אים דער גורל · קומט שוין ניט מער אין גורל אריין פון די איבעריגע קדישים ביז עש פאלט אויף יעדען איין קדיש :

ח דער היימישער אבל וואש איז ניט אין דער שבעה איז תמיד פאר דעם אורח · איין היימישער וואש האט יאר צייט אונ איין אורח וואש האט נאר צייט · קומט דעם אורח גאר קיין איינציגער קדיש · איין היימישער אין שלשים אדער אין מיטין יאר אונ איין אורח וואש האט יאר צייט · קומט דעם אורח איין איינציגר קדיש · אונ אז עש איז איין היימישער יאר צייט אונ איין היימישער אין שלשים אונ איין

אורח

אורח וואש האט יאר צייט · קומט דעם אורח דעם יאר צייט איין קדיש · אונ דער היימישער יאר צייט קאן ניט זאגין צום אורח מיר קומען דאך אלע קדישים · ווארום דער אורח ענטפערט אים ווען איך זאל ניט זיין וואלט דאך דר פון שלשים בייא דיר אוועק גינומען אלע קדישים אונ וואלט דיר ניט מער גילאזט נאר איין איינציגין קדיש (וויא מיר האבין גישריבין אין סעיף ו׳) איצונד ווען איך בין דא נעם איך מיר איין קדיש בייא דעם פון שלשים אבער ניט בייא דיר :

ט איין אורח אין שלשים אונ איין היימישער אבל אין מיטין יאר זיינען ביידע גלייך :

י איין היימישער יאר צייט אונ איין אורח אין שלשים · זאגט דער היימישער דעם ערשטין אונ דעם אנדערין קדיש · אונ דער אורח דעם דריטין קדיש :

יא אז עס איז דא איין אורח איין אבל אין מיטין יאר אונ איין היימישער אויך אין מיטין יאר קומט דעם אורח נאר איין קדיש :

יב איין היימישער הייסט דער וואס וואונט דארטין שטענדיג · ער האט אויך דעם נאמען תושב · אונ אפילו ער צאלט ניט קיין נתינה הייסט ער אלץ איין תושב · אויך איין פרעמדער מלמד אדר איין משרת וואס איז בייא איין היימישען בעל הבית אונ האט קיין ווייב ניט הייסט אויך איין תושב · האט ער אבער אין דער פרעמד איין ווייב · הייסט ער דא ניט קיין תושב · אבר איינער וואס האלט דא איין ישיבה אדער איין מלמד וואס איז פאר דונגען בייא עטליכע בעלי בתים · חאטשע ער האט איין ווייב בייא זיך אין דער היים · הייסט ער דא איין תושב · ווען איינער האלט בייא זיך איין פרעמדין יתום אומזיסט אדער פאר געלט אונ ער האט ניט קיין פאטער אונ מוטער הייסט ער דא איין תושב · האט ער אבער אין דער פרעמד איין פאטער אדער איין מוטער איז ער דא וויא איין אורח :

יג ווער עס האט זיין שטענדיגע שול אדער בית המדרש וואס ער דאווינט דארטין תמיד אונ ער קומט אמאל דאווענען אין איין אנדער שול אריין ווען ער איז איין אבל אדער אפילו נאך אין דער שבעה · איז ער נאך ערגער פון איין אורח · ווארום דער אורח האט ניט וואו צוא דאווענען אונ קדיש צוא זאגין · אבער ער האט זיין שטענדיגע שול · פאר וואש זאל ער אהער קומען אונ אוועק נעמען בייא אנדערע אבלים זייערע קדישים :

יד יעדער פון דיא וואס האבן מער רעכט אויף די קדישים וויא די אנדערע · למשל איינער אין דער שבעה אדער אין שלשים · דער האט אויך מער רעכט צוא דאווענען פאר דעם עמוד וויא דיא אנדערע :

טו צווייא וואס האבין איין גלייך רעכט אויף דעם קדיש אונ ביידע קענען דאווענען פאר דעם עמוד · אונ דער עולם וויל ביידע גלייך · ווארפין זיי גורל צווישין זיך אז איינער זאל דאווענען ביז אשרי ובא לציון אונ דער אנדערער פון אשרי ובא לציון ביז צום לעצטין · קאן אבער איינער ניט דאווענען פאר דעם עמוד · אדער דער עולם וויל אים ניט אונ דער אנדערער דאווינט פאר דעם עמוד · האט דער אנדערער איין גלייכין זכות אויף די קדישים מיט יענעם וואש דאווינט ניט פאר דעם עמוד · אבער

פון דעסט וועגין איז רעכט ער זאל יענעם צוא לאזין דיא קדישים · איבער הויפט אז יענער אבל איז נאך ניט בר מצוה · איז בודאי רעכט אז דער וואש דאווינט פאר דעם עמוד זאל אים לאזין זאגין אלע קדישים :

טז אין מאנכע ערטער איז מען זיך נוהג אז ווען עש זיינען דא פיל אבלים · אונ מען וויל עש זאל ניט קומען צוא קריג אונ געשרייא · זאגין צווייא אדער דרייא אין איינעם קדיש :

יז ווען איינער וויל קדיש זאגן נאך זיין עלטער פאטער אדער עלטער מוטער וואש זיינען געשטארבין אן זין אדר נאך זיינע קינדער וואש האבן קיין זין ניט גלאזט זאלין אים די אבלים צו לאזין איין קדיש ווען עש האט שוין יעדערער פון זייא גזאגט :

יח ווער עש האט גיהאט יאר צייט אונ האט קיין קדיש ניט גזאגט · ווארום ער איז גוועזין אויף דעם וועג אדער עש זיינען גוועזין אזעלכע אבלים וואש זיינען בילכער פון אים אונ עש איז אן אים קיין קדיש ניט אן גקומען · מעג ער זאגין קדיש אין מעריב ביי דער נאכט נאך דעם יאר צייט · אונ דער קדיש ווערט אים גירעכינט גלייך ער וואלט אים גזאגט בייא טאג אין דעם יאר צייט :

יט ווען עש קומט אן איינעם קיין קדיש ניט אן · גיט ער זיך איין עצה · ער לערינט איין פרק משניות אדער איין איינציגע משנה אונ דער נאך דעם אמר רבי אלעזר וואש נאך אין כאלהינו · אדער דעם אמר רבי יוחנן וואש צום לעצט ויתן לך אדער איין אנדער ברייתא אונ זאגט דרויף רבנן קדיש · קאן ער ניט לערנען זאגט ער איין קאפיטיל תהלים אונ דער נאך דעם אמר רבי אלעזר אדער דעם אמר רבי יוחנן אדר איין שטיקיל גמרא וואש שטייט אין מעמדות אדר אין חק לישראל · אונ זאגט דער נאך רבנן קדיש :

# כא דינים שאחר התפלה ובו ד׳ סעיפים

## וואש מען זאל טאן נאך דעם דאווענען

א אין פיל קהלות זיינען דא חברות וואש זייא לערנען ש״ס אדער משניות אדר שלחן ערוך תיכף נאך דעם דאווענען · אבער דארטין וואו עש איז ניטא אזו איין חברה זאל יעדער מענטש פאר זיך אליין לערנען נאך דעם דאווענען אונ ער זאל זיך אויש זעצין די צייט אויף אלע טאג גלייך איין האלב שעה אדר איין שעה אדר צווייא שעה · לויט ווייא ער קאן · אונ אז עש קומט אים אמאל אויס אז ער מוז אין דער צייט נייטיג אוועק גיין · זאל ער צום ווייניגסטנס לערנען איין איינציגע הלכה אדער איין איינציגין פסוק · אונ שפעטער ווען ער האט שוין אפ גיטאן דאש נייטיגע געשעפט זאל ער דער לערנען זיין שיעור וואש ער האט פריער פאר פעלט :

ב יעדער איד הן רייך אדער ארים · יונג אדר אלט · גזונט אדר קראנק · מוזין אלע לערנען תורה · אפילו דער עני וואש גייט אויף די טירין מוז האבן איין אויס געזעצטע צייט צו לערנען בייא טאג אונ בייא נאכט אזו וויא עש שטייט אין פסוק והגית בו יומם

ולילה

ולילה · דו זאלסט די תורה לערנען ביא טאג אונ ביא נאכט · ווער עש קאן אבער ניט לערנען אדער עש איז אים ניט מיגליך צוא לערנען מחמת ער איז אטרוד אין פיל געשעפטין · זאל ער אונטער שטיצין מיט זיין געלט אנדערע לומדים זייא זאלין קענען זיצין אונ לערנען אן דאגת פרנסה · אונ דאש ווערט אים גירעכינט גלייך וויא ער וואלט אליין גילערינט · אזוא וויא אונזר היילגע גמרא זאגט אויף דעם פסוק שמח זבולן בצאתך ויששכר באהליך · פרייא דיך זבולן מיט דיין ארום פארין אין דער וועלט·אונ דו יששכר מיט דיין זיצין אין די גיצעלטין · ווארום די ביידע ברידר זבולן אונ יששכר האבין צווישין זיך חברותא גימאכט אז זבולן זאל ארום פארין האנדלין אונ ער זאל דר נערין זיין ברודר יששכר וואש ער איז שטענדיג געזעסין אונ גילערינט תורה · דאש איז ביא גאט ברוך הוא זייער אן גינומן גיוועזן אונ זבולן האט גהאט אגלייכין שכר מיט יששכר פר דר תורה וואש ער האט גילערינט · אונ איבר דעם שטייט אין פסוק זבולן פאר יששכר ווארום דיא גאנצע תורה וואש יששכר האט גילערינט איז ארויס גיקומן פון זבולון וויל ער האט אים גיגעבין פרנסה · מיר גיפינן אויך אין דר אנדרע משנה פון דר מסכת זבחים · דעם נאמען פון איין תנא שמעון אחי עזריה דער ברודער פון עזריה · אונ אייגענטליך איז דאך תמיד דער שטייגער צו זאגין דר איז דעם אונ דעמס זון אבער ניט אן צוא רופין נאך דעם ברודר · נאר וויל עזריה איז גיוועזין איין סוחר אונ האט אויס גיהאלטין זיין ברודער שמעון מיט אלץ וואס ער האט באדארפט כדי ער זאל זיצין אונ לערנן · אונ ער האט אויס גינומן מיט זיין ברודר שמעון אז ער זאל אויך האבין איין שכר אין הימל פר דר תורה וואס ער לערינט · איבר דעם האט ער דיא זכיה גיהאט אז זיין נאמן איז גיבליבין אויף אייביג אין דער היילגע גמרא אז זיין ברודר דר תנא ווערט אן גרופין נאך אים ׃

ג דער געשעפטס מענטש וואש קאן ניט שטענדיג זיצין אונ לערנען זאל ער אין דר צייט וואש ער זעצט זיך אויס אלע טאג אויף תורה צוא לערנן זעלכע הלכות אונ דינים וואס יעדער איד דארף זייא שטענדיג וויסין · אויך זאל ער לערנן עין יעקב אונ מדרש·אונ חובת הלבבות · ראשית חכמה · שבט מוסר אונ אנדרע מוסר ספרים · אויך איז זייער רעכט צוא לערנען אלע טאג אין חק לישראל ׃

ד אלדינג וואס מען לערינט · זאל מען שארף ארויס ריידין אז מען זאל עס אליין גוט הערין · ווארום עס שטייט אין פסוק לא ימוש ספר התורה הזה מפיך · דיא תורה זאל ניט אוועק גיין פון דיין מויל · דאס הייסט דו זאלסט זיא ארויס ריידין · אויך גידיינקט מען לאנג דאס וואס מען זאגט ארויס מיט דיא מויל · אבר ווען מען קוקט נאר אריין מיט דיא גידאנקען · דאס פאר געסט זיך באלד ׃

# כב הלכות ספר תורה ובו ז׳ סעיפים

## דינים פון איין ספר תורה

א דר דין איז אז יעדער איד מוז זיך אליין שרייבין איין ספר תורה · אונ אפילו אז מען האט שוין איין ספר תורה פון פאטער איז איין מצוה נאך איין ספר צו שרייבן

אליין

אַלֵיין · נָאר ווייל נִיט יעדער קאן שְׁרייבִּין אִיז מֶען יוצא ווען מען לָאזְט זִיךְ אַיין סֵפֶר שְׁרייבִּין אָדֶר מֶען קוֹיפְט אַיין סֵפֶר תּוֹרָה אוּנ מֶען פַאר בֶּעסֶערְט אִין אִיר אַיין טָעוּת · דָאשׁ הֵייסְט גְלַייךְ וויא מֶען וואלט אִיר אַלֵיין גִישְׁרִיבְּן · אוּנ דֶר מִנְהָג אִיז · אַז וֶוען מֶען לָאזְט שְׁרייבִּין אַיין סֵפֶר · לָאזְט דֶר סוֹפֵר צוּם לֶעצְטִין לֵיידִיג אַיין שׁוּרָה אָדֶר דִיא ווערְטֶר לְעֵינֵי כָּל יִשְׂרָאֵל · אוּנ דֶער וואס הָאט אִיר בַּאשְׁטֶעלְט שְׁרַייבְּט אַלֵיין צוּא דִיא שׁוּרָה אָדֶער דִיא עֶטְלִיכֶע ווערְטֶר:

ב מֶען טָארְ נִיט פַר קוֹיפִין אַיין סֵפֶר תּוֹרָה · אוּנ אַז מֶען אִיז אִין אַיין שְׁטַארְקֶע נוֹיט מוּז מֶען גֵיין צוּם רַב אַיין שְׁאֵלָה פְרֶעגִין אוֹיבּ מֶען מֶעג דָאם סֵפֶר פַאר קוֹיפִין:

ג אוֹיךְ אִיז אַיין גְרוֹיסֶע מִצְוָה צוּא קוֹיפִין דִיא הֵיילִיגֶע סְפָרִים וואשׁ מֶען דַארְף צוּם לֶערְנֶען · דָאשׁ הֵייסְט חוּמָּשִׁים אוּנ דִי אַנְדֶערֶע סְפָרִים פוּן תַּנַ"ךְ · אוּנ מִשְׁנָיוֹת · שַׁ"ס פּוֹסְקִים · מוּסַר סְפָרִים אוּנ חוּץ דֶעם וואס מֶען זָאל אַלֵיין לֶערְנֶען אִין דִי דָאזִיגֶע סְפָרִים זָאל מֶען זַייא אוֹיךְ לַייעֶן אַנְדֶערֶע צוּא לֶערְנֶען · ווארוּם אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע גְמָרָא זָאגְט אַז וֶוער עֶס פַר לַייעֶנְט זַיינֶע סְפָרִים אַנְדֶערֶע מֶענְטְשִׁין זַיי זָאלְן אִין זַיי לֶערְנֶען · דֶער הָאט זַייעֶר אַיין גְרוֹיסִין שָׂכָר אִין הִימְל · וֶוער עֶס הָאט נִיט אַזוֹי פִיל גֶעלְד אַז עֶר זָאל זִיךְ קֶענֶען בֵּיידֶע קוֹיפִין · דָאשׁ הֵייסְט אַיין סֵפֶר תּוֹרָה אוּנ דִי אַנְדֶערֶע הֵיילִיגֶע סְפָרִים · זָאל עֶר זִיךְ בֶּעסֶער קוֹיפִין דִיא אַנְדֶערֶע סְפָרִים אַלֵיין:

ד דִי סֵפֶר תּוֹרָה מוּז מֶען הַאלְטִין מִיט גְרוֹיס כָּבוֹד · אוֹיךְ פַאר דֶעם אָרְט וואשׁ דָאס סֵפֶר לִיגְט דָארְטִין מוּז מֶען הָאבִּין גְרוֹיס דֶרֶךְ אֶרֶץ אוּנ מֶען מוּז עֶס הַאלְטִין זֵייעֶר רֵיין אוּנ שֵׁיין · אוֹיךְ טָאר מֶען נִיט אוֹים שְׁפַּייעֶן פַאר אַיין סֵפֶר תּוֹרָה · אוּנ מֶען טָאר אִיר נִיט נֶעמֶען אִין דֶער הַאנְט אַרַיין אָן אַיין מֶענְטֶעלֶע · אוּנ אַז מֶען זֶעהְט טְרָאגִינְדִיק אַיין סֵפֶר תּוֹרָה מוּז מֶען אוֹיף שְׁטֵיין אוּנ זִיךְ נִיט צוּא רִיקֶעצִין בִּיז מֶען שְׁטֶעלְט אִיר צוּרִיק אַרַיין אוֹיף אִיר אָרְט · אָדֶר בִּיז מֶען זֶעהְט אִיר נִיט מֶער · אוּנ אִין שׁוּל וֶוען מֶען נֶעמְט אוֹיס דֶעם סֵפֶר אוּנ וֶוען מֶען טְרָאגְט אִיר צוּא רִיק צוּם אָרוֹן הַקּוֹדֶשׁ · זָאל אִיר יֶעדֶער מֶענְטְשׁ בַּאלַייטִין פוּן זַיין אָרְט בִּיז צוּם אָרוֹן קוֹדֶשׁ · אוֹיךְ דִיא וואס זַיינֶען מִיט הַגְבָּהָה אוּנ גְלִילָה זָאלְן גֵיין נָאךְ דֶעם סֵפֶר בִּיז מֶען שְׁטֶעלְט אִיר אַרַיין אִין אָרוֹן קוֹדֶשׁ:

ה אוֹיךְ פַאר אַנְדֶערֶע סְפָרִים מוּז מֶען שְׁטַארְק דֶרֶךְ אֶרֶץ הָאבִּין · מֶען טָאר נִיט זִיצִין אוֹיף אַיין בֵּייגְקִיל וואס עֶס לִיגְט דְרוֹיף אַיין חוּמָּשׁ אָדֶר אַיין גְמָרָא אָדֶער אַנַאנְדֶער סֵפֶר · מֶען טָאר קַיין אַיינְצִיגְן סֵפֶר נִיט לָאזִין לִיגִין אוֹיף דֶער עֶרְד · מֶען טָאר עֶס נִיט אַרָאפּ ווארְפִין · אוּנ נִיט מִיט דִי בְּלֶעטֶער אַרָאפּ · אוּנ אַז עֶר זֶעהְט אַיין סֵפֶר לִיגִינְדִיק אִיבֶּר גִיקֶערְט מוּז עֶר עֶס צוּ רִיק אִיבֶּר קֶערִין אַזוֹי וויא עֶס דַארְף צוּא לִיגִין · אוֹיךְ טָאר מֶען פַאר קַיין סֵפֶר נִיט טָאן אַיין זַאךְ וואס אִיז נִיט שֵׁיין אָדֶר נִיט רֵיין · אוֹיךְ טָאר מֶען זִיךְ נִיט בֶּעדִינֶען מִיט אַיין סֵפֶר פוּן זֵיינְט וֶועגִין וויא מִיט אַיין פְרָאכְטֶע זַאךְ · לְמָשָׁל דֶר מִיט צוּ פַאר שְׁטֶעלִין דִיא זוּן · אָדֶר זִיךְ צוּ פַר שְׁטֶעלִין אַז אַיין אַנְדֶרֶר זָאל נִיט זֶעהֶן וואס עֶר טוּט · אָדֶער דָאם אוּנְטֶער צוּא לֵייגִין אוּנְטֶר אַיין אַנְדֶער סֵפֶר כְּדֵי עֶס זָאל אִים הֶעכֶער זַיין אַרַיין צוּא קוּקִין אָדֶער אַרַיין צוּא לֵייגִין

אין

אין אנדער ספר אריין כדי ער זאל ווסן וואו ער האלט · הכלל יעדער ספר איז הייליג אונ מען טאר עס ניט מער באנוצין נאר צום לערנן אבר ניט צו אנאנדער זאך :

ו אויך דיא טאוולען וואס איין ספר איז דריננן איין גיבונדן מוז מען האלטן בכבוד אונ אויך ווען מען האט זייא שוין אראפ גנומן פון דעם ספר טאר מען זיי ניט אוועק ווארפן אונ ניט אין זייא אריין לייגן איין אום הייליגע זאך · איבער דעם ווען מען ניט איין אלטין כסף צוא איין איינבינדער איין נכרי מוז מען פריער אפ רייסן דיא אלטע טאוולען כדי דער איינבינדער זאל זייא ניט באנוצין צוא אנאנדער זאך :

ז איניגע איינבינדערס קלעפין צוא זאמען אלטע בלעטער פון ספרים אונ מאכין דר פון טאוולען · דאס איז אבער איין גרויסע עבירה אונ מען דארף אויף זייא אן צוא שרייען זייא זאלין דאש ניט טאן :

# כג דיני הנהגת האדם ובו י"ז סעיפים :
## וויא דער איד זאל זיך פירען :

א יעדער מענטש האט אין זיך איין אנדערע נאטור · איינער איז אגרויסער בעל כעס אונ בייזערט זיך שטענדיג · איין אנדערער איז ווידר זייער גיט אונ בייזערט זיך קיין מאל ניט · איינער איז אגרויסער בעל גאוה אונ קיינער איז צוא אים גאר ניט גלייך · דער אנדערער איז ווידער בייא זיך צוא נידעריג אונ יעדער איז בייא אים גרעסער וויא ער אליין · איינער איז אשטארקער בעל תאוה · זיין גאנצין לעבין איז נאר עסין אונ טריקען אונ אנדערע זאכין וואס דער גוף האט דער פון הנאה · דער אנדערער וויל ווידער פון דער וועלט גאר ניט גניסין אונ האט אפילו ניט קיין לוסט צוא זעלבע זאכין וואס דער מענטש קאן גאר אן זייא ניט לעבין : דער אנדערער האט זייער ליב געלט אונ וויא פיל ער האט איז אים אלץ ניט גינוג · אונ אנדערע ווילין גאר קיין געלט ניט האבין ער וויל אפילו ניט פאר דינען דאס וואס ער דארף צום לעבין : איינער איז זייער קארג אונ פאר גינט זיך ניט אפילו דאש שטיקעל ברויט · דער אנדערער איז ווידער צוא מילד אונ שפריצט מיט געלט אויף אזעלכע זאכין וואש מען דארף גאר ניט · דיא אלע מדות זיינען אבער אלץ ניט גוט · ווארום אזו וויא בייא עדער זאך. איז ניט גוט אז דיא איז צו פיל · אזו איז ווידער ניט גוט צוא ווייניג · דאש בעסטע איז נאר דער מיטעל וועג · אזו וויא עס איז ניט גוט צוא זיין שטענדיג בייז · ווארום מען פאר קירצט זיך דאש לעבין אונ יעדערער האט אים פיינט · אזו איז ווידער שלעכט אז מען איז צו גוט · ווארום יעדערער טאנצט אים אויף דעם קאפ ארום אונ זייגע אייגענע קינדער אונ משרתים פאלגין אים ניט · דאש בעסטע איז תמיד צוא זיין גילאסין · נאר אז עש איז אמאל נייטיג זאל מען זיך בייזערן אויף אקינד אדער אויף איין אנדערן · יעער זאל מיינען אז ער איז שטארק אין כעס אונ זאל זיך בעסערין · אבער אויך דעמאלט ווען מען בייזערט זיך מוז מען בייא זיך אין הארץ זיין גאנץ רוהיג אונ גאר קיין שום כעס ניט האבין · ווארום חוץ וואש כעס איז זייער ניט גיזונד פאר

דעם מענטשין · איז עס אויך איין גרויסע עבירה · אונ דיא גמרא זאגט אז ער האט דער פאר איין גרויסין עונש אין גיהנם :

ב דיא גאוה איז זייער איין שלעכטע מדה · אינ אויך זייער נארעש · ווארום ווען דער מענטש זאל זיך נאר באטרעכטען וואש ער איז אין גאנצין · מוז ער איין זעהען אז ער האט זיך ניט מיט וואש גרויס צוא האלטין · אויך שאט דאש זייער שטארק ווארום איין בעל גאוה קאן קיינער ניט ליידין אונ יעדערער איז אים איין שונא אבער פון דעסט וועגין מוז מען אמאל האבין אביסל גאוה למשל איין תלמיד חכם ווען ער זעהט אז דורך דעם וואש ער האלט זיך זייער נידעריג איז אים איינער מבזה אונ לאכט אים אוים · דא טאר ער ניט שווייגין · ווארום דאש איז דאך איין שאנד פאר דער תורה וואש ער האט אין זיך · אבער דעם מוז ער קענין יענעם אויף טרעטין מיט אביסעל גאוה אונ אים געבין צוא פאר שטיין ווער ער איז · דאש ביסיל גאוה מוז אבער נאר זיין מיט דעם מויל פאר יענעם · אבער ביי זיך אין הארצין מוז ער ווישין אז ער איז נאר בלוט אונ פלייש · אונ היינט איז ער דא' אונ מארגין ליגט ער שוין אין דער ערד · נוא מיט וואש האט ער זיך איבער צוא נעמען אונ גרויס צוא האלטין :

ג צוא פיל זיך צוא פאר לייגין אויף עסין אונ טרינקען אונ אנדערע תאוות איז זייער שלעכט · עש ברייננט דעם מענטשין צוא אלע עבירות · עס פאר שטאפט אים דעם שכל · עס ברייננט אים צוא פיל אים גליק · ווארום אז עס קומט אוים אז מען האט ניט אזוי צוא עסין אונ צוא טרינקען אדער דיא אנדערע זאכין וואש מען האט זיך גיוויינט · מוז מען טאן איין גניבה אדער איין רציחה אדער איינעם באשווינדלען · אונ דער סוף איז אז מען קומט אין איין קרימענאל אריין אונ כען מאכט זיך אום גליקליך אויף תמיד · אויך ברייננט דאס פיל עסין אונ טרינקען אלערלייא קריינק אונ מען לעבט ניט לאנג · אבער זיך גאר צוא פייניגין אונ פיל צוא פאסטין אונ פון דער וועלט ניט צוא גינייסין אפילו דאש וואש מען דארף דאש לעבין צוא דער האלטין · דאש איז אויך ניט גוט · אזו וויא דער פסוק זאגט צדיק אוכל לשובע נפשו · דער פרומער עסט אזו פיל וואס ער דארף כדי ער זאל זאט זיין · ער לעבט ניט כדי ער זאל עסין · נאר ער עסט כדי ער זאל לעבין · אונ זאל קענען דעם אויבערשטין דיינען :

ד דער וואש האט דאש געלט צוא שטארק ליב · אונ וויא פיל ער האט איז אים אלץ ניט גינוג · דער איז מער ארום וויא דער ארומאן · ווארום דעם ארומאן פעלין ניט מער נאר דיא עטליכע רובעל וואש ער דארף צום לעבין · באקומט ער דיא עטליכע רובעל איז ער שוין זייער גליקליך אונ עש פעלט אים גאר ניט מער · אבער דער וואש איז שטענדיג הונגעריג אויף געלט פעלט אים תמיד · ער האט קיין מאל ניט גינוג · ער מעג פאר דינען טויזינטער איז עס אים אלץ ווייניג · ווארום מער צוא האבין דאש האט דאך גאר קיין עק אונ קיין סוף · נוא וואש נוצט אים דאש געלט ווען ער האט דער פון קיין הנאה ניט · דער ארומאן ווען ער עסט זיך

זיך נאר זאט אן מיט טרוקען ברויט שלאפט ער זייער גישמאק · אבער ער אפילו ער עסט מעדני מלכים קאן ער אליץ ביא דער נאכט ניט שלאפין אונ דיא דאגות לאזין אים ניט רוען · ער ווערט אלט פאר דער צייט אונ קאן ניט לאנג לעבין אונ אויך אויף יענער וועלט ווערט ער גישטראפט · ווארום ווער עש האט זייער ליב געלט דער גיט קיין צדקה ניט · אונ טוט ניט אזעלכע מצות וואס קאסטין געלט · אונ אפילו ווען ער טוט אמאל איין מצוה · ועהט ער אליץ זיא זאל אים ניט פיל קאסטן · אונ דער דין איז דאך אז כזען טוט איין מצוה מוז עס זיין דאש שענסטע אונ דאש בעסטע אזוא וויא דיא היילינגע גמרא זאגט התנאה לפניו במצות · דוא מוזט נאט ברייגען דיא שענסטע מצוה · למשל דוא קויפסט איין אתרוג מוזטו זעהען ער זאל זיין זייער שיין אונ כשר אפילו ער זאל פיל קאסטין · אויך קאן ער גאר ניט אין זינען האבין תורה צוא לערנען אדער מצות צוא טאן · ווארום זיין קאפ איז דאך שטענדיג פאר טראגין געלט צוא זאמלען · ווייא איז אים אונ ווייא איז צוא זיין נשמה · אבער פון דעסט וועגין מען זאל ווידער גאר פיינד האבין דאש געלט אונ ניט צוא וועלין פאר דינען אפילו וואש מען דארף נייטיג צום לעבין · דאש איז אויך ניט גוט · ווארום אין פסוק שטייט וברכך יי' אלהיך בכל אשר תעשה · גאט העט דיך בענטשין אין אלם וואש דוא וועסט טאן · דרויף זאגט דיא גמרא · יכול יהא יושב ובטל · איך וואלט וועלין מיינען אז דער אויבערשטער וועט דיך בענטשין אויך ווען דוא וועסט ליידיג זיצין אונ וועסט גאר ניט טאן · תלמוד לומר אשר תעשה איבער דעם פירט דער פסוק אויש דיא ווערטער אשר תעשה · דאש הייסט אין וואס דוא וועסט טאן וועסטו האבין דיא ברכה · אבער אז דוא טוסט גאר ניט וועלין דיר ניט אראפ שפרינגען רענדלאך פון דעם הימעל · דער מענטש מוז טאן אונ דער אויבערשטער העלפט אים דער צוא · איבער דעם מוז יעדער איד זעהען צוא האבין איין ערליכע פרנסה · זיין שטיקעל ברויט זיך בכבוד צוא פאר דינען · ער זאל ניט בדארפין צוא לייטינש גאב אן קומען · אבער דאש מוז נאר זיין איין נעבין זאך · נאר אזוא פיל צוא פאר דינען וואש ער זאל האבין דאש נייטינגע וואש מען קאן אן דעם ניט זיין · אונ דיא איבעריגע צייט מוז מען פאר ברייגען מיט תורה לערנען :

ה איין קארגער האט גאר קיין לעבין ניט · ער פאר גינט זיך ניט זאט צוא עסין אדער אין איין שיין קלייד צוא גיין · זיין אייגענע ווייב אונ קינדער קענען אים ניט ליידין · ווארום ער גיט דאך זייא ניט וואש זייא דארפין · אנדערע מענטשין האבין אים גיורים פיינד · ווארום ער לאזט זיך קעגין קיינעם ניט קענען · קיינער האט פון אים קיין הנאה · ניט ער לעבט · שטענדיג פאר קלאגט אונ פאר וויינט · אז עש קומט אים אמאל אויש אז ער מוז עפעס געלט אויש געבין · נעמט עש אים אוועק דאש לעבין · אונ חוץ דעם וואש ער ווערט דא פאר שווארצט האט ער אויך יענער וועלט פיל צוא ליידין אין גיהנם · ווארום ער קומט אהין נאקעט אן מצות · ער העלפט קיינעם ניט אין דער נויט · ער טוט קיינעם קיין

טוֹבָה נִיט · עֶר לָאזְט צוּא זִיךְ נִיט אַרַיין קַיין אָרוּמַאן עֶר זָאל אִים געבִּין אַיין אֵיינְצִיגֶע פְּרוּטָה · וִויא עֶס קוּמְט צוּא אַיין מִצְוָה וָואשׁ זִיא דַארְף גֶעלְד צוּ קָאסְטִין ווייל עֶר פוּן איר גִיט וִוייסִין · זַיין לֶעבִּין אִיז בִּיטֶער אוּנ פִינְסְטֶער אִין בֵּיידֶע וֶועלְטִן · אִבֶּער ווידֶער אֵיינֶער וָואשׁ שְׁפְּרִיצְט צוּא פִיל מִיט דֶעם גֶעלְט אִיז אוֹיךְ נִיט גוּט · וָוארוּם מֶען מוּז דָאךְ זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער אוֹיךְ אִין זִינֶען הָאבִּין · אוֹיךְ אַיין בְּרוּנִים וָואשׁ מֶען שֶׁעפְּט אוֹישׁ איר שְׁטֶעטִידִיג מוּז זִיךְ אַמָאל אוֹים לָאזִין מִכָּל שֶׁכֵּן גֶעלְט וָואשׁ עֶשׁ אִיז דָאךְ קַיין קְוָואל · אִיבֶּער דֶעם אִיז דֶער דִין הַמְבַזְבֵּז אַל יְבַזְבֵּז יוֹתֵר מֵחוֹמֶשׁ · וֶוען אֵיינֶער אִיז שׁוֹין גָאר אַיין גְרוֹיסֶער פַּזְרָן אוּנ שְׁפְּרִיצְט שְׁטַארְק מִיט גֶעלְט · טָאר עֶר נִיט מֶער אַוֶועק גֶעבִּין וִויא אַיין פִינְף טֵייל פוּן זַיין פַר מֶעגִין אָבֶּר נִיט מֶער · עֶס אִיז זֵייעֶר גוּט דֶער מֶענְטְשׁ זָאל זַיין פְרַייא גֶעבּוּנג עֶר זָאל הָאבִּן אַיין אָפֶּענֶע הַאנְט קֶעגִין אָרִימֶע לַייט אוּנ זָאל אַנְדֶערֶע מֶענְטְשִׁין לַייעֶן גֶעלְט אִין דֶער נוֹיט · אִבֶּער אַלֶץ מִיט מָאס אוּנ גָאבּ לוֹיט זַיין שְׁטַאנְד אוּנ זַיין פַאר מֶעגִין וָוארוּם אַז עֶר גִיט מֶער וִויא עֶר קֶען · בְּלַייבְּט עֶר אַלֵיין דֶער נָאךְ אַיין אָרוּמַאן אוּנ קֵיינֶר אִיז אִים נִיט שׁוּלְדִיג :

ו צוּא פִיל רֵיידִין אִיז נִיט גוּט · שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ זָאגְט בְּרוֹב דְבָרִים לֹא יֶחְדַל פָּשַׁע · וֶוען מֶען רֶעט פִיל אִיז נִיט מִיגְלִיךְ מֶען זָאל מִיט דִיא וֶוערְטֶער נִיט זִינְדִיגִין · אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים זָאגִין כָּל הַמַרְבֶּה דְבָרִים מֵבִיא חֵטְא׳ וֶוער עֶשׁ רֶעט צוּא פִיל מוּז זִינְדִיגִין · אוֹיךְ אִיז בֵּייא מֶענְטְשִׁין שְׁטַארְק מְבוּזֶה אֵיינֶער וָואשׁ רֶעט צוּא פִיל · מַאנְכֶע מָאל מַאכְט מֶען זִיךְ אוּמְגְלִיקְלִיךְ מִיט פִיל רֵיידִין · מֶען חַאפְּט זִיךְ אַמָאל אַרוֹים מִיט אַוָוארְט וָואשׁ מֶען קָאן עֶשׁ דֶער נָאךְ מִיט דֶעם גַאנְצִין פַאר מֶעגִין נִיט בַּצָאלִין · אָבֶער מֶען זָאל גָאר נִיט רֵיידִין דָאשׁ אִיז דָאךְ נִיט מִיגְלִיךְ · אִיבֶּער דֶעם זָאל זִיךְ דֶער מֶענְטְשׁ גְוֵוינֶען זֵייעֶר וֵוייניג צוּא רֵיידִין נָאר אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער וָואשׁ עֶר מוּז נֵייטִיג רֵיידִין · אָבֶּער אִין תּוֹרָה וָואשׁ מֶער מען רֶעט אִיז אַלֶץ בֶּעסֶר · וָוארוּם אֵייגִינְטְלַאךְ הָאט דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶר גִיגֶעבִּין דֶעם מֶענְטְשִׁן דָאשׁ לְשׁוֹן נָאר כְּדֵי עֶר זָאל תּוֹרָה לֶערְנֶן · אֵיין חָכָם הָאט אוֹיף דֶעם זֵייעֶר גְלַייךְ גִיטֵייצְט דֶעם פָּסוּק מוֹצָא שְׂפָתֶיךָ תִּשְׁמוֹר דוּא מוּזְט זֵייעֶר שְׁטַארְק הִיטִין אוּנ אַכְטוּנְג גֶעבִּין אוֹיף יֶעדֶען וָוארְט וָואשׁ עֶשׁ גֵייט אוֹישׁ דַיינֶע לִיפִּין אַרוֹישׁ · וְעָשִׂיתָ כַּאֲשֶׁר נָדַרְתָּ לַיְיָ אֱלֹהֶיךָ · דוּא מוּזְט דָאשׁ מוֹיל אַזוֹ מַאכִין גְלַייךְ דוּא הָאסְט עֶשׁ מִיט אַיין נֶדֶר הֵיילִיג גִימַאכְט צוּ גָאט ב״ה׳ נְדָבָה אֲשֶׁר דִבַּרְתָּ בְּפִיךָ · וָוארוּם אֵייגִינְטְלִיךְ אִיז דָאךְ דָאשׁ אַיין גְרוֹיסֶער חֶסֶד פוּן זַיין לִיבִּין נָאמֶען וָואשׁ דוּא קֶענְסְט רֵיידִין מִיט דֶעם מוֹיל · דוּא בִּיסְט דָאךְ דָאשׁ אֵיינְצִיגֶע בַּשֶׁעפִינֶעשׁ אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט וָואשׁ דוּא קֶענְסְט רֵיידִין מִיט שֵׂכֶל · נוּא פַאר וָואשׁ זָאלְסְטוּ דִיא דָאזִיגֶע גְרוֹיסֶע מַתָּנָה וָואשׁ דֶער א יבֶּערְשְׁטֶר הָאט דִיר גִיגֶעבִּין בַּנוּצִין אוֹיף שְׁלֶעכְטֶע זַאכִין :

ז צוּא פִיל לוּסְטִיג זַיין · צוּא פִיל לַאכִין אִיז אוֹיךְ נִיט גוּט · וָוארוּם דָאשׁ פִירְט צוּם זִינְדִיגִין · אוּנ אַז דֶער מֶענְטְשׁ דֶער מָאנְט זִיךְ נָאר וָואשׁ עֶר אִיז אִין גַאנְצִין אוּנ וָואשׁ אוֹישׁ אִים וֶועט וֶוערִין · דַארְף זִיךְ אִים נִיט גִילוּסְטִין צוּא לַאכִין · אִיבֶּער

הויפט

הויפט ווען מען דער מאנט זיך אז אידין זיינען אין גלות קאן מען גווים ניט לאכין אזו וויא אונזער גמרא זאגט מיום שחרב בית המקדש אסור לאדם שימלא פיו שחוק בעולם הזה · זינד דאש הייליגע בית המקדש איז חרוב גיווארין טאר דר איד ניט לאכין מיט דעם פולין מויל · דא זאל מען זעהן וויא אונזערע הייליגע חכמים האבין גיצייל̇ט וויא פעריל יעדעם ווארט וואש זייא האבין גיזאגט זייא זאגין ניט אז מען טאר גאר ניט לאכין נאר אז מען טאר ניט לאכין מיט דעם פולין מויל · ווארום אייגינטליך אמאל איין לאך צוא געבין פון דעם קאן זיך דער מענטש גאר ניט אפ היטין אונ עש שאט אויך ניט · אבער מיט דעם פולין מויל צוא לאכין · גלייך מען האט גאר ניט צו זארגין דאש טאר מען ניט · ווארום אונז פעלט זייער פיל · מיר קענען פיל מצות ניט טאן וואש זייער ארט איז נאר גיוועזין אין א״י ישראל · מיר האבין פאר לארין דאש הייליגע הויז וואש דרינען איז גיוועזין דיא שכינה שטענדיג · אונ אויך אזעלכע מצות וואש זייא הייגען ניט אפ פון ארץ ישראל · טוען מיר ניט אזוא וויא מען דארף · ווארום די פרנסה אונ טויזינט אנדערע זאכין שטייען אונז אין וועג אונ לאזין אונז ניט טאן גאטש ווילין · נוא וויא אזוא קאן מען פריילוך זיין · אבער צו טרויעריג צו זיין איז אויך ניט גוט · ווארום טרויערקייט פאר שלאגט דעם קאפ אונ עש ברייננגט דעם מענטשן אוועק פון דער וועלט · פאר קערט ווען מען לערינט תורה אונ ווען מען טוט איין מצוה דארף מען פריילוך צוא זיין אונ דער קאפ דארף דער בייא צוא זיין פרייא אונ לוסטיג · ווען מען איז אמאל אויף איין סעודת מצוה · למשל אויף אחתונה אויף א ברית מילה אויף איין פיום מעג מען פריילוך זיין · אבער דאש לוסטיג זיין מוז אויך זיין מיט דרך ארץ אונ ניט צוא פיל · וויא די גמרא זאגט אויף דעם פסוק וגילו ברעדה · פרייט אייך מיט ציטערניש · במקום גילה שם תהא רעדה · אין דער פרייד אונ דר לוסטיקייט אליין מוז זיין איין ציטערנעש · אויך דעמאלט ווען מען פרייט זיך אונ מען איז לוסטיג מוז מען ציטערין פאר גאט · מען מוז זיך דער מאנען אז מען איז נאר איין זינדיגער מענטש · אויך טאר מען ניט פאר געסין אז מלוא כל הארץ כבודו · דער אויבערשטער איז אומעטום עס איז ניטא איין איינציג ארט וואש גאט איז ניט דארט · נוא לאמיר זעהען למשל ווען אפילו דער גרעסטער מאן איז אויף איין באל וואש דער קייזר איז אויך דארטין · איז ער טאקע לוסטיג אונ פריילוך אבער אלץ מיט דרך ארץ · ווארום דער קייזער שטייט דאך אים פאר די אויגין · נוא וויא מוז מען נאך ציטערין אונ דרך ארץ האבין ווען מען ווייס אז מען שטייט פאר גאט אונ זיין ליבר נאמען זעהעט אלץ צוא וואש מען טוט :

ח דער מענטש טאר ניט זאגין איך זעה דאך אז עסין אונ טרינקען אונ גוט לעבין ברייגגט צוא זינדיגין · איבער דעם וויל איך מיר גאר אפ שיידין פון דער וועלט · איך וועל ניט עסין קיין פלייש אונ ניט טרינקען קיין וויין אונ ניט נעמען קיין ווייב ניט גיין אין שיינע קליידער אונ ניט וואונען אין איין שיינע דירה · אזו טאר מען ניט טאן · מען מוז זיך נאר דער ווייטערין פון אזעלכע זאכין וואש די

תורה האט אונז פאר באטן אבער זיך צוא פייניגין אויך פון אזעלכע זאכין וואש דיא תורה האט אונז מתיר גיוועזין · דאש איז איין שלעכטע מדה אונ מען זינדיגט דר מיט · ווארום מען שניידט זיך אפ דאש לעבין אונ מען קאן ניט גאט דינען אזו וויא מען דארף · בקיצור אלדינג וואש דער מענטש טוט מוז אלץ זיין אין מיטיל וועג ניט צוא פיל אונ ניט צו ווייניג :

ט אזו וויא דער מענטש מוז אכטונג געבין אויף זיך אליין ער זאל שטענדיג גוטש טאן אונ זאל זיך ניט פאר זינדיגין אזו מוז ער שטארק זעהען אויף דיא אנדערע מענטשין וואש ער גייט אום מיט זייא וויא אזו זייא פירין זיך אויף · אונ וויא באלד ער זעהעט איינם וואש ער גייט אין שלעכטין וועג · מוז ער זיך דער ווייטערין פון אים אונ זיך היטין מיט אים צוא גיין · מען מוז נאר אום גיין מיט פרומע מענטשין כדי מען זאל זיך אפ לערנען פון זייערע מעשים · אונ דעם כלל זאלסטו האבין אז דוא ווילשט אויף איין מענטש וויסין וואש ער איז׳אויב גוט אדער שלעכט · קלוג אדער איין נאר · זאלשטו נאר זעהען ווער זיינע חבירים זיינען · גייט ער אום מיט פרומע אונ מיט תלמידי חכמים · איז ער אליין אויך פרום אונ איין חכם · האט ער אבער שלעכטע חברים פראסטאקעס גראבע יונגען · איז ער אליין אויך ניט בעסער · או זער גמרא לערינט אונז אז ווען מען נעמט איין ווייב מוז מען זעהן זיא זאל זיין דיא טאכטער פון איין תלמיד חכם · ווען מען נעמט איין איידים זאל מען ניט קוקין אויף געלט נאר דיא הויפט זאך איז ער זאל זיין איין למדן אונ פרום · אויך בייא דעם טיש ווען מען עסט זאל מען זיצין צוא זאמען מיט איין תלמיד חכם · אונ האנדעל אונ אלע גישעפטין וואש מען טוט זאל מען אלץ טאן מיט ערליכע אידין וואש לערנען תורה :

י עש איז איין מצוה יעדען איד ליב צוא האבין וויא זיך אליין · מען טאר אויף יענעם קיין שלעכטץ ניט ריידין אונ ניט הנאה האבין ווען יענער ווערט פאר שעמט · אונ אפילו איינר טוט דיר שלעכטץ טארסטו אים ניט פיינט האבין אונ דוא טארסט אים ניט ריידין קיין שלעכטע רייד נאר דוא זאלשט אים מיט גוטין פיר האלטין פאר וואש ער האט דיר שלעכץ גיטאן · אונ אז ער בעט דיך דו זאלסט אים מוחל זיין · טארסטו ניט צו הארט זיין קעגין אים אונ מוזט אים פאר געבין אונ ווידער צוריק ליב האבין אזו וויא פריער · אויך טאר מען ניט גאט בעטין ער זאל איינעם שטראפין ווייל ער האט אים שלעכץ גיטאן :

יא ווען מען זעהעט איינר פירט זיך שלעכט אויף אדער ער טוט איין עבירה מוז מען אים שטראפין מיט גוטע רייד · אונ מען גיט אים צוא פאר שטיין וואס פאר איין פעלער ער האט גימאכט · דאש מוז אבער זיין ווען קיינער הערט ניט כדי יענער זאל ניט פאר שעמט ווערין · אויך טאר מען אים ניט שטראפין מיט בייזין אונ ווער עש וויים אז יענער וועט אים פאלגין אונ ער שטראפט אים ניט מיט ווערטער · פאלט דיא עבירה אויף אים אונ ער ווערט דער פאר גישטראפט פון אויבערשטין :

יב מֶען מוז זִיךְ זֵייעֶר שְׁטַארְק הִיטִין קֵיין אֵיינְצִיגִין מֶענְשׁ נִיט צוּ פַאר שֶׁעמֶען · אוּנ וָוער עֶס פַאר שֶׁעמְט דֶעם אַנְדֶערִין צְווִישִׁין מֶענְטְשִׁין · דֶער פַאר לִירְט זַיין חֵלֶק עוֹלָם הַבָּא אוֹיף תָּמִיד · מֶען טָאר יֶענֶעם נִיט רוּפִין מִיט אַיין צוּא נָאמֶען וָואשׁ עֶר שֶׁעמְט זִיךְ מִיט אִים אוּנ אֲפִילוּ צוּ רֵיידִין אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער וָואשׁ יֶענֶר זָאל מֵיינֶען אַז עֶר מֵיינְט אִים אוּנ זָאל זִיךְ שֶׁעמֶען דָאשׁ טָאר מֶען אוֹיךְ נִיט · אָבֶּער וֶוען יֶענֶער הָאט גִיזִינְדִיגְט קֶעגִין גָאט אוּנ דוּא הָאשְׁט אִים אֵיין מָאל גִישְׁטְרָאפְט וֶוען קֵיינֶער הָאט נִיט גִיהֶערְט · אוּנ עֶר הָאט דִיךְ נִיט גִיפָאלְגְט אוּנ הָאט זִיךְ נִיט גִיבֶּעסֶערְט · דָא מֶעגְסְטוּ אִים בַּאלֵיידִיגִין עֶפִינְטְלִיךְ צְווִישִׁין מֶענְטְשִׁין אוּנ אִים רֵיידִין בֵּייזֶע וֶוערְטֶער אוּנ יֶעדֶען דֶער צֵיילִין וָואשׁ עֶר הָאט גִיטָאן :

יג דֶער אִיד מוּז בַּארֶעמְהַארְצִיג זַיין אִיבֶּער יֶעדֶער מֶענְטְשׁ · אוּנ אֲפִילוּ אִיבֶּער אַיין בְּהֵמָה אוּנ אַיין עוֹף מוּז עֶר אוֹיךְ רַחֲמָנוּת הָאבִּין · אוּנ אַז מֶען אִיז אוּם מִישְׁנֶע מְצַעֵר אַיין לֶעבֶּעדִיגֶע זַאךְ פַאר זִינְדִיגְט מֶען זִיךְ שְׁטַארְק · מֶען טָאר אֲפִילוּ נִיט אוֹישׁ רַייסִין אַיין פֶּען פוּן אַיין לֶעבֶּעדִיגֶע גַאנְז · אוּנ אַז מֶען זֶעט וִויא פֶערְד שְׁלֶעפִּין אַיין שְׁוָוערִין וָואגִין אָדֶער בַּארְג אַרוֹיף אֲפִילוּ זֵייא זַיינֶען נִיט אִידְעשֶׁע פֶערְד אִיז רֶעכְט מֶען זָאל זֵייא הֶעלְפִין כְּדֵי דֶער פוּרְמַאן זָאל זֵייא נִיט שְׁלָאגִין צוּא צִיהֶען מֶער וִויא זֵייא קֶענֶען · פוּן דֶעם קָאן מֶען שׁוֹין פַאר שְׁטֵיין וִויא דֶער אִיד מוּז זִיךְ גִיווֵיינֶען אַיין וֵוייךְ הַארְץ צוּא הָאבִּין אוּנ זִיךְ צוּא דֶער בַּארֶעמֶען אִיבֶּער יֶעדִין · אִיבֶּער הוֹיפְּט מוּז עֶר שְׁטַארְק רַחֲמָנוּת הָאבִּין אוֹיף אַיין יָתוֹם אוּנ אַיין אַלְמָנָה אֲפִילוּ זֵייא זַיינֶען רַייךְ · וָוארוּם זֵייא הָאבִּין גֶעבִּיךְ אַיין אַיין גִיבְּרָאכֶענֶע הַארְץ אוּנ זֵייא הָאבִּין נִיט קֵיינֶעם וָואשׁ עֶר זָאל זִיךְ אָן נֶעמֶען פַאר זֵייא · אָבֶּער דָאשׁ רַחֲמָנוּת מוּז אוֹיךְ זַיין מִיט שֵׂכֶל · לְמָשָׁל אַז אַיין קְלֵיינֶער יָתוֹם וִויל נִיט לֶערְנֶען אָדֶער עֶר טוּט שְׁלֶעכְטֶע מַעֲשִׂים · דָא אִיז זֵייעֶר נַארֶעשׁ צוּא זָאגִין מֶען טָאר אִים נִיט שְׁלָאגִין וַוייל עֶר אִיז אַיין יָתוֹם · פּוּנְקְט פַאר קֶערְט מִיט דֶעם טוּט מֶען אִים נָאךְ שְׁלֶעכְטְשׁ · וָוארוּם עֶר וֶועט דָאךְ שְׁלֶעכְט אוֹיף וַואקְסִין · מֶען מוּז פְרִיעֶר זֶעהֶן מִיט אַלֶע מִיגְלִיכְקֵייט אִים מִיט גוּטִין בֶּעסֶער צוּא מַאכִין · זֶעהְט מֶען אָבֶּער אַז דָאשׁ הֶעלְפְט נִיט · מוּז מֶען צוּא אִים נֶעמֶען דִיא רוּט אוּנ אִים אַלֶע מָאל שְׁטְרָאפִין בִּיז עֶר בֶּעסֶערְט זִיךְ :

יד דֶער מֶענְטְשׁ מוּז זִיךְ הִיטִין דִיא וֶועלְט זָאל אִים נִיט חוֹשֵׁד זַיין אַז עֶר טוּט אַיין עֲבֵירָה · לְמָשָׁל אַז אֵיינֶער גֵייט נָאךְ אַיין נְדָבָה פַאר אַיין אַנְדֶערִין זָאל עֶר נִיט גֵיין אַלֵיין · מֶען זָאל אִים נִיט חוֹשֵׁד זַיין אַז עֶר נֶעמְט פוּן דֶעם גֶעלְט · אִיז עֶר אַיין גַבַּאי פוּן אַיין צְדָקָה זַאךְ · מוּז עֶר אַיין שְׁרַייבִּין אִין בּוּךְ יֶעדֶער מִינְדְסְטֶע פְּרוּטָה וָואשׁ עֶר גִיט אַרוֹישׁ אוּנ וָואשׁ עֶר נֶעמְט אַרַיין · אוּנ עֶר מוּז אִיבֶּער זִיךְ הָאבִּין אַיין רוֹאֶה חֶשְׁבּוֹן · אוֹיבּ עֶס גֵייט עֶרְלִיךְ צוּא · טְרִינְקְט מֶען מַאנְדִיל מִילְךְ נָאךְ פְלֵיישׁ · מוּזִין לֶעבִּין דֶעם גְלָאז לִיגֶען עֶטְלִיכֶע מַאנְדֶלְעֶן · כְּדֵי אַז וֶוען אַיין פְרֶעמְדֶער וֶועט אַרַיין קוּמֶען זָאל עֶר פַאר שְׁטֵיין אַז דָאשׁ אִיז נִיט קֵיין רֶעכְטֶע מִילְךְ נָאר מַאנְדִיל מִילְךְ · אַזוֹ אִיז בַּייא יֶעדֶער זַאךְ וָואשׁ מֶען טוּט · וֶוער שְׁמוּעֶסְט אַיין

תלמיד חכם דר מוז גיוויס זיך זייער שטארק היטין ביא יעדער מינדסטין קלייניקייט דיא וועלט זאל אים ניט חושד זיין · ווארום וויא באלד ער טוט עפיס וואש אנדערע מענטשין קענען מיינען אז ער זינדיגט דער מיט · איז ער מבזה דיא תורה עס איז איין גרוישער חילול השם :

א נ

טו מען טאר פון קיינעם קיין שלעכטץ ניט ריידין אפילו עס איז אמת אונ אז איינער קומט דיר דר ציילין שלעכטץ פון איין אנדערין זאלכטו אויף אים אן שרייען אונ זאלסט עש גאר ניט אויש הערין · ווארום ווער עש הערט אויש לשון הרע איז נאך ערגער פון דעם וואש רעט עש אונ ער האט דער פאר אגרוישע שטראף · אונ מען טאר אפילו ניט ריידין אזעלכע ווערטער וואש זייא זייגען פאר זיך אליין גאר ניט שלעכט · נאר עש קאן אמאל דורך זייא יענעם שלעכטץ ארויש קימען · למשל מען פרעגט דיך וואו באקומט מען ערגעץ אביסיל פייער · טארסטו אים ניט זאגין גייא נאר צוא דעם אדער צוא יענעם דארטין וועסטו גיוויס טרעפין איין פייער ברענענדיק ווארום ביא אים קאכט מען שטענדיג אלערליי מאכלים · ווארום מיט דיא ווערטער קען מען יענעם האלטין פאר איין פרעסער · פאר איין גרויסין אויס ברייגר · ער קאן בקומן איין שלעכטין שם אונ עס קאן אים אויך שאטין צוא דער פרנסה · אויך טאר מען ניט ריידי, אזעלכע ווערטער וואש מען קען זיך פון זיי קלערין עפעס שלעכטץ אויף איינעם · למשל מען טאר ניט זאגין איך וויל פון יענעם ניט ריידין · ווארום פון דעם פר שטייט מען דאך שוין אז ער ווייס עפעס פון יענעם וואס עס איז ניט צום בעסטין · אויך טאר מען ניט ריידן גוטס פון איינעם פאר מענטשין וואס האבין אים פיינט · ווארום דאס וועט דאך בריינגן דר צו אז זיי וועלן וויא ווייט מיגליך ארויס זוכין צוא ריידין עפעס שלעכטץ אויף אים אדער אויף זיין משפחה · ווארום עס פאר דריסט דאך זייא וואש ער האט אויף אים גירעט גוטש אונ אפילו מער ניט צוא גיין פון איינעם צום אנדרין אונ צוא דער ציילין וואס דער האט גירעט אונ וואס דער האט גיטאן · אפילו עס זיינען גאר גיטא קיין שלעכטע ווערטער אדר שלעכטע זאכין · דאס טאר מען אויך ניט · אויף אלץ וואס מיר האבן דא גרעט האט אונז דיא הייליגע תורה גיווארינט מיט פיר קליינע ווערטער לא תלך רכיל בעמך · דו זאלסט ניט גיין מיט שמועות אונ רכילות פון איינעם צום אנדערין · אבר אזו וויא ווייניג אונ קליין די דאזיגע ווערטער זיינען · אזו טיף זייגן זיי אין פיל חכמה · זייא ווארינן אונז גאנץ קורץ רעט ניט איבעריגע ווערטער · שלעכטש אדר גוטס · אמת אדער ליגין · דר צייל ניט אלץ וואש דוא ווייסט ענטפער ניט וואש מען פרעגט דיר ניט · באערכין זיך גאנץ גוט איידער דוא רעדסט דאש ווארט ארויס אויב עס קאן ניט איין מע טשין אויף דעם טויזינטין פאל עפעס שלעכטס ארויס קומען :

טז דיא נקמה איז איין שלעכטע מדה · אונ די תורה האט אונז אן גיזאגט אז מען טאר זיך ניט נוקם זיין · למשל דו האסט איינעם גיבעטן ער זאל דיר עפס לייען אונ ער האט ניט גיוואלט · שפעטער קומט ער צוא דיר עפעס לייען · טארפסטו ניט אויך אזו שלעכט זיין וויא ער איז שלעכט גיוועזן קעגין דיר דו מוזט אים יוא לייען ·

אפשר

אפשר ווערסטו אים אבר פיר האלטין אונ ווערסט אים זאגין זעה מיין ליבער פריינד אז איך בין ניט אזו שלעכט וויא דוא · גידיינקסטו אז איך האב דיך גיבעטין איין טובה האסטו מיר ניט גיוואלט טאן איצונד אז דו דארפסט מיין טובה טוא איך דיר יוא · וויא באלד דוא זאגסט אים אזעלכע ווערטער פאר זינדיגסט דו דיך זייער שטארק · ווען דוא ביסט קעגין יענם אזו שלעכט אזו וויא ער איז קעגין דיר גיוועזן ביסטו עובר אויף דעם לאו וואש שטייט אין דער תורה לא תקום · דאס איז טייטש דו זאלסט דיך ניט רעכנען דוא זאלסט יענעם ניט אפ געבין דאש שלעכטס וואס ער האט דיר גיטאן · טוסטו אבער גוטס אזו איינעם וואס ער האט דיר שלעכטס גיטאן אבר דוא גיסט אים אן צוא הערין אז חאטשע ער האט דיר שלעכטס גיטאן טוסטו אים דאך גוטס · וועט דיך אויך גאט שטראפין · ווארום דו האסט עובר גיוועזין אויף דעם לאו פון דער תורה לא תטור · דאס הייסט דו זאלסט ניט היטין בייא דיר אין הארץ דאס שלעכטס וואס מען טוט דיר · דו טארסט ניט גידיינקן אז יענער האט דיר שלעכטס גיטאן דוא מוזט עס תיכף פאר געסין אונ יענעם מוחל זיין · דיא בעסטע נקמה איז פרום אונ גוט צו זיין קעגין גאט אונ מענטשין · דר שונא זאל עס זעהן אונ זיך שעמן אויף דעם זיינן זייער זים דיא ווערטער פון שלמה המלך אם רעב שונאך האכילהו לחם אז דיין פיינד איז הונגעריג גיב אים ברויט צוא עסין · ואם צמא השקהו מים איז ער דארשטיג גיב אים צוא טרינקען וואסער · חאטשע ער זאגט דיר גאר ניט ווארום ער שעמט זיך פאר דיר · מוזטו עס אים אליין געבין · כי גחלים אתה חותה על ראשו · מיט דעם שיטסט דו אים ברענדיגע קוילין אויף זיין קאפ דאס ברענגט וויא פייער דאס הארץ צוא שפרינגט אין אים פאר שאנד אז ער איז זיך מישב וויא שטארק ער האט זיך פאר זינדיגט קעגין דיר וואס דוא ביסט אזו גוט קעגין אים וה׳ ישלם לך אונ השי״ת דעם וועט דיר נאך דר אויבערשטר בצאלין פר דיין גוטקייט :

יח בייא אלם וואס דר איד טוט · למשל עסין אונ טרינקען אונ שלאפין מוז ער אין זין האבין אז ער טוט עס ניט הנאה צו האבין · נאר ער טוט עס כדי ער זאל גזונד זיין אונ זאל קענן דעם אויבערשטין דינען · מאכט ער גישעפטין מוז ער אויך אין זין האבין אז עס איז לשם שמים כדי ער זאל האבין געלט זיין ווייב אונ קינדער צו דער נערין אונ צדקה צו געבין · אונ ער זאל קענן תורה לערנן אן דאגות · חאטשע ער האט איין תענוג דר פון · מוז דר תענוג אויך זיין לשם שמים ניט גראב ווי איין בהמה :

## כד הנהגת בריאות הגוף ובו י״ב סעיפים
## וויא מען זאל זיך אפ היטין דיא גיזונדהייט

א דאש עסין איז דאש ערשטע וואש דער מענטש לעבט דער פון אונ ער קאן אן דעם ניט זיין · אבער אלע קראנקהייטין קומען אויך נאר פון דעם עסין · איבר דעם מוז מען זיך זייער היטין מיט דעם עסין · מען טאר זיך ניט צוא פיל אן שטאפין דעם בויך אונ ניט עסין זעלכע זאכין וואש זיינען שווער צוא פאר דייען · דער ערשטער כלל איז אז פאר דעם עסין מוז מען פיל גיין אדער ארבעטין · בייא דעם

עסין זאל מען ניט שטיין נאר זיצין גלייך אדר אן גלעהענט אויף דר לינקע זייט • נאך דעם עסין זאל מען זיך ניט פיל באוועגין אונ ניט ארבעטין • נאר מען גייט אביסעל ארום אין שטוב דער נאך זעצט מען זיך אנידר אונ מען רועט איין שעה • אויך תיכף שלאפין נאך דעם עסין איז ניט גיזונד • אויך איז ניט גוט זיך צוא באדין • אויך זיך ניט שטארק צוא מאטערין נאך דעם עסין :

ב זומער זאל מען עסין איין דריטיל ווייניגר וויא ווינטר • אויך זאל מען זומר מער עסין קאלטע אונ זויערע זאכין • אונ ווינטער איז גוט צוא עסיןווארעמע זאכין :

ג יעדער זאך וואס מען עסט מוז מען פריער גוט קייען • כדי דער מאגין זאל עס קענען גרינג פאר קאכין :

ד מען מוז זיך היטין ניט צו עסין אלטע איין גיזאלצענע פלייש • אלטע גיזאלצענע פיש • אלטע קעז אונ שוואמען • ווארים דיא אלע זאכין זיינען וויא סם אונ ברייגען בייזע קריינק • אויך רעטאך אונ ציבעלעס אונ קרויט אונ מצות זיינען ניט זייער גיזונד • איבער דעם זאל מען זייא ווינטער ניט פיל עסין אונ זומער זאל מען זייא גאר ניט עסין • גענז • פוטער קוכין • אונ בוימיל קוכין • אונ יונגע טייבליך זיינען אויך ניט זייער גיזונד צום עסין • אויך פירות זאל מען ניט פיל עסין איבער הויפט זויערע פירות זיינען זייער ניט גיזונד :

ה דער בעסטער טרונק איז פרישע וואשר • מען זאל עש אבער ניט טרינקען אין איין פינסטרע כלי נאר אין איין גלאז כדי מען זאל זעהען אויב עש שווימט ניט עפיש דרינען איז דאש בעסטע מען זאל עש דורך זייען דורך איין דינע טיכיל • נאהינט פאר דעם עסין טאר מען קיין וואשער ניט טרינקען • אויך אין מיטין עסין זאל מען ניט טרינקען פיל וואשער • אויך ווען מען גייט ארויש פון דעם באד איז ניט גוט וואשער צוא טרינקען • אויך וויין זאל מען פאר דעם עסין ניט פיל טרינקען • אונ אין מיטין עסין איז גוט צוא טרינקען אביסיל וויין גימישט מיט וואשער • ווען מען איז שטארק דער היצט טאר מען ניט טרינקען קיין קאלטע וואשר ווארום דאש איז זייער גיפערליך :

ו מען מוז זיך שטארק היטין ניט צוא עסין ווען מען איז ניט הונגעריג אונ ניט צו טרינקען ווען מען איז ניט דארשטיג ווארום דאש איז זייער ניט גיזונד • אויך איז גוט מען זאל פון דעם טיש אוועק גיין ניט גאנץ זאט ווארום צו שטארק זאט זיין מאכט קראנק • ווען מען איז אין צארין אדער אין שרעק זאל מען ניט עסין ווארום דאש איז זייער גיפערליך • אויך מוז מען זיך שטארק היטין נאך דעם עסין ניט צוא בייזערין :

ז דער שלאף איז זייער גיזונד פאר דעם מענטש אבער צוא פיל שלאפין איז ניט גיזונד • דאש לייננגסטע שלאפין זאל ניט מער זיין וויא אכט שעה • עש איז אבר רעכט ניט מער צוא שלאפין נאר זעקס שעה • אויך איז זייער ניט גוט זיך צו לייגין ווען מען האט זיך צו פיל אנגיגעסין • איבער דעם מוז מען זיך היטין בייא דער נאכט ניט פיל צוא עסין אונ זיך ניט צוא לייגין תיכף נאך דעם עסין • אויך

וועז

זָען מֶען אִיז הוּנְגֶערִיג זָאל מֶען זִיךְ נִיט לֵייגִין · אוֹיךְ מוּז מֶען זִיךְ הִיטִין נִיט צוּא שְׁלָאפִין דָארְט וואוּ עֶס אִיז צוּא שְׁטַארְק הֵייס אָדֶער צוּ שְׁטַארְק קַאלְט · אוֹיךְ טָאר מֶען נִיט שְׁלָאפִין אִין אֵיין שְׁטוּבּ גָאנְץ אַלֵיין :

ח אֵיידֶר מֶען לֵייגְט זִיךְ שְׁלָאפִין מוּז מֶען בֶּערֶעכֶנֶן וָואס מֶען הָאט דֶעם גַאנְצִין טָאג גִיטָאן · אוּנ אַז מֶען גִיפִינְט אַז מֶע הָאט גִיטָאן אֵיין עֲבֵירָה מוּז מֶען דְרוֹיף חֲרָטָה הָאבִּין אוּנ אוֹיף זִיךְ נֶעמֶען מֶען זָאל עֶס מֶער נִיט טָאן · אוֹיךְ מוּז יֶעדֶער אִין זִין הָאבִּין פַאר דֶעם שְׁלָאף אַז עֶר אִיז מוֹחֵל יֶעדִין וָואס הָאט קֶעגְן אִים גִיזִינְדִיגְט אוּנ עֶר זָאגְט שָׁרֵי לֵיהּ לְמַאן מָרֵי דִמְצַעַר לִי · דָאס אִיז טַייטְשׁ דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער זָאל מוֹחֵל זַיין דֶעם וָואס הָאט מִיר שְׁלֶעכְטִץ גִיטָאן :

ט פַאר דֶעם לֵייגִין טוּט מֶען זִיךְ אוֹיס · וָוארוּם צוּא שְׁלָאפִין אִין דִיא קְלֵיידֶער אִיז זֵייעֶר נִיט גִיזוּנְד · וָוען מֶען טוּט זִיךְ אוֹיס דִיא קְלֵיידֶער צִיהְט מֶען פְרִיעֶר אָפּ דֶעם לִינְקֶען אַרְבִּיל דֶער נָאךְ דֶעם רֶעכְטִין · דָאס אֵייגֶענֶע אִיז בַּייא דִיא הוֹיזִין אוּנ דִיא שִׁיךְ · טוּט מֶען אַלְץ פְר עֶר אוֹיס דֶעם לִינְקֶען דֶער נָאךְ דֶעם רֶעכְטִין · אוּנ מֶען טָאר נִיט לֵייגִין דִיא קְלֵיידֶר צוּא קָאפִּין אִינְטֶער דֶעם קִישִׁין וָוארוּם מֶען פַארגֶעסְט דָאס לֶערְנֶען · אוֹיךְ בַּייא דֶעם לֵייגִין מוּז דֶער אִיד זֶעהֶען עֶס זָאל זַיין וִויא דֶער דִין אִיז · עֶר טָאר נִיט גְלַייךְ לֵייגִין מִיט דֶעם רוּקִין אַרָאפּ אוּנ דָאס פָּנִים אַרוֹיף אָדֶער פַאר קֶערְט מִיט דֶעם פָּנִים אַרָאפּ אוּנ דֶער רוּקִין אַרוֹיף · נָארְ מֶען מוּז זִיךְ לֵייגְן אוֹיף דֶר זַייט · אוּנ עֶס אִיז גוּט זִיךְ צוּם עֶרְשְׁטִין צוּ לֵייגִין אוֹיף דֶער לִינְקֶר זַייט · וָוארוּם דֶר לֶעבֶּר אִיז אִין דֶעם מֶענְטְשִׁין אוֹיף דֶער רֶעכְטֶער זַייט אוּנ דֶער מָאגִין אִיז אִין דֶער לִינְקֶער זַייט · אוּנ אַז עֶר לִיגְט אוֹיף דֶער לִינְקֶער זַייט לִיגְט דֶער לֶעבֶּר אִיבֶּער דֶעם מָאגִין אוּנ וַוארִימְט אִים גוּט אוֹיס אוּנ דָאס עֶסִין וֶוערְט אִין אִים בַּאלְד פַאר קָאכְט · אוּנ שְׁפֶּעטֶער וֶוען מֶען הָאפְּט זִיךְ אוֹיךְ אִיז גוּט זִיךְ צוּ אִיבֶּר קֶערִין אוֹיף דֶר רֶעכְטֶר זַייט כְּדֵי דֶער מָאגִין זָאל שׁוֹין אוֹיף הֶערִין צוּא קָאכִין :

י דִיא רֵיינֶע לוּפְט אִיז זֵייעֶר גִיזוּנְד · אִיבֶּר דֶעם אִיז גוּט צוּא ווָאוֹנֶען דָארְט ווָאוּ דִיא לוּפְט אִיז רֵיין אוּנ טְרוּקִין · אוּם וִוינְטֶער זָאל מֶען נִיט צוּא שְׁטַארְק הֵייצִין · וָוארוּם פוּן פִיל הִיץ קוּמֶען בַּייזֶע קְרֵיינְק · מֶען מוּז נָאר אַזוֹי הֵייצִין אַז מֶען זָאל אִין שְׁטוּבּ נִיט פִילִין קֵיין קֶעלְט · אוֹיךְ זָאל מֶען אַלֶע טָאג עֶפֶענֶען אַבִּיסִיל דֶעם פֶענְצְטֶער עֶס זָאל אַרֵיין קוּמֶען פְרִישֶׁע לוּפְט · אוֹיךְ זָאל מֶען אַלֶע טָאג אוֹיס רֵייכֶערִין דִיא שְׁטוּבּ מִיט צוּקֶר אָדֶר מִיט אֵיין אַנְדֶערֶע זַאךְ וָואס שְׁמֶעקְט שֵׁיין :

יא וֶוען מֶען קוּמְט אַרֵיין שְׁטַארְק דֶר פְרָארִין פוּן דֶער קֶעלְט טָאר מֶען נִיט תֵּיכֶף צוּ גֵייִן צוּם הֵייסִין אוֹיבִּין · וָוארוּם דָאס אִיז אֵיין גְרוֹיסֶע סַכָּנָה · אוֹיךְ וֶוען מֶען אִיז שְׁטַארְק דֶר הִיצְט טָאר מֶען נִיט תֵּיכֶף גֵייִן אִין קַאלְטֶע וַואסֶר אַרֵיין אָדֶר זִיךְ וַואשִׁין מִיט קַאלְטֶע וַואסֶער וָוארוּם דָאס אִיז זֵייעֶר גִיפֶערְלִיךְ :

יב דָאס אוֹיג אִיז דָאס גַאנְצֶע לֶעבִּין פוּן דֶעם מֶענְטְשׁ · אִיבֶּר דֶעם מוּז מֶען עֶס שְׁטַארְק הִיטִין · דְרִיבֶּער זָאל מֶען נִיט גִישְׁווִינְד אוֹיף אֵיין מָאל גֵייִן פוּן אֵיין פִינְצְטֶערִין אָרְט אִין אֵיין שְׁטוּבּ אַרֵיין וָואס עֶס אִיז אִין אִיר פִיל לִיכְט · אָדֶער פַאר

קערט פין איין שטארק ליכטיגין ארט אין איין פינצטערע שטוב אריין ווארום דאש איז זייער אום ג זינט פאר דעם אויג · נאר מען מוז עפענן דיא טיר אביסיל אונ זיך איינציג ווייס גיוויינן מיט דיא ליכט אדר מיט דר פינצטערנעש דער נאך זאל מען ערשט אריין גיין · איבער דעם האט דר אויבערשטער מיט זיין גרויסע חכמה גימאכט אז די זון הייבט ניט אן צוא שיינען אוף איין מאל · נאר זיא גייט אויף איינציג ווייס אלע מאל מער כדי עס זאל ניט שלעכט זיין פאר דעם אויג · אונ אויך פאר נאכט גייט זיא ניט אונטער אויף איין מאל נאר איינציג ווייס · איבר דעם זאגין מיר המאיר לארץ ולדרים עליה ברחמים · זיין ליבער נאמען מאכט ליכטיג אויף דער וועלט מיט בארעם הארציקייט · ער דער בארימט זיך איבער אונז אונ גיט אונז דאש ליכט פון דער זון אז עש זאל אונז ניט שאטין צו די אויגין · אויך איז ניט גיט פר דעם אויג צו א פיל אריין צו קוקין אין ווייסע פארבין אדער אין רויטע פארבין · אויך גישווינד גיין איז זייער שלעכט פאר דיא אויגין :

# כה דברים האסורים משום סכנה ובו י״א סעיפים
## וואש מען טאר ניט עסין אדער טאן וויל עס איז איין סכנה

א מען טאר ניט עסין פיש מיט פלייש אין איינעם · אפילו ניט מיט היגער שמאלץ ווארום דאש שאט זייער שטארק צו דאס גיזונדהייט אונ עס איז גיפערליך · אויך טאר מען ניט בראטין פיש מיט פלייש אין איינעם אין איין באק אויבין · סיידן ווען איינס פון דיא ביידע איז צו גידעקט אדער ווען דער באק אויבן איז גאנץ גרויס :

ב אז מען וויל עסין פלייש נאך פיש אדר פיש נאך פלייש מוז מען אויס שווענקען דיא מויל מיט וואסר אונ עסין אשטיקיל ברויט :

ג דער שווייס פון אמענטשין איז אזו וויא סם · נאר ניט דער שווייס פון דעם פניב איבער דעם טאר מען ניט האלטין קיין ברויט צווישין דיא קליידער דארטין וואו מען שוויצט · אונ מען טאר ניט נעמין געלט אין מויל אריין · ווארום עס גייט דאך דורך זייער פיל הענט :

ד מען מוז זיך היטין ניט צוא טרינקען וואסער אדער אנאנדער משקה וואס עס איז גישטאנען אין איין אפענע כלי ניט צוא גידעקט :

ה מען טאר ניט שטעלין אונטערין בעט איין עסין ווארג אדר איין משקה אפילו ווען עס איז צו גידעקט · ווארום דארטין איז איין רוח רעה מען מוז איבר דעם אן זאגין דיא דארפקלייט אז זייא זאלין ניט האלטין קיין בולבעס אונטערין בעט :

ו מען טאר ניט טרינקען וואסער פון איין קוואל ביי דר נאכט· אויך טאר מען ניט צוא לייגין דיא מויל צום רעהר וואס גייט אין ברונים אריין אונ טרינקען פון אים אפילו ביי טאג · ווארום עס קאן קומען אן מויל אריין איין שלאנג אדר איין ווארים אדר אנאנדער שערליכע זאך :

ז מען טאר ניט גיין נאהענט לעבין איין איינגיבויגענע וואנט אדר איבר איין וואסער אויף איין בריק וואס שאקילט זיך · אויך טאר מען ניט גיין איינער אליין שפעט אין

דער

דער נאכט · אונ מען טאר ניט שלאפין איינער אליין אין איין שטוב · קורץ גיזאגט פאר יעדער זאך וואס עס איז נאר מיגליך עס זאל דער פון קומען איין סכנה מוז מען זיך שטארקהיטין · אונ עס איז די גרעסטע עבירה · מען שטעלט זיך איין דעם לעבן :

ח ווען דיא תקופה גיפאלט לייגט מען אשטיקל אייזין אויף יעדער משקה אונ אויף יעדערין עסין ווארג · אבער אויף גיקאכטע דארף מען ניט :

ט מען טאר ניט עסין אדער טרינקן א עלכע זאכין וואש זייגען ניט ריין אונ יעדער מיאוסט זיך דר פר · ווארום עס שטייט אין דר תורה אל תשקצו את נפשותיכם · איר זאלט ניט פר אומרייניגין אייערע לייבער איבער דעם טאר מען אויך ניט עסין מיט אונרייניע הענט :

י מען טאר ניט אפ האקין איין בוים וואס וואקסט פירות ווארום עס איז איין גרויסע סכנה · אבער ווען ער שטייט נאהענט ביא אנדרע בוימער וואס זיינן בעסר פון אים אונ ער מאכט זיא מאגער · מעג מען אים אוים האקין · אויך אז מען דארף גאנץ נייטיג זיין ארט מעג מען אים אפ האקין :

יא מען טאר ניט דעם קינד מאכין איין מורא · אזו וויא פיל מענטשין זאגין · דר בער אדער דער הונט וועט דיר חאפין אדער אנדערע זעלבע ווערטער וואש שרעקן דאש קינד אפ · אויך טאר מען קיינעם ניט שילטין אפילו אונטער די אויגן · קורץ מען מוז זיך שטארק היטין קיין שלעכטין ווארט ניט ארוים צוא ריידין :

# כו הלכות נטילת ידים לסעודה ובו ל׳ וסעיפים

## דינים פון וואשין צום עסין

א ווען מען עסט אפילו דאש קלע-סטע שטיקיל ברויט מוז מען זיך פריער וואשין די הענט· נאר אז עס איז אזו גרויש וויא איין איי וואשט מען זיך אונ מען מאכט דיא ברכה על נטילת ידים · איז עס אבער קלענער פון איין איי וואשט מען זיך נאר אזו · אבער מען מאכט קיין ברכה ניט :

ב דאש וואשין איז ניט נאר צוא ברויט אליין · נאר צוא יעדער גיבעק וואש כען מוז איבער דעם מאכין המוציא מוז מען זיך וואשין אונ מאכין דיא ברכה · איבער וועלכין גיבעק מען מאכט המוציא וועלין מיר ווייטר שרייבין · אייגענטליך טאר מען קיין איינציג גיבעק ניט עסין אום גיוואשין אפילו וואש מען מאכט דריבר ניט המוציא נאר דער חילוק איז אזו · צוא דיא גיבעק וואש מען מאכט איבר זייא המוציא מוז מען זיך וואשין אפילו ווען מען עסט עס חאפענדיג אונ מען זעצט זיך ניט צום טיש · אבר צוא די גיבעק וואש מען מאכט איבר זייא ניט קיין המוציא וואשט מען זיך · נאר ווען מען זעצט זיך צום טיש · אונ מען איז קובע סעודה אונ מען מאכט דאש פאר איין עסין · אבער ווען מען עסט עס נאר חאפענדיג אונ מען זעצט זיך ניט אנידער באדארף מען זיך ניט וואשין :

ג דיא מצוה פון וואשין צום עסין האט שלמה המלך מתקן גיוועזין · וועד עס האלט די דאזיגע מצוה אקאראט וויא דער דין איז · דער האט דיא ברכה אין אלעם

וָואשׂ עֶר טוּט אוּנ עֶר וֶוערְט אַיין עוֹשֶׁר · וֶוער עֶשׂ הַאלְט זִיא אָבֶּער פַאר גְרִינְג אוּנ עֶסְט מַאנְכְֿעס מָאל אוּם גִיוַואשְׁין אָדֶער עֶר וַואשְׁט זִיךְ נִיט וְויא דֶער דִין אִיז · דֶער וֶוערְט חַס וְשָׁלוֹם אוֹישׂ גִירִיסֶען פוּן דֶער וֶועלְט :

ד וֶוער עֶשׂ הָאט וואוּנְדִין אוֹיף דִיא הֶענְט אָדֶער זַייא זַיינֶען אִים גִישְׁוָואלִין אוּנ עֶר קָאן זַייא נִיט וַואשְׁין מוּז עֶר צוּם עֶסִין: זַייא אַרוּם בִּינְדִין מִיט אַיין טִיכֶעל אָדֶר אָן טָאן הֶענְטְשֶׁקְס · וָוארוּם מִיט נַאקֶעטֶע הֶענְט טָאר מֶען נִיט עֶסִין אוּמְגִיוַואשְׁין :

ה עֶשׂ אִיז אַגְרוֹיסֶע טָעוּת בַּייא דֶעם פְּרָאסְטִין עוֹלָם · וָואס זַייא וַואשְׁין זִיךְ נָאר אַיין מָאל אִין טָאג אוּנ בֶּענְטְשִׁין נִיט · אוּנ דוּרְךְ דֶעם עֶסִין זַייא דֶעם גַאנְצִין טָאג אוּם גִיוַואשְׁין · וָוארוּם אַז זַייא הַאלְטִין אִין עֶסִין אוּנ עֶרְשְׁט פַאר נַאכְט בֶּענְטְשִׁין זַייא · אִיז דָאשׂ אַגְרוֹיסֶע עֲבֵירָה · אוּנ זֵיי פַאר זִינְדִיגֶען זִיךְ אִין צְווייֶען · עֶרְשְׁטִינְס עֶסִין זַייא אוּם גִיוַואשְׁין אוּנ צְווייטִינְס בֶּענְטְשִׁין זַייא נִיט נָאךְ יֶעדֶער עֶסִין · דֶער טָעוּת אִיז זַייא גִיקוּמֶען פוּן דֶעם וָואשׂ זֵיי הָאבִּין גִיהֶערְט אַז אִין דֶער נוֹיט · לְמָשָׁל מֶען פָארְט אוֹיף דֶעם וֶועג אוּנ מֶען ווַייס אַז מֶען וֶועט שְׁפֶּעטֶער נִיט בַּאקוּמֶען קַיין וַואסֶער אָדֶער דִיא פוּר וֶועט אוֹיף אִים נִיט וַוארְטִין בִּיז עֶר וֶועט זִיךְ וַואשְׁין · מֶעג מֶען זִיךְ וַואשְׁין וֶוען עֶר הָאט וַואסֶער אוּנ מֶען רֶעט אִים אַז דָאס וַואשְׁין אִיז פַאר דֶעם גַאנְצִין טָאג · דוּרְךְ דֶעם מֶעג מֶען שׁוֹין שְׁפֶּעטֶער עֶסִין אוּם גִוַואשְׁן · אָבֶּער מֶען מוּז זִיךְ שְׁטַארְק הִיטִין דִיא הֶענְט זָאלִין בְּלַייבִּין רֵיין אוּנ מִיט זַייא נִיט אָן רִירִין דָאשׂ לַייבּ דָארְטִין וואוּ מֶען גֵייט צוּ גִידֶעקְט · אוֹיךְ נִיט דִיא נָאז אוּנ נִיט דָאשׂ אוֹיעֶר · אוֹיךְ טָאר מֶען זִיךְ נִיט קְרַאצִין אִין קָאפּ דָאשׂ אִיז אָבֶּר נָאר אִין דֶער נוֹיט אָבֶּער וֶוען מֶען הָאט וַואסֶער גֵייט דָאשׂ גָאר נִיט אָן · אוּנ דָאשׂ וָוארְט מֶען הַאלְט אִין עֶסִין אִיז גָאר קַיין וַוארְט נִיט · נָאךְ יֶעדֶער מָאל עֶסִין מוּז מֶען זִיךְ וַואשְׁין אוּנ בֶּענְטְשִׁין :

ו דָאשׂ וַואסִין אִיז אַזוֹי · פְּרִיעֶר גִיסְט מֶען אָפּ דִיא רֶעכְטֶע הַאנְד צְווייא מָאל · דֶער נָאךְ גִיסְט מֶען אָפּ צְווייא מָאל דִיא לִינְקֶע הַאנְד · אוּנ מֶען מוּז זִיךְ שְׁטַארְק הִיטִין נִיט אָן צוּ רִירֶען דִיא גִיוַואשֶׁענֶע הַאנְד מִיט דֶער אוּם גִיוואשֶׁענֶע הַאנְד :

ז וֶוען מֶען הָאט אָן גִירִירְט דִיא גִיוַואשֶׁענֶע הַאנְד מִיט דֶער אוּם גִיוַואשֶׁענֶע הַאנְד · אָדֶער אַיין אַנְדֶער מֶענְטְשׁ וָואשׂ הָאט זִיךְ נִיט גִיוַואשְׁין הָאט אָן גִירִירְט זַיין נַאסֶע הַאנְד מוּז מֶען זִיךְ אָפּ ווִישִׁין דִיא הַאנְד אוּנ נָאךְ אַמָאל וַואשִׁין :

ח מֶען מוּז שְׁטַארְק זֶעהֶן אַז דִיא פִינְגֶער זָאלִין זַיין גַאנְץ רֵיין אוּנ גוּט גִיוַואשְׁין :

ט יֶעדֶער הַאנְד מוּז וַוייניגְסְטֶענְס גִיוַואשְׁין וֶוערִין מִיט אַיין קְוַואטִירְל וואסֶר :

י וֶוען מֶען הָאט אַיין רִינְג אוֹיף דֶעם פִינְגֶער · מוּז מֶען אִים אַרָאפּ נֶעמֶען פַאר דֶעם וַואשְׁין :

יא דָאשׂ וַואסֶער וָואשׂ מֶען וַואשְׁט זִיךְ דֶער מִיט מוּז זַיין רֵיין אוּנ קְלָאר · נִיט גִיזַאלְצִין אוּנ נִיט בִּיטֶער אָדֶער פַאר שְׁטוּנְקֶען · מֶען טָאר זִיךְ נִיט וַואשְׁין מִיט וַואסֶער וָואשׂ דְרִינֶען אִיז פַאר מִישְׁט גִיוָוארִין מַשְׁקֶה · אוֹיךְ וֶוען עֶס אִיז גְרִין גִיוָוארִין דוּרְךְ רוֹיךְ :

יב גיניצטע וואסער איז אויך פסול · למשל עס איז דרינען גישטאנען איין כלי צום אפ קילין · אדר דרינען עפיס גיוייקט · אדר דער מיט אויש גימאסטן איין כלי :

יג וואסער וואש עש האט דער פון גיטרונקען איין הונט אדר איין חזיר טאר מען זיך דער מיט ניט וואשין · אבר איין אקס אדער איין פערד אדער איין פויגיל מעג מען יוא :

יד דאש וואסער מוז קומען אויף דיא הענד דורך קראפט פון איין מענטשין אבער ווען מען וויל זיך וואשין מיט וואסר וואש עס לויפט אוים איין רינע אדער פון איין האנד פאס · מוז מען פריער בייא יעדען אויף גיסין צו מאכין דאש שפונד אדר דעם שרויף אונ דער נאך עפענען · דורך דעם קומט שוין דאש וואסר אויף די הענד דורך זיין קראפט · אונ ווען מען האט קיין כלי ניט צו וואשין · מעג מען איינבייגין דאש פאס דאש וואסער זאל רינען אויף דיא הענד ווארום דורך דעם איינבייגין קומט שוין דאש וואסער דורך זיין כח :

טו מ"ן מעג צוא לאזין שנייא אדר אייז אונ זיך וואשין מיט דעם וואסר :

טז אויף דעם וועג ווען מען האט ניט קיין וואסער צום וואשין · מוז מען גיין ב"ז פיר תחום שבת ווייטער אונ אויך צוא ריק ביז איין גאנצין תחום שבת צו זוכין וואסר · ווייס מען אבער אז אזו ווייט ווערט מען דאך קיין וואסר ניט בקומען · זאל מען זיך ארום בינדן די הענט מיט איין טיכיל אד"ר אין הענטשקעס אונ מען מעג עסין :

יז פאר נויט א' מען האט ניט קיין וואסער מעג מען זיך וואשן מיט ביר אדער מיט משקה' אויך מעג מען זיך וואשין מיט ווארם וואסר אז מען האט ניט קיין קאלטע :

יח שבת ווען מען האט ניט קיין וואס"ר צום וואשין · מעג מען אויף האקין דאש אייז כדי מען זאל האבין וואסער :

יט דיא כלי וואש מען וואשט זיך דער מיט מוז זיין גאנץ ניט צוא בראכין אונ ניט מיט איין לעכיל · אפילו מען פאר שטעקט דאש לעכיל מיט עפעש טאר מען זיך דער מיט ניט וואשין · אויך מוז דיא כלי וויינגסטינס האלטין איין קוואטרילי מיט אדעקיל פון איין כלי חאטשע עש האלט אפילו מער פון א' וואטריל טאר מען זיך ניט וואשין :

כ אז מען האט ניט קיין כלי צום וואשין מעג מען איין טונקען דיא הענט אין איין טייכיל וואס ער האט פערציג סאה דאש איז דער שיעור מקוה אדער אין איין כשרע מקוה אדר אין שנייא וואש ער ליגט אין איינעם אזו פיל וויא פערציג סאה · אויך מעג מען איין טונקן דיא הענט אין איין קוואל אפילו ער איז זייער קליין אונ דעקט ניט מער צוא נאר דיא הענט ווארום דער קוואל ציהט זיך פון איין גרוים וואסר · פון קיין פלומפ טאר מען זיך ניט וואשין סיידין ער האלט איין האנד נאהינט צו דער ערד אונ מיט דער אנדערע ציהט ער דעם פלומפ אבער אז ער האלט די הענט הויך פון דער ערד העלפט ניט דאש וואשין :

כא בייא דעם וואשין מוז מען אויף הייבין אביסיל דיא פינגער אין דער הייך

כב וויא מען האט שוין גוט בגאסין ביידע הענט מוז מען זייא אוף הייבין ווי

מיט

מיט דעם ציהט מען אויף דיא שפע אונ דיא ברכה פון דעם הימיל אונ מען זאגט שאו ידיכם אונ דיא ברכה על נטילת ידים · אונ מען ווישט זיך גוט אפ דיא הענט מיט איין האנטוך דער נאך מאכט מען דיא ברכה דמוציא אונ מען טאר ניט אויס ריידין ביז מען האט אראפ גישלונגען די המוציא :

**כג** מען מוז זיך שטארק היטן ניט צוא ריידין נאך דעם וואשין פאר דער המוציא · אונזער היילינע גמרא זאגט אז ווער עס איז ניט מפסיק צווישין דעם וואשין אונ דר המוציא ביי דעם האט דר שטן קיין שליטה ניט איבער זיין גאנצין עסין · דאש מפסיק זיין הייסט ווען מען רעט זעלכע זאכין וואש גיהערין ניט צום עסין · אבער ווען מען רעט פון זעלכע זאכין וואש מען דארף צום עסין · למשל מען הייסט ברייננען זאלץ אדער ברויט צום טיש אדער מען הייסט געבין פאר דיא הון צוא עסין דאס הייסט ניט מפסיק גיוועזין · עס איז אבער רעכט מען זאל פאר דעם וואשין אכטונג געבין אויב עס איז אלעס דינג דא וואש מען דארף צוא עסין כדי מען זאל ניט נייטיג האבין אויס צוא ריידין :

**כד** נאך דעם וואשין טאר מען ניט אן רירין אין נאז אדער אין אויער אדער דיא ערטער פון דעם לייב וואס מען גייט צוא גידעקט אדער דאס שוויים פון דעם פנים אויך טאר מען זיך ניט קראצין אין קאפ · האט מען אבר יא אן גירירט אין די ערטער אדער מען האט זיך גקראצט אין קאפ · מוז מען נאך איין מאל וואשין די דאזיגע האנד וואס האט אן גירירט אונ מען זאגט דיא ברכה אן דעם שם · דאס הייסט מען זאגט ברוך אתה וכו' אשר קדשנו במצותיו וצונו על נטילת ידים :

**כה** ווען מען האט גיהאט איין גישעפט אין מיטין עסין אונ האט פאר געסין אפ צוא היטין דיא הענט זייא זאלין ניט אן רירין דיא ערטער וואש מען טאר ניט אזו וויא מיר האבין דא פריער גיזאגט איז אויך אזו דער דין · דאס הייסט מען מוז זיך נאך איין מאל וואשין אונ מען מאכט דיא ברכה אן דעם שם :

**כו** אפילו ווען מען עסט ברויט ווייניגער פון איין איי גרויש אדר מען פאר בייסט אגאנץ קליין שטיקיל ברויט נאך בראנפין מוז מען זיך אויך וואשין נאר מען מאכט ניט קיין ברכה :

**כז** פאר דעם וואשין מוז מען זעהען דיא הענט זאלין זיין גאנץ ריין אונ טרוקין אונ עס זאל ניט זיין קיין קוט אונטער דיא גרויסע נעגיל אונ קיין טייג אפילו אונטער דיא קליינע נעגיל · אונ מען מוז שטארק גיווארינט זיין מיט דעם וואשין אונ מיט אלע דינים וואש מיר האבין דא ג שריבין איבער דעם וואשין · ווארום אפילו ווער עס טוט קיין שום עבירה ניט נאר דא איינע וואס ער עסט איין מאל אום גיוואשין אדער ער וואשט זיך ניט אקראט וויא דער דין איז קומט ער ח"ו צוא ארומקייט · אונ ווידער פאר קערט ווער עס האלט דאש וואשין מיט אלע דינים דער פון · דעב גיט דער אויבערשטער גרויס עשירות וויא רב חסדא האט גיזאגט · איך וואש מיינע הענט מיט פיל וואסער איבער דעם האט מיר זיין ליבר נאמן גיגעבין פיל גוטס :

כח ווען איינער פארמעט דעם אנדערין · דאס הייסט ער לייגט אים דאש עסין אין מויל אריין אונ יענער רירט עס גאר ניט אן מוז זיך וואשין דער וואש ער עסט · אבר דער וואש לייגט עס אים אין מויל אריין דארף זיך ניט צוא וואשין :

כט דיא פרומע מענטשין זיינען זיך נוהג אז ניט דווקא צוא ברוט וואשין זייא זיך נאר אפילו צוא איין עסין ווארג וואס עס איז איין גיטונקט אין ווין אדר אין ווין עסיג אדער אין האניג אדער אין בוימיל אדער אין מילך אדע׳ אין טייא אדער אין וואסער אדער אין זאלץ ; דער עס איז איין גיטונקט פאר ארפואה אין בלוט · מוז מען זיך פריער וואשין וו א דער דין איז אבער כען מאכט ניט די ברכה על נטילת ידים · למשל איין בולבע איין אוגערקע אדר איין שטיקיל גרינס אדער רעטאך ווען עס איז איין גיטינקט אין איינס פון די זאכין וואש מיר האבין דא גיזאגט מוז מען זיך דע׳ צו וואשין אבער ווען כע׳ טונקט איין אין בראנפין אדער אין אנדערע משקות חוץ דיא זיבין וואש זיינען א יבין גירעכינט דארף מען זיך ניט וואשין :

ל ווען מען עסט מיט איין לעפיל אדר מיט איין גאפיל אזו איין זאך וואס דר סדר איז אז יעדר עסט עס מיט דיא הענט כוז כען זיך וואשין אונ מען טאר זיך ניט איין ריידין אז מען מעג עס עסין אום גיוואשין ווייל מען רירט עס ניט אן מיט דיא הענט · אבר ווען דר סדר איז אז יעדער מענטש עסט דאס ניט מיט דיא בלויזע הענט נאר מיט איין גאפיל אדער איין לעפיל דאש מעג מען עסין אום גיוואשין :

# כז הלכות ברכת המוציא ובו י״ב סעיפים

## דינים פון דר המוציא

א המוציא מאכט מען נאר איבער ברויט אויס מעל פון דיא פינף מינים · ווייץ קארין גער . טין האבר ארקויש · אונ עס מוז זיין גיקנעטין מיט וואסר אליין · אבר וויא באלד עס איז גיקנאטין מיט פוטר אדער שמאלץ אדר אייער טאר מען דריבר ניט מאכ ן המוציא סיידין אז ער עסט אזו פיל אז אנדערע מענטשין וואלטין שוין זאט גיוועזין חאטשע ער איז דער פון ניט זאט מוז ער זיך וואשין אן איין ברכה אונ מאכין המוציא · אבער וואש מאנכע זיינען זיך נוהג אז ווען זייא קענטין דיא גיבעק טוען זיי אריין איין איי · דאש שאט ניט ווארום דע׳ עיקר איז נאר אז דאס הויפט קנעטין זאל זיין מיט וואסער :

ב ווייל המוציא איז דאך איין ברכה וואש מען דאנקט זיין ליבין נאמען פאר דעם עסין וואס ער האט אונז גיגעבין · מוז מען זעהען אויש צו קלייבין דאס שענסטע אונ דאס בעסטע צוא דער המוציא · דאש ערשטע איז אפ צוא שניידין פון דער הארטער זייט וואו דאס ברויט איז צום בעסטין אויש גיבאקין נאר איין אלט׳ וואס קאן ניט קייען מעג אפ שניידין פון דער ווייכע זייט · ווען מען דאט ווייצין ברויט אונ קארין ברויט · מוז מען מאכין דיא המ׳ציא איבער דעם ווייצין ברויט · האט כען אבער צווייא ערלייא ברויט פון איין מין · נאר איינס איז גאנץ אונ דאש

אנדערע

אנדערע איז אשטיקיל מאכט מען דיא המ ציא איבר דעם גאנצין · האט מען צווייא גאנצע ברויט אדער צווייא אויף גישניטענע ברויט וואש ביידע זיינען פון איין מין מאכט מען די המ ציא איבר דעם וואש עש איז פון בעסרע מעהל · זיינן אבר ביידע גליך פון איינערלייא מעהל מאכט מען דיא המוציא איבר דעם גרעסערין :

ג ווען מען גרייט צו טיש מוז מען שטעלן זאלץ צום טיש כדי מען זאל דריגען איין טונקען די המוציא · ווארום דער טיש איז וויא איין מזבח אונ דאס עסין איז וויא איין קרבן · אונ עש שטייט על כל קרבנך תקריב מלח · דאש הייסט בייא יעדין קרבן מוז זיין זאלץ :

ד מען נעמט דאש ברויט אין ביידע הענט אונ מען שנייט אריין מיט דעם מעסער אבר אשטיק מוז נאך בלייבין באהעפט אן דעם ברויט · ווארום דיא ברכה מוז נאך זיין ווען דאש ברויט איז גאנץ · דער נאך מאכט מען דיא ברכה המוציא לחם · אונ ערשט נאך דר ברכה שנייט מען איבער עש אין גאנצין אונ שנייט אפ איין היפשע שטיקיל וויא איין איי גרוים טונקט עם איין אין זאלץ אונ עסט עש · דאס איז אום דער וואכין · אבר שבת שנייט מען גאר ניט אריין פאר דער ברכה נאר מען מאכט פריער דיא ברכה אונ דער נאך שנייט מען אפ דיא המוציא :

ה אזו וויא מען טאר ניט אפ שניידין גאר איין קליין שטיקיל צו דר המוציא אזוא איז ווידר ניט רעכט אפ צו שניידין איין גאנץ גרוישע שטיק ווארום דאש זעהט אוים וויא איין פרעסר · ווען מען זיצט אבר מיט מערער מענטשין שנייט מען יוא אפ אגרוישע שטיק אונ טיילט דער פון אפ יעדין איין המוציא · אונ שבת אפילו ווען מען איז נאר אליין מעג מען אפ שניידין אגרויסע שטיק וו. ס מען זאל גינוג האבין ביז איבר דעם גאנצין עסין :

ו די המוציא מוז מען ערליך האלטין ווארום מען האט דאך דריבער גימאכט איין ברכה · איבער דעם מוז מען זיא תיכף צום ערשטין מאל אויף עסין איידר מען עסט איין אנדר שטיקיל · אונ אז מען וויל זיא ניט אין גאנצין אויף עסין טאר מען זיא ניט געבין איין עוף אדער איין בהמה צוא עסין :

ז ווען מען טיילט יעדין איין המ ציא טאר מען זיא ניט ווארפין אויך ניט געבין אין דער האנד אריין · נאר מען לייגט זיא פאר יעדין אנידר :

ח נאך דר המוציא קאן מען שוין עסין אונ טרינקען ביז צום בענטשין וואס מען וויל אן אברכה · אבער איבער ויין מוז מען אין מיטין עסין אויך איין ברכה מאכין · ווער עס איז אבער גיוואינט אין יעדין עסין צוא טרינקען וויין דער דארף איבער אים קיין ברכה ניט מאכין · אונ אז מען עסט אין מיטין עסין פירות אן ברויט מוז מען איבער זייא מאכין איין ברכה :

ט אז מען עסט אין מיטין עסין גיקאכטע פירות למשל עפל אדר פלוימן אדר בערנס אן פלייש עש איז קיין ח לוק ניט אויב מען עסט זייא מיט פלייש אדר אן פלייש זאל מען עם אלץ עסין פריער מיט ברויט אונ צום לעצט מיט ברויט · מעג מען עם שוין אין גאנצין עסין אן ברויט אונ מען דארף דריבער קיין ברכה ניט מאכין :

איבר

י איבר איין מאנדיל קוכין · אדר איין צוקער קוכין אדער איין טארט אדר איין אנדר איידיל געבעקס ווען כען עסט עס אין מיטין עסין פאר הונגר דער מיט זיך אן צו זעטין דארף כען דריבר קיין ברכה ניט מאכין · עסט מען עס אבער פאר תענוג זייגען דא פערשיידענע דעות · אונ מאנכע פוסקים היישין יוא איין ברכה מאכין · דעריבער איז דאש בעסטע כען זאל זייא ניט עסין פאר תענוג אין מיטין עסין :

יא דאש וואס מיר האבין גיזאגט אז דורך דער המוציא קען מען אלדינג עסין אונ טרינקען בייא דעם טיש אן איי ברכה · איז נאר ווען כען האט אין זין צוא עסין ברוט · אבער ווען מען וויל גאר קיין ברויט ניט עסין · טאר מען ניט מאכין אום מישנע איין המוציא · כדי מען זאל קענען אלדינג עסין אן אברכה · ווארום דאס איז איין גרויסע עבירה · נאר מען מוז איבער יעדע זאך מאכין איין באזונדערע ברכה :

יב אז מען טר נקט נאך דעם עסין בראנפין אדער שווארצע קאוע · מוז מען מאכין דיא ברכה שהכל · ווארום דאס טרינקט מען דאך כדי מען זאל דאש עסין גוט פאר דייען גיהער עש ניט צום עסין אונ מוז האבין איין אייגינע ברכה :

# כח הלכות סעודה ובו י״ב סעיפים

## דינים פון דעם עסין :

א דער איד מוז זיך נוהג זיין בייא דעם עסין וויא עס פאסט פאר איין איידעלעם מענטש · ער טאר ניט חאפין וויא איין פרעסר · אונ ניט רייסין דאס ברויט מיט די העט · אונ ניט האלטין איין גרויסע שטיק ברויט אונ בייסין דער פון · אונ ניט עסין שטייענדיג · אונ ניט איין שלינגען אגרוישע שטיק ברויט אויף איין מאל · אונ ניט טרינקן אויף איין מאל אגרויכע גלאז וויין · דער דרך ארץ איז צוא טרינקן אין צוויי מאל · אבער ווען דאש גלאז איז גאנץ גרויש · מע מען דער כון טרינקען עטליכע מאל ביז מען טרינקט עס אויס · ווידר ווען דאס גלאז איז קליין מעג מען עש אוף איין מאל אויס טרינקן · אויך זאל כען קיין מאל ניט עסין אויף דעם בלויזין טיש · נאר דער טיש מוז גידעקט זיין מיט אט שטאך :

ב מען טאר ניט אפ בייסין פון אשטיקיל ברויט אונ דאס איבעריגע אנידער לייגין אויף דעם טיש · אדר עס געבין איין אנדערין צוא עסין אדער עס אריין לייגין אין דער שיסיל · ווארום טאמר קענען עס ניט ליידין דיא אנדערע וואס זיצין בייא דעם טיש אונ זייא מיאסין זיך דער פון · דורך דעם אייגינם טעם זאל מען א יך ניט איין טונקין דאס פלייש אין חריין כדי דיא אנדערע זאלין זיך ניט מיאסין דעם חריין צוא עסין · אויך זאל מען ניט געבין דעם אנדערין צוא טרינקען פון דעם גלאז וואס מען האט אביסיל אפ גיטרונקען · ווארום יענער וועט פאר בושה טרינקען אבער בייא זיך וועט אים זייער ניט ליב זיין :

ג מען טאר זיך ניט בייזערין בייא דעם טיש · ווארום הויז וואס עס שאט זייער שטארק אונ מען קען קראנק ווערין · איז עס אויך גאר ניט רעכט · ווארום די

אנדערע

אנדערע וואס זיצן ביי דעם טיש קענן כיינען אז עס פאר דריסט אים וואס זייא עסין אונ זייא וועלין צוועק לייגין דאס עסין :

ד מען טאר ניט גיין עסין ביז מען גיט פריער צוא עסין זיינע בהמות אונ עופות · אפילו דיא קאץ מוז מען פריער געבין צוא עסין איידער מען עסט אליין · ווארום עס שטייט אין פסוק ונתתי עשב בשדך לבהמתך ואכלת ושבעת · איך וועל געבין גראז אין פעלד פאר דיין בהמה אונ אויך דיר וועל איך געבין דוא זאסט דיך זאט אן עסין · זעהן מיר דאך אז דיא הייליגע תורה האט פריער גיטעלט דאס עסין פון דר בהמה פאר דעם עסין פון דעם מענטשן · אונ דער שכל גיט אויך מיט אז עס דארף אזו צוא זיין · ווארום דער מענטש קאן זיך אליין נעמען וואש ער דארף אונ ער איז מיט פאר שטאנד איבר דעם הארט אים ניט ווען ער איז נאך עטליכע מינוט הונגעריג ווארום ער ווייס דאך אז ער גייט שוין באלד עסין · אבער דיא בהמה אדער דאס עוף ווען זייא זיינען ביי איין מענטש מוזין זייא דאך נאר קוקין אויף דעם וואס ער גיט זיי · אונ זייא קענען זיך ניט אליין נעמען אונ זיי האבן דאך קיין שכל ניט צוא פאר שטיין אז מן הסתם וועט ער זייא געבין צוא עסין דרום מוז מען אויף זייא רחמנות האבין אונ זייא געבין צוא עסין פריער וויא מען נעמט זיך אליין :

ה דעמאלט ווען מען עסט טאר מען ניט ריידין קיין איינציג ווארט · אפילו ניט קיין תורה ווארט · אפילו ווען איינער ניסט טאר מען אים ניט זאגין אסותא · ווארום עס איז איין סכנה עס קאן חלילה גישעהען איין אומגליק ביי דעם אראפ שלינגן · אבר אין דער איבריגע צייט וואס מען זיצט ביי דעם טיש · דעמאלט ווען מען עסט ניט · מוז מען זאגין תורה · ווארום ווען ניט · הייסט עס פראסט גיפרעסין וויא איין בהמה · אבר וורייל ניט יעדר קאן לערנן · אונ אפילו אויך דר למדן האט ניט תמיד צייט צו לערנן ביי דעם עסין · איבר דעם איז רעכט צוא זאגן נאך דר המוציא דאס קפיטיל מזמור לדוד יי רועי · ווארום דאס קפיטל האט אין זיך צוויי מעלות · ערשטינס איז עס דאך תורה · אונ ווידער איז עס איין דאנק צוא זיין ליבין נאמן פאר דעם עסין :

ו דער איד מוז גרוים דרך ארץ האבין פאר דעם ברויט · ווארום עס איז דעם אויבערשטינס מתנה · איבער דעם טאר מען עס ניט מבזה זיין · מען טאר ניט אויף ברויט אן לעגען איין שיסיל ווען עס איז אין דער שיסיל דא יוך אדר איין אנדערע נאסע זאך וואס אז עס וועט זיך ארויף גיסן אויף דעם ברויט וועט דאש ברויט פאר מיעסט ווערין · ווען מען עסט איין גיקעכץ מיט ברויט אן אלעפיל - נאר דאס ברויט איז פאר אלעפיל · מוז מען יעדער מאל עסין אויך אשטיקיל פון דעם ברויט · אונ וואס עס בלייבט פון דעם ברויט מוז מען דער נאך אויף עסין · מען טאר קיין ברויט ניט ווארפין · איגענטליך טאר מען ניט ווארפין קיין איינציגע זאך וואס מענטשין עסין זיא · נאר דער הילוק איז אזוי · אלע אנדערע זאכין ווען זייא ווערין ניט אום ריין דורך דעם ווארפין · למשל ניס מעג מען זייא יוא ווארפין ·

אבער

אָבֶער בְּרוֹיט טָאר מֶען אֲפִילוּ אוֹיף אַיין רֵיין אָרְט אוֹיךְ נִיט וַוארְפִין ׃

ז מֶען טָאר נִיט אַרָאפּ ווארְפִין דִיא בְּרֶעקְלַאךְ אוֹיף דֶער עֶרְד ׳ וָוארוּם מֶען וֶוערְט דַם וְשָׁלוֹם דוּרְךְ דֶעם אָ״וּם ׳ נָאר מֶען מוּז זֵיי צוּא זַאמֶען נֶעמֶען אוּנ גֶעבִּין דִיא עוֹפוֹת אוֹיף צוּא עֶסִן ׃

ח וֶוען מֶען זֶעהְט אַיין עֶסִין וַוארְג לִיגְט אוֹיף דֶער עֶרְד מוּז מֶען עֶשׂ אוֹיף הֵייבִּין ׃

ט מֶען טָאר נִיט צוּ שְׁטַארְק קוּקִין אוֹיף יֶענֶעם וֶוען עֶר עֶסְט אָדֶר טְרִינְקְט ׳ וָוארוּם אַנְדֶערֶע קָאן דָאשׂ פַאר דְרִ׳סִ׳ן אוּנ אַמָאל קָאן עֶשׂ יֶענֶעם שְׁטַארְק שַׁאטִין ׃

י וַואסֶ־ זָאל מֶען נִיט טְרִינְקֶען וֶוען פִיל מֶענְטְשִׁין זֶעהֶען נָאר מֶען זָ׳ל זִיךְ אוּם קֶערִין מִיט דֶעם פָּנִים אוּנ טְ־ינְקֶען ׳ אָבֶּר אַז מֶען טְרִינְקְט בַּייא דֶעם עֶסִין דַארְף מֶען זִיךְ נִיט אוּם קֶערִין ׳ אוּנ אַז מֶען טְ־ינְקְט אַיין אַ׳דֶער מַשְׁקֶ׳ה אֲפִילוּ נִיט אִין מִיטִין עֶסִין דַארְף מֶען זִיךְ אוֹיךְ נִיט אוּם קֶערִין ׃

יא חָאטְשֶׁע מִיר הָאבִּין אוֹיבִּין גִיזָאגְט אַז מֶען מוּז שְׁטַארְק בְּכָבוֹד הָאלְטִין דָאשׂ בְּרוֹיט אִין יֶעדֶען עֶסִין ׳ אָבֶּר וֶוען מֶען דַארְף עֶשׂ צוּא אַיין רְפוּאָה מֶעג מֶען דֶער מִיט טָאן וָואשׂ מֶען וִויל ׃

יב וֶוען מֶען וֶוערְט אַנְטְשְׁלָאפִין אִין מִיטִין עֶסִין אֵיְדֶר מֶען הָאט זִיךְ נִיט צוּ גִילֵייגְט ׳ אָדֶער מֶען אִיז פַ׳אר זִיךְ אַרוֹישׂ גִינַאנְגֶען ׳ דַארְף מֶען נִיט נָאךְ אַמָאל מַאכִין הַמּוֹצִיא ׳ אָבֶּר מֶען מוּז זִיךְ וַואשִׁין אוּנ מֶען מַ׳כְט נִיט דִיא בְּרָכָה עַל נְטִ׳לַת יָדַיִם ׳ דָ׳אשׂ אֵייגֶנֶע אִיז אוֹיךְ וֶוען מֶען דַאוִוינְט אִ׳ן מִי׳ין עֶסִין אֲפִילוּ מִיט צִמּוּזִין וֶוען אַלֶע הָאבִּין גִירַאוִוינְט אִין דֶער שְׁטוּבּ וָואשׂ מֶען עֶסְט אָדֶער עֶטְ׳יכֶע זַיינֶען גִינַאנְגֶען אִין דֶער אַנְדֶ׳ע שְׁטוּבּ אַרֵיין דַאוִונֶען אָבֶּר עֶטְלִיכֶע זַיינֶען נָאךְ גִיבְּלִיבִּין אִין דֶער שְׁטוּבּ וָואשׂ מֶען עֶסְט ׳ אוּנ מֶען וִויל זִיךְ דֶ׳ר נָאךְ וַוייטֶר וֶועצִין עֶסִין ׳ וַואשְׁט מֶען זִיךְ נָאר אָן אַבְּרָכָה אוּנ מֶען מַאכְט נִיט נָ׳יךְ אַמָאל אַיין הַמּוֹצִיא ׃

## כט הלכות מים אחרונים וברכת המזון ובו י׳ סעיפים
## דִינִים פוּן מַיִם אַחֲרוֹנִים אוּנ בֶּענְטְשִׁין

א אֵיידֶער מֶען בֶּענְשְׁט מוּז מֶען זִיךְ וַואשִׁין דִי הֶענְט ׳ אוּנ דָאשׂ הֵייסְט מַיִם אַחֲרוֹנִים אוּנ דֶער חִיּוּב אִיז נָאר צוּא בַּגִיסִ׳ן דִיא פִינְגֶער ׃

ב וֶוען עֶשׂ אִיז נִיטָא קַיין וַואסֶער ׳ מֶעג עֶר זִיךְ בַּגִיסִי מִיט אַנַאנְדֶערֶע מַשְׁקֶה אָדֶער מִיט אַזוֹ אַיין וַואסֶער וָואשׂ מֶען טָאר זִיךְ דֶער מִיט נִיט וַואשִׁין צוּם עֶסִין אָבֶער וַוארִימֶע וַואסֶ׳ר טָאר מֶען נִיט נֶעמֶען צוּא מַיִם אַחֲרוֹנִים ׃

ג מֶען טָאר נִיט גִיסִין דִיא מַיִם אַחֲרוֹנִים אוֹיף דֶער עֶרְד וואו מֶענְטְשִׁין גֵייעֶן וָוארוּם דֶער רוּחַ רָעָה אִיז אוֹיף דִיא דָאזִיגֶע וַואסֶער ׳ אָבֶּער אוּנְטֶערִין טִישׁ וואו עֶם גֵייעֶן קַיין מֶענְטְשִׁין נִיט אַרִיבֶּער מֶעג מֶען יָא גִיסִין ׃

ד חוּץ וָואשׂ מֶען וַואשְׁט זִיךְ אָפּ דִיא פִינְגֶער פוּן דֶעם עֶסִין מוּז מֶען אוֹיךְ אָפּ וִוישִׁין דִי בָּארְד אוּנ דִי וָואנְצֶעס עֶם זָאל נִיט בְּלֵייבִּין אַיין צֵייכִין פוּן דֶעם עֶסִין ׃

ה מֶען טָאר נִיט אַרָאפּ נֶעמֶען דֶעם טִישְׁטוּךְ מִיט דִי בְּרוֹיט בִּיז נָאךְ דֶעם בֶּענְטְשִׁין ׳

און מען מוז אראפ נעמען דעם מעסער פארין בענטשין אדער מען פאר דעקט עס מיט דעם טישטוך :

ו נאך דיא מים אחרונים זאל מען תיכף בענטשין און מען טאר ניט מפסיק זיין :

ז מען טאר ניט אוועק גיין פון טיש ביז מען בענטשט · און מען מוז בענטשן זיצנדיג · און מען מוז זיצן גלייך אונ ניט אנגילעהנט · אויך מוז מען צום בענטשין אן טאן דיא היטיל אויפין קאפ און זומער ווען מען זיצט אוים גיטאן בייא דעם עסין מוז מען זיך אן טאן דיא אויבערשטע קלייד צום בענטשין · אויך טאר מען ניט טאן די מינדסטע זאך ווען מען בענטשט · נאר מען מוז אין זין האבין די טייטש פון יעדערין ווארט וואש מען זאגט מיט גרוים כונה :

ח מען מוז זיך שטארק היטין ניט צו ווארטין מיט דעם בענטשין אזו לאנג ביז מען ווערט שוין הינגעריג אונ דאש בענטשין האט גאר קיין ווערט ניט :

ט ווען מען האט פאר געסין און מען איז אוועק גיגאנגען ניט גיבענטשט · איז דער דין אזו · האט מען דארטין וואו מען האט זיך דער מאנט אשטיקיל ברויט · עס מעג אפילו זיין קלענער פון איין איי · עסט ער עס אן א ברכה אונ בענטשט דארטין · האט ער אבער דארטין ניט קיין שטיקיל ברויט · מוז ער צוריק גיין דארטין וואו ער האט גיגעסין אונ זעצט זיך בענטשין · ווען עס איז אבער אזו ווייט אז עס קאן זיין ביז ער וועט צוריק קומען וועט ער ווידער הונגעריג ווערין בענטשט ער דארטין וואו ער איז האטשע אי ברוים :

י ווען ער האט ביי דר המוציא אין זין גיהאט צו בענטשין אין אנאנדער שטוב מעג ער · אבער ער מוז עסין אשטיקיל ברויט וואו ער בענטשט :

# ל הלכות ברכת הזימון ודיני הטועה בבהמ"ז ובו י"ט סעיפים

## דינים פון מזומן בענטשין אונ ווער עש איז זיך טועה אין בענטשין

א ווען דרייא עסין אין איינעם מוזין זייא בענטשין מיטין מזומן :

ב ווען איינער איז גיקומען צוא צווייא וואס האבין שוין אפ גיגעסין אונ זיי האלטין נאך פאר מים אחרונים · זאל מען אים געבין צו עסין איין כזית אדער צו טרינקין · אונ זיי בענטשין במזומן אונ ער מאכט אברכה אחרונה · איז ער אבער גקומן נאך די מים אחר נים מוזין זייא זיך ווידער וואשין אונ מאכין המוציא אונ זיי גיבין אים עפים צו עסין אז ער צו טרינקין ער זאל חייב אברכה מאכין אונ זייא בענטשין במזומן :

ג ווען מען בענטשט מיטין מזומן מוז מען האבן איין כוס צום בענטשין · אויב עס איז מיגליך וויין איז בוודאי גוט · אונ אז ניט איז אנאנדער משקה אויך רעכט · דער כוס מוז זיין פול אן גיגאסין אין גאנצין · אונ אז עס איז ניט פול זאל ער דער גיסין אפי מיט וואשער נאר עס זאל פול ווערין · אונ מען מוז דעם כוס אן גיסין איידער מען וואשט זיך מיט די מים אחרונים :

ד דער כוס מוז זיין גאנץ ריין גיוואשין · אונ ער מוז זיין גאנץ · וואריס וויא באלד עס איז אוים גיצעבריט אדער אפילו ווען די פוס איז אונטין צו בראכין אדער

ווען עס האט איין שפאלט טאר מען עס ניט ניצין צום בענטצין :

ה איינר וואש זיצט ביי דעם טיש גיט כען אים רעשות אונ ער נעמט עם מיט ביידע הענט אונ עם בלייבט ביי אים אין דר רעכטע האנט · ווע ער איז גילינקט האלט ער עם אין דיא לינקע האנט · אונ הייבט אים אביסיל א יף כדי אלע זאלין זעהי · אונ ער זאגט רבותי מיר וועלין בענטשן · אונ די אנדרע ענטפערין יהי שם יי מבורך מעתה ועד עולם · דר נאך זאגט ער ברשות מרנן ורבנן ורבותי נברך שאכלנו משלו · אונ זיי ענטפערין ברוך שאכלנו משלו ובטובו חיינו · אונ ער זאגט אויך די אייגענע אונ מען בענטשט · ווען עס עסין אבער צעהן צו זאמן זעצט מען צוא דאש ווארט אלהינו · דאס הייסט ער זאגט נברך אלהינו שאכלנו משלו · אונ זייא ענטפערין ברוך אלהינו שאכלנו משלו ובטובו חיינו :

ו ווען צעהן האבין גיגעסין צו זאמען אונ דער וואש בענטשט האט פאר געשין צו זאגין דאש ווארט אלהינו · זאל ער נאך אמאל זאגן נברך אלהינו שאכלנו משלו · אבער ווען דיא איבעריגע האבין שוין נאך גיזאגט אונ האבין אויך פאר געסין צוא זאגין אלהינו · איז פאר פאלין אונ מען זאגט ניט מער נאך אמאל :

ז ווען דרייא האבין אין איינעם גיגעסין · אונ איינער האט אפ גיבענטשט פר זיך · מעגין זייא בענטשין במזומן אונ ער זאגט אויך נאך ברוך שאכלנו משלו אונ דאש איבעריגע וויא בייא אריכטיגען מזומן :

ח ווען צעהען האבין אין איינעם גיגעסין אונ דרייא פון זייא האבין פאר זיך אפ גבענטשט · מעג מען זייא דער נאך מצרף זיין צום גרוישין מזומן · דאש הייסט צוא זאגין דאש ווארט אלהינו :

ט ווען עס האבין נאר זיבין גיגעסין ברויט אונ דריי האבין גיגעסין פירות אדר זייא האבין גיטרונקען בייא דעם טיש מעג מען זייא מצרף זיין צו זאגין אלהינו :

י ווען איינער קומט אן ווען מען בענטשט במזומן זאגט ער ניט ברוך שאכלנו משלו ווארום ער האט דאך ניט גיגעסין · נאר ער זאגט ברוך ומבורך שמו תמיד לעולם ועד · אונ ווען ער קומט אן דעמאלט ווען דער עולם זאגט שוין ברוך שאכלנו משלו · זאגט ער ניט מער נאר אמן · אונ ווען איינער קומט אן ווען צעהן בענטשין במזומן ענטפערט ער אויף דעם וואש זייא זאגין נברך אלהינו שאכלנו משלו · ברוך אלהינו ומבורך שמו תמיד לעולם ועד :

יא צו מזומן איז מען ניט מצרף נאר אזעלכע מענטשן וואש זיינן שוין אלט דרייצהן יאר אבער גיט קיין ווייבער :

יב דער בענטשין קומט דעם גרעסטין ביי דעם טיש · ער מעג אבר מכבד זיין איין קלענערין · אונ אז עש איז דא איין אורח בייא דעם טיש קומט דעם אורח דאס בענטשין · אז עס זיינען לויטער גלייכע מענטשין בייא דעם טיש אונ איינער איז איין כהן · קומט דעם כהן דאש בענטשין · איז איינר איין תלמיד חכם קומט א"ם :

יג וויא באלד דר וואש בענטשט האט גינומען דעם כוס אין דא"ט אריין · ביז נאך דעם בענטשין טאר מען אנווארט ניט אויש ריידין :

יד עס איז רעכט אז די איבעריגע זאלין שטיל בענטשין אונ דעם וואש מען האט אים מכבד גיוועז מיט דעם בענטשין זאל ער העכער זאגין כדי זייא זאלין נאך זאגין אמן אויף זיינע ברכות:

טו נאך דעם בענטשין מאכט ער אברכה איבר דעם כוס אונ טרינקט ארוב פון דעם כוס · אונ גיט דיא ווייב אויך צו טרינקען אונ עס איז רעכט אז אלע וואס זיינען גיוועז בייא דעם מזומן זאלין אויך טרינקען פון דעם כוס:

טז ווען מען פאר געסט שבת צו זאגין רצה אדר מען פאר געסט ראש חודש אונ י״ם טוב צו זאגין יעלה ויבא · אויב אז ער האט זיך דר מאנט איידר ער האט גיזאגט דעם שם פון ברוך אתה יי בונה ירושלים זאל ער דא זאגין רצה אדר יעלה ויבא · אבער אז ער האט שוין גיזאגט דעם שם ז״ל ער קאנצין דיא ברכה · אונ דער נאך זאגט ער אום שבת ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר נתן שבתות למנוחה לעמו ישראל באהבה לאות ולברית ברוך אתה יי מקדש השבת · אום ראש חודש זאגט ער ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר נתן ראשי חדשים לעמו ישראל לזכרון · ווען ר״ח איז אום שבת אונ האט פר געסן רצה אונ יעו״י זאגט ער בא״י אמ״ה אשר נתן שבתות למנוחה לעמו ישראל באהבה וראשי חדשים לזכרון ברוך אתה יי מקדש השבת וישראל וראשי חדשים · אום יום טוב זאגט ער ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר נתן ימים טובים לעמו ישראל לששון ולשמחה את יום חג המצות (אדר השבועות אדר הסכות אדר שמע״צ החג הזה) בא״י מקדש ישראל והזמנים · ווען י״ם טוב גיפאלט אום שבת אונ האט פאר ג סין רצה אונ יעלה ויבא זאגט ער ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר נתן שבתות למנוחה לעמו ישראל באהבה לאות ולברית וימים טובים לישראל לששון ולשמחה את יום חג המצות (אדער השבועות אדר הסכות אדר שמע״צ החג) הזה בא״י מקדש השבת וישראל והזמנים · אום חול המועד זאגט ער ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר נתן ימים קדושים לעמו ישראל · א״ם ראש השנה זאגט ער ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר נתן ימים טובים לעמו ישראל את יום הזכרון הזה ברוך אתה יי מקדש ישראל ויום הזכרון · ווען ראש השנה גיפאלט אום שבת זאגט ער ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר נתן שבתות למנוחה לעמו ישראל באהבה לאות ולברית וימים טובים את יום הזכרון הזה ברוך אתה יי מקדש השבת וישראל ויום הזכרון:

יז דאש איז אבער אלץ אז ער האט נאך ניט אן גיהויבין צוא זאגין ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם האל אבינו · אבר אז ער האט שוין אן גיהויבן איזודר דין אזוי אום שבת ויו״ט ווען ער האט ניט מער גיזאגט נאר ביז מלך העולם · זאגט ער אשר נתן אונ דאס איבעריגע אזו וויא אויבין שטייט · אבר ווען ער האט שוין גיזאגט האל אבינו · כזו ער נאך אמאל בענטשין · אבר אום שבת בייא דעם שלש סעודות אדר אום ראש חודש אדער אין חול המועד אז ער האט זיך דר מאנט נאך האל אבינו דארף ער ניט נאך אמאל בענטשין

יח חנוכה אדר פורים ווען ער פר געסט צו זאגין על הנסים אונ ער דער מאנט זיך

ערשט ווען ער האט שוין געזאגט דעם שם פון דר ברכה כון ועל הכל אדער ווייטר זאל ער פר הרחמן הוא יזכנו זאגין · הרחמן הוא יעשה לנו נסים ונפלאות כמו שעשה לאבותינו בימים ההם בזמן הזה · בימי מתתיהו ביז לשמך הגדול · אונ פורים בימי מרדכי ואסתר ביז על העץ

ים ווען מען זיצט ביי דעם שלש סעודות ביז שפעט אין דר נאכט · זאגט מען רצה אין בענטשין חאטשע עס איז שוין וואך :

## לא דיני ברכות הנהנין ובו כ״ג סעיפים
## דינים פון אלערלייא ברכות

א יעדער איד טאר פון קיין שום זאך אין דער וועלט קיין הנאה ניט האבין אן איין ברכה · אונ ווער עסט אדער ער טרינקט אדער ער פילט איין גוטין ריח אדער ער האט איין אנדערע הנאה פון איין זאך אונ מאכט ניט די ברכה וואס גיהער דער צו דער טוט איין גרויסע עבירה · ווארום דער חכם דוד המלך האט גיזאגט לה׳ הארץ ומלואה · די גאנצע וועלט מיט אלעם וואש אין איר איז דא איז דעם אויבערשטינס · נוא ווען דער מענטש דאנקט יעדען וואש ער טוט אים די מינסטע טובה · וויא מוז ער נאך דאנקען זיין ליבין נאמען פאר דעם גרויסין חסד וואש ער טוט מיט אים יעדען אויגענבליק · ער גיט אים צוא עסין אונ צוא טרינקען אונ אלערלייא תענוגים · אונ אליץ אום זיסט · דער דאזיגער דאנק איז די ברכה · איבר דעם זאגט זייער שיין אונזער היילגע גמרא · כל הנהנה מן העולם הזה בלא ברכה כאילו גוזל להקדוש ברוך הוא · דאס הייסט ווער עס האט הנאה פון דער וועלט אונ מאכט דריבער ניט קיין ברכה איז דאש גלייך וויא ער האט דעם ליבן גאט בגאזילת · ווארום די ברכה איז דאך דאש איינציגע וואש דוא גיסט צו זיין ליבין נאמען פר די גוטס וואש ער האט דיר גיגעבין · מען זאל אבער זעהען וויא אונזערע חכמים האבין גיצייעלט די ווערטער זייא זאגין ניט ער גזלת דעם אויבערשטין נאר כאילו גוזל · עש איז גלייך וויא ער האט גיגזלת ווארום איינענטליך פעלט דעם אויבערשטין גאר ניט אפילו ווען דוא מאכסט ניט די ברכה וואש ביסטו דען מיט דיין גאנץ לייב אונ לעבין קעגין דעם היילגין גאט · אבער דוא פאר דיר אליין בישטו וויא איין גזלן · דוא האשט גיהאפט איין זאך אונ האסט פאר איר ניט גיגעבין וואש עש קומט פאר איר :

ב אזו וויא מען טאר ניט גינעסין קיין שום זאך אן אברכה · אזו טאר מען ווידער ניט מאכין אברכה אום זיסט · ווארום עש איז איין גרוישע עבירה דעם היילגין שם צוא זאגין אום זישט · אונ ניט אליין אויף לשון קודש · נאר אפילו אויף אנדערע לשונות טאר מען אויך ניט גידיינקען גאטס היילגין נאמן אומזיסט · די גמרא זאגט אז ווער עש גידיינקט זיין ליבען נאמען אום זיסט איז ווערט מען זאל אים אין חרם ארייין לייגין :

ג ווען איינער האט זיך אבער טועה גיוועזין אונ האט גימאכט אברכה וואש ער

בדארף זיא ניט׳ זאל ער תיכף זאגין ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד ׳ אדער אדונינו מה אדיר שמך בכל הארץ ׳ ווען ער האט זיך אבער תיכף דער מאנט נאך ברוך אתה יי׳ זאל ער אוים פירין למדני חוקיך ׳ ווייסט דאש אויש גליך וויא ער האט גיזאגט דעם פסוק אין תהלים ׳ אונ אז ער האט שוין גיזאגט אלהינו זאל ער אויש לאזין אלהי ישראל מן העולם ועד העולם ׳ ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד :

ווען מען וויל עפעם עסין ׳ מוז מען די זאך גוט באטראכטין וואש פאר אברכה מען דארף דריבער צוא מאכין ׳ כדי ער זאל ניט דער מאנען דעם היילגין נאמען אום זיסט: אונ ווען עם איז אפרי וואש עם טרעפט זיך ווערימדיג מוז ער זיא פריער עפענען אויב זיא ׳ איז ראוי לברכה :

ה דער פראסטער עולם זאגט אז מיט שהכל איז מען יוצא אויף אלץ ׳ דאש איז אבער גאנץ פאלש ׳ ווארום מען מוז איבר איטליכע זאך מאכין דיא ברכה וויא דיא חכמים האבין מתקן גיוועזין ׳ נאר ווען ער איז אין איין זאך מסופק וואש פאר איין ברכה צוא מאכין ווייל דיא חכמים קריגען דריבער מעג ער מאכין שהכל ׳ אויך ווען ער האט זיך טועה גיוועזין אונ האט גימאכט שהכל איז ער יוצא ׳ ווייל עש איז דאך שוין פאר פאלין ׳ אבער צו מאכין שהכל וואו מען דארף צוא מאכין איין אנדערע ברכה איז איין גרויסע עבירה :

ו ווען ער האט פאר געסין אונ האט עפעם גינומען אין מויל ארייין אן אברכה ׳ ווען עם איז אזו איין זאך וואס עם וועט ניט מיאם ווערין ווען ער וועט עש אויש שפייען ׳ זאל ער אויש שפייען אין דער האנט אריין אונ זאל מאכין די ברכה ׳ ווען עם איז אבער איין ווייכע זאך וואש עם וועט יוא מיאם ווערין זאל ער עש האלטין אין דער זייט מויל אונ זאל מאכין דיא ברכה׳ ווען עש איז אבער איין משקה ׳ אויב ער האט אך פון דער משקה׳ זאל ער אויש שפייען דאם וואס ער האט אין מויל ׳ האט ער אבער ניט מער פון דער משקה ׳ זאל ער עש אראפ שלינגען אונ זאל דער נאך מאכין דיא ברכה ׳ אבר קיין ברכה אחרונה ניט ׳ אבער ווען עם איז ווין אונ ער האט גיטרונקען איין קוואטיריל זאל ער יוא מאכין דיא ברכה אחרונה :

ז איבער אלע זאכין וואם וואקסין ניט אין דער ערד ׳ דהיינו פלייש פיש קעז מילך וואסער האניג מער ביר יוך אייער זופע בראנפין מאכט מען דיא ברכה שהכל ׳ אויך איבער אוים גיקוועטשטין זאפט פון פירות ׳ עפיל זאפט׳ראסיל פון אוגערקעם זאלץ וואסר׳ קאווע טייא׳קרויט׳שוועמלאך ׳ זויערע ווין וואס ער האט אים גמישט מיט וואסער מאכט מען שהכל ׳ איבער אום צייטיגע אויפס׳ איבער ברויט פון רייז מעל׳ אדער פון הירז׳ אדער ארבם׳ רעטשעגע גריץ ׳ לאקרעץ זיסע מאנדלען ווען זייא זיינען נאך קליין׳ מאנדער מילך׳ עסיג גימישט מיט וואסר׳ פלומן יוך קאלינים רויע ריבן׳ רויע מערן׳ שמעטענע׳ שאקאלאדע׳ הערינג איז אלץ שהכל ׳ איבער מעדיצין מאכט מען אויך שהכל׳ אבר ווען דיא מעריצין איז שטארק ביטער מאכט

מען נאר קיין בְּרָכָה ניט נאר מען זאגט יְהִי רָצוֹן מִלְּפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי שֶׁיְּהֵא עֵסֶק זֶה לִי לִרְפוּאָה כִּי רוֹפֵא חִנָּם אָתָּה :

ח די בְּרָכָה שֶׁהַכֹּל איז אזוי · בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁהַכֹּל נִהְיָה בִּדְבָרוֹ :

ט אֲפִילוּ ווען מען עסט אדער מען טרינקט גאר ווייניג מוז מען אַבְּרָכָה מאכין :

י ווען איינער פאר זוכט דאש עסין אויב עס איז גוט גיזאלצין אונ ער שפייט תֵּיכֶף אויס דארף ער קיין בְּרָכָה ניט מאכין · אבער ווען ער וויל עס אראפ שלינגען זאל ער פריער אין זינען האבין ער זאל דער פון הֲנָאָה האבין אונ זאל אַבְּרָכָה מאכין :

יא נאך דער בְּרָכָה מוז מען תֵּיכֶף עסין · אונ אז מען האט אויש גירעט צווישין דעם עסין אונ דער בְּרָכָה אזויגע ווערטער וואס גיהערין ניט צום עסין מוז מען נאך אמאל מאכין דיא בְּרָכָה :

יב ווען איינער טרינקט אבּסיל וואסר ניט פאר דארשט נאר וויל ער שלוקערצט · אדער עס איז אים עפּיס גיבליבין שטעקין אין האלז אונ ער וויל עס אראפ ברייגגען · דארף ער ניט קיין בְּרָכָה מאכין :

יג איבּר פֵּירוֹת וואס וואקסין אויף איין בוים מאכט מען בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ :

יד פֵּירוֹת וואס זייער בְּרָכָה איז פְּרִי הָעֵץ זיינן נאר פון אזעלכע בוימר וואס די צווייגן בלייבין אויך אום ווינטער · אבער פון אזוינע בוימלאך וואס עס בלייבין אום ווינטער נאר דער ווארציל אין דער ערד · הייסין ניט קיין בוימר · אונ מען מאכט איבער זייערע פֵּירוֹת בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה :

טו איבער פֵּירוֹת אונ גרינסען וואס וואקסין אויף דער ערד · אדער אויף איין בוימיל · נאר ווינטער בלייבט פון דעם בוימיל גאר ניט אדער עס בלייבט נאר דער ווארציל אין דר ערד מאכט מען בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה :

טז איבער גרינסען וואס וואקסין פון זיך אליין אונ מען זייט זייא ניט מאכט מען נאר שֶׁהַכֹּל :

יז אזעלכע פֵּירוֹת אדער גרינסען וואש מענטשין עסין זייא ניט רויע חאטשע זייא זיינען רויערהייט גוט מאכט מען איבער זייא שֶׁהַכֹּל :

יח ווען ער מישט צוא זאמען צווייא ערלייא פֵּירוֹת וואס איבער איינעם קומט בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ אונ איבער איינעם בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה · ער האט זייא אבער אזוא צוא מישט אז מען דער קענט ניט צו אונטער שיידין איין פְּרִי פון דער אנדערע · גייט מען נאך דעם רוב · דאס הייסט ווען דיא בוים פְּרִי איז מעהר מאכט מען בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ · איז אבער דיא ערד פְּרִי מעהר מאכט מען בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה · אבר ווען זייא זיינען ניט צוא ריבין אונ מען דער קענט איטליכע פְּרִי באזונדער · מאכט מען איבער איטליכע פְּרִי זיין בְּרָכָה :

יט ווען מען טרינקט בוימיל · מאכט מען דריבער גאר קיין בְּרָכָה ניט · אונ ווען מען האט אים גימישט מיט אנדערע זאכין · מאכט מען דיא בְּרָכָה וואס קומט אויף דער אנדערע זאך · אבער אז ער טרינקט אים פאר איין רְפוּאָה · נאר ער מישט אים מיט עפּעש כְּדֵי ער זאל אים קענען טרינקען מאכט ער בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ · אונ אז

ער

ער טְרִינְקְט אַיין מַשְׁקֶה פַאר דָארְשְׁט אוּנ מִישְׁט צוּא אַבִּיסִיל בּוֹימִיל פַאר אַרְפוּאָה מַאכְט עֶר שֶׁהַכֹּל :

כ אִיבֶּר וַויין מַאכְט מֶען בּוֹרֵא פְּרִי הַגָּפֶן · אָבֶּער אִיבֶּער וַויין טְרוֹיבִּין מַאכְט מֶען בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ :

כא נִיקָאכְטֶע מַאֲכָלִים פוּן וַוייצִין מֶעהְל · גֶערְשְׁטִין מֶעהְל · קָארִין מֶעהְל · הָאבֶּער מֶעהְל · מַאכְט מֶען דְרִיבֶּער בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת :

כב פּוּטֶער גִיבֶּעקְס אָדֶער בֶּעקִין קוּכִין אָדֶר לֶעקַאךְ אָדֶר שְׁמַאלְץ גִיבֶּעק · וֶוען מֶען עֶסְט אַזוֹ גְרוֹישׁ וִויא פִיר אַייעֶר · מוּז מֶען זִיךְ וַואשִׁין אוּנ מַאכִין הַמּוֹצִיא אִיבֶּער אַיין אַנְדֶער בְּרוֹיט · אוּנ עֶסִ'ן פוּן אִים אַיין כְּזַיִת אוּנ דֶער נָאךְ מוּז מֶען בֶּענְטְשִׁין · וֶוען עֶס אִיז אָבֶּער קְלֶענֶער פוּן פִיר אַייעֶר דַארְף מֶען זִיךְ נִיט וַואשִׁין אוּנ מֶען מַאכְט דְרִיבֶּער בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת :

כג אִיבֶּער קְנֵיידְלַאךְ לַאקְשִׁין פַארְפִיל קְרֶעפְּלַאךְ בְּלִינְטְשֶׁעס טָארְט הָמָן טַאשְׁן מִיט הָאנִיג טֵייג טֵייגַאכְץ שְׁטְרָאדְלַאךְ פַאנְקוּכִין פְלַאדִין אַייעֶר בֵּייגִיל מַאכְט מֶען אַלְץ דִיא בְּרָכָה בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת :

# לב דיני ברכה אחרונה ובו ח׳ סעיפים

## דִינִים פוּן בְּרָכָה אַחֲרוֹנָה

א אִיטְלִיכֶע זַאךְ וָואס מֶען הָאט גִיגֶעסִין אַכְּזַיִת אָדֶער גִיטְרוּנְקֶען אַקְרוּצָאק מוּז מֶען דֶער נָאךְ מַאכִין אַבְּרָכָה אַחֲרוֹנָה :

ב דָאס בֶּענְטְשִׁין אִיז אוֹיךְ אַבְּרָכָה אַחֲרוֹנָה · אוּנ דִיא דִינִים דֶער פוּן הָאבִּין מִיר שׁוֹין אוֹיבִּין גִישְׁרִיבִּין · עֶס זַיינֶען אָבֶּר דָא נָאךְ צְווֵייא עֶרְלֵייא בְּרָכוֹת אַחֲרוֹנוֹת · אֵיינֶע אִיז בּוֹרֵא נְפָשׁוֹת · אוּנ דִיא אַנְדֶערֶע עַל הַמִּחְיָה · זִיא הֵייסְט אוֹיךְ עַל הַגֶּפֶן אָדֶער עַל הָעֵץ · אוֹיךְ הֵייסְט זִיא דִיא לַאנְגֶע בְּרָכָה :

ג נָאךְ בּוֹים פֵּירוֹת אוּנ נָאךְ עֶרְד פֵּירוֹת אוּנ נָאךְ גְרִינְסֶען מַאכְט מֶען בּוֹרֵא נְפָשׁוֹת :

ד אַז מֶען הָאט גִיגֶעסִין וַויין טְרוֹיבִּין · רָאזִינְקֶעס פַייגִין מִילְגְרוֹים טֵייטְלִין אֵיילְבִּירְט מַאכְט מֶען דֶער נָאךְ דִיא לַאנְגֶע בְּרָכָה אַחֲרוֹנָה עַל הָעֵץ :

ה נָאךְ אִיטְלִיכֶע מַשְׁקֶה מַאכְט מֶען בּוֹרֵא נְפָשׁוֹת · אַז מֶען טְרִינְקְט קַאוֶוע אָדֶער טֵיי זָאל מֶען זִיא אָפּ קִילִין כְּדֵי מֶען זָאל צוּם לֶעצְט טְרִינְקֶען אַקְרוּצָאק אוֹיף אֵיין מָאל אוּנ מֶען מַאכְט בּוֹרֵא נְפָשׁוֹת · וָוארוּם וִויא בַּאלְד זִיא אִיז הֵייס אוּנ מֶען טְרִינְקְט זִיא נָאר בִּיסְלִיךְ וַוייס מַאכְט מֶען דְרִיבֶּער נִיט קַיין בְּרָכָה אַחֲרוֹנָה :

ו נָאךְ וַויין מַאכְט מֶען דִיא לַאנְגֶע בְּרָכָה עַל הַגֶּפֶן :

ז מֶען זָאל זִיךְ הִיטִין נִישְׁט צוּא עֶסִין קַיין גַאנְצֶע בָּאבּ אָדֶער קַיין גַאנְצֶע נִיס וָואשׁ אִיז קְלֶענֶער פוּן אַיין כְּזַיִת · וָוארוּם אַנְדֶערֶע זָאגִין אַז וֶוען מֶען עֶסְט אַיין פְּרִי אִין גַאנְצִין וִויא זִיא אִיז בַּאשַׁאפִין גִיוָוארִין מוּז מֶען דֶער נָאךְ מַאכִין אַבְּרָכָה אַחֲרוֹנָה · וַוייל דָאשׁ אִיז אָבֶּר אַיין סָפֵק אִיבֶּער דֶעם זָאל מֶען לִיבֶּער דִי פֵּרִי פְּרִיעֶר צוּא בְּרֶעכִין כְּדֵי מֶען זָאל גַאנְץ זִיכֶער פָּטוּר זַיין פוּן דֶער בְּרָכָה אַחֲרוֹנָה :

ח אַיין כְּזַיִת אִיז אַזוֹ גְרוֹיס וְויא אַהאלְבּ הִינֶערְשֶׁע אַיי׳ אוּנ אַיין קְרוּצָאק אִיז אַזוֹא פִיל וָואס עֶס קָאן אַרַיין אִין דֶער שָׁאל פוּן צְווייא הִינֶערְשֶׁע אַייעֶר:

אִיצוּנְד וִויל אִיךְ בֶּעשְׁרַייבִּין דֶעם נוּסַח פוּן דִי בְּרָכוֹת:

שהכל זאגט מען בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁהַכֹּל נִהְיָה בִּדְבָרוֹ:

בורא מיני מזונות זאגט מען בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת:

בורא פרי העץ זאגט מען בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ:

בורא פרי האדמה זאגט מען בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה:

בורא נפשות זאגט מען בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם בּוֹרֵא נְפָשׁוֹת רַבּוֹת וְחֶסְרוֹנָן עַל כָּל מַה שֶּׁבָּרָא לְהַחֲיוֹת בָּהֶם נֶפֶשׁ כָּל חָי בָּרוּךְ חֵי הָעוֹלָמִים:

דִי לַאנְגֶע בְּרָכָה עַל הַמִּחְיָה עַל פְּהַ״גְ עַל הָעֵץ גִיפִינְט מֶען אִין אַלֶע סִידוּרִים:

## לג פרטי דיני ברכות ובו ז׳ סעיפים
## נָאךְ עֶטְלִיכֶע דִינִים פוּן בְּרָכוֹת

א דָאס אִיז אַכְּלָל אַז עֶשׂ אִיז תָּמִיד אַמִּצְוָה צוּא מַאכִין דִיא בְּרָכָה אוֹיף דֶער זַאךְ וָואס עֶשׂ אִיז לִיבֶּר׳ לְמָשָׁל אַז וֶוען מֶען הָאט פַאר זִיךְ אַגַאנְץ בְּרוֹיט אוּנ אַהַאלְבּ בְּרוֹיט מוּז מֶען דִיא בְּרָכָה מַאכִין אִיבֶּער דֶעם גַאנְצִין:

ב וֶוען מֶען הָאט פַאר זִיךְ אַגִיבַּאקֶענֶע זַאךְ וָואס עֶס קוּמְט דְרוֹיף בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת אוּנ אַגִיקָאכְטֶע זַאךְ וָואס עֶס קוּמְט אוֹיךְ דִיא אֵיינֶענֶע בְּרָכָה מַאכְט מֶען לִיבֶּער אוֹיף דֶער גִיבַּאקֶענֶע זַאךְ אוּנ מֶען פַּטֶרְט דֶער מִיט דִיא גִיקָאכְטֶע:

ג בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת אִיז פְרִיעֶר פַאר אַלֶע אַנְדֶערֶע בְּרָכוֹת׳ נָאר נִישְׁט פַאר הַמּוֹצִיא׳ דְרִיבֶּער וֶוען מֶען גִיט עֶסִין פֶערְשַׁיידֶענֶע זַאכִין אוּנ דֶעם מִין פוּן דִי בְּרָכָה בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת׳ מַאכְט מֶען דִיא בְּרָכָה צוּם עֶרְשְׁטִין׳ אָבֶּער וֶוען עֶר דַארְף קִידוּשׁ מַאכִין מַאכְט עֶר קִידוּשׁ אוּנ דֶער נָאךְ בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת:

ד בּוֹרֵא פְּרִי הַגָּפֶן אִיז פְרִיעֶר פַאר בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ׳ אוּנ בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ אִיז פְרִיעֶר פַאר בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה׳ אוּנ בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה פַאר שֶׁהַכֹּל:

ה דִי לַאנְגֶע בְּרָכָה אַחֲרוֹנָה אִיז פְרִיעֶר פַאר בּוֹרֵא נְפָשׁוֹת׳ אָבֶּער פוּן דֶעסְט וֶועגִין מוּז עֶר דִי אַנְדֶערֶע בְּרָכָה אוֹיךְ מַאכִין׳ ווארוּם דִי בְּרָכוֹת פַּטְרִין נִיט אֵיינֶע דִיא אַנְדֶערֶע נָאר דִי וָואשׂ אִיז חָשׁוּבֶר זָאגְט מֶען פְרִיעֶר:

ו וֶוען מֶען עֶסְט אַיין זַאךְ מִיט דֶער אַנְדֶערֶע׳ אוּנ אֵיינֶע אִיז דֶער עִיקָר אוּנ דִיא אַנְדֶערֶע אִיז נָאר אַיין טָפֵל דָאס הֵייסְט דִי בַּייא זַאךְ דֶער בַּייא׳ מַאכְט עֶר דִיא בְּרָכָה אִיבֶּער דֶעם עִיקָר אוּנ נִיט אִיבֶּער דֶעם טָפֵל׳ לְמָשָׁל עֶר עֶסְט הֶערִינְג מִיט אַיין צְווִיבַּל אָדֶער מִיט אַשְׁטִיקִיל בְּרוֹיט׳ הֵייסְט דֶער הֶערִינְג דֶער עִיקָר אוּנ דִיא צְווִיבַּל אָדֶער דִי שְׁטִיקִיל בְּרוֹיט אִיז דֶר טָפֵל׳ מַאכְט עֶר שֶׁהַכֹּל אִיבֶּר דֶעם הֶערִינְג אוּנ פַּטֶרְט שׁוֹין דִי צְווִיבַּל׳ וֶוען עֶר עֶסְט אָבֶּר דִי צְווִיבַּל פְרִיעֶר מוּז עֶר אִיבֶּער אִיר מַאכִין בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה וָוארוּם אַזוֹ אִיז תָּמִיד דֶער דִין׳ אַז וֶוען מֶען עֶסְט דֶעם טָפֵל פְרִיעֶר מוּז עֶר אִיבֶּער אִים אַיין בַּאזוּנְדֶערִי בְּרָכָה מַאכִין׳ אוֹיךְ מוּז מֶען פַאר דֶעם

עסין

עֶסִין אִין זִינֶען הָאבִּין צוּ פַּטֶערִין דֶעם טָפֵל מִיט דֶער בְּרָכָה פוּן דֶעם עִיקָר · אוֹיךְ מוּז מֶען דֶעם טָפֵל עֶסִין תֵּיכֶף נָאךְ דֶעם עִיקָר · אָבֶּער וֶוען עֶר אִיז אִין מִיטִין גִיגַאנְגֶען אִין אַיין אַנְדֶער שְׁטוּב אַרַיין אוּנ עֶסְט דֶער נָאךְ דֶעם טָפֵל · מוּז עֶר אִיבֶּער אִים מַאכִין אַיין בַּאזוּנְדֶרֶע בְּרָכָה וָואס עֶס קוּמְט אוֹיף אִים · אוֹיךְ מוּז עֶס זַיין אַזוֹ אַז עֶר וָואלְט דֶעם טָפֵל נִיט גִיגֶעסִין אָן דֶעם עִיקָר · אָבֶּער וֶוען עֶר וָואלְט דֶעם טָפֵל גִיגֶעסִין חָאטְשֶׁע עֶר הָאט דֶעם עִיקָר נִיט גִיהַאט · לְמָשָׁל עֶר וָואלְט דִי צְוִויבֶּעל גִיגֶעסִן אֲפִילוּ וֶוען עֶר הָאט דֶעם הֶערִינְג נִיט גִיהַאט · מוּז עֶר אִיבֶּער דֶעם טָפֵל מַאכִין אַיין בַּזוּנְדֶרֶע בְּרָכָה · אוּנ עֶר מוּז נָאךְ דִי בְּרָכָה פוּן דֶעם פְרִיעֶר מַאכִין פַאר דֶעם עִיקָר:

ז וֶוען עֶר אִיז זִיךְ טוֹעֶה אוֹיף אַפֵּרִי וָואס עֶס קוּמְט בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה אוּנ זָאגְט בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ מוּז עֶר נָאךְ אַמָאל מַאכִין אַבְּרָכָה · אָבֶּער וֶוען עֶר מַאכְט בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה אוֹיף אַפֵּרִי וָואס עֶס קוּמְט בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ דַארְף עֶר נִיסְט מֶער קַיין בְּרָכָה מַאכִין:

## לד דיני ברכות הראיה ובו ט״ו סעיפים

## דִינִים פוּן בְּרָכוֹת אוֹיף דִיא זַאכִין וָואשׁ מֶען זֶעהְט

א וֶוען מֶען זֶעהְט זֵייעֶר שֵׁיינֶע בּוֹימֶער אָדֶער זֵייעֶר שֵׁיינֶע מֶענְטְשִׁין עֶס מֶעג זַיין אֲפִילוּ אַנָכְרִי זָאגְט מֶען · בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁכָּכָה לוֹ בְּעוֹלָמוֹ · אָבֶּער דִיא בְּרָכָה מַאכְט מֶען נָאר דָאשׁ עֶרְשְׁטֶע מָאל נִיט מֶער:

ב וֶוען עֶר זֶעט צוּם עֶרְשְׁטִין מָאל נָאךְ דֶעם וִוינְטֶער וִויא דִיא בּוֹימֶער הוֹיבִּין אָן גְרִין צוּא וֶוערִין זָאגְט עֶר · בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁלֹּא חִסַּר בְּעוֹלָמוֹ כְּלוּם וּבָרָא בוֹ בְּרִיּוֹת טוֹבוֹת וְאִילָנוֹת טוֹבוֹת לְהַנּוֹת בָּהֶם בְּנֵי אָדָם · אוּנ אַז עֶר הָאט זִיא עֶרְשְׁט גִיזֶעהֶען צוּם עֶרְשְׁטִין מָאל דֶעמָאלְט וֶוען עֶס וַואקְסִין שׁוֹין אוֹיף זֵייא פֵּירוֹת · נָאר זֵייא זַיינֶען נָאךְ נִיט צַייטִיג · לְמָשָׁל עֶר אִיז קְרַאנְק גִילֶעגִין אָדֶער עֶר אִיז תָּפוּס גִיגֶעסִין · מַאכְט עֶר אוֹיךְ דִיא בְּרָכָה · אָבֶּער דֶעמָאלְט וֶוען עֶר זֶעהְט זֵייא צוּם עֶרְשְׁטִין מָאל וַואקְסִין שׁוֹין אוֹיף זֵייא צַייטִיגֶע פֵּירוֹת מַאכְט עֶר שׁוֹין נִיט דִיא בְּרָכָה:

ג וֶוען עֶר זֶעהְט צוּם עֶרְשְׁטִין מָאל אַיין מוֹרִין אָדֶער אַיין ווִילְדִין מֶענְטְשׁ · אָדֶער אַיין זֶעלְטִינֶע חַיָּה אָדֶער אַמַאלְפִּי · זָאגְט עֶר בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם מְשַׁנֶּה הַבְּרִיּוֹת:

ד וֶוען מֶען זֶעהְט אַגְרוֹיסִין תַּלְמִיד חָכָם זָאגְט מֶען בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁחָלַק מֵחָכְמָתוֹ לִירֵאָיו · אוּנ אַז עֶר זֶעהְט אַיינֶם וָואס עֶר אִיז אַגְרוֹיסֶער חָכָם אִין וֶועלְטְלִיכֶע זַאכִין זָאגְט עֶר · בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁנָּתַן מֵחָכְמָתוֹ לְבָשָׂר וָדָם:

ה אַז עֶר זֶעהְט אַיין קֵייזֶער אָדֶער אַיין קֶינִיג דָאס עֶרְסְטֶע מָאל זָאגְט עֶר · בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁנָּתַן מִכְּבוֹדוֹ לְבָשָׂר וָדָם:

ו אַז עֶר זֶעהְט אַיין נַייעֶ שׁוּל צוּם עֶרְסְטִין מָאל זָאגְט עֶר · בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם מַצִּיב גְּבוּל אַלְמָנָה:

וועו

ז וֶוען עֶר זֶעהְט אַיין אָרְט וָואס עֶס אִיז אִים אַמָאל דָארְט אַיין נֵס גִישֶׁעהֶן · זָאגְט עֶר׳ בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁעָשָׂה לִי נֵס בַּמָּקוֹם הַזֶּה :

ח וֶוען עֶר זֶעהְט דֶעם גְרוֹיסִין יַם · זָאגְט עֶר · בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם עוֹשֶׂה הַיָּם הַגָּדוֹל :

ט וֶוען עֶר זֶעהט אַיין גוּטֶען פְרַיינְד וָואס עֶר הָאט אִים שׁוֹין נִיט גִיזֶעהֶען דְרַייסִיג טָאג · זָאל עֶר מַאכִין דִיא בְּרָכָה שֶׁהֶחֱיָנוּ · אוּנ אַז עֶר הָאט אִים נִיט גִיזֶעהֶען אַגַאנְץ יָאר · זָאגְט עֶר׳בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם מְחַיֵּה הַמֵּתִים :

י וֶוען זַיין גוּטֶער פְרַיינְד אִיז אוֹיף גִישְׁטַאנְען פוּן אַיין קְרַאנְקְהַייט׳זָאגְט עֶר · בְּרִיךְ רַחֲמָנָא דְמַלְכָּא דְעָלְמָא דִי יַהֲבָךְ לָן וְלָא יַהֲבָךְ לְעַפְרָא :

יא וֶוען עֶר זֶעהְט אַיין בֵּית עוֹלָם פוּן אִידִין · זָאגְט עֶר · בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר יָצַר אֶתְכֶם בַּדִּין וְזָן אֶתְכֶם בַּדִּין וְכִלְכֵּל אֶתְכֶם בַּדִּין וְהֵמִית אֶתְכֶם בַּדִּין וְיוֹדֵעַ מִסְפַּר כּוּלְּכֶם בַּדִּין וְעָתִיד לְהַחֲיוֹתְכֶם וּלְקַיֵּים אֶתְכֶם בַּדִּין · בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ מְחַיֵּה הַמֵּתִים :

יב וֶוען עֶר זֶעהְט דִיא זוּן אוֹיף דֶעם גֶעמְלִיכֶע אָרְט וִויא זִיא אִיז גִישְׁטַאנְען וֶוען גָאט הָאט זִיא בַּשַׁאפִין אוּנ דָאס אִיז פּוּנְקְט אוּם מִיטְווָאךְ אִין דֶר פְרִיא פוּן אַיינְעֶרְלֵייא אַכְט אוּנ צְוַואנְצִיג יָאר צוּם אַנְדֶערִין · זָאגְט עֶר׳בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם עוֹשֶׂה מַעֲשֵׂה בְרֵאשִׁית · וֶוען דֶער אִיבֶּערְשְׁטֶער וֶועט אוּנְז שֵׁיינְקְען דֶעם לֶעבִּין וֶועלִין מִיר דִיא בְּרָכָה מַאכִין אִין דֶעם יָאר תרנ״ז · דִיא מִצְוָה אִיז דִיא בְּרָכָה צוּ מַאכִין צַייטְלִיךְ פְרִיא וֶוען תְּקוּפַת נִיסָן גִיפַאלְט זַייגֶער נַיין פַאר מִיטָאג · אָבֶּער אַז דֶער הִימֶעל אִיז בַּאדֶעקְט מִיט וָואלְקְען אוּנ מֶען זֶעהְט נִיט דִיא זוּן אִיז צַייט בִּיז מִיטָאג :

יג וֶוען עֶר זֶעהְט אַבְּלִיץ זָאגְט עֶר · בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם עוֹשֶׂה מַעֲשֵׂה בְרֵאשִׁית · אָבֶּר וֶוען עֶס בְּלִיצְט דוּרְךְ דֶר הִיץ מַאכְט מֶען נִיט קֵיין בְּרָכָה :

יד וֶוען עֶר זֶעהְט אַרֶעגִין בּוֹגִין · זָאגְט עֶר׳ בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם זוֹכֵר הַבְּרִית׳ נֶאֱמָן בִּבְרִיתוֹ וְקַיָּם בְּמַאֲמָרוֹ :

טו ד׳א אַלֶע זַאכִין וָואס מִיר הָאבִּין דָא בִּיז סעיף י״ב גִיזָאגְט׳ וֶוען עֶר הָאט זֵייא נָאךְ אַמָאל גִיזֶעהֶן אִין דִיא גֶעמְלִיכֶע דְרַייסִיג טֶעג דַארְף עֶר נִיט מֶער מַאכִין דִיא בְּרָכָה׳ אָבֶּער וֶוען עֶר זֶעהְט אַמֶלֶךְ אוּנ מַאכְט דִיא בְּרָכָה אוּנ בַּאלְד זֶעהְט עֶר וִוידֶער אַ׳ן אַנְדֶערִין מֶלֶךְ · עֶס מֶעג אֲפִילוּ זַיין תֵּיכֶף דֶעם אַנְדֶערִין טָאג מוּז עֶר וִוידֶער אַמָאל מַאכִין דִי בְּרָכָה :

## לה דיני ברכות השמיעה ובו ד׳ סעיפים
## דִינִים פוּן בְּרָכוֹת אוֹיף וָואס מֶען הֶערְט

א וֶוען מֶען הֶערְט דוּנֶערִין זָאגְט · מֶען בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁכֹּחוֹ וּגְבוּרָתוֹ מָלֵא עוֹלָם : וֶוען עֶר הָאט אוֹיף דֶעם בְּלִיץ נִיט גִימַאכְט קֵיין בְּרָכָה אוּנ דֶר וַוייל הָאט גִידוּנֶערְט · זָאל עֶר מַאכִין נָאר דִי בְּרָכָה עוֹשֶׂה מַעֲשֵׂה בְרֵאשִׁית אַלֵייךְ אוּנ אַז עֶר הָאט נִיט גִימַאכְט דִיא בְּרָכָה וַוייל עֶר הָאט נִיט גִיהַאט קֵיין רֵיינֶע הֶענְט

אָדֶער ווייל עֶר אִיז גִיוועֶן אוֹיף אַזוֹ אַיין אָרְט וָואשׂ מֶען טָאר דָארְטִין קֵיין בְּרָכָה נִיט מַאכִין · אוּנ דֶר ווייל הָאט אוֹיף גִיהֶערְט צוּא דוּנֶערִין · זָאל עֶר נִיט מֶער מַאכִן דִיא בְּרָכָה סַיידִין ווֶען עֶשׂ דוּנֶערְט נָאךְ אַמָאל :

ב כָּל זְמַן עֶם לַייטֶערְט זִיךְ נִיט אוֹישׂ · מֶעג בְּלִיצִין אוּנ דוּנֶערִין וויא פִיל מָאל דַארְף מֶען נִיט מֶער מַאכִין נָאר אַיין בְּרָכָה אוֹיף דֶעם בְּלִיץ אוּנ אַיינֶע אוֹיף דֶעם דוּנֶער · אָבֶער ווֶען עֶשׂ אִיז שׁוֹין שֵׁיין גִיוָוארִין · אוּנ דֶר נָאךְ הָאט זִיךְ דֶר הִימִיל ווִידֶער בַּדֶעקְט מִיט וָואלְקִינְשׂ אוּנ עֶשׂ הָאט ווִידֶער אָן גִיהוֹיבִּן צוּא בְּלִיצֶען אוּנ צוּא דוּנֶערִין מוּז מֶען נָאךְ אַמָאל מַאכִין דִיא בְּרָכוֹת :

ג ווֶען עֶר הֶערְט אַשְׁלֶעכְטֶע בְּשׂוֹרָה · זָאגְט עֶר בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם דַיָּן הָאֱמֶת · דָאשׂ אַיינְגֶע אִיז אוֹיךְ ווֶען עֶר זֶעהְט אַיין שׁוּל וָואשׂ זִיא אִיז חָרוּב גִיוָוארְן זָאגְט עֶר דִיא בְּרָכָה :

ד ווֶען עֶר הֶערְט אַגוּטֶע בְּשׂוֹרָה זָאגְט עֶר בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם הַטּוֹב וְהַמֵּטִיב :

## לך דיני ברכות הריח ובו י״ד סעיפים
## דִינִים פוּן בְּרָכוֹת אוֹיף זַאכִין וָואשׂ שְׁמֶעקִין

א ווֶען מֶען ווִיל הֲנָאָה הָאבִּין פוּן דֶעם גוּטִין רֵיחַ וָואשׂ אַיין זַאךְ הָאט · מוּז מֶען נֶעמֶן דִיא זַאךְ אִין דֶער רֶעכְטֶער הַאנְט אוּנ מַאכִין דִיא בְּרָכָה · אוּנ דֶר נָאךְ שְׁמֶעקְט מֶען דֶער צוּא · אָבֶער מֶען מַאכְט נִיט דֶער נָאךְ אַיין בְּרָכָה אַחֲרוֹנָה :

ב אוֹיף דֶעם רֵיחַ פוּן אַיין פְּרִי וָואשׂ מֶען עֶסְט אִיר · לְמָשָׁל אַיין אֶתְרוֹג אָדֶער אַלִימָנִי אָדֶר אַיין מוּשְׁקַט נוּס · זָאגְט עֶר · בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר נָתַן רֵיחַ טוֹב בַּפֵּירוֹת · דָאשׂ אִיז אָבֶּר נָאר ווֶען עֶר אִיז זִיךְ מְכַוֵּין הֲנָאָה צוּ הָאבִּן פוּן דֶעם רֵיחַ · אָבֶער ווֶען עֶר הָאט בְּלוֹיז גִיגֶעסִין דִי פְּרִי אוּנ דוּרְךְ דֶעם הָאט עֶר זִיךְ אִין אַיין נַאנְג דֶער קְווִיקְט פוּן דֶעם רֵיחַ · דַארְף עֶר נִיט מַאכִין דִי בְּרָכָה אִיבֶּר דֶעם רֵיחַ · ווֶען עֶר הָאט אָבֶּר פְרִיעֶר אִין זִין צוּ עֶסִין אוּנ אַיין הֲנָאָה צוּ הָאבִּין פוּן דֶעם רֵיחַ · מוּז עֶר מַאכִין בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ אוּנ דִי בְּרָכָה פוּן דֶעם רֵיחַ פַאר דֶעם עֶסִין אַזוֹ זָאגְט דֶער אֵלִיָּהוּ רַבָּא · אָבֶּר דֶר פְּרִי מְגָדִים מַסְקִיק אַנְדֶערְשׁ · עֶר זָאגְט יוא עֶשׂ אִיז אֱמֶת אַז עֶר מוּז מַאכִין בֵּיידֶע בְּרָכוֹת · אָבֶּר נִיט אַיינֶע נָאךְ דֶר אַנְדֶרֶע · ווארוּם מֶען טָאר דָאךְ נִיט מַפְסִיק זַיין צְווִישִׁין דִי בְּרָכָה אוּנ צְווִישִׁין דֶעם עֶסִין · דְרִיבֶּער מַאכְט עֶר פְרִיעֶר דִי בְּרָכָה בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ אוּנ עֶסְט אַשְׁטִיקְל · דֶער נָאךְ מַאכְט עֶר דִי בְּרָכָה פוּן דֶעם רֵיחַ · אוּנ אַזוֹ אִיז טַאקֶע רֶעכְט :

ג אוֹיף אַיין זַאךְ וָואשׂ עֶשׂ אִיז נִיט גִימַאכְט ווֶעגִין דֶעם רֵיחַ · לְמָשָׁל הַייסֶע בְּרוֹיט אָדֶר אַיין אֶתְרוֹג אוּם סוּכּוֹת וָואשׂ דֶעמָאלְט הַאלְט מֶען דָאךְ אִים נָאר ווֶעגִן דֶער מִצְוָה מַאכְט מֶען דְרוֹיף נִיט דִיא בְּרָכָה פוּן דֶעם רֵיחַ · דְרִיבֶּער אִיז רֶעכְט מֶען זָאל סוּכּוֹת נִיט שְׁמֶעקִן דֶעם אֶתְרוֹג ווֶען מֶען נֶעמְט אִים צוּם בֶּענְטְשִׁין אוּנ דוּרְךְ דֶעם טַעַם זָאל מֶען אוֹיךְ נִיט מַאכִין דִיא בְּרָכָה ווֶען מֶען קוּמְט אַרַיין אִין אַיין קְרָאם וָואשׂ

עש

עס ליגט דרינען בשמים חאטשע מען האט הנאה פון דעם ריח · ווארום די בשמים ליגין ניט דארטין ווענין דעם ריח :

ד אויף גוטין בוימיל וואס שמעקט זאגט מען ברוך אתה יי אמ״ה בורא שמן ערב :

ה איבער רויזן אדר רויזין וואסער אדער אנאנדער זאך וואס מען עסט ניט אונ עס וואקסט אויף איין בוים אונ עס שמעקט גוט זאגט מען ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם בורא עצי בשמים :

ו איבער נעגעליך צימערינג אדער אנדערע גיווירץ זאגט מען ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם בורא מיני בשמים :

ז אויף קרייטעכער וואס שמעקין · למשל מייענטע אונ דאס גלייכין זאגט מען ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם בורא עשבי בשמים :

ח פעפער אדער אינגבער זאל מען ניט שמעקין · ווייל דאס רוב פוסקים זאגין אז מען זאל איבער זייער ריח קיין ברכה ניט מאכין :

ט איבער שמעקעדיגע טראפינס וואס ער וויים ניט אויב זייא זיינען פון אזעלכע זאכין וואס וואקסין אויף איין בוים אדער פון קרייטעכער זאגט ער ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם בורא מיני בשמים :

י ווען מען רויכערט אוים דיא שטוב פאר תענוג מוז מען איבער דעם רויך מאכן די אייגענע ברכה וויא איבער דעם ריח פון דער זאך אליין · איז עס פון איין בוים זאגט מען די ברכה בורא עצי בשמים · איז עס איין קרייטעכין זאגט מען די ברכה עשבי בשמים איז עס איין אנדר מין זאגט מען די ברכה בורא מיני בשמים · אבער ווען מען רויכערט אוים דעם גישטאנק צו פר טרייבין מאכט מען קיין ברכה ניט :

יא איין כלי וואס עס איז דרינען גילעגין בשמים אונ דער נאך האט מען ארויש גינומען דיא בשמים אבער דיא כלי שמעקט נאך · מאכט מען דרויף ניט קיין ברכה ווארום די ברכה מוז זיין אויף איין זאך וואס עס איז דא· אבער דא זיינן דאך דיא בשמים ניט מער דא :

יב ווען מען קומט אין אפטייק אדער אין איין בשמים גיוועלב אונ מען האט אין זין הנאה צו האבין פון דעם ריח מאכט ער דיא ברכה בורא מיני בשמים · אונ אז ער גייט אוועק אונ האט אין זין באלד צוריק צוא קומן דארף ער ניט נאך אמאל צוא מאכין דיא ברכה · אבער ווען ער האט ניט אין זין גיהאט צוריק צו קומען מוז ער נאך אמאל מאכין דיא ברכה · אויך אז ער קומט דר נאך ווידר אין איין אנדער גיוועלב אריין מוז ער ווידער אמאל מאכין דיא ברכה :

יג יום כפור ווען מען שמעקט שפירטום מוז מען מאכין די ברכה בורא מיני בשמים אבר וואס מאנכע גיסין דיא טראפין אויף א טיכל אונ שמעקין דר טיכל דאס איז איין עבירה אונ מען טאר עס ניט אום יום כפור :

יד מען זאל ניט שמעקין קיין היים ברויט ווארום עס איז איין ספק אויב מען דארף דריבער א ברכה מאכין :

---

## לז דינים פון שהחיינו אונ הטוב והמטיב אונ אין אים איז נײַן סעיפים

**א** ווען ער האט זיך גיקויפט אהויז אדער אשטוב · אדער ער האט זיך אויף גימויערט אהויז אדער אשטוב · מאכט ער דיא ברכה · ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם שהחיינו וקימנו והגיענו לזמן הזה · אונ ווער עס קויפט זיך אקלייד אונ ער פרייט זיך שטארק דר מיט זאל ער תיכף בשעת קויפין מאכין די ברכה שהחיינו · ווען ער פרייט זיך אבער ניט דרויף · מאכט ער דיא ברכה בשעת ער טוט עס אן · אבער ער מוז פריער זאגין · ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם מלביש ערומים :

**ב** ווען ער האט זיך גיקויפט אטלית · מאכט ער שהחיינו ווען ער מאכט איין דיא ציצית · ווען ער האט אבער דעמאלט פר געסין צוא מאכין דיא ברכה מאכט ער איר ווען ער טוט אים אן דאס ערשטע מאל :

**ג** איבער אזעלכע פירות וואס עס וואקסין אלע יאר נייע מאכט מען שהחיינו אונ דער נאך דיא ברכה וואס עס קומט אויף דער פרי · עטליכע פוסקים זאגין מען זאל פריער מאכין די ברכה איבער דער פרי אונ דער נאך שהחיינו אונ ויא אזוא מען טוט איז אליך רעכט :

**ד** אז ער האט זיין פריינט שוין דרייסיג טעג ניט גיזעהן אונ ער פרייט זיך שטארק וואס ער זעהט אים איצטער מאכט ער שהחיינו :

**ה** איבער נייע קארנע גרויפין מאכט מען אויך שהחיינו :

**ו** ווען מען שלאגט אן אמזוזה זאגט מען · ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו לקבוע מזוזה :

**ז** ווען צווייא זיצין צוזאמען אונ טרינקען וויין אונ דער נאך ברייננט מען אנאנדער וויין בעסער פון דעם ערשטין · זאגין זיי · ברוך אתה יי אמ״ה הטוב והמטיב · אונ דר דין איז נאר ווען צווייא טרינקען · אבער איינר אליין מאכט ער ניט דיא ברכה :

**ח** ווען דיא ביידערלייא וויינען זיינען פאר זיי דא בשעת זייא זעצין זיך טרינקען · מאכין זייא אויף דעם בעסערין בורא פרי הגפן אונ פטרין שוין דעם אנדערין וויין · אונ מאכין ניט מער קיין ברכה · אבער ווען מען ווייס ניט וועלכער עס איז בעסר · מאכט מען איבער איינם בורא פרי הגפן אונ איבער דעם אנדרין הטוב והמטיב :

**ט** אז מען האט פר געסין צוא מאכין דיא ברכה הטוב והמטיב · זאגט מען עס נאך דעם טרינקען :

## לח פרטי ברכות הנהנין ע״פ סדר אלף בית

איצטער וועלין מיר נאך אמאל בפירוש בעשרייבין איטליכע ברכה וואס מען זאל מאכין איבר יעדער זאך על פי סדר א״ב

**א** איבער אגרעס בורא פרי העץ · גיפרעגילטע אגרעס אויך בורא פרי העץ · אבער ווען זייא זיינען שטארק צו ריבין אונ מען דר קענט זיי ניט מער · מאכט מען שהכל אונ אז מען האט גימאכט בורא פרי העץ איז מען אויך יוצא :

אוגערקעס

אוגערקעס בורא פרי האדמה · ראסיל פון אוגערקעס שהכל :
אומצייטיגע אויבס ווען מען קאן עס עסין רויער הייד · שהכל · ווען עס איז גיפרעגילט · בורא פרי העץ · ווען עס איז אבער אזוא שטארק אומצייטיג אז מ' קאן עש ניט עסין רויער הייט · אונ עס איז גיקאכט אדר גיפרעגילט מאכט מען שהכל · איינגימאכץ פון מערין · ריבין · בוריקעס · רעטיך · חריין · אינגבער · בורא פרי האדמה :

אייער שהכל · אייער בייגיל בורא מיני מזונות · אבר וויל עס איז דא איין דעה : מען מוז דריבער מאכין איין המוציא · איז רעכט מען זאל קיין מאל ניט עסין אייע בייגיל נאר אין מיטין עסין ווען מען האט זיך גיוואשין אונ גימאכט איין המוציא ארבעס גיקאכטע בורא פרי האדמה · ארבעס שוטין פון גארטין · דיא לופינקעס אליין זאגט דער מחבר הספר שהכל · אונ אנדערע זאגין בורא פרי האדמה · ארבעס שוטין פון דעם פעלד וואש מען זייעט זייא כדי אז זייא זאלין פאר טריקינט ווערי כדי מען זאל האבין דיא ארבעס · אז מען עסט זייא רויע מאכט מען בורא פרי האדמה · אונ אנדרע הייסין מאכין שהכל · צוקערשוטין בורא פרי האדמה · דיא לופינקס פון פעלד שוטין שהכל · ארבעס צוריבענע אזו שטארק אז מען דער קענט זיי ניט מער שהכל · אבר אז מען דער קענט דיא ארבעס בורא פרי האדמה ארבעס זופ שהכל :

אתרוג גיפרעגילט בורא פרי העץ :

**אות ב** באב גיקאכטע בורא פרי האדמה · אונ צוא ריבין האבין זיי דעם איינעם דין וויא ארבעס :

קארטאפיל גיקאכטע בורא פרי האדמה

באקסרין בורא פרי העץ :

בוימיל מאכט מען גאר קיין ברכה ניט · אבער אז ער מישט אים מיט איין אנדערע משקה אונ טרינקט אים פר ארפואה אפילו דר בוימיל איז ווייניגער פון דער אנדרע משקה זאגט מען בורא פרי העץ · אז ער טרינקט אים גימישט פאר דארשט · אפילו ווען ער גיסט אייגענטליך דעם בוימיל אריין פאר ארפואה מאכט מען שהכל :

בוריקעס גיקאכטע אדער גיזייערטע בורא פרי האדמה :

בייגיל המוציא · אונ מען מוז זיך צוא זייא וואשין אונ בענטשין :

ביר בראנפין שהכל · אונ אז מען טרינקט בראנפין נאך דעם עסין זאל מען איין טונקין אשטיקיל ברויט דארף מען דריבער קיין ברכה ניט מאכין :

ברויט פון רייז מעל אדער פון הירז שהכל · אונ אנדערע הייסין מאכין בורא פרי האדמה · דריבער איז עש רעכט מען זאל עש נאר עסין אין מיטן עסין ווען מען האט גימאכט איין המוציא :

**אות ג** גערשטין וואסער וואש מען קאכט פאר איין קראנקן שהכל :

גערשטינע גריץ · קרין גריץ · האבער גריץ · בורא מיני מזונות · אבר אז מען קאכט עש גאנץ שיטער אונ דער עיקר איז דיא זופ · מאכט מען פריער שהכל איבער דער

זופ

זופּ אונ מֶען זוּפּט אַבִּישִׁיל אונ דֶער נָאךְ מַאכְט מֶען בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת :

אות ה הָאנִיג פוּן בִּינֶען אָדֶער פוּן טַייטְלֶן שֶׁהַכֹּל :

הִירְז גִיקָאכְט אונ שְׁטַארְק צוּא רִיבִּין שֶׁהַכֹּל · אַז זיא אִיז גִיפְּרֶעגִילְט אִין הָאנִיק אונ דִיא קֶערִינְדְלַאךְ זַיינֶען גַאנְץ · מַאכְט מֶען בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה :

הָמָן טַאשִׁין פוּן הָאנִיג טֵייג · בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת · אָבֶער פְּרָאסְטֶע טֵייג מוּז מֶען זִיךְ וַואשִׁין אונ מַאכִין הַמּוֹצִיא אוֹיף אַנְדֶערֶע בְּרוֹיט :

אות ו וַואסֶער · מַחְמַת דָארְשְׁט שֶׁהַכֹּל · אָבֶער וֶוען מֶען טְרִינְקְט וַוייל מֶען שְׁלוּקֶערְצְט אָדֶער אַבִּיסִין אַרָאפּ צוּ בְּרֵיינְגֶען · מַאכְט מֶען נִיט קֵיין בְּרָכָה :

אַז מֶען טְרִינְקְט אָבֶער אֵיין אַנְדֶער מַשְׁקֶה אַרָאפּ צוּא בְּרֵיינְגֶען אַבִּיסָן אָדֶער וַוייל מֶען שְׁלוּקֶערְצְט · מוּז מֶען יוֹא אַבְּרָכָה מַאכִין :

וַויין · בּוֹרֵא פְּרִי הַגָּפֶן · אונ אוֹיךְ אַז וֶוען מֶען טְרִינְקְט וַויין אִין מִיטִין עֶסִין מוּז מֶען דִיא בְּרָכָה מַאכִין · חֶוען עֶר הָאט נִיט גִיטְרוּנְקֶען וַויין פַאר דֶעם עֶסִין :

וֶוען עֶר מַאכְט קִידּוּשׁ אִיבֶּער וַויין · אונ וִויל דֶער נָאךְ טְרִינְקֶען אַין אַנְדֶערֶע מַשְׁקֶה זָאל עֶר אִין זִינֶען הָאבִּין עֶר זָאל נִיט פַּטְרִין דִיא מַשְׁקֶה מִיט דֶער בְּרָכָה פוּן דֶעם וַויין · בֶּעסֶער אִיז צוּא מַאכִין שֶׁהַכֹּל אִיבֶּר אַשְׁטִיקְל צוּקֶער אונ מִיט דֶעם פַּטֶּרְתְּ עֶר שׁוֹין דִיא מַשְׁקֶה פוּן אַבְּרָכָה :

וַויינְשִׁיל · וַויין טְרוֹיבִּן · בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ :

וַויינְפֶּערְלִיךְ · בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ · גִיפְּרֶעגִילְטֶע אוֹיךְ בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ · אָבֶּר וֶוען זֵייא זַיינֶען אַזוֹ שְׁטַארְק צוּ רִיבִּין אַז מֶען דֶער קֶענְט זִיא גָאר נִיט · שֶׁהַכֹּל :

וֶוערִים קְרוֹיט מִיט הָאנִיג אָדֶער גִיקָאכְט · שֶׁהַכֹּל :

אות ז זַאלְץ אָדֶער זַאלְץ וַואסֶר · שֶׁהַכֹּל :

אִיבֶּר זַאפְּרֶען אונ זֶוענֶעפְט דַארְף מֶען קֵיין בְּרָכָה נִיט מַאכִין :

אות ח חְרֵיין · שֶׁהַכֹּל · אַיין גִימַאכְטְס פוּן חְרֵיין בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה

חְרֶעמְזְלֶךְ · בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת · אָבֶער וֶוען מֶען מַאכְט זֵייא מִיט מֶער וַואסֶער וִויא אֵייעֶר אונ שְׁמַאלְץ · מוּז מֶען זֵייא מַאכִין קְלֶענֶר וִויא אַכְּזַיִת · אונ אַז נִיט זָאל מֶען זֵיי נִיט עֶסֶען פַאר זִיךְ נָאר אִין מִיטִין עֶסִין וֶוען מֶען הָאט גִימַאכְט הַמּוֹצִיא :

אות ט טָארְט · טֵייגְלַאךְ · טֵייגֶאכְץ אָדֶער קוּגִיל בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת :

טֵייא · שֶׁהַכֹּל · מֶען זָאל אָבֶּר צוּם לֶעצְטִין אָפּ קִילִין אונ טְרִינְקֶען מִיט אַמָאל אַרְבִּיעִית · כְּדֵי מֶען זָאל דֶער נָאךְ מַאכִין בּוֹרֵא נְפָשׁוֹת אונ וֶוען עֶר טְרִינְקְט טֵייא פַאר דֶעם בֶּענְטְשִׁין מוּז עֶר אוֹיךְ מַאכִין שֶׁהַכֹּל · טֵייטְלֶען בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ :

אות ל לַאקְרִיץ וֶוען עֶר עֶסְט אִים שֶׁהַכֹּל · אונ אוֹיךְ וֶוען עֶר שְׁלִינְגְט אִים נִיט אַרָאפּ נָאר עֶר זֵייגְט אוֹים דֶעם זַאפְט שֶׁהַכֹּל :

לַאקְרִיץ וַואסֶר אָדֶער לַאקְרִיץ זַאפְט · אוֹיךְ שֶׁהַכֹּל :

לַאקְשִׁין · בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת · אַבִּיסְל לַאקְשִׁין אונ פִיל וַואסֶר · מַאכְט עֶר אַבְּרָכָה

שהכל

שֶׁהַכֹּל אוּנ זוֹפְּט אַבִּיסִיל יוֹךְ · דֶער נָאךְ מַאכְט עֶר בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת אוֹיף דִיא לָאקְשִׁין אוּנ עֶסְט אַכְּזַיִת אוּנ זוּפְּט אַהִיפְּשׁ בִּיסְל יוֹךְ אוּנ נָאךְ דֶעם עֶסִין מַאכְט עֶר בֵּיידֶע בְּרָכוֹת · עַל הַמִּחְיָה אוּנ בּוֹרֵא נְפָשׁוֹת :

לִימֹינֵים · בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ · גִיפְּרֶעגִילְטֶע אוֹיךְ בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ :

לִינְזִין · בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה · אוּנ זַייא הָאבִּין אֵין זִיךְ דֶעם אֵייגִינֶעם דִין וִויא אַרְבֶּעסִ׳ לֶעקִיךְ · בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת :

**אות מ** מָאגִין פּוּלְוֶוער פוּן אִינְגְבֶּער אֶדֶער פֶּעפֶּער אָדֶר נֶעגֶעלַאךְ אֲפִילוּ מִיט פִיל צוּקֶער בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה :

מָאן גִיפְּרֶעגִילְטֶע · אֲפִילוּ גַאנְץ צוּ רִיבִּין בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה :

מְרַאנְצִין · בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ :

מְרַאנְצִין שָׁאלַאכְץ גִיפְּרֶעגִילְט בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה אָדֶר שֶׁהַכֹּל :

מַאלִינַים · בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ :

מַאלִינַים גִיפְּרֶעגִילְטֶע בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ · אוּנ אַז מֶען דר קֶענְט זִיא דְרִינֶען דִי מַאלִינַים • זָאגְט מֶען שֶׁהַכֹּל :

מַאנְדְלֶן זִיסֶע גְרוֹיסֶערְהַייט בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה · קְלֵיינֶערְהַייט מִיטְדֶר שָׁאלִיכְץ שֶׁהַכֹּל · גִיפְּרֶעגִילְטֶע בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ · בִּיטֶערֶע מַאנְדְלֶן גְרוֹיסֶערְהַייט וָאן אַבְּרָכָה · קְלֵיינֶערְהַייט מִיט דֶעם שָׁאלִיכְץ בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ · גִיפְּרֶעגִילְטֶע בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ · צוּקֶער מַאנְדְלֶען בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ מַאנְדִיל בֵּיינֶעלַאךְ וֶוען מֶען מִישְׁט בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת :

מַאנְדִיל מִילְךְ שֶׁהַכֹּל :

מִיהְל גְרוֹים · מוּשְׁקַט נִים · בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ

מִילְךְ · מֶעד · מֶערִין רוֹיעָ · שֶׁהַכֹּל :

מֶערִין גִיקָאכְטֶע בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה :

מֵיילַאכְם גְרֵייפְּלַאךְ פוּן רֶעטְשֶׁקֶע שֶׁהַכֹּל :

מַצָה בְּרֵייא גִיקָאכְטֶע אֶדֶר נִיט צוּא וַוייקְט קְלֶענֶער פוּן אַכְּזַיִת בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת :

**אות נ** נִים וָועלֶעשֶׁע אֶדֶער הָאזֶעסֶע בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ · גִיפְּרֶעגִיטֶלְע נִים אוֹיךְ בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ · גְרִינֶע נִים נָאךְ נִיט צֵייטִינֶע רוֹיעָ אֶדֶר גִיפְּרֶעגִילְטֶע שֶׁהַכֹּל :

**אות ע** עֲנִים שֶׁהַכֹּל : עֲנִים וַואסֶער בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה :

עֶסִיג שְׁטַארְקֶע אָן אַבְּרָכָה : עֶסִיג גִימִישְׁט מִיט וַואסֶר שֶׁהַכֹּל :

עֶפִּיל · עֶפִּיל צִימֶעם אֲפִילוּ שְׁטַארְק צוּ רִיבִּין בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ : עֶפִּיל קְוַואס שֶׁהַכֹּל :

**אות פ** פְּאזוֹמֶקְעס בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה · גִיפְּרֶעגִילְטֶע אוֹיךְ בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה · אָבֶּר אַז זֵייא זַיינֶען אַזוֹא צוּא רִיבִּין אַז מֶען דֶער קֶענְט זֵיי נִיט מֶער · שֶׁהַכֹּל :

פַאנְקוּכִין פוּן מֶעל אוּנ שְׁמַאלְץ · בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת · אָבֶּער אָן מֶעל אָדֶער נָאר וַוייניג מֶעל · שֶׁהַכֹּל :

פַארְפִיל פוּן וַוייצִין פוּן גֶערְשְׁטִין פוּן קָארִין פוּן הָאבֶּער מֶעל · בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת : פַארְפִיל פוּן אַרְבֶּעס מֶעל אָדֶער רֶעטְשֶׁקֶע מֶעל · שֶׁהַכֹּל : אִיז אָבֶּער אַרַיין גִימִישְׁט אֵיין אַכְטִיל פוּנְט פוּן וַוייצִין מֶעל אָדֶער קָארִין מֶעל אָדֶר גֶערְשְׁטִין מֶעל אָדֶר הָאבֶּר

מעל

מעל · אין איין פונט · מאכט מען בורא מיני מזונות אונ דער נאך על המחיה · איז אבער דרינן ווייניגער פון איין אכטיל פונט · מאכט מען פריער בורא מיני מזונות אונ דער נאך בורא נפשות :

פוטר שהכל · פוטער גיבעקס בורא מיני מזונות :

פיגין · בורא פרי העץ :

פיש · פלייש · אדער הערינג שהכל :

פלאדין · בורא מיני מזונות :

פלוימן · בורא פרי העץ · פלוימן יוך מאכט מען פריער שהכל אונ מען זופט אביסל · דער נאך אויף די פלוימן בורא פרי העץ :

פעפער טרוקענע רויערהייט עסט מען אן אברכה · אבער גיפרעגילטע אדער צוא ריבענע מיט צוקער · אדער פייכטער פעפער אפילו רויערהייט · מאכט מען אלץ בורא פרי האדמה :

**אות צ** צוויבעלעש יונגע רויע בורא פרי האדמה · גיקאכטע שהכל : אלטע רויע שהכל · גיקאכטע שהכל · גיפרעגילטע צוויבעלע מאכט מען בורא פרי האדמה : ציטרינג · בורא פרי האדמה · אבער אז ער זייגט עש נאר אונ שפייט דער נאך אויס שהכל : צערנעטשקע · אדער צערנעטשקע יוך · ציטרונג יוך · שהכל :

**אות ק** קאלטוסין רויע אדער גיפרעגילטע · שהכל :

קאווע גיברענטע · בורא פרי האדמה :

קאווע גיקאכטע שהכל · אונ אז מען טרינקט זיא נאך דעם עסין מאכט מען אויך איבער איר שהכל :

קארשין · בורא פרי העץ : גיפרעגילטע אויך בורא פרי העץ · אבער ווען עש איז אזוא צוא ריבין אז מען דער קענט גאר ניט דיא קארשין מאכט מען שהכל :

קארענע ווייצנע · גערשטענע · אדער האבערנע קאשע · אלץ בורא מיני מזונות : קאשע רעטשקענע מיט פוטער אדער מיט שמאלץ אדער רעטשקענע קאשע אליין גיקאכט · אונ מען זעהט דיא קערענדליך · בורא פרי האדמה · אז זיא איז אבער אזו צוא ריבין אז מען זעהט שוין דיא קערענדלאך ניט · שהכל :

קימיל · קימיל וואסר שהכל :

קניידלאך · בורא מיני מזונות · קניידלך אויש קארטאפיל · שהכל :

קניידלאך פון רעטשקענע מעל אדר ארבעס מעל · שהכל : איז אבער צו גישאטין ווייצין מעל אדער קארן מעל אדער גערשטין מעל אדער האבער מעל ווייניגסטינס אהאלב פערטיל אין איין פונט · איז פריער בורא מיני מזונות אונ דער נאך על המחיה · אבער אז עש איז צוא גישאטין ווייניגער פון אהאלב פערטיל · איז פריער בורא מיני מזונות אונ דער נאך בורא נפשות :

קעז · קרויט גיזייערטע אדער גיקאכטע · שהכל :

קרעפלאך · בורא מיני מזונות :

קאקאריזים · בורא פרי האדמה :

קָאטשִׁין פוּן קָאקֶערִיזִים וֶוען מֶען זֵייגְט זֵייא אוֹיס מַאכְט מֶען שֶׁהַכֹּל :
קִירְבִּים אֲפִילוּ צוּא רִיבִּין · מַאכְט מֶען בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה :
קְנָאבִּיל הָאט דֶעם אֵייגֶענֶעם דִין וִויא צְווִיבִּיל :

**אות ר** רִיבִּין גִיקָאכְטֶע · בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה · רוֹיעֶ שֶׁהַכֹּל :
רִיזִין אֵיין גִימַאכְטֶס · בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה · אַז זֵייא זֵיינֶען אָבֶּר אַזוֹ צוּ רִיבִּין אַז מֶען דֶער קֶענְט זֵייא גָאר נִיט · שֶׁהַכֹּל :
רַייז · רוֹיעֶ בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה :
רַייז · שְׁטַארְק צוּא קָאכְט בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת אָדֶער שֶׁהַכֹּל : נִיט שְׁטַארְק צוּא קָאכְט · לְדַעַת הַגָאוֹן רַבִּי אֵלִיָהוּ מִווִילְנָא בּוֹרֵא מִינֵי מְזוֹנוֹת · לְדַעַת הַגָאוֹן רַבִּי זַלְמָן שֶׁהַכֹּל : אוּנ דֶער מְחַבֵּר זָאגְט בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה · דְרִיבֶּער אִיז עֶשׂ לִיבֶּער מֶען זָאל עֶס עֶסִין נָאךְ הַמוֹצִיא כְּדֵי מִיזָאל נִיט דַארְפִין דְרִיבֶּר אַבְּרָכָה מַאכִין :
רֶעטִיךְ רוֹיעֶ אָדֶער אַיינְגִימַאכְטֶס פוּן רֶעטִיךְ בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה :
אִיבֶּער יוּנְגֶע רֶעטַאךְ מַאכְט מֶען שֶׁהֶחֱיָינוּ הוּץ דֶער בְּרָכָה :
רָאסִיל פוּן בּוּרִיקֶעס גִיקָאכְטֶע אָן פְלֵייש · בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה · רוֹיעֶ אָדֶער גִיקָאכְטֶע מִיט פְלֵייש · שֶׁהַכֹּל :
רְפוּאוֹת · אַלְס וָואס מֶען עֶסְט אָדֶר מֶען טְרִינְקְט פַאר אַרְפוּאָה אוּנ עֶס הָאט אַיין גוּטִין טַעַם וָואס מֶען הָאט דֶער פוּן הֲנָאָה מוּז מֶען מַאכִין דִיא עֶרְשְׁטֶע בְּרָכָה אוּנ דִיא בְּרָכָה אַחֲרוֹנָה · אַז עֶשׂ הָאט אָבֶּער אַיין שְׁלֶעכְטִין טַעַם אוּנ מֶען הָאט דֶער פוּן קֵיין הֲנָאָה נִיט · מַאכְט מֶען דְרִיבֶּער קֵיין בְּרָכָה נִיט :

**אות ש** שַׁאלַאטִין · בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה · גִיקָאכְטֶע שֶׁהַכֹּל :
שְׁווַארְצֶע יַאגְדֶעס · בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה · גִיפְּרֶעגְלְטֶע אוֹיךְ בּוֹרֵא פְּרִי הָאֲדָמָה · אָבֶּר אַז עֶס אִיז שְׁטַארְק צוּ רִיבִּין אוּנ מֶען דֶער קֶענְט עֶס גָאר נִיט · שֶׁהַכֹּל :
שְׁווֶעמְלַאךְ · שֶׁהַכֹּל : שָׁאקָאלַאדֶע · שְׁצַאוו · שֶׁהַכֹּל :

## לט דיני איזה ברכות פרטיות ובו ד׳ סעופים
## נָאךְ דָא אֵיינִיגֶע בְּרָכוֹת

**א** וֶוען דֶער זוּן וֶוערְט בַּר מִצְוָה · רוּפְט מֶען אִים אוֹיף צוּם סֵפֶר תּוֹרָה · אוּנ דֶער פָאטֶער זָאגְט בָּרוּךְ שֶׁפְּטָרַנִי מֵעָנְשׁוֹ שֶׁל זֶה · דֶער ווִילְנֶער גָאוֹן הֵייסְט זָאגִין בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם שֶׁפְּטָרַנִי מֵעָנְשׁוֹ שֶׁל זֶה · דְרִיבֶּר מֶעג יֶעדֶער זָאגִין וִויא עֶר וִויל :

**ב** וֶוען אֵיינֶער אִיז קְרַאנְק גִיוֶועזִין אֲפִילוּ וֶוען עֶר אִיז נָאר גִילֶעגִין דְרַייא טֶעג אִין בֶּעט · וִויא עֶר וֶוערְט גִיהֵיילְט רוּפְט מֶען אִים אוֹיף צוּם סֵפֶר · אוּנ עֶר זָאגְט בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם הַגוֹמֵל לְחַיָבִים טוֹבוֹת שֶׁגְמָלַנִי כָּל טוֹב · אוּנ דֶער עוֹלָם עֶנְטְפֶערְט דְרוֹיף · מִי שֶׁגְמָלְךָ כָּל טוֹב הוּא יִגְמָלְךָ כָּל טוֹב סֶלָה · דִיא אֵייגֶענֶע בְּרָכָה מַאכְט מֶען אוֹיךְ וֶוען עֶס טְרֶעפְט זִיךְ אִים אַנֵס · לְמָשָׁל עֶס אִיז אוֹיף אִים בִּיפַאלִין אַגְרוֹיסֶער שְׁטֵיין אוּנ עֶר אִיז נִיצוֹל גִיווָארִין · אָדֶער אַוָואגִין הָאט אִים שִׁיר

איבער גיפארין׳ אדער איין אנדער גם אויף דעם שטייגער׳ אויך ווען ער איז גיזעסין אין קרימינאל אונ איז בפרייעט גיווארין מאכט ער דיא ברכה:
ג ווען מען קויפט נייע כלים פון גאלד׳ זילבר׳ קופר׳ מעש׳ צין׳ בלייא׳ אייזין׳ שטאל׳ גלאז׳ מוז מען טובלין אין מקוה אדער אין אטייך אונ מען זאגט׳ ברוך אתה יי׳ אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו על טבילת כלי: גינגלייזטע גיפעס טובלת מען אן אברכה׳ ווען מען טובלת די כלי זאל מען איר ניט האלטין שטארק מיטין האנד׳ כדי דאס וואסער זאל אויך קומען אויף דעם ארט וואו מען האלט איר׳ פאר דעם טובלין מוז מען פון דער כלי אפ רייבין דעם ראשט׳ אויך דאס הענטיל פון כלי מוז מען טובלין׳ עס איז רעכט אז אגרוישער וואש איז שוין בר מצוה זאל טובלין׳ גייט אבער טובלין איינער וואס איז נאך ניט בר מצוה׳ אזו מוז לעבין אים שטיין איינער וואש איז שוין אבר מצוה אונ זאל זעהען אויב ער טובלת וויא עס דארף צוא זיין׳ ווען מען טובלת עטליכע זאגט מען ניט על טבילת כלי נאר על טבילת כלים:
ד ווען מען באקט ברויט פון מעהל׳ פון ווייץ׳ קארין׳ גערשטין׳ האבער׳ אונ דאס טייג איז אוים דרייא קווארט מעהל מוז מען חלה נעמען׳ אונ מען זאגט׳ ברוך אתה יי׳ אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו להפריש חלה: די חלה פאר ברענט מען אונ מען טאר דער פון קיין הנאה ניט האבין אפילו פון דער היץ פון דעם פייער וואש זיא ברענט:

## מ עוד איזה דיני ברכות ובו ח׳ סעיפים
## נאך עטליכע דינים פון ברכות

א בשעת מען מאכט דיא ברכה מוז דער מענטש אליין זיין ריין׳ דיא קליידר מוזין זיין ריין׳ אונ דארט וואו ער שטייט מוז אויך זיין ריין ווייניגסטענס מוז פיר איילין ווייט פון אים זיין ריין׳ אונ דארט וואו עש איז אריח רע אפילו ווייטער פון פיר איילין טאר מען אויך ניט קיין ברכה מאכין: אין מרחץ טאר מען אויך ניט מאכין אברכה:
ב מען טאר ניט מאכין קיין ברכה אום זישט׳ דריבער ווען מען קאן פטרין איין ברכה מיט דער אנדערע זאל מען עס טאן אונ מען זאל נישט מאכין דיא אנדערע אום זישט:
ג מען טאר נישט מוסיף זיין אברכה וואס דיא חכמים האבין ניט מתקן גיוועזן:
ד מען טאר ניט טאן קיין שום זאך בשעה מען מאכט דיא ברכה:
ה מען מוז דיא ברכה שארף ארויש זאגין דיא אויערין זאלין הערין וואס מען זאגט אונ מען טאר ניט גישווינד אוועק האפין דיא ברכה נאר מען מוז איר זאגין גאנץ פאוואלע אונ פערשטיין וואס מען זאגט׳ אויך מוז מען אין זינען האבין אז מען מאכט דיא ברכה צו זיין ליבען נאמען גילויבט איז ער:
ו די זאך וואס מען וויל דריבער דיא ברכה מאכין זאל ער איר פריער נעמען אין דער רעכטער האנד אריין אונ גוט באטראכטין צוא ווישין וואס פאר איין ברכה עש

קוּמְט דְרוֹיף · אוּנ אַז מֶען הָאט אִיר נִיט גִיהַאלְטִין אִין הַאנְד נָאר זִיא אִיז פַאר אִים גִילֶעגִין וֶוען עֶר הָאט גִימַאכְט דִיא בְּרָכָה אִיז מֶען אוֹיךְ יוֹצֵא · אָבֶער אַז זִיא אִיז נָאךְ פַאר אִים נִיט גִיוֶועזִין וֶוען עֶר הָאט דִיא בְּרָכָה גִימַאכְט נָאר מֶען הָאט אִי״ר עֶרְשְׁט גִיבְּרַאכְט נָאךְ דֶער בְּרָכָה חָאטְשֶׁע עֶר הָאט פְּרִיעֶר אִין זִינֶען גִיהַאט אַז מֶען וֶועט אִים דִיא זַאךְ בְּרֵיינְגֶען אוּנ עֶר מַאכְט אִיבֶּער אִיר אַבְּרָכָה · אִיז דָאשׁ גִיוֶועזִין אַיין בְּרָכָה לְבַטָּלָה אוּנ עֶר מוּז נָאךְ אַמָאל אַיין בְּרָכָה מַאכִין ׃

**ז** אַז מֶען הָאט עֶפֶּעס אִין מוֹיל אָדֶער מֶען דַארְף אוֹים שְׁפַּייעֶן · זָאל מֶען פְּרִיעֶר אוֹים שְׁפַּייעֶן אָדֶער דִיא זַאךְ אַרוֹים לָאזִין אוֹים דֶעם מוֹיל · אוּנ דֶער נָאךְ זָאל מֶען מַאכִין דִיא בְּרָכָה ׃

**ח** דֶער הוֹיפְּט כְּלַל בַּייא אַלֶע בְּרָכוֹת אִיז · אַז זֵייא מוּזִין תָּמִיד זַיין עוֹבֵר לַעֲשִׂיָיתָן דָאס הֵייסְט מֶען מוּז דִי בְּרָכָה מַאכִין פְרִיעֶר אֵיידֶער מֶען עֶסְט אָדֶער מֶען טְרִינְקְט אָדֶער מֶען שְׁמֶעקְט ׃

## מא הלכות משא ומתן ובו י״ט סעיפים

**א** עֶס אִיז קֵיין אֵיינְצִיגֶע זַאךְ נִיטָא אִין דֶער וֶועלְט וָואשׁ דֶער מֶענְטְשׁ אִיז בַּאהֶעפְט אִין דֶעם וִויא אָן גֶעלְד · אוּנ מֶען קָאן אוֹיךְ נִיט לֵייקֶענֶען אַז דִיא גֶעלְד אִיז זֵייעֶר בַּאדֶערְפְט ג · מִיט גֶעלְד קוֹיפְט מֶען זִיךְ דִיא בֶּעסְטֶע פְרַיינְד · מִיט גֶעלְד קָאן דֶער נִידֶערִיגְסְטֶער מֶענְטְשׁ גְרוֹיס וֶוערִין · מִיט גֶעלְד קָאן מֶען פִיל גוּטְס טָאן · מִיט גֶעלְד קָאן מֶען אוֹיךְ הֶעלְפִין אַיין אָרוֹמַאן · מִיט גֶעלְד קָאן מֶען דִיא קִינְדֶער גוּט דֶער צִיהֶען · מִיט גֶעלְד קָאן מֶען מְקַיֵּים זַיין אַזֶעלְכֶע מִצְוֹת וָואס דֶער אָרוֹמַאן קָאן זֵייא נִיט טָאן · קוּרְץ גִיזָאגְט · גֶעלְד רֶעגִירְט דִי וֶועלְט אוּנ קֵיין אֵיינְצִיגֶער מֶענְטְשׁ פוּן דֶעם מֶלֶךְ בִּיז צוּם בֶּעטְלֶער קָאן גָאר דְרַיין נִיט זַיין · אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע גְמָרָא זָאגְט מִיט דְרַייא קוּרְצֶע װֶערְטֶער דָאס גַאנְצֶע וָואס מִיר הָאבִּין דָא גִיזָאגְט · עָנִי חָשׁוּב כַּמֵּת · אַיין אָרוֹמַאן אִיז וִויא אַיין טוֹיטֶער · דֶער פוּן פַאר שְׁטֵייט מֶען וִוידֶער פַאר קֶערְט אַז דֶער עָשִׁיר לֶעבְּט · עֶר הָאט דִי גַאנְצֶע וֶועלְט · עֶר קָאן גוּט זַיין · עֶר קָאן אַלְדִינְג טָאן וָואס עֶר וִויל · עֶר קָאן זִיךְ קוֹיפִין עוֹלָם הַבָּא מִיט זַיינֶע גוּטֶע מַעֲשִׂים · וֶוען מֶען וִויל אָבֶער גוּט בַּאטְרַאכְטִין דָאס גַאנְצֶע וָואס מִיר הָאבִּין דָא אָפּ גִילוֹיבְּט דָאס גֶעלְט · זֶעהְט מֶען דֶעם חִסָּרוֹן דֶער פוּן · וָוארוּם מֶען קָאן דָאךְ נִיט זָאגִין אַז דָאס גֶעלְט פַאר זִיךְ אַלֵיין אִיז גוּט · דָאס אִיז דָאךְ פַאלְשׁ · פַאר זִיךְ אַלֵיין אִיז דָאךְ דָאס בֶּעסְטֶר גִילְדֶערְנֶר רֶענְדִיל עֶרְגֶער פוּן דֶעם קְלֶענְסְטִין שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט אָדֶער פוּן דֶעם קְלֶענְסְטֶען עֶפֶּעלֶע · מִיט דֶעם שְׁטִיקִיל בְּרוֹיט אָדֶר מִיט דֶער קְלֶענְסְטֶע פֵּרִי דֶער קְוִויק אִיךְ מִיר דָאס הַארְץ · אָבֶער דָאס רֶענְדִיל קָאן אִיךְ נִיט שְׁלִינְגֶען אוּנ נִיט בַּייסִין · עֶס אִיז דָאךְ בַּאקַאנְט דָאס מָשָׁל פוּן דֶער הוּן וָואשׁ אִיז אַמָאל פַאר בְּלָאנְזֶעט גִיוָוארִין אִין אַיין מִדְבָּר · זִיא אִיז עֶטְלִיכֶע טֶעג אַרוּם גִילָאפִין זִיךְ צוּ זוּכִין עֶסִין · אוֹיף אֵיינְמָאל הָאט זִיא פוּן וַוייטִין דֶער זֶעהֶען אַיין בֶּערְגִיל מִיט קֶערִינְדְלַאךְ · זִיא אִיז גִישְׁווִינְט צוּ גִילָאפִין מִיט גְרוֹיס פְרֵייד · וִויא זִיא הָאט אָבֶער

אן געהויבן צוא בייסן דיא קערענדליך האט זיא דער זעהן אז דאס זיינען פעריל׳ זיא האט זייא מיט כעם אוועק געווארפין אונ האט גזאגט וואס נוצט יעצט מיר איר נארישע פעריל׳ ליבער וואלט איר געוועזין ווייץ קערענדליך העט איך מיר דער קוויקט אונ מיך גוט זאט אן גיגעסין׳ דאס געלט פאר זיך אליין איז נאך ערגער פון איין שטיקיל שטיין וואס ליגט אין דער גאס׳ ווארום עס׳ן קאן מען דאס געלד ניסט גלייך מיט דעם שטיין׳ אבער דער שטיין מאכט מיר קיין זארגין ניט אונ איך דארף אים ניט היטען׳ דער קעגין דאס געלט מאכט מיר באשטענדיג דאגות אונ לאזט מיך ניט שלאפין איך מוז עס היטין פאר גנבים׳ ווערט מען עס אן האט מען גרויס עגמת נפש אונ וויא אפט טרעפט זיך אז דער מענטש פאר לירט דאש לעבן דורך געלד׳ ווען ער העט קיין געלט ניט גיהאט העט אים גאר קיינער קיין בייז ווארט ניט גזאגט׳ פאר קערט אויף איין ארומאן האט יעדער רחמנות׳ אבער ווייל ער האט געלד פאלין איבער אים גזלנים זייא בארויבין אים אונ שלאגין אים צום טויט׳ דאס געלד אליין איז נאך איין נידעריגע זאך נאך ערגער פון איין שטיקיל ערד׳ נאר דיא מעלה דער פון איז אז מען קאן דער פאר באקומען פיל גוטס אונ אלע זאכין וואס דער מענטש בדארף׳ דריבער איז דאס זייער נארעש אין דעם געלד פאר ליבט צוא זיין ווייל עס איז געלד׳ אזו וויא עס זיינען דא פיל מענטשין וואש ווייסין ניט מעהר נאר הב הב זייא לעבין גאר ניט זייא טוען זיך קיין גוטש זייא טוען אנדערע ניט גוטס זייער גאנצע ארבעטין איז נאר צוא חאפין נאך איין רובעל אונ נאך איין הונדערטער אונ לייגין זיך ניט איבר וואס עס וועט זייא ארויש קימען ווען זייא וועלין שוין האבין נאך אזו פיל טויזינטער׳ דוא גמרא זאגט דרויף זייער גלייך׳ בני אדם נמשלו לחולדה׳ דיא מענטשין זיינען גלייך צו דעם קראט׳ מה חולדה גוררת ומנחת אזו וויא דער קראט שלעפט צו נויף פיל זאכין אונ בהאלט זיי׳ ואינה יודעה למי מנחת תאטשע זייא ניצין איר גאר ניט אונ זיא ווייס אליין ניט נאך וואס זיא בהאלט זייא׳ כך כל באי עולם אזו זיינען דיא מענטש׳ן אויך׳ גוררין ומניחין זיי שלעפן צו זאמן געלט אונ בהאלטין עס ואינן יודעין למי מניחין אונ ווייסן אליין ניט נאך וואס אונ פון וועמנס וועגין זיי בהאלטין עס חוץ דעם וואס עס איז זייער נארעש אין דעם געלד צו שטארק פאר ליבט צוא זיין׳ ברייננגט עס אויך דעם מענטש אוועק פון ביידע וועלטין ער לעבט ניט ער עסט ניט ער שלאפט ניט ער רוהט ניט ער טוט אלע עבירות פון געלט וועגין ער בשווינדילט מענטשין ער זאגט ליגין ער שווערט פאלש ער גנעמט ביי דעם אנדערין דיא פרנסה אוועק ער טוט ניט קיין איינציגע מצוה וואס זיא דארף געלט קאסטין׳ ער איז זיך עטליכע מאל מתיר איין עבירה צו טאן ווען עס ברייננגט אים געלד איין׳ קורץ ער הערט אויף איין מענטש צו זיין קעגין דעם אויבערשטן אונ קעגין דר וועלט איבר דעם מוז זיך דר מענטש גוויינען ער זאל די געלט ניט ליב האבין עס זאל ביי אים ניט מער זיין נאר וויא אנאנדער זאך׳ למשל וויא מען האט ליב איין מעסער איז דאך ניט ווייל עס איז איין שטיק אייזין נאר ווייל עס נוצט דר מיט צו שניידין אדר איין טיש האט מען דאך

ניט ליב וויל ער איז אשטיק האלץ · נאר ווייל מען קאן אויף אים לערנן אונ עסין אונ שרייבין אזו דארף אויך זיין מיט דיא געלט · מען מוז שטענדיג אין זין האבין אז פר זיך אליין איז עם גאר ניט נאר עש איז גוט ווייל מען קאן דער פאר קויפין נוצליכע זאכין · וואול איז דעם מענטש ווען ער איז אויף דר דאזיגע מדרגה צוא פאר שטיין וואש געלט איז · ער וועט שוין ניט איין רייסין דיא וועלט פון געלט וועגין ער באנוגינט זיך מיט דעם וואס דר אז בשערט אים אויף איין ערליכער ארט · באגליקט אים זיין ליבר נאמען אז ער איז איין עשיר טוט ער פיל גוטס מיט דעם געלט ער גיט צדקה ער שטיצט אונטר פרומע לייט וואש לערנען תורה אז ער קאן לערנט ער אליין אלע טאג עטליכע שעה אדר ער הערט וואש אנדרע לערנן · איז ער ניט קיין עשיר באנוגינט ער זיך מיט דעם ביסל וואש ער האט · ווארום אז ער ווייס ביי זיך אז דיא געלט אליין האט גאר קיין ווערט ניט · איז דאך גאר ניט מיגליך ער זאל זיך דרויף שטארק פאר לייגין · אקאראט וויא עש איז ניט מיגליך אז איין גרויסער מענטש זאל זיך פר לייגין צו האבין קינדר שפיל · ער ארבעט נאר אזו ער זאל האבין צו לעבין אונ ער האט בטחון אויף דעם אויבערשטין וואש ער שפייזט דיגאנצע וועלט אז ער וועט אים אויך שפייזן · דער בטחון איז דאש ערסטע וואש דער איד מוז האבין · דער תנא ר׳ אליעזר הגדול זאגט מי שיש לו פת בסלו ווער עש האט גינוג ברויט צו עסין ואומר מה אוכל למחר אונ ער זאגט וואש וועל איך האבין מארגין צו עסין אינו אלא מקטני אמנה דר גלייבט זייער ווייניג אן זיין ליבין נאמן · דאש הייסט דר איד טאר ניט צו פיל טראכטין אויף געלט ער מוז וויסן אז די געלט איז ניט דר תכלית · עם איז נאר וויא איין כלי וואש מען באנוצט איר צו עפיש · איבר דעם דארף ער נאר זעהן אזו פיל צו פר דינן אז ער זאל דר מיט קענן לעבין · אונ אז ער וויל זיך איין ריידין אז ער טאר ניט אויפהערין געלט צו זאמלען ווארום טאמר וועט ער שפעטר ניט קענען פר דינן זינדיגט ער שוין קעגין זיין ליבין נאמן · ווארום אז ער וואלט גלייבין אין דעם אויברשטין וואלט ער דאך פר שטאנען אז ער וועט אים קיין מאל ניט פר לאזין · השי״ת שפייזט אפילו דעם קלענסטן ווערימל מכל שכן דעם מענטשין וואש דינט אים מיט דעם גאנצין הארצן אונ האלט זיינע היילינגע מצות · לא ראיתי צדיק נעזב · מען האט נאך קיינמאל ניט גזעהן אז איין ערליכר איין פרומר מאן זאל שטארבין פר הונגר : געלט איז די וועלט · האלט מען עס פר איין תכלית ווערט מען אן ביידע וועלטין : האלט מען עס אבער פאר איין זייטיקע זאך וואש מען קאן דורך דעם קומן צום תכלית האט מען ביידע וועלטן · דאש רוב מצות אונ עבירות קומן נאר דורך געלט · איך וויל דרויף איין משל געבן לאמיר זעהן המץ אום פסח דאש איז דאך גיוויס ניט שייך צו געלט · אונ עס קאן מיגליך זיין אז ווער עש איז שטארק פר ליבט אין געלט זאל זיך דר מיט פר זינדיגין · עם טרעפט זיך אמאל אז איינער האט טויזנט טעפ המצדיגן בראנפין אונ ער האט פר פסח פר געסן אים צו פר קויפן איין ערל·מילא איז דאך דר דין חמץ שעבר עליו הפסח אסור בהנאה איין חמץ וואש עס איז גיוועזן אין איין אידנס רשות ביז איבר

פסח

פסח טאר ער דר פון קיין הנאה ניט האבין · נוא דר פרומער איד וואש ער איז ניט שטארק פר ליבט אין דעם געלט וועט ער גיוויס דעם גאנצין בראנפין ארוים גיסין אונ וועט פון אים גאר קיין הנאה ניט האבין אזו וויא דער דין איז · דער וואש איז אבר זייער שטארק פר ליבט אין געלט · וועט ער זיך בערעכנן אז די בראנפין בטרעפט פיל געלט · וועט אים די הארץ ניט לאזין ער זאל זיך אזו איין גרויסן שאדן מאכן אונ ער וועט די בראנפן פר קויפן · איבר דעם זאגט אונזר היילינגע גמרא אז וויא דר מענטש קומט אויף יענר וועלט איז דאש ערשטע וואש מען פרעגט אים · נשאת ונתת באמונה · האסטו ערליך גיהאנדילט דאש הייסט וויא האשטו גיהאלטין די וועלט · איז דאש בייא דיר נאר גיוועזן איין זייטיקע זאך אונ דוא האשט זיך גיהיט ניט צו פר דינן איין אומערליכע פרוטה אדר עובר צו זיין איין עבירה פר געלט · אדר איז דאש געלט ביי דיר גיוועזן דער עיקר אונ דר תכלית אונ קיין שום זאך איז דיר ניט אומרעכט גיוועזן ווען עש האט דיר געלט איין גיבראכט · ביטער איז יענם האם ער ווערט תיכף ביי דיא ערשטע שאלה פר שטומט אונ קאן ניט ענטפרין · אונ וואול איז ווידר דעם וואש קאן ענטפערין מיט דעם פולין מויל · נשאתי ונתתי באמונה · איך האב ערליך גיהאנדילט · איך האב ניט גילושט קיין געלט אונ האב ניט גיטאן קעגין זיין ליבן נאמען אונ קעגין מענטשין דאש מינדסטע וואש אומרעכט איז פון געלט וועגין · מען וועט אפשר פרעגין דיא גמרא זאגט דאך צדיקים ממונם חביב עליהם יותר מגופם · בייא דיא צדיקים איז דאש געלט שטארק חשוב · אויף דעם מוזין מיר ענטפערין אז דער פשט איז ניט אז די צדיקים זיינן שטארק פר ליבט אין די געלט · נאר אז די געלט איז בייא זייא זייער טייער · זיי גיבן עס ניט אויש אויף איבעריגע זאכן וואש מען דארף זיי ניט נייטיג · אזו וויא די גמרא זאגט דארטן דעם טעם לפי שאינם פושטים ידיהם בגזל · ווייל עש איז זייער כשרע געלט · זיי פאר דינן עש זייער ערליך אונ דיא פרוטה קומט זייא ניט גרינג אן :

ב דער איד טאר דעם אנדרין איד ניט נארין ווען ער קויפט בייא אים עפיס אדר ער פר קויפט אים עפיס אדער ווען ער דינגט ביי אים איין דירה אדר אגוועלב אז ער עפיס אנדערש אדער ווען ער בייט אכטבע :

ג ווען מען האט עפיס צו פאר קויפין טאר מען עש ניט שענר מאכין יענעם צוא באשווינדלען · למשל מען גיט דיא בהמה קלייען וואשר צו טרינקן כדי זיא זאל אן גיפוישט ווערין אונ דיא האר זאלין זיך אויף שטעלין זיא זאל אוים זעהן פעט · אדער מען פארבט אלטע כלים זייא זאלין אוים זעהן וויא נייע :

ד איין גלאטע מטבע טאר מען בייא זיך ניט האלטין · מען טאר אפילו איר ניט בנוצין פאר איין גיוויכט · ווארום מען קאן זיך פאר געסין אונ אוועק געבן איר פאר איין גוטע מטבע · דריבער מוז מען איר שמעלצין אדער לעכערין :

ה מען טאר ניט אריין מישין אין גוטע תבואה אדר פירות אביסל שלעכטע וואש עס זעהט זיך ניט אן · אויך אין איין משקה טאר מען ניט אריין מישין אביסיל שלעכטע אין פיל גוטע · אבר ווען די משקה באקומט דורך דעם אנאדר טעם מעג מען ·

ווארום

ווארום דער קויפער וועט דאך דער פילן אונ וועט פאר דעם ווייניגער צאלין :

ו מען טאר ניט פאר קויפין פעל פון איין גיפיינגערטע בהמה אונ יענם זאגין אז עס איז פון איין גיקוילעטע בהמה :

ז מען טאר ניט געבין איין פאלשע וואג אדר איין פאלשע מאס · אפילו איין נכרי מוז מען אויך ערליך וועגין · אונזער הייליגע גמרא זאגט · אז דיא שטראף פר אפאלשע וואג אדר אפאלשע מאס איז הארבער וויא פר די גרעסטע עבירה · מען טאר ניט אריין לייגין די גיוויכטען אין זאלץ כדי זייא זאלין שווערער זיין · די גיוויכטען וואס מען וועגט מיט זייא פייכטע זאכין מוז מען וויינינגסטינס יעדער וואך איין מאל אפ רייבין · ווארום עס קלעפט זיך אן זיי אן פון דר נאסע האנט אונ זיי ווערן שווער · אין די שאל וואש ער לייגט אריין די פייכטע זאכן מוז מען אויש ווישן פר יעדן מאל וועגין :

ח מען טאר ביי זיך ניט האבין איין פאלשע מאס אדער איין פאלשע וואג חאטשע ער בנוצט זייא ניט צו וועגין אדר מעסטין · אפילו ער בנוצט עס נאר פאר איין נאכט טאפ · ווארום מען קאן זיך אמאל טועה זיין אונ יוא באנוצין :

ט דיא כלים וואס מען מעסט מיט זייא מוז מען גוט אויס ווישן וויינגסטינס איין מאל אין דער וואך :

י אז מען וועגט אדר מען מעסט · זאל מען זעהן עש זאל עפיס מער וועגין אונ די מאס זאל אביסל הסכר זיין :

יא מען מוז איבראל מעסטין אזו וויא דיא גאנצע שטאט איז זיך נוהג · ווען דער מנהג איז צוא פאר קויפין אפ גישטרייכט טאר מען ניט קויפין הויך מיט איין ווערך חאטשע דער וואס פר קויפט ניט אזו מיט זיין גוטין ווילין אונ דר קונה צאלט אים דר פאר · אונ ווידער פר קערט ווען די גאנצע שטאט מעסט מיט איין ווערך טאר מען ניט פר קויפין אפ גישטרייכט · חאטשע עס איז דעם קונה רעכט אונ ער צאלט ווייניגער וויל עס פעלט דער ווערך · איז דאס אויך פאר באטין :

יב דאס שטרייך האלץ וואש מען שטרייכט אפ דר מיט מוז זיין פון הארץ · אבר ניט פון איין צוא גרינגע זאך אונ ניט פון איין צוא שווערע זאך · אויך מוז עס זיין גלייך פון ביידע זייטין · ניט פון איין זייט שארף אונ פון אנדערן זייט גראב · ווארם מיט דעם קאן מען מאכין אשווינדיל · אז ער וועט קויפין וועט ער אפ שטרייכין מיט דעם גראבין זייט · כדי עש זאל ווייניג אראפ גיין · אונ אז ער וועט פאר קויפין וועט ער שטרייכין מיטין שארפין זייט כדי עס זאל שטארק אויס רייסין · אויך מוז מען זייער ערליך אפ שטרייכין ניט צו גישווינד ווארום דאס איז שלעכט פר דעם וואס פר קויפט · עש שטרייכט צוא ווייניג אפ · אונ ניט צו לאנגזאם ביסליך ווייס · ווארום דאש איז שלעכט פר דעם קונה · עש רייסט צו שטארק אויס · איבר דעם מוז מען שטרייכן מיטל מעסיג אויף איין מאל ניט צו גישווינד אונ ניט צו פאמעליך :

יג ווען מען מעסט איין נאסע זאך וואש האט איין שוים · טאר מען עש ניט מעסטן מיט דעם שוים · ווארום מיט דעם גזלת מען דעם קונה · מכל שכן אז מען טאר ניט גיסן אין דר הייך כדי עס זאל האבן אגרויסן שוים ווארום דאש איז אגרויסע עבירה :

יד דיא פארשטעהרם אין יעדער שטאט דארפין מאכין עטליכע אויפזעהרם וואש זאלין ארום גיין אין דיא קראמען אונ אין דיא שיינקען צוא זעהן אויב דיא וואג אינ דיא מאס איז ערליך · אונ ביא וועמען מען גיפינט איין פאלשע וואג אדער פאלשע וואג שאלין אדער איין פאלשע מאס זאל מען אים שטארק בשטראפין :

טו דר איד מוז תמיד האלטין זיין ווארט · וואס ער זאגט מוז ביא אים הייליג זיין אונ ער טאר עש ניט משנה זיין · למשל ער וויל ביא איינעם עפיס קויפין אונ האט אים גיזאגט אז ער וועט אים אזו אונ אזו פיל געבין · אונ יענער האט אים גיענטפערט אז עם איז אים רעכט אזו פיל צו נעמן וויא פיל ער וויל אים געבן חאטשע ער האט אים נאך קיין געלט ניט גיגעבן · אונ ער האט נאך ניט גינומן די זאך אין האנט אריין · אונ ער האט נאך ניט מקבל קנין גיוועזן · קורץ ער האט נאך גאר ניט דאש מינדסטע גיטאן וואש דער קויף איז שוין דער מיט גישלאסין גיווארין נאך דעם דין · איז אלץ ניט רעכט אז דער וואש קויפט אדער דער וואש פאר קויפט זאל חרטה האבין · אונ אז איינער פון ביידע האט יוא חרטה · טוט ער ניט רעכט אונ אונזרע היילגע חכמים האבין אים ניט ליב · דר פרומר איד מוז אפילו האלטין וואש ער האט אין זין גיהאט ביא זיך אין הארצין · חאטשע ער האט עם נאך ניט ארוים גירעט · למשל ער האנדילט ביא איינעם איין זאך אונ האט אין זין אים צו געבן צעהן קאפייקן אונ יענר זאגט ער וויל עם אים לאזין פר ניין קאפייקען זאל ער אים געבין די צעהן קאפייקען אזו וויא ער האט אין זינען גיהאט · אונ ווידר פר קערט אז ער האט אין זין גיהאט יענם צוא פאר קופין דיא זאך פאר ניין קאפייקען אונ יענער זאגט אים אז ער וויל אים דר פאר געבין צעהן קאפייקן · זאל ער ביא אים ניט מער נעמן וויא ניין קאפייקן וויא דוד המלך האט גיזאגט אז דר אויבערשטער האט נאר ליב איין דובר אמת בלבבו דעם וואש ער רעט דיא ווארהייט ביי זיך אין הארץ · דאש הייסט ער האלט אפילו דאש וואש ער האט ניט ארוים גירעט נאר ער האט אין זין גיהאט אין הארץ · דיא היילגע גמרא זאגט דרויף כרב ספרא דר איד מוז אזו שטארק האלטין וואש ער האט אין זין ביא זיך אין הארץ וויא רב ספרא · ווארום רב ספרא האט אמאל גיהאט איין זאך צוא פאר קויפין אונ איינער האט אים גיוואלט דר פר געבין אכציג רובל · ער האט אבער ניט אנדרש גיוואלט נאר הונדערט רובל · אין עטליכע טעג ארום האט רב ספרא גידארפט געלט אונ האט זיך גידאכט דיא זאך צוא פאר קויפין פאר אכציג רובל · דער איד וואש האט פריער גיוואלט די זאך קויפין האט איר נייטיג בדארפט אונ האט זיך גידאכט ער זאל שוין פאר איר געבין הונדערט רובל · וויא רב ספרא איז צו אים גיקומען האט ער אים גיזאגט איך גיב דיר שוין די הונדערט רוביל וואש דוא ווילסט פאר דר זאך · רב ספרא האט אים אבער גיענטפערט איך טאר ביא דיר ניט מער נעמן נאר אכציג ווארום איך האב אזו אין זין גיהאט · אויך ווער עם האט אין זין גיהאט איינעם איין טובה צו טאן אונ ער קאן עש טאן · איז רעכט ער זאל ניט חרטה האבין אונ זאל יענעם טאן דיא טובה :

ווער

טז ווער עס האט עפיש גיהאנדילט אונ האט גיגעבין אדרויף אדער ער האט זיך גימאכט איין צייכין אויף דער זאך וואס ער האט גיקויפט · חאטשע נאך דעם דין הייסט דאס נאך ניט גיקויפט · טאר ער דאך ניט חרטה האבין · אונ אויך דער וואס האט דיא זאך צוא פאר קויפין טאר ער ניט חרטה האבין · אונ איינער פון ביידע וואס האט יוא חרטה · טוט ניט וויא איין ערליכר איד דארף צוא טאן · אונ ער האט אויף זיך איין מי שפרע · דאס הייסט מי שפרע מדור המבול דר וואס האט גישטראפט דאש דור המבול אונ דאס דור הפלגה אונ דיא מענטשין פון סדום ווייל זייא האבין שלעכט גיהאנדילט קעגין מענטשין · דער וועט אויך צאלין דעם איד וואס האלט ניט זיין ווארט :

יז ווען איינער שיקט דעם אנדערין צוא קויפין איין זאך · אונ ער גייט אונ קויפט דיא זאך פון זיינט וועגין פאר זיין אייגין געלט איז ער איין שווינדלר אונ פירט זיך ניט וויא איין ערליכער איד דארף זיך צוא פירין · האט ער אבער גיקויפט פאר דעם געלט וואס יענער האט אים גיגעבין · מוז ער אים געבין דיא גיקויפטע זאך אונ האטשע ער וויל אים אפ געבין דאס געלט העלפט דאש ניט :

יח ווען איינער זאגט דעם אנדערין צו' ער זאל אים שיינקען איין קליינע מתנה · מוז ער האלטין זיין ווארט אונ אים שיינקען ווארום יענער האט זיך אויף דעם פאר לאזט · איז עס אבער איין גרויסע מתנה · איז אייגענטליך קיין גרויסע עבירה ניט ווען ער גיט איר ניט · ווארום מן הסתם האט זיך יענער ניט גאנץ פאר לאזט דרויף אבער פון דעסט וועגין איז דאס ניט רעכט · ווארום דער איד דארף האלטין זיין ווארט · אונ אזו וויא מען רעט מוז מען טאן · די גמרא זאגט אז דאס שטייט אין דעם פסוק והין צדק יהיה לך · יהא הן שלך צדק ולאו שלך צדק · דיין הן דאש הייסט דוא זאגסט יוא מוז עס לויטער זיין אמת ·אונ דיין ניין מוז אויך זיין לויטער אמת · אזו וויא דוא זאגסט אזו מוזטו האלטין · אונ קעגין איין ארומאן מוז מען אפילו האלטין ווען מען זאגט אים צו איין גרויסע מתנה · ווארום דאס הייסט וויא איין נדר · אונ אפילו אז ער האט אים ניט גיזאגט נאר ער האט עס אין זינען גיהאט ביא זיך אין הארצין מוז ער עס אויך האלטין :

יט אזו וויא מען טאר יענעם ניט נארין אין געלט זאכין אזוא טאר מען אים אויך ניט נארין מיט ווערטער · מען טאר ניט זאגין וויא פיל ווילסטו פאר דער זאך · ווען מען האט ניט אין זין דיא זאך צוא קויפין · אדער הייסט קויפין ווען מען ווייס אז יענער האט ניט צו פאר קויפין · אז איינער איז איין בעל תשובה טאר מען אים ניט זאגין גדיינק נאר וואש דוא ביזט פריער גוועזין · ווען איינער איז קראנק אדער עס גייט אים שלעכט טאר מען אים ניט זאגין מן הסתם האסטו גזינדיגט אונ דער אויבערשטער איז גירעכט וואס ער שטראפט דיך · ווען מען פרעגט איינעם איין קלוגע זאך טאר ער ניט זאגין צוא איין אנדערין וואס איז ניט קיין חכם · ענטפער דוא אויף דעם וואש מען האט מיך גיפרעגט · ווען איינער האט ניט איין שיינעם צוא נאמען טאר מען אים ניט רופין מיט דעם דאזיגין צוא נאמן · אונ אפילו יענער

איז שוין גיוואונט מיט דעם צוא נאמען · טאר מען אים ניט רופין ווען מען איז זיך מכוון אים צוא פאר שעמען · מען טאר קיינם ניט נארין אפילו ווען יענר האט דער פון קיין שאדן ניט · למשל מען פאר קויפט אים איין זאך וואס זיא האט איין פעלר׳ חאטשע זיא איז טאקע אזו פיל ווערט וויא פיל יענער גיט אים · מוז מען אים דאך זאגין אז די זאך האט איין פעלער · אפילו איין נכרי טאר מען אויך אזו איין שטייגר ניט נארין · למשל מען פאר קויפט אים איין גיפייגערטע הון טאר מען אים ניט זאגן אז זיא איז איין גיקוילעטע הון · מען טאר ניט איינעם בעטין ער זאל גיין צום טיש עסין ווייל מען וויים אז ער וועט גוויס ניט וועלין · מען טאר איינעם ניט בעטין ער זאל צוא נעמען איין מתנה · ווייל מען וויים אז ער וועט גיוויס ניט אן נעמען · קורץ איין איד מוז זיך שטארק היטין ער זאל ניט גנבנען יענעמס דעה ווארום דאס איז פון דיא גרויסע עבירות וואש דער ביא שטייט ויראת מאלהיך :

# מב דיני תפלת מנחה ובו ט׳ סעיפים

## דער דין פון מנחה דאווענען

א דאס מנחה דאווענע איז זייער איין טייערע תפלה אונ מען האט פאר איר איין גרויסן שכר · ווארום זיא קומט דעם מענטשין שווערער אן וויא דאש דאווענען אין דר פריא אונ וויא מעריב · ווארום אין דער פריא שטייט מע ערשט אויף אונ האט נאך גאר קיין גישעפטין ניט · ווידער מעריב איז שוין נאך אלע גשעפטין · אבער מנחה איז דאך ביא טאג אונ אז דער איד לייגט אוועק די גישעפטין אונ דער מאנט זיך אן זיין ליבין נאמען איז דאש ביא דעם אויבערשטין שטארק חשוב אונ ער גיט אים דער פאר איין גרויסין שכר :

ב דער עיקר צייט פון מנחה הייבט זיך אן פון דריטהאלבין שעה פאר נאכט ביז פינף פערטיל שעה פאר נאכט אונ דאס הייסט מנחה קטנה · האט מען זיך אבער פאר גיסין אדער מען האט קיין צייט ניט גיהאט איז נאך צייט צוא דאווענען מנחה ביז שטערין קומען ארויס · ווער עס פארט אבער אין וועג אריין אדער ער זעצט זיך עסין אונ האט מורא ער זאל ניט עובר מנחה זיין מעג ער דאווענען מנחה תיכף נאך האלב איינם ביא טאג אונ דאס הייסט מנחה גדולה :

ג מיט איין האלבע שעה פאר דער צייט פון מנחה קטנה דאס הייסט דרייא שעה פאר נאכט טאר מען זיך ניט זעצין עסין · אייגענטליך תאפענדיג צוא עסין איז קיין גרויסער איסור ניט אבער עס איז אויך ניט רעכט · אויך טאר מען ניט גיין אין באד אריין אדער זיך לאזין אפ גאלין דרייא שעה פאר נאכט איידער מען האט מנחה גידאווינט · אונ צוא איין גרויסע סעודה דהיינו אחתונה אדר אברית אדער אפדיון הבן טאר מען זיך ניט זעצין מיט איין האלבע שעה פאר מנחה גדולה דאס הייסט צוועלף ביא טאג · נאר מען מוז ווארטין ביז האלב איינם אונ דאווענן מנחה דער נאך זעצט מען זיך עסין :

ד ביזר מנחה דאווענען מיז מען וואשין דיא הענט אפילו ווען זייא זיינען ריין אונ

אפילו

אֲפִילוּ מֶען שְׁטֵייט עֶרְשְׁט אוֹיף פוּן דֶעם לֶערְנֶען · וֶועןן מֶען האט אָבֶּער קֵיין וַואסֶער נִיט אוּנ אַז מֶען וֶועט גֵּיין זוּכִין וַואסֶר וֶועט דֶער וַוייל דֶער עוֹלָם אָפּ דַאוְונֶען · רַייבְּט מֶען זִיךְ אָפּ דִיא הֶענְט מִיט אַיין הַאנְטַאךְ אָדֶער מִיט עֶפֶּעשׂ אַנְדֶערְשׁ אוּנ דַאוְוינְט גְלַייךְ מִיט דֶעם עוֹלָם :

ה מֶען זָאגְט נִיט אַשְׁרֵי צוּא מִנְחָה בִּיז עֶס זַיינֶען שׁוֹין דָא צֶעהֶען מֶענְטְשִׁין אִין שׁוּל דָאס הַייסְט צֶעהֶען וָואס זַיינֶען שׁוֹין בַּר מִצְוָה כְּדֵי דֶער חַזָן זָאל מֶעגִין זָאגִין קַדִישׁ נָאךְ דֶעם אַשְׁרֵי · הָאט מֶען זִיךְ אָבֶּער פַאר גֶעסִין אוּנ מֶען הָאט אָן גִיהוֹיבִּין צוּ זָאגִין אַשְׁרֵי אָן אַמְנִין דֶער נָאךְ זַיינֶען צוּא גִיקוּמֶען בִּיז צֶעהֶען מוּז מֶען זָאגִין נָאךְ אַיין מִזְמוֹר אוּנ דֶער חַזָן זָאגְט קַדִישׁ :

ו וֶוען עֶס אִיז שׁוֹין שְׁפֶּעט זָאגְט דֶער חַזָן תֵּיכֶף נָאךְ קַדִישׁ הוֹיךְ דִיא שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה בִּיז הָאֵל הַקָּדוֹשׁ אוּנ דֶר עוֹלָם הֶערְט אוֹיס אוּנ זָאגְט נָאךְ · אוּנ נָאךְ הָאֵל הַקָּדוֹשׁ זָאגְט דֶר עוֹלָם אָמֵן אוּנ מֶען דַאוְוינְט דִיא שְׁטִילֶע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה אוּנ דֶער חַזָן דַאוְוינְט אוֹיךְ שְׁטִיל · אוּנ עֶר זָאגְט שׁוֹין נִיט נָאךְ אַמָאל דִי הוֹיכֶע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה · אוּנ אַז עֶס אִיז שׁוֹין אַזוֹא שְׁפֶּעט אַז עֶס אִיז אַיין סְבָרָה וֶוען מֶען וֶועט וַוארְטִין מִיט דֶער שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה בִּיז דֶער חַזָן וָועט אוֹיס לָאזִין הָאֵל הַקָּדוֹשׁ וֶועט מֶען נִיט עֶנְדִיגֶען דִי שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה · וֶוען עֶס אִיז נָאךְ טָאג מֶעג דֶר עוֹלָם גְלַייךְ דַאוְונֶען שְׁטִילֶערְהֵייט מִיט דֶעם חַזָן דָאס הַייסְט זַייא זָאגִין אִים נָאךְ וָוארְט פַאר וָוארְט בִּיז הָאֵל הַקָּדוֹשׁ · עֶס אִיז אָבֶּער רֶעכְט עֶס זָאל וֵוייניגְסְטִינְס אַיינֶער בְּלַייבִּין וָואס זָאל נִיט מִיט דַאוְונֶען מִיט דֶעם חַזָן כְּדֵי עֶר זָאל נָאךְ זָאגִין אָמֵן אוֹיף זַיינֶע בְּרָכוֹת :

ז וֶוען אַיינֶער קוּמְט אִין שׁוּל אַרַיין צוּא מִנְחָה אוּנ טְרֶעפְט דֶעם עוֹלָם שׁוֹין דַאוְונֶען שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה זָאל עֶר גְלַייךְ דַאוְונֶען שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה מִיט דֶעם עוֹלָם אוּנ אַשְׁרֵי זָאל עֶר דֶער נָאךְ זָאגִין · הַאלְט מען אָבֶּער שׁוֹין אַז א וַוייט אִין דֶער שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה אַז וֶוען עֶר וֶועט זִיךְ א צוּנְד שְׁטֶעלִין שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה וֶועט עֶר אִיר נִיט קֶענֶען עֶנְדִיגִין בִּיז דֶער חַזָן וֶועט הַאלְטִין בַּייא קְדוּשָׁה · אוּנ אַז עֶר וֶועט וַוארְטִין בִּיז דֶער חַזָן וֶועט אָפּ זָאגִין דִיא גַאנְצֶע הוֹיכֶע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה מִיט דֶעם קַדִישׁ · וֶועט שׁוֹין פָאר אִיבֶּער זַיין דִיא צַייט פוּן מִנְחָה זָאל עֶר ווארְטִין אוּנ וִויא דֶער חַזָן הֵייבְּט אָן דִיא הוֹיכֶע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה זָאל עֶר מִיט אִים שְׁטִילֶערְהֵייט גְלַייךְ דַאוְונֶען וָוארְט פַאר ווארְט · אוּנ עֶר זָאגְט מִיט אִים דִיא גאנְצֶע קְדוּשָׁה אוּנ גַאנְץ לדור וָדוֹר אוּנ לָאזְט מִיט אִים גְלַייךְ אוֹיס הָאֵל הַקָּדוֹשׁ אוּנ דִיא בְּרָכָה שׁוֹמֵעַ תְּפִלָּה פוּן שְׁמַע קוֹלֵנוּ אוֹיךְ מוֹדִים מוּז עֶר מִיט אִים גְלַייךְ זָאגִין כְּדֵי עֶר זָאל זִיךְ גְלַייךְ בּוּקִין מִיט דֶעם עוֹלָם · דָאס אֵיינֶענֶע אִיז אוֹיךְ וֶוען מֶען בַּארֶעכִינְט זִיךְ אַז וֶוען מֶען וֶועט עֶרְשְׁט דַאוְונֶען מִנְחָה וֶוען דֶער חַזָן וֶועט שׁוֹין הָאבִּין אָפּ גִיזָאגְט דִיא גַאנְצֶע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה וֶועט מֶען נִיט קֶענֶען גְלַייךְ דַאוְונֶען מַעֲרִיב מִיט דֶעם עוֹלָם · זָאל מֶען דַאוְונֶען דִיא שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה פוּן מִנְחָה גְלַייךְ מִיט דֶעם חַזָן · אַז מֶען אִיז אָבֶּער גִיקוּמֶן וֶוען דֶר חַזָן הַאלְט שׁוֹין בַּאלְד בַּייא קְדוּשָׁה זָאל מֶען וַוארְטִין בִּיז דֶער חַזָן לָאזְט אוֹיס הָאֵל הַקָּדוֹשׁ אוּנ נָאךְ זָאגִין אָמֵן · דֶער נָאךְ דַאוְוינְט מֶען פַאר זִיךְ שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה הָאטְשֶׁע מען וֶוערְט

דאך

דָאךְ דוּרְךְ דֶעם אָן דֶעם אָמֵן נָאךְ שׁוֹמֵעַ תְּפִלָּה אוּנ דֶעם מוֹדִים וָואס דָאס זַיינֶען דָאךְ גְרוֹיסֶע חִיּוּבִים אִיז עֶס דָאךְ לִיבֶּער אַזוֹ צוּא טָאן כְּדֵי מֶען זָאל גְלַייךְ דַאוֶונֶען מַעֲרִיב מִיט דֶעם עוֹלָם :

ח וֶוען דִיא מִנְחָה צִיהְט זִיךְ בִּיז אִין דֶער נַאכְט אַרַיין זָאל מֶען קַיין תַּחֲנוּן נִיט זָאגְן וָוארוּם מֶען טאר נִיט זָאגִין תַּחֲנוּן בַּייא דֶער נַאכְט · מֶען מוּז אָבֶּער שְׁטַארְק אַכְטוּנְג גֶעבִּין דִיא מִנְחָה זָאל זִיךְ נִיט צִיהֶען אִין דֶער נַאכְט אַרַיין ווארוּם דִי נַאכְט גִיהֶער דָאךְ שׁוֹין צוּם אַנדֶערִין טָאג · נוּא וִויא אַזוֹ קָאן מֶען זָאגִין קַדִּישׁ מִיט תִּתְקַבֵּל אוֹיף אַיין תְּפִלָּה וָואשׁ מֶען הָאט גָאר נִיט גִידַאוִוינְט אִין דֶעם דָאזִיגִין טָאג · דִי מִנְחָה אִיז דָאךְ גִידַאוִוינְט גִיוָוארִין מִיט אַיין טָאג פְרִיעֶר :

ט פרַייטָאג צוּא נַאכְט וֶוען מֶען קֹמְט אִין שׁוּל אַרַיין וֶוען מֶען זָאגְט שׁוֹין מִזְמוֹר שִׁיר לְיוֹם הַשַּׁבָּת אָדֶער דִיא עֶרְשְׁטֶע נַאכְט יוֹם טוֹב וֶוען מֶען הָאט שׁוֹין גִיזָאגְט בָּרְכוּ · זָאל עֶר נִיט דַאוְונֶען קַיין מִנְחָה אִין שׁוּל נָאר עֶר זָאל אַרוּיס גֵיין דַאוְונֶען · וָוארוּם אִין שׁוּל אִיז דָאךְ שׁוֹין שַׁבָּת אָדֶער יוֹם טוֹב אוּנ עֶר דַאוְונְט דָאךְ נָאךְ דִיא וָואכֶעדִינֶע שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה · וֶוען עֶר קוּמְט אִין שׁוּל אַרַיין שַׁבָּת אָדֶער יוֹם טוֹב וְוען דֶער חַזָן זָאגְט בָּרְכוּ אוּנ עֶר הָאט נָאךְ קַיין מִנְחָה נִיט גִידַאוִוינְט זָאל עֶר נִיט זָאגִין מִיט דֶעם עוֹלָם וָוארוּם וִויא בַּאלְד עֶר זָאגְט נָאךְ אִיז דָאךְ בַּייא אִים שַׁבָּת אוּנ עֶר טָאר שׁוֹין קַיין מִנְחָה נִיט מֶער דַאוְונֶען · הָאט עֶר אָבֶּער זִיךְ טוֹעֶה גִיוֶועזִין אוּנ הָאט יוֹא נָאךְ גִיזָאגְט דַאוִונְט עֶר נִיט מֶער קַיין מִנְחָה נָאר צוּא מַעֲרִיב דַאוִונְט עֶר צְוַוייא מָאל שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה דִיא עֶרְשְׁטֶע אִיז פַאר שַׁבָּת אוּנ דִיא אַנְדֶערֶע אִיז אוֹיךְ דִיא שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה פוּן שַׁבָּת אָבֶּער עֶר מוּז אִין זִינֶען הָאבִּין אַז זִיא אִיז פַאר דֶער מִנְחָה וָואס עֶר הָאט פַאר פֶעלְט · אוּנ וֶוען מֶען אִיז אָבֶּער גִיקוּמֶען אִין שׁוּל אַרַיין נָאהֶענְט פַאר מִזְמוֹר שִׁיר לְיוֹם הַשַּׁבָּת אָדֶער יוֹם טוֹב נָאהֶינְט פַאר בָּרְכוּ שְׁטֶעלְט מֶען זִיךְ דַאוְונֶען דִיא וָואכֶעדִינֶע מִנְחָה תָּאמְשֶׁע מֶען קָאן אִיר נִיט עֶנְדִיגִין אֵיידֶער מֶען אִיז מְקַבֵּל שַׁבָּת אָדֶער יוֹם טוֹב אֵיידֶער מֶען זָאגְט בָּרְכוּ · וָוארוּם ווייל מֶען הָאט דָאךְ אָן גִירוֹיבִּין צוּא דַאוְונֶען וֶוען עֶס אִיז נָאךְ גִיוֶועזִין וָואךְ אִיז שׁוֹין נִישְׁט קָשֶׁה דָאשׁ אִיז אָבֶּער נָאר פַאר נוֹיט · אָבֶּער יֶעדֶער אִיד מוּז זֶעהֶן פְרַייטִיג פַאר נַאכְט אָדֶער עֶרֶב יוֹם טוֹב פַאר נַאכְט זִיךְ בַּייא צַייטִין אָפּ צוּא פַארְטִיגִין פוּן אַלֶע גִישֶׁעפְטִין אוּנ פְרִיא צוּא קוּמֶען אִין שׁוּל אַרַיין אֵיידֶער דֶער עוֹלָם דַאוִוינְט נָאךְ מִנְחָה :

## מג דיני מעריב ובו י׳ סעיפים

## דִינִים פוּן מַעֲרִיב

א דִיא צַייט פוּן מַעֲרִיב דַאוְונֶען הֵייבְּט זִיךְ אָן וִויא מֶען זֶעהֶעט שׁוֹין דְרַייא קְלַיינֶע שְׁטֶערִין · אוּנ דֶער דִין אִיז מֶען זָאל תֵּיכֶף דַאוְונֶען מַעֲרִיב וִויא בַּאלְד מֶען זֶעהֶעט שׁוֹין דְרַייא קְלַיינֶע שְׁטֶערִין אוּנ מען זָאל עֶס נִיט אָפּ לַייגִין אוֹיף שְׁפֶּעטֶר · אַז מֶען הָאט אָבֶּר קַיין צַייט נִיט · לְמָשָׁל מֶען לֶערִינְט מִיט דֶעם עוֹלָם אוּנ מֶען

קאן אין מיטין ניט אויף הערין . מעג מען שפעטער דאווענען . אבער מען מוז זעהן עש זאל ניט לייגער רויעדין וויא ביז זייגער צוועלף אין דער נאכט . אונ אז מען האט זיך אמאל פארשפעטיגט אדער מען האט פארגעסין מעריב צו דאווענען . מעג מען דאווענען נאך זייגער צוועלף ביז עס הייבט אן צוא טאגין :

ב איין האלבע שעה איידער שטערין שטייען טאר מען ניט זיך זעצין עסין אדער אנפאנגען עפעס צו טאן אדער זיך זעצין לערנען נאר מען מוז מיט דעם אלעם ווארטין ביז מען דאווינט אפ מעריב :

ג דער מנהג איז איצונד אז מען דאווינט מעריב תיכף נאך מנחה חאטשע עס איז נאך ניט נאכט . דאס טוט מען ווייל דער עולם איז שוין דא מנחה צו דאווענען : איז דאך די בעסטע צייט אז יעדער זאל דאווענען מעריב מיט א מנין . ווארום אז מען וועט זיך צוא גיין איז צו באזארגין אז עס וועט שפעטער קיין מנין ניט זיין צוא מעריב . מען מוז אבער זעהען עס זאל ניט זיין פאר פינף פערטיל שעה צו נאכט . ווארום מיט איין מעריב וואס מען דאווינט פאר פינף פערטיל שעה צוא נאכט איז מען ניט יוצא . פאר קערט עס איז נאך איין עבירה . ווארום מען האט גימאכט אזוי פיל ברכות לבטלה . מען האט דער מאנט זיין הייליגין נאמען אומזיסט . די פרומע זיינען זיך אבער אם בעסטין נוהג . זיי זעצין זיך נאך מנחה לערנען . דאס הייסט נאך פאר א האלבע שעה צוא נאכט . אונ וויא באלד עס שטייען שוין שטערין . שטייען זיי אויף אונ דאווענען מעריב מיט א מנין :

ד ווער עס דאווינט פאר זיך אליין אן א מנין : טאר ער ניט דאווענען מעריב איידער עש זעהען זיך שטערין . אבער ווער עס דאווינט מעריב מיט א מנין איידער עס איז נאכט . טאר ער דער נאך ניט עסין ביז עס ווערט נאכט . וויא באלד עס ווערט נאכט מוז ער זאגין די דרייא פרשיות פון דער קריאת שמע . דאס הייסט שמע והיה אם שמוע אונ ויאמר דערנאך מעג ער שוין עסין :

ה ווען מען דאווינט מעריב תיכף נאך מנחה אונ די הענט זיינען ריין דארף מען זיך ניט וואשין . דאווינט מען אבער מעריב אליין . אדער אפילו ווען מען איז ניט געגאנגען נאך מנחה נאר מען האט זיך אפ גירוהט צווישין מנחה אונ מעריב . מוז מען זיך פאר מעריב וואשין די הענט . אונ אז מען האט קיין וואסער ניט . אונ אז מען וועט גיין זוכין וואסער דער ווייל וועט דער עולם דאווענען מעריב . רייבט מען זיך אפ דיא הענט מיט איין טיכיל אדער מיט אנאנדער זאך :

ו קומט מען אין שול אריין ווען דער עולם שטעלט זיך שוין שמונה עשרה פון מעריב חאטשע עס איז נאך ניט נאכט נאר עס איז שוין ניט מער וויא פינף פערטיל שעה צוא נאכט אדער נאך ווייניגער . מוז מען גלייך דאווענען שמונה עשרה מיט דעם עולם . אונ שפעטער וויא עס שטייען שטערין דאווינט מען קריאת שמע מיט דיא ברכות ביז צוא דער שמונה עשרה :

ז אז מען קומט אין שול אריין ווען דער עולם האלט אין מיטין מעריב . אונ ער האט נאך צייט אפ צו דאווענען ביז שומר עמו ישראל לעד איידער דער עולם וועט

זיך

זיך שטעלין שמונה עשרה · זאל ער טאקע אזו טאן אונ זאל תיכף נאך ישראל לעד גלייך דאוונען שמונה עשרה מיט דעם עולם · אונ ברוך יי לעולם אמן ואמן זאל ער ניט זאגין · אפילו נאך דעם דאוונען זאל ער אויך ניט זאגין · האט ער אבער נאך קיין מנחה ניט גידאווינט · זאל ער דאוונען דיא שמונה עשרה פון מנחה אין דער צייט וואש דער עולם דאווינט מעריב ביז צוא דער שמונה עשרה · דער נאך זאל ער זיך אפ רוען אפאר מינוט אונ זאל גלייך דאוונען מיט דעם עולם דיא שמונה עשרה פון מעריב · אונ שפעטער וויא עס איז שוין נאכט דאווינט ער דאס פריערדיגע דאוונען פון מעריב ביז צוא דער שמונה עשרה :

ח פון והוא רחום ביז איבער דער שמונה עשרה טאר מען ניט מפסיק זיין אויסער וואש דער שמש רופט אויס יעלה ויבא אונ טל ומטר · הייסט דאס ניט גירעט ווארום דאס איז דאך וועגין דעם דאוונען :

ט ווען איינער בלייבט אליין אין שול בייא דער נאכט אונ ער האלט נאך אין מיטין מעריב · מוז דער אנדערער אויף אים ווארטין ביז ער דאווינט אפ · ווארום טאמער שרעקט זיך יענער אליין צוא בלייבין וועט ער דאך ניט דאוונן מיט ריינע גידאנקען · האט אבער יענער אזו שפעט אן גיהויבין צו דאוונען אז ער האט גיוואוסט אז דער עולם וועט אוועק גיין איידער ער וועט אפ דאוונען · דארף ער אויף אים ניט צוא ווארטין ווארום דאש בעווייזט דאך אז ער שרעקט זיך ניט :

י פון ברוך יי לעולם אמן ואמן ביז יראו עינינו זאל מען זאגין זיצענדיג :

## מד סדר הלילה ובו ד׳ סעיפים
## וויא מען זאל זיך פירין בייא דער נאכט

א נאך מעריב מוז יעדער איד האבין איין אויס גיזעצטע צייט צוא לערנען · יעדער זאל לערנען וואש ער קאן · אונ ווער עש קאן גאר נישט זאל ער זיצן אין בית המדרש אונ צוא הערין וואס אנדערע לערנען אונ דאש לערנען מוז זיין תיכף נאך מעריב · אבער מען זאל ניט פריער עסין ווארום בייא דער נאכט איז מע׳ דאך מיד אונ אז מען עסט נאך דער צו קאן מען אנטשלאפין ווערין · איבר דעם לערינט מען פריער אונ דער נאך עסט מען · אבער ווען מען איז שטארק הונגעריג זאל מען עפעס עסין דאס הארץ צוא דער חאפין · דער נאך זעצט מען זיך לערנן אונ נאך דעם לערנען עסט מען ערשט רעכט · אונזער הייליגע גמרא זאגט אז ווער עס לערינט בייא דער נאכט טוט אים דער אויבערשטער גרוים חסד בייא טאג אונ האט דער פאר איין גרויסין שכר אויף יענער וועלט · איבר הויפט איז די גרויסע ווינטער נעכט כוז מען זיך גיוויס היטין ניט צוא פאר בריינגען דיא צייט מיט נארעשקייטן לא איברי ליליא אלא לגירסא · דיא לאנגע נעכט זיינען באשאפן גיווארין מען זאל אין זייא לערנען אונ עס איז אויך זייער שיין פאר דעם אידין אז ער איז ניט וויא איין פראסטע בהמה וואש ווייש ניט מער גאר עסין אונ טרינקען אונ שלאפין · ער שטייט אויף מיט תורה ער עסט מיט תורה אונ לייגט זיך מיט תורה :

בייא

ב בייא דער נאכט זאל מען זיך היטין ניט פיל צו עסין דורך דעם איז מען גיזונט און מען שלאפט ניט שווער און מען זעהט ניט קיין שלעכטע חלומות. אויך מוז מען זעהען עס זאל ניט צו היים זיין אין דער שטוב וואס מען שלאפט און ווידער ניט צוא קאלט. און מען טאר ניט שלאפין גאנץ אליין אין שטוב:

ג איידער מען גייט שלאפין זאל מען זיך בארעכינען וואס מען האט גיטאן דעם גאנצין טאג. און אז מען זעהט אז מען האט עפעס גיטאן וואס עס איז ניט רעכט זאל מען דרויף חרטה האבין און תשובה טאן און אויף זיך נעמען עס ניט מער צווא טאן. און אז ער דער מאנט זיך אז איטיצער האט אים שלעכטעס גיטאן אין דעם דאזיגין טאג זאל ער אים מוחל זיין מיט דעם גאנצין הארצין און זאל זאגין שרי לי מארי לכל מאן דמצער לי. דאס הייסט דער אויבערשטער זאל מוחל זיין יעדערין וואס ער האט מיר שלעכטס גיטאן. ווארום אז מען איז יענעם ניט מוחל און יענער ווערט גישטראפט דורך אים אויף דעם איז דער אויבערשטער בייז און ער איז ניט זוכה די שכינה צו זעהען:

ד איידער מען לייגט זיך שלאפין לייענט מען קריאת שמע מיט אלע מזמורים און פסוקים וויא עס שטייט אין סידור און מען קושט דיא מזוזה און מען טאר שוין ניט עסין און ניט טרינקען אויך ניט ריידין ביז מען ווערט אנטשלאפין. און אז מען קאן ניט שלאפין זאגט מען עטליכע פסוקים אזוי לאנג ביז דער שלאף קומט:

# מה דיני ערב שבת ובו י״א סעיפים

## דינים פון ערב שבת

א דער היילינער שבת איז איינער פון דיא גרעסטע מצות וואס דער אויבערשטער האט אונז אידין גיגעבין. ער לערינט אונז אז גאט האט דיא וועלט באשאפין אין זעקס טעג און דעם זיבעטין טאג האט ער גירוט. איבער דעם שטייט די מצוה פון שבת צוועלף מאל אין דער תורה. דיא גמרא זאגט ווער עס האלט שבת אקוראט וויא דער דין איז רעכינט עס אים גאט גלייך ער האט דיא גאנצע תורה מקיים גיוועזין. און ווער עס איז מחלל שבת איז גלייך וויא ער האט עובר גיוועזין אויף די גאנצע תורה. מען מוז אלע טאג גידיינקען דעם שבת אזוי וויא ער שטייט זכור את יום השבת לקדשו. דוא מוזט יעדערין טאג גידיינקען דעם היילינין שבת. איבער דעם האט זיך דער תנא שמאי נוהג גיוועזין אז ווען עס האט זיך אים גיטראפין א שיינע בהמה האט ער איר גיקויפט און האט גיזאגט ער קויפט עס אויף שבת. דער נאך אז עס האט זיך אים גיטראפין א שענערע. האט ער די ערשטע אויך גיגעסין אום דער וואכין און די שענערע האט ער באהאלטין אויף שבת. און אזוי האט ער שטענדיג גיטאן. איבער הויפט מוז זיך דער מענטש נוהג זיין אז ווען עס טרעפט זיך אים אין מיטין דער וואך איין שיין עסין וואדג וואס מען באקומט עס ניט אלע טאג. מוז ער עס באהאלטין אויף שבת. אונ איבער דעם אגט מען אין דעם יום אלע טאג. היום יום ראשון בשבת. יום שני בשבת. כדי

מען זאל שטענדיג גידיינקען דעם שבת. ווארום די קדושה פון שבת ציהט זיך אויף דער גאנצער וואך. זונטאג מאנטאג דינסטאג הייסן אחר שבת. ווייל זיי ציען דיא קדושה פון דעם שבת וואס איז שוין גיוועזין. און מיטוואך דאנערשטאג פרייטיג הייסן פאר שבת ווארום זייא האבין דיא קדושה פון דעם שבת וואס וועט קומען. און איבער דעם ווען איינער איז אין א מדבר אדער אין א תפיסה און וויים ניט ווען עס איז שבת ציילט ער אפ זעקס טעג. און דעם זיבעטין טאג מאכט ער שבת. ווארום אפילו ער איז ניט דער רעכטער שבת. האט ער דאך וויניגסטינס עפעס אין זיך קדושה פון דעם שבת:

ב עס איז א מצוה פרייטאג פריער אויף צו שטיין וויא אלע טאג כדי מען זאל אלסדינג אן גרייטין אויף דעם היילינגן שבת. און אפילו מיהאט א סך דינסטין און משרתים. זאל מען עפים אליין טאן לכבוד שבת. מכל שכן ווינטער אין דיא קליינע טעג איז בוודאי רעכט עפעס אליין צוא טאן. כדי דיא דינסטין זאלין ניט מוזן ארבעטין שפעט אין דער נאכט אריין. מיר געפינען אין דער גמרא אז דיא רייכסטע תנאים האבין אליין גיהאקט האלץ און אנדערע ארבעט גיטאן לכבוד שבת:

ג מען איז זיך נוהג ביא אלע אידין צוא באקין חלה אויף שבת. ווארום מען מוז שבת עסין בעסערע ברויט פון א גאנצע וואך. און כדי די אשה זאל חלה נעמען. עס זיינען אויף דעם נאך דא אנדערע טעמים:

ד ווען מען פארט פרייטאג אויף דעם וועג מוז מען זעהען ביא צייטין צו קומען אין נאכט הויז אריין כדי מען זאל נאך קענען ביי צייטין אנגרייטין עסין פון זיינט וועגין:

ה עס איז רעכט פרייטאג ביא טאג וויניג צוא עסין. כדי מען זאל קענען ביא דער נאכט עסין לכבוד שבת. און אפילו איין סעודת מצוה וואס מען קען איר מאכין איין אנדערין טאג. זאל מען איר ניט מאכין ע״ש. למשל א סיום. אבער ווען מען מוז די סעודה דווקא מאכין ע״ש למשל איין ברית מילה אדער איין פדיון הבן. מאכט מען זיא פאר מיטאג. און אזוי וויא עס איז ניט רעכט צוא גיין מיטין פולין בויך צוא קבלת שבת. אזוי איז אויך ניט רעכט צו פיל צו טרינקען פאר קבלת שבת. ווארום מען מוז קידוש מאכין און לכבוד שבת עסין מיטין ריינעם פארשטאנד ניט שכור:

ו עס איז ניט רעכט צוא פאסטין ערב שבת ווארום נאך א תענית איז מען שוואך און לכבוד שבת דארף מען גיזונט זיין. אבער ווען עשרה בטבת גיפאלט אום פרייטאג מוז מען יוא פאסטין. און ווען דער ערשטער יארצייט גיפאלט אום פרייטאג זאל ער דאווענען מנחה נאך זייגער צוועלף און זאל אנבייסין. דורך דעם וועט ער תמיד ווען דיא יארצייט וועט גיפאלין אום פרייטאג ניט פאסטין ביז נאכט נאר נאך צוועלף אנבייסין. אבער ווען דער ערשטער יארצייט איז גיפאלין אין מיטין דער וואך. און ער האט אויס גיפאסט. מוז ער אויך שפעטער ווען דער יארצייט גיפאלט אום פרייטאג אויס פאסטין ביז נאכט אבער אז ער איז איין שוואכער מענטש און דער תענית איז אים צוא שווער מעג ער נאך מיטאג דאווענען מנחה און אן בייסין:

ז עס איז איין מצוה זיך צוא באדין פרייטיג און צוא טובלין אין דער מקוה. און אז ער

קאן זיך ניט באדין זאל ער וויינגסטינס וואשין דעם פנים און דיא הענט מיט ווארימע וואסער. אויך זאל מען זיך פרייטיג אפ שניידין די נעגיל. מען טאר אבער ניט אפ שניידין די נעגיל פון די הענט און די פים אין איין טאג. און אז פרייטאג איז ראש חודש שניידט מען זיך ניט אפ די נעגיל. און אז מען גייט אין באד אריין נאך מיטאג זאל מען פריער דאווגען מנחה. און אפילו מען גייט ניט אין באד אריין איז אויך רעכט באצייטין צוא דאווענען מנחה כדי מען זאל פאר נאכט צייט האבין אכטונג צו געבין אויב מען האט אין דער היים אלסדינג צורעכט גימאכט אויף שבת:

ח פרייטאג פאר נאכט מוז מען איבער זעהען די קליידער אויב עס שטעקט ניט אין זייא קיין נאדיל און אויב עס ליגט ניט אין דיא קעשינעס געלט אדער איין אנדער זאך וואס מען טאר שבת בייא זיך ניט טראגין:

ט עס איז רעכט מקבל שבת צוא זיין פינף פערטיל שעה פאר נאכט אבער צום אלער וויינגסטין מוז מען אויף הערין פון יעדער גישעפט און פון יעדער ארבעט איין האלבע שעה פאר נאכט. דער פראסטער עולם מיינט אז כל זמן מען האט נאך ניט גיזאגט מזמור שיר ליום השבת איז נאך ניט שבת. דאס איז אבער איין גרויסער טעות ווארום וויא באלד עס איז א האלבע שעה פאר נאכט טאר מען שוין קיין שום מלאכה ניט טאן. נאר ווען מען האט גיזאגט מזמור שיר ליום השבת פאר א האלבע שעה פאר נאכט טאר מען אויך שויך קיין מלאכה ניט טאן. און און וויא באלד מען האט גיבענטשט ליכט איז אויך שוין שבת:

י פאר נאכט מוז מען צורעכט מאכין די בעטין. און אלסדינג שיין אין דער ארדנונג שטעלין אין שטוב און צום טיש גריישין. דער טיש מוז זיין באדעקט מיט א טישטוך אויף דעם טישטוך לייגט מען צווייא חלות און פון אויבין באדעקט מען זייא מיט אנאנדער טישטוך. און מען טוט זיך אן שיינע קליידער לכבוד שבת

יא יעדער איד מוז פרייטאג מעביר זיין די סדרה וואס מען וועט מארגין לייענען. שנים מקרא ואחד תרגום. דאס הייסט ער זאגט יעדען פסוק צוויי מאל און דער נאך זאגט ער אויף אים דעם תרגום. און צום סוף סדרה איז רעכט צוא זאגין נאך דעם תרגום איין פסוק פון דער תורה. כדי מען זאל אוים לאזין מיט די ווערטער פון דער הייליגער תורה. ווען מען איז אויף דעם וועג און האט נאר איין חומש אן תרגום. זאגט מען יעדער פסוק צוויי מאל אליין אן תרגום. און אז מען קומט שפעטער אויף איין ארט וואו עס איז שוין דא איין חומש מיט תרגום. זאגט מען דעם תרגום אליין. דער עיקר מצוה איז מען זאל דיא סדרה מעביר זיין פרייטאג נאך מיטאג. און עס איז רעכט מען זאל אין מיטין ניט אוים ריידין. דיא פרומע זיינען זיך נוהג אויך צוא זאגין דיא הפטורה:

## מו דיני הדלקת הנרות ובו ט סעיפים

## דינים פון ליכט בענטשין

א פרייטאג פאר נאכט וויינגסטינס איין האלבע שעה איידער עס ווערט נאכט מוז מען בענטשין

בענטשין ליכט · דר עיקר מצוה איז אז די ווייב זאל ליכט בענטשין · אבער ווער עס האט קיין ווייב ניט מוז ער ליכט בענטשין · ווען דאש ווייב איז איין קימפטארן · בענטשט דר מאן ליכט דעם ערשטין שבת · ווען דאש ווייב איז בלינד בענטשט דר מאן ליכט · האט די בלינדע ניט קיין מאן אונ וואנט אליין מוז זיא ליכט בענטשן · וואונט זיא אבער מיט אנדרע מענטשין אונ יענע בענטשין ליכט צינט זיא אן ליכט אונ מאכט קיין ברכה ניט · ווען זיא איז אבער דיא עקרת הבית אונ אלע אין שטוב זייען אונטער איר צינט זיא צום ערשטין אן דיא ליכט אונ מאכט די ברכה חאטשע זיא איז בלינד · דער נאך צינדין ווידער דיא אנדערע אויך ליכט אונ מאכין דיא ברכה:

ב ווער עש האט קיין געלט ניט מוז ער חאץ בעטלין ער זאל האבין צו קויפן ליכט אויף שבת:

ג אנדרע צינדין צוועהן ליכט אונ אנדערע נאר זיבין אבר צום מינדסטין מוז מען אן צינדין צוויא ליכט · אונ עש איז רעכט די ליכט זאלין זיין גרויש אונ שיין אבער וויינינגסטינס מוזין זייא אזו גרויש זיין זייא זאלין ברענען ביז איבער דעם עסין אונ ווער עש האלט שבת ערליך מיט שיינע ליכט בגליקט אים דער אויבערשטער מיט קינדער תלמידי חכמים:

ד דיא ווייבער זאלין זיך אפ וואשין אונ שיינע קליידר אן טאן פר ליכט בענטשן · אבער ווען איינע קומט שפעט אהיים פון גאס זאל זיא פריער ליכט בענטשין אונ דער נאך זאל זיא זיך אפ וואשין אונ שיין אן טאן · אונ ווען דער מאן זעהט אז עש איז שוין שפעט אונ דיא ווייב איז נאך ניטא זאל ער אליין ליכט בענטשין:

ה פריער צינט מען אן דיא ליכט אונ דער נאך שפרייט מען אויש דיא הענט קעגין פנים אונ מען מאכט דיא ברכה · ברוך אתה יי׳ אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו להדליק נר של שבת · אונ נאך דער ברכה לאזט מען אראפ דיא הענט אונ מען קוקט אן די ליכט · אבער יום טוב וואש געפאלט אין דער וואכין מאכט זיא פריער דיא ברכה דער נאך צינט זיא אן · אום יום טוב איז אויך דיא איינענע ברכה נאר זיא זאגט נר של יום טוב · אבער יום כפור איז אקראט וויא שבת פריער צינט זיא אן דער נאך מאכט זיא דיא ברכה אזוא וויא שבת נאר זיא לאזט אויש נר של יום הכפורים · שבת אונ יום כפור מוז מען איבר דעם פריער אנצינדין דיא ליכט פאר דער ברכה ווארום וויא באלד מען מאכט דיא ברכה האט מען דאך שוין מקבל שבת געוועזן טאר מען שוין דאך די ליכט ניט מער אן רירין:

ו ווער עש וואונט אין עטליכע הייזער מוז ער צינדין ליכט אין אלע הייזער · נאר דארטין וואו ער עסט מוז ער שטעלין וויינינגסטינס צווייא ליכט אויף דעם טיש אבער אין דיא איבעריגע הייזער איז גינוג איין ליכט:

ז מען מעג אויך אן צינדין צווייא לאמפין מיט בוימיל אבר ניט קיין מערפעטין אדר אנאנדער זאך וואש האט אשלעכטין ריח:

ח מען טאר ניט פר נאכט אן גיסין וואשער אין לייכטער כדי די ליכט זאל פאר

לאשין

לָאשִׁין וֶוערִין וָוען עֶס וֶועט קוּמֶען צוּם וַואשֶׁער וָוארוּם דָאשׂ הֵיישְׁט מֶען פַאר לֶעסְט אוּם שַׁבָּת · אָבֶּר וָוען עֶשׂ אִיז דָא אַקְרַאנְקֶער אִין שְׁטוּב וָואשׂ עֶר קָאן נִיט שְׁלָאפִין וָוען דִיא לִיכְט בְּרֶענְט אוּנ מֶען הָאט נִיט אַנָכְרִי עֶשׂ צוּא פַאר לֶעשִׁין מֶעג מֶען יוֹא פַאר נַאכְט אָן גִיסִין וַואשֶׁער פוּן אוּנְטִין :

ט אֵיידֶער מֶען בֶּענְטְשְׁט לִיכְט זָאל מֶען לֵייגִין דִיא חַלוֹת אוּיף דֶעם טִישׁ :

## מז דיני קידוש ובו ט׳ סעיפים

## דִינִים פוּן קִדוּשׁ

א קִדוּשׁ אִיז אַגְרוֹיסֶע מִצְוָה אוּנ ווייבֶּער זֵיינֶען אוּיךְ מְחוּיָב קִדוּשׁ צוּא מַאכִין · אוּנ אַז זִיא הֶערְט דֶעם מַאן קִדוּשׁ מַאכִין אִיז זִיא יוֹצֵא · זִיא מוּז אָבֶּער נָאךְ זָאגִין אָמֵן · אָבֶּער בָּרוּךְ הוּא וּבָרוּךְ שְׁמוֹ זָאל זִיא נִיט זָאגִין :

ב דֶער עִיקָר מִצְוָה פוּן קִדוּשׁ אִיז אִיבֶּר גוּטֶען וַויין אָדֶר רָאזִינְקֶע וַויין · אוּנ אַז עֶר הָאט נִיט קֵיין וַויין אִיז לִיבֶּער צוּא מַאכִין קִדוּשׁ אִיבֶּער דֶער חַלָה אֵיידֶער אִיבֶּער בִּיר אָדֶער אִיבֶּער בְּרַאנְפִין אָדֶער מֶעד :

ג אַז עֶר מַאכְט קִדוּשׁ אִיבֶּר חַלָה · מַאכְט עֶר פְרִיעֶר דֶעם קִדוּשׁ בִּיז אֲשֶׁר בָּרָא אֱלֹהִים לַעֲשׂוֹת · דֶר נָאךְ וַואשְׁט עֶר זִיךְ אוּנ מַאכְט הַמוֹצִיא · אוּנ זָאגְט דֶעם אַנְדֶרִן טֵייל פוּן דֶעם קִדוּשׁ · אָבֶּר וָוען עֶר אִיז זִיךְ טוֹעֶה אוּנ וַואשְׁט זִיךְ פְרִיעֶר · זָאגְט עֶר יוֹם הַשִּׁשִׁי אוּנ תֵּיכֶף דֶר נָאךְ הַמוֹצִיא · אוּנ דָאשׂ הֵייסְט נִיט מַפְסִיק גִיוֶועזְן צְווִישְׁן וַואשִׁין אוּנ הַמוֹצִיא · וָוארוּם דֶער קִדוּשׁ גִיהֶער דָאךְ אֵיינְגֶענְטְלִיךְ צוּם עֶסִין :

ד דֶער כּוֹס פוּן קִדוּשׁ מוּז זֵיין רֵיין אוּישׂ גִיוַואשִׁין · אוּנ פוּל אָן גִינָאסִין · אוּנ נִיט אוּישׂ גִישְׁעֶרְבֶּעט · אוּיךְ זָאל עֶר נִיט הָאבִין קֵיין שְׁפַּאלְט אָדֶער אֵיין אָפּ גִיבְּרָאכֶענֶע פוּם :

ה אַז עֶר מַאכְט קִדוּשׁ אִיבֶּר אֵיין מַשְׁקֶה מוּז דִי חַלָה לִיגִין צוּ גִידֶעקְט :

ו דֶער כּוֹס פוּן קִדוּשׁ מוּז אַזוֹ גְרוֹישׂ זֵיין עֶס זָאל אַזוֹא פִיל אִין אִים אַרְיין ווִיא אִין דֶעם שָׁאלִיכִין פוּן צְווייא הִינֶערְשֶׁע אֵייעֶר · אוּנ עֶר מוּז טְרִינְקֶען אֵיין רוֹב פוּן כּוֹס · דָאשׂ הֵייסְט מֶער ווִיא דִיא הֶעלְפְט :

ז פַאר קִדוּשׁ טָאר מֶען נִיט עֶסִין אוּנ נִיט טְרִינְקֶען · אָבֶּר מֶען מֶעג זִיךְ אוּים שְׁווֵיינְקְן דָאשׂ מוֹיל מִיט וַואסֶער :

ח וָוען עֶר הָאט פַאר גֶעסִין צוּ מַאכִין קִדוּשׁ אוּנ עֶר דֶר מָאנְט זִיךְ נָאךְ דֶר הַמוֹצִיא · אוּיבּ עֶר הָאט נָאךְ נִיט גִיגֶעסִין דִי הַמוֹצִיא בְּרֵיינְגְט מֶען אִים צְווייא חַלוֹת אוּנ עֶר מַאכְט אִיבֶּער זֵייא קִדוּשׁ דֶער נָאךְ עֶסְט עֶר דִיא הַמוֹצִיא · אָבֶּער וָוען עֶר הָאט שׁוֹין גִיגֶעסִין דִיא הַמוֹצִיא · מַאכְט עֶר קִדוּשׁ אִיבֶּר וַויין אוּיבּ עֶר הָאט · אוּנ וָוען נִיט מַאכְט עֶר קִדוּשׁ אִיבֶּער צְווייא חַלוֹת · אוּנ אֲפִילוּ עֶר דֶער מָאנְט זִיךְ שׁוֹין נָאךְ דֶעם עֶסִין מַאכְט עֶר אוּיךְ קִדוּשׁ נָאר עֶר מוּז דֶער נָאךְ עֶפִּיס עֶסִין · דָאשׂ אִיז דֶער כְּלָל נָאךְ קִדוּשׁ מוּז מֶען תֵּיכֶף עֶפֶּעס עסִין :

ט קִדוּשׁ מוּז נָאר גִימַאכְט וֶוערִין דָארְטִין וואוּ מֶען עֶסְט · הָאט מֶען גִימַאכְט קִדוּשׁ

אין

אין דער שטוב אונ עסט דער נאך אין איין אנדער שטוב · אפילו ווען ער האט בשעת קידוש אין זינען גיהאט צוא עסין אין דיא אנדערע שטוב · איז ער ניט יוצא · אונ אויך ווען ער עסט ניט עפיס תיכף נאך קידוש איז ער ניט יוצא :

## מח דיני יום השבת ובו י״ג סעיפים

## דינים פון שבת ביא טאג

א איטליכער איד אויך איטליכע אשה איז מחוייב שבת צוא עסין דרייא סעודות · איין מאלצייט בייא דער נאכט אונ צווייא מאלצייטין שבת בייא טאג · אונ אז ער האט פרייטאג צו נאכט ניט גיקאנט עסין מוז ער שבת ביי טאג עסן דריי מאלצייטן :

ב בייא יעדער מאלצייט פון שבת מוז מען המוציא מאכין איבער צווייא גאנצע חלות · בשעת המוציא נעמט ער ביידע אין דר האנט אבער ער שנייט איבער נאר איין חלה :

• שבת אין דער פריא מוז מען אויך מאכין קידוש איבר וויין אז ער האט אבער ליב בראנפין מעג ער מאכין איבער בראנפין · אונ אז ער האט ניט קיין שום משקה מאכט ער קידוש איבער חלה :

ד פאר שחרית מעג ער טרינקען וואסער אדער קאווע אדר טייא · אבר פאר מוסף טאר מען גאר נישט טרינקען סיידין מען מאכט קידוש דאש הייסט ווען דאש הארץ איז שלאף מאכט מען קידוש אונ פאר בייסט עפים אכילת לעקיך אדער איין אנדערע קליינינקייטין וואש דיא ברכה איז מזונות · אבער זיך צוא זעצין עסין טאר מען נישט ביז מיהאט אפ גידאווינט ומוסף :

ה שבת טאר מען נישט פאסטין · אונ אפילו איין תענית חלום איז אויך נישט רעכט צוא פאסטין נאר עס איז ליבער צוא נעמען אויף זיך ער זאל פאסטין אין דער וואכין צווייא טעג · נאר ווען ער האט שטארק צער פון דעם חלום מעג ער יוא פאסטין ווארום דאש עסין קאן אים נאך שאטין :

ו עס איז אמצוה צוא עסין שבת פירות אונ זיסע שפייזין ווארום מען מוז איטליכין טאג מאכין הונדערט ברכות · מילא אין דער וואכין איז דאס גאנץ גרינג ווארום אין איטליכע שמונה עשרה אליין איז דאך שוין דא ניינצעהען ברכות · זאבער שבת איז דאך אין דער שמונה עשרה ניט מער דא נאר זיבן ברכות · איבער דעם מוז מען עסין פירות אונ אנדערע גוטע זאכין · אונ מען מאכט איבער איטליכן אברכה דורך דעם פירט מען אוים דיא הונדערט ברכות :

ז ווער עש האט הנאה פון דעם שלאף נאך דעם עסין זאל ער שלאפין אביסל אבר ניט צו פיל · ווארום עש איז רעכט נאך מיטאג צוא לערנן · איבר הויפט ווער עס לערינט ניט דיא גאנצע וואך מוז ער שבת נאך מיטאג לערנען · אונ זאז ער קאן ניט לערנען מוז ער תהלים זאגין ווארום דער שבת איז ניט גימאכט פראסט דעם בויך אן צוא פילין · נאר מען מוז אין אים גאט דינען אונ דער נשמה אויך איין נחת אן טאן · אונ אז מען שלאפט בייא טאג מוז מען אין זינען האבין אז מען טוט עש

ווענין דעם עונג שבת · אבער מיטאר ניט זאגין איך וויל שלאפין כדי איך זאל קענען ביא דער נאכט לאנג אויף זיין :

ח מיר האבן אויבן גיזאגט אז מען זאל פרייטאג מעביר זיין די סדרה · ווען ער האט עש אבער פרייטאג ניט גיטאן זאל ער שבת אין דער פריא מעביר זיין דיא סדרה אונ ער זאל ניט עשין ביז ער איז דער מיט פארטיג · האט ער זיך ערשט דר מאנט נאך דעם עסן זאל ער דעמאלט מעביר זיין דיא סדרה אונ וויינגסטינס פאר מנחה :

ט סעודה שלישית עסט מען נאך מנחה · אבער ווען דער ערשטער טאג יום טוב גיפאלט אום שבת מוז מען עסן די סעודה שלישית פר זייגר דריי נאך מיטאג ווארום ווען ער וועט שפעטער עסין וועט ער ניט קענען דיא אנדערע נאכט יום טוב עסין · דאש בעסטע איז מען זאל נאך דעם בענטשין ביא טאג אביסיל ווארטין אונ נאך אמאל וואשין אונ עפעס עסין אונ ווידער בענטשין :

י מען טאר שבת ניט לויפין נאר מען מוז גיין גאנץ פאמעליך · אבער ווען עס איז ווענין א מצוה זאך אונ עש איז שטארק נייטיג מעג מען יוא גישווינד גיין אדר לויפן :

יא מען טאר שבת ניט גיין ווענין זיינע גישעפטין אפילו ווען ער טוט דער מיט גאר קיין מלאכה ניט · למשל ער גיט אכטונג אויב זיין הויז דארף איין רעפעראטר אדר אויב מען דארף דעם גארטין צוא בגיסן דאש טאר מען ניט :

יב מען טאר שבת ניט ריידין פון גישעפטין וואש מען וועט טאן אין דר וואכין · אונ אפילו ניט פון גישעפטין נאר נארישע זאכין וואש נוצין ניט זאל מען אויך ניט ריידין ווארום שבת איז הייליג · אונ מען מוז איטליכע מינוט אויף קדושה זאכין אנווענדין · אונ דער זוהר טאר ניט שבת איבר קוקין די וועקסלן אונ זיינע רעכין ביכער אדר דיא בריף וואש ער האט זייא שוין גילייענט · אבער אבריף וואש ער באקומט ערשט אום שבת מעג ער יוא לייענען אין דיא גידאנקען נאר ער זאל זיך היטין ניט צוא לייענען מיט דעם מויל :

יג ווען אנכרי איז אים געלט שולדיג אונ ער ווערט אום שבת גיוואר אז דער נכרי וועט היינט אוועק פארין אונ וועט אפשר ניט מער צוריק קומן · מעג ער גיין אום שבת צו דעם געריכט אים צו פאר קלאגין כדי מען זאל אים ניט לאזן אוועק פארן :

## מט דברים האסורים בשבת ובו ס״ב סעיפים

## דינים וואש מען טאר ניט טאן אום שבת

דער אויבערשטער האט אונז גיבאטין אין זיין הייליגע תורה מיר זאלין שבת רוען אונ ניט טאן קיין איינציגע מלאכה · אפילו דאש גיהנם רוהט אום שבת אונ ווער עש האלט שבת אזו וויא עש דארף צו זיין אונ היט זיך ער זאל ניט טאן דיא מינדסטע זאך וואש מען טאר ניט · דער האט איין גרויסין שכר אין ביידע וועלטין · אונ ווידר פאר קערט אפילו ווער עס פאר גרינגט זיך אום שבת אנדערע זאכין וואש עש דאכט זיך אים אז מען מעג זייא טאן · זינדיגט ער זייער שטארק אונ זיין שטראף איז זייער גרוים · ווען דאש בית המקדש איז גישטאנען

הָאט מֶען פַאר שְׁטֵיינְט דֶעם וָואשׁ הָאט מְחַלֵל שַׁבָּת גִיוֶועזִין׳ אוּנ אַז עֶר הָאט
עֶשׁ גִיטָאן אוּמְגֶערִין הָאט עֶר גִימוּזְט בְּרֵיינְגֶען אַיין קָרְבָּן חַטָאת׳ אִיצוּנְד וְויא
וואוּל מִיר קֶענֶען אִים נִיט שְׁטְרָאפִין וֶועט אִים נִיט גִישֵׁיינְקְט זַיין׳ דֶר אוּיבֶּערְשְׁטֶער
צָאלְט אִים אַקְרַאט וְויא עֶר הָאט זִיךְ פַאר דִינְט ׳ אִיבֶּער דֶעם מוּז יֶעדֶער זִיךְ גוּט
אִין קָאפּ אַרֵיין גֶעמֶען אַלְדִינְג וָואשׁ מֶען טָאר נִיט טָאן אוּם שַׁבָּת ׳ וָוארוּם דָאשׁ
הֵיינְט נִיט אָן אוּנְזֶער שֵׂכֶל מִיר טָארִין זִיךְ נִיט אַלֵיין פַּסְקְנֶן וָואשׁ מֶען מֶעג אוּנ
וָואשׁ מֶען טָאר נִיט ׳ וָוארוּם מֶען קָאן דוּרְךְ דֶעם זֵייעֶר לַייכְט מְחַלֵל שַׁבָּת זַיין ׳
דִיא גְמָרָא זָאגְט אַז יְרוּשָׁלַיִם אִיז חָרוּב גִיוָוארִין וַוייל מֶען הָאט דָארְט מְחַלֵל שַׁבָּת
גִיוֶועזִין ׳ נוּא דָאשׁ פַאר שְׁטֵייט מֶען דָאךְ אַז אִין דֶר הֵיילִיגֶע שְׁטָאט יְרוּשָׁלַיִם אוּנ נָאךְ
דֶער צוּא וֶוען דָאשׁ בֵּית הַמִקְדָשׁ אִיז גִישְׁטַאנֶען זַיינֶען חַס וְשָׁלוֹם אִידִין נִיט אַזוֹא
שְׁלֶעכְט גִיוֶועזִין אוּם מִישֶׁנְע מְחַלֵל שַׁבָּת צוּא זַיין ׳ נָאר דִיא גְמָרָא מֵיינְט אַז זַייא
הָאבִּין זִיךְ מַתִּיר גִיוֶועזִין אַזֶעלְכֶע זַאכִין וָואשׁ עֶשׁ הָאט זִיךְ זַייא גִידַאכְט אַז מֶען מֶעג
זַייא טָאן׳ אִין אֶמֶת טָאר מֶען זַייא אָבֶּער נִיט טָאן ׳ אִיבֶּער דֶעם אַז מֶען ווִיל זִיךְ
אָפּ הִיטִין מֶען זָאל נִיט מְחַלֵל שַׁבָּת זַיין מוּז מֶען גוּט לֶערְנֶען יֶעדֶערִין דִין אוּנ מֶען
טָאר נִיט שְׁטֶעלִין אוֹיף זַיין שֵׂכֶל ׳ אִיךְ ווִיל אַייךְ דְרוּיף גֶעבִּין אַיין קְלֵיין מָשָׁל ׳ וֶוען
אֵיינֶער רַאכְט אוֹיף זַאכִין בַּייא זִיךְ אִין שְׁטוּב ׳ זַייא מֶעגִין אֲפִילוּ גַאנְץ שְׁוֶוער זַיין ׳
הָאט עֶר קַיין עֲבֵירָה נִיט גִיטָאן ׳ מְמֵילָא קָאן זִיךְ שׁוֹין אֵיינֶר אַיין רֵיידִין אוּנ זָאגִין ׳
וֶוען דָאשׁ אִיז קַיין עֲבֵירָה נִיט ׳ אִיז דָאךְ אַרוֹישׁ טְרָאגִין אַשְׁפִּילְקֶע גְווִיס קַיין עֲבֵירָה
נִיט ׳ אָבֶּער אִין אֶמֶת וֶוען מֶען טְרָאגְט אֲפִילוּ דִי מִינְדֶסְטֶע קְלֵיינִיקַייט דָארְט וואוּ עֶשׁ אִיז
קַיין עֵירוּב נִיט ׳ הָאט מֶען מְחַלֵל שַׁבָּת גִיוֶועזִין ׳ אוּנ אַזוֹ אִיז בַּייא אַלֶע דִינִים ׳ מֶען
מוּז נָאר הַאלְטִין אַזוֹ וְויא אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אוּנ דִי חֲכָמִים הָאבִּין גִיהֵייסִין ׳ אָבֶּער
אוֹיף אוּנְזֶער פַאר שְׁטַאנְד טָארִין מִיר נִיט שְׁטֶעלִין ׳ אוֹיךְ מוּז מֶען וִויסִין אַז אַלְדִינְג
וָואשׁ עֶשׁ אִיז דֶעם אִידִין פַאר בָּאטִין שַׁבָּת צוּא טָאן ׳ טָאר עֶר עֶשׁ אוֹיךְ נִיט לָאזִין
טָאן דוּרְךְ אַנָכְרִי וָוארוּם אַז דֶער נָכְרִי טוּט עֶשׁ פוּן זַיינְט וֶועגִין אִיז עֶשׁ אַקוּרַאט
גְלַייךְ וְויא עֶר הָאט גִיטָאן ׳ עֶשׁ אִיז גָאר קַיין חִילוּק נִיט פַאר קֶערְט עֶשׁ אִיז נָאךְ
עֶרְגֶער ׳ וָוארוּם אוֹיסֶער דֶעם וָואשׁ עֶר אִיז מְחַלֵל שַׁבָּת ׳ אִיז עֶר אוֹיךְ אַיין אַפִּיקוֹרֶס
עֶר רֶעט זִיךְ אַיין זַיין לִיבֶּען נָאמֶען אָפּ צוּא נַארִין אוּנ פַאר גֶעסְט גָאר אַז דֶער
אוֹיבֶּערְשְׁטֶער אִיז אַיין יוֹדֵעַ מַחֲשָׁבוֹת אוּנ ווֵייס גַאנְץ גוּט פוּן וֶועמֶעס וֶועגִין דֶער
נָכְרִי טוּט עֶשׁ ׳ מִיר הָאבִּין עֶטְלִיכֶע זַאכִין וָואשׁ מֶען מֶעג זֵיי טָאן דוּרְךְ אַיין נָכְרִי ׳
אָבֶּער זַייא זַיינֶען זֵייעֶר ווֵייניג אוּנ זַייא וֶועלִין דָא שְׁטֵיין צְווִישִׁין דִיא דִינִים ׳ אָבֶּער
וָואשׁ אִין אוּנְזֶערֶע דִינִים וֶועלִין דָא נִיט שְׁטֵיין דָאשׁ טָאר מֶען נִיט טָאן אֲפִילוּ דוּרְךְ
אַיין נָכְרִי וָוער עֶשׁ ווִיל זִיךְ אָפּ הִיטִין אַז זַיין נְשָׁמָה זָאל נִיט פַאר פְלֶעקְט וֶוערִין
מוּז גוּט לֶערְנֶען דִיא דִינִים פוּן שַׁבָּת וָואשׁ מִיר שְׁרַייבִּין דָא עֶר מוּז זַייא עֶטְלִיכֶע מָאל
לֶערְנֶען אוּנ זִיךְ גוּט אִין קָאפּ אַרֵיין נֶעמֶען אוּנ אַז עֶר וֶועט זִיךְ פִּירִין אַקוּרַאט אַזוֹא
וְויא דָא שְׁטֵייט גִישְׁרִיבִּין וֶועט עֶר הַאלְטִין שַׁבָּת אַזוֹ וְויא עֶשׁ גִיהֶער צוּא זַיין אוּנ
עֶשׁ וֶועט אִים וואוּל זַיין אִין בֵּיידֶע וֶועלְטִין :

א מען טאר אום שבת ניט גראבן ערד. אדער מיסטינן א פעלד. אדער באגיסן קרייטעכער און בלומען מיט וואסער. אפילו מיזאל זיך וואשן אויף דעם טאר מען אויך ניט:

ב מיטאר ניט שאקלן א בוים כדי פירות זאלן אראפ פאלן. און אפילו די פירות וואש פאלן אליין אראפ אום שבת טאר מען אויך ניט עסן. איבער דעם טאר מען ניט עסן דיא פירות וואש מען געפינט שבת ליגן אונטער דעם בוים. טאמער זיינען זיי היינט אראפ געפאלן:

ג מיטאר ניט מעלקן דיא קוה אום שבת. אבער מען מעג הייסן א נכרי מעלקן:

ד ווען א טיכיל אדער א קלייד איז פארגעצט מיט וואסער אדער מיט אנדערע משקה טאר מען עס ניט אויס קוועצן. איבער דעם טאר מען זיך ניט וואשן שבת מיט א שוואם. ווארום עס איז לייכט מיגליך ער זאל אויש אים אויס קוועצן א ביסיל וואסער. אויך טאר מען ניט אויס קוועצן ראזינקע ווייז אויש ראזינקעש אום שבת:

ה מיטאר ניט עפענען שבת דיא גרינע שאל פון דיא וועלעשע ניס. וואס זי איז אויבן איבער דיא געלע שאל. איבער דעם אז מען וויל זייא שבת עסן. זאל מען פרייטאג אראפ נעמען פון זיי דיא גרינע שאל:

ו אז מען דארף וואסער צום טרינקען אדער צום וואשן. מעג מען אין ברעכן דאס אייז פון א טייך:

ז מיטאר ניט שטעלן מילך אויף א ווארעם ארט כדי עס זאל דרויס ווערן קעז:

ח ווען עס פאלט א פליג ארייין אין דער יוך אדער אין משקה. טאר מען ניט ארויס ווארפן דיא פליג אליין. נאר מען מוז ארויס נעמען א ביסיל יוך אדער משקה אין איינעם מיט דער פליג אונ אוועק ווארפן:

ט מען טאר ניט אפ שיילן קנאביל אדער צוויבעל אדער ניס נאר וואס מידארף תיכף צו עסן. אבער אויף שפעטער טאר מען ניט אן גרייטן:

י ווען מידארף פעפער צום עסן. טאר מען אים ניט שטויסן אין שטייסיל וויא אום דער וואכן. נאר מען צו קלאפט אים מיט א שטיל פון א מעסער. און ניט אין דעם שטויסיל נאר אויף א טעלער:

יא מיטאר ניט רייבן הארטין קעז אויף א ריב אייזן. נאר בשעת עסן שנייט מען אים מיט א מעסער:

יב פאר טריקענטע בלאטע אויף דעם קלייד אדער אויף דיא שיך טאר מען ניט אפ רייבן. אבער נאסע בלאטע מעג מען אפ ווישן. און א בלויזין פלעק מעג מען אויך אפ פוצין:

יג די בעלי עגלות וואס גיבן האבער דיא פערד. טארין ניט איבער זיפן דעם האבער עס זאל פון אים ארויש דיא פלעווע. ווארום דאש איז א גרויסע עבירה:

יד מען טאר ניט ארייין שטעלן אין איין אויבעלע קאלטע מאכלים ווען דער אויבי איז היים. און אפילו דורך א נכרי טאר מען אויך ניט לאזין ארייין שטעלין

ווארום

ווארום דאש הייסט גיקאכט אום שבת · אבער איידער מען האט איין גיהייצט
מעג מען יוא לאזין דעם נכרי אריין שטעלין · אבער נאר איין מאכל וואש איז שוין
פרייטיג אפ גיקאכט גיווארין · נאר מען שטעלט צוא ווארימען · אבער איין רויען
מאכל טאר מען בשום אופן ניט · אפילו איידער דר אויבין איז גיהייצט אונ אפילו
ניט דורך איין נכרי · אונ אז מען וויל גאר ניט הייצין נאר מען טוט עש כדי דאש
עסין זאל זיך דר ווארימן · האטשע עש איז שוין גיקאכט פון נעכטין אונ מען שטעלט
עש אריין פר דעם הייצין איז עש איין גרויסע עבירה :

טו אז מען נעמט ארויס איין מאכל פון דעם טשאלינט אויבין אונ עש איז גאנץ
אפ גיקילט גיווארין טאר מען עש ניט נאך אמאל אריין רוקין אין אויבין אריין ·
אבער ווען עש איז נאך אביסיל ווארעם · מעג מען עש יוא צו ריק אריין שטעלין :

טז מטאר ניט ארום דעקין אווארימען מאכל מיט קישענס כדי עס זאל בלייבין
ווארעם · דאש איז אבער נאר ווען דאש מאכל איז נאך אין דעם טאפ וואש
עש האט זיך גיקאכט דרינען אבער ווען מיהאט עש איבער גיליינט אין איין אנדרין
טאפ אריין מעג מען עש יוא ארום דעקין עש זאל זיך ניט אפ קילען · אונ אז עס איז
פון פרייטיג אן גילעגין ארום גידעקט מיט קישענס · נאר מען האט עס איצונד
ארויש גינומען · מעג מען עס צוא ריק לייגין אונטער דיא קישנס :

יז מטאר ניט עפינן דעם טשאלינט אויבן פרייטיג צו נאכט אונ צו ריק צוא מאכין ·
אויך טאר מען ניט ביי נאכט צו לייגין קישנס אדר אנדערע זאכין דער אויבין
זאל בעסער פאר שטאפט זיין · ווארום דאס הייסט וויא גיקאכט :

יח מטאר זיך ניט קעמן מיט אקאם אום שבת · אויך ניט אפ בערשטין דעם קאפ
מיט א בערשטיל · ווארום עס איז ניט מיגליך מזאל ניט אויס רייסין האר :

יט מטאר ניט אויס וואשין אטיכיל אום שבת :

כ ווען דאס קלייד איז בארעגינט גיווארין · טאר ער עס ניט אויס שפרייטין אונ
אויך הענגן כדי עס זאל זיך אויס טריקענען ווארום מען וועט מיינען אז ער האט
עס גיוואשין אום שבת · אונ אפילו ביי זיך אין שטוב טאר ער אויך ניט · אונ
אפילו עס איז נאר פייכט פון שוויים טאר ער אויך ניט אויס שפרייטין צום
אויס טריקענען :

כא מען מעג זיך שבת טובל זיין אין קאלטע וואסער · אבער מיטאר ניט אויס
קוועטשין דאס וואסער פון דיא האר · אונ מטאר זיך ניט אפ רוען אין באד
דארט וואו מען קען שוויצין · אויך טאר מען זיך ניט באדין אין אווארעמע וואנע
אפילו ווען דאש וואסער איז גיווארעמט גיווארין פרייטיג · אבער דאס פנים מיט
דיא הענט אונ דיא פיס מעג מען יוא אפ וואשין מיט ווארימע וואסער פון פרייטיג :

כב ווען איין פויגיל פליט שבת אריין פון דער גאס דורך דעם פענסטער · טאר מען
ניט צוא מאכין דעם פענסטער כדי זיא זאל ניט צו ריק ארויס פליען · אונ דאס
איינענע איז אויך ווען אקאץ אדער איין הון אדער איין אנדער עוף קומט אין שטוב
אריין טאר מען ניט דיא שטוב צוא מאכין :

יוען

כג ווען זיינע אייגענע עופות אנטלויפין אויס דער שטוב' איז דער דין אזו"א · ווען זיי זיינן שוין געוואוינט מיט דער שטוב אונ קומן אלע מאל צוא ריק · טאר מען זיי ניט אליין האפין · נאר מען מעג הייסין אנכרי ער זאל זיי האפן כדי זיי זאלן ניט פאר לארין ווערין · אונ ווען אקינד האפט זייא דארף מען אים ניט ווערן · אבער אז ער האט זייא ערשט ניט לאנג גיקויפט אונ זייא זיינען נאך ניט גיוואוינט מיט דר שטוב · טאר מען אפילו ניט הייסין אנכרי ער זאל זייא האפין ·

כד מטאר ניט שבת אויף שטעלין אשטייגיל צוא האפין מייז :

כה ווען איין פייגיל איז שבת ארויס אויס דעם שטייגיל · אונ איז דער נאך צוא ריק אריין גיפלויגין אין שטייגיל · טאר מען ניט צוא מאכין דאס טיריל פון דעם שטייגיל אונ דאש אייגענע איז אויך בייא היגער אונ גענז וואס זיינען נאך ניט גיוואוינט אין שטוב · טאר ער זייא ניט אריין יאגין אין דער שטייג אריין אונ צוא מאכין דאס טיריל :

כו מען טאר ניט אויף שטעלין שבת אוועסעריל וואס דיא פליגין זאלין דרינען אריין פאלין :

כז מטאר שבת ניט מאכין אטעלער רעטאך אונ צוויבעלעס אדער רויע אוגערקעס אונ באשיטין מיט זאלץ · נאר מען מוז נעמען איטליכעס שטיקיל באזונדער אונ איינטונקען אין זאלץ איידער מען עסט :

כח מטאר שבת ניט אויס שמירען דיא שיך מיט טראן אדער שמאלץ כדי זיי זאלין ווייך ווערין · אויך ניט אפ פוצין מיט שווה וואקס :

כט ווען פלייש ליגט שוין אפאר טעג ניט גיזאלצין אונ שבת איז דער דריטער טאג · טאר מען עס ניט אפ גיסין · אבער מען מעג הייסין דעם נכרי ער זאל עס אפ גיסין :

ל ווען עס האט אראפ גטריפט וואקס אויף דיא אותיות פון אספר · טאר מען ניט אפ קראצין :

לא מען טאר ניט מאכין אקריץ אויף אספר מיט דעם נאגיל · כדי מען זאל דאס ארט גידיינקין :

לב אנדערע מענטשין שרייבין מיט דיא פינגר אויף דיא שויבין ווינטער ווען דיא פארע איז איבער גלאפין · זאלין זייא זיך היטין שבת דאס ניט צוא טאן · ווארום מטאר דאש ניט :

לג צוקער גיבעקס אדר קיכליך וואס עס איז דרויף דא גימעלעכץ אדער אותיות מיט פארבען · טאר מען ניט צו ברעכין אום שבת · אבער ווען עס איז ניט מיט פארבין מעג מען יוא צוא ברעכין :

לד מטאר ניט אויף ברעכין די חתימה פון אבריף אום שבת · אונ אפילו דורך איין נכרי טאר מען אויך ניט · מטאר אים אפילו ניט הייסין ארום רייסן דאס פאפיר לעבין דער החתימה · איבר דעם זאלין דיא וואס האבין גרויסע גשעפטין אין דער פרעמד · זיך אן גרייטין אנכרי פרייטיג · אונ זאלין אים אן זאגין אז ווען עס וועט

קומען

קומען שבת אבריף זאל ער אים אליין אויף עפענין · נאר ער זאל זעהען אז דיא חתימה זאל בלייבן גאנץ :

לה מען טאר שבת ניט אריין שטעלין פענסטער אדער ארויס נעמען פענסטר · אונ אפילו דורך א נכרי טאר מען אויך ניט · מירין טאר מען אויך ניט ארויס נעמען אדער אריין שטעלין · אונ מען זאל ניט איין ריידין עס איז דאך א קליינקייט זייער לייכט אריין צוא שטעלין אדער ארויס צוא נעמען דורך זאוויעסעס ווארום דאס איז אגרויסע עבירה :

לו מען טאר ניט אויס קערין דעם הויף אדער דיא שטוב וואס עס איז אין איר קיין ברוק ניט דא · מען טאר איינגענטלאך דיא ברוק אויך ניט אויס קערין · נאר מען איז זיך דאס מתיר אז מען פאר ענדערט דאס קערין אונ מען קערט ניט מיט אבעזים וויא אין דער וואכין נאר מען קערט מיט איין אנדער זאך · אבער ווען עס איז קיין ברוק ניט דא טאר מען בשום אופן ניט אונ אפילו דורך א נכרי טאר מען אויך ניט :

לז מען טאר שבת ניט טראגין איין רעגין שירעם פאר דעם רעגין אדער איין זאנין שירעם פאר דער זון :

לח מטאר ניט אריין ציהן בענדליך אין נייע שיך אדר נייע הויזין · אונ אז עס איז איין איינגע לעכיל אונ דאס בענדיל גייט שווער אריין טאר מען אפילו אין אלטע שיך אדער הויזין אויך ניט אריין ציהן :

לט איין נקבה טאר ניט פלעכטין די האר אום שבת · אונ אפ פלעכטין טאר זיא אויך ניט :

מ מטאר שבת ניט טובלין נייע כלים · אז עס איז אבער אבלי וואס משעפט דער מיט וואסער אונ מדארף זיא איצונד נייטיג · שעפט מען דער מיט אן וואסער אין דער מקוה אדער אין דעם טייך אז עס איז דארט דא איין עירוב · איז ער שוין דער מיט יוצא דאס טובלין אויך · אבער קיין ברכה טאר מען ניט מאכין איבער דעם טובלין :

מא מטאר ניט אויס גלייכין איין איינגיבויגענע שפילקע אום שבת :

מב ווען דער זייגער איז געבליבין שטיין טאר מען אים ניט אן דרייען · אבער ווען ער גייט נאך מעג מען הייסין דעם נכרי ער זאל אים אן דרייען אדר אויף ציהן ·

מג מען טאר שבת ניט שווימען :

מד מען מעג אפ וואשין פרייטיג צו נאכט דאס גיפעס אונ אלע אנדערע כלים וואס מוועט דארפין אין דר פריא צום עסין · אונ ווידר ביא טאג מעג מען אויך אפ וואשין אלדינג וואס מיוועט דארפין צום שלש סעודות · אבער נאך דעם שלש סעודות טאר מען ניט אפ וואשין · אבער גלעזער אונ פלעשער מעג מען תמיד אפ וואשין אונ אויס שווייינקען מיט וואסר · אבער ניט מיט האבר אדר אש אדר זאמד :

מה שבת טאר מען קיין חלה ניט נעמין · אז ער האט פאר געסין פרייטג חלה צו נעמען · זאל ער שבת איבר אשטיקיל פון איטליכע בולקע אונ פון

איטליכין

אִיטָלִיכִין קוילֶעטְשׁ אונ לֵייגְט עֶס אַוֶועק · אונ זוּנְטִיג פַאר בְּרֶענְט עֶר עֶס · אונ דוּרְךְ דֶעם מֶעג עֶר שׁוֹין שַׁבָּת עֶסִין דִיא קוילֶעטְשִׁין אונ אַלְדִינְג וָואס עֶר הָאט גְבַּאקְן:

**מו** וֶוען אַבְּרֶענֶענְדִיגֶע לִיכְט אִיז אוּם גִיפַאלִין אוֹיף דֶעם טִישׁ אונ עֶס אִיז קֵיין נָכְרִי נִיט דָא מֶעג מֶען אִיבֶּר קֶערִין דֶעם טִישׁ אָדֶער אַרָאפּ גֶעמֶען דָאס טִישְׁטַאךְ כְּדֵי דָאשׁ לִיכְט זָאל אַרָאפּ פַאלִין:

**מז** מִיטָאר נִיט עֶפְעֶנֶען אַטִיר אָדֶר אַפֶענְסְטֶער כְּדֵי דִיא לִיכְט זָאלִין פַאר לָאשִׁין וֶוערְן · אונ אֲפִילוּ עֶר ווִיל גָאר נִיט דִיא לִיכְט פַאר לֶעשִׁין · אונ עֶשׁ אִיז גָאר קֵיין ווִינְט נִיט אִין דרוֹיסִין טָאר מֶען אוֹיךְ נִיט עֶפֶענֶען אַטִיר אָדֶער אַפֶענְסְטֶער נִיט ווַייט פוּן דִיא לִיכְט:

**מח** מִיטָאר שַׁבָּת נִיט אוֹיס מִיסִין דִיא קְלַייֶען מִיט וַואסֶער כְּדֵי דִיא בְּהֵמוֹת זָאלִין עֶסִין · אונ אֲפִילוּ עֶר הָאט אָן גִינְגָאסִין פְרַייטִיג דָאשׁ וַואסֶער טָאר עֶר עֶס אוֹיךְ נִיט שַׁבָּת אוֹיס מִישְׁן · נָאר אַז עֶר הָאט נִיט קֵיין נָכְרִי אונ דָאשׁ וַואסֶער אִיז שׁוֹין אִין דִי קְלַייֶען פוּן פְרַייטָאג מִישְׁט עֶר אִיבֶּער מִיט אַלֶעפִיל אָדֶער מִיט אַשְׁטֶעקִיל וָואס אִיז נִיט מוּקְצֶה אַהִין אונ אַהֶער בִּיז עֶס מִישְׁט זִיךְ אוֹיס · אָדֶר עֶר שִׁיט אִיבֶּר דִיא קְלַייֶען פוּן אֵיין כְּלִי אִין דֶער אַנְדֶערֶע אַרַיין כְּדֵי עֶס זָאל זִיךְ אוֹיס מִישְׁן:

**מט** וֶוען עֶר הָאט פְרַייטִיג פַאר גֶעסִין עֶסִיג אַרַיין צוּ גִיסִין אִין חֲרֵיין טָאר עֶר שַׁבָּת נִיט אַרַיין גִיסִין דֶעם עֶסִיג · נָאר עֶר זָאל פַאר קֶערְט טָאן פְרִיעֶר גִיסְט עֶר אַרַיין דֶעם עֶסִיג אונ דֶער נָאךְ לֵייגְט עֶר אִין אִים אַרַיין דֶעם חֲרֵיין · אונ עֶר זָאל אִים נִיט דוּרְךְ מִישְׁן נָאר עֶר זָאל שָׁאקְלִין דִיא כְּלִי מִיט דֶער הַאנְט בִּיז עֶס מִישְׁט זִיךְ דוּרְךְ:

**נ** מִיטָאר נִיט שַׁבָּת אָפּ מֶעסְטִין הָאבֶר אָדֶער גֶערְשְׁטִין פַאר דִיא בְּהֵמוֹת · נָאר מֶען גִיט זֵייא צוּא עֶסִין אָן צְמָאס לוֹיט וִויא מֶען אִיז זִיךְ מְשַׁעֵר:

**נא** דֶעם כְּלָל זָאלְסְטוּ ווִיסְ[ן] אַז אִיטְלִיכֶע זַאךְ וָואס דֶער אִיד טָאר שַׁבָּת נִיט טָאן טָאר עֶר דֶעם נָכְרִי אוֹיךְ נִיט הֵייסִין טָאן · לְמָשָׁל אָפּ שְׁנֵייצִין דָאשׁ לִיכְט אָדֶער אָן צִינְדִין אַלִיכְט אָדֶער דֶער גְלַייכִין · אָבֶּער עֶר מֶעג אִים זָאגִין אִין מִיטְן דֶער וָואךְ פַאר וָואס הָאסְטוּ שַׁבָּת נִיט אָפּ גִישְׁנֵייצְט דִיא לִיכְט אָדֶער פַאר וָואשׁ הָאסְטוּ נִיט פַאר לָאשִׁין דִי לִיכְט אָדֶער פַאר וָואס הָאסְטוּ נִיט גִיעֶפִינְט דֶעם בְּרִיף כְּדֵי עֶר זָאל ווִיסֶען דָאס צוּא טָאן אַנְדֶערִין שַׁבָּת · אָבֶּר עֶר טָאר אִים נִיט זָאגִין פַאר וָואשׁ הָאסְטוּ נִיט אָן גִצוּנְדִין אַלִיכְט · וָוארוּם אֲפִילוּ וֶוען דֶר נָכְרִי זָאל פוּן זִיךְ אַלֵיין אָן צִינְדִין דָאס לִיכְט פוּן אֵיין אִידֶענְס ווֶעגִין טָאר אוֹיךְ דֶר אִיד דֶר פוּן קֵיין הֲנָאָה נִיט הָאבִּין:

**נב** וֶוען סְחוֹרָה שְׁטֵייט אוֹיף דֶער פְרַייֶע גַאס אונ זִיא וֶוערְט בַּארֶעגִינְט אָדֶער אַפַּאס ווַיין אָדֶער בִּיר אִיז צוּא טְרִיקֶענְט גִיוָוארִין אונ עֶס רִינְט אוֹישׁ מֶעג עֶר רוּפִין אַנָכְרִי · אָבֶּער עֶר טָאר אִים נִיט זָאגִין עֶר זָאל בַּאדֶעקִין דִיא סְחוֹרָה אָדֶער עֶר זָאל אִיבֶּר גִיסִין דִי מַשְׁקֶה אִין אֵיין אַנְדֶר פַאס אַרַיין · אונ אַז דֶר נָכְרִי טוּט עֶס אַלֵיין אִיז דָאס נִיט קֵיין עֲבֵירָה:

**נג** וֶוען דֶער עֵירוּב הָאט זִיךְ אִיבֶּער גִירִיסִין אוּם שַׁבָּת מֶעג עֶר הֵייסִין אַנָכְרִי עֶר זָאל אִים פַאר רִיכְטִין:

**נד** מֶען מֶעג זָאגִין דֶעם נָכְרִי עֶר זָאל נֶעמֶען אַבְּרֶענֶעדִיגֶע לִיכְט אוּנ זָאל אִים לַייכְטִין אִין אַיין אַנְדֶער שְׁטוּבּ אַרַיין׳ אוּם ווִינְטֶער אַז עֶס אִיז שְׁטַארְק קַאלְט מֶעג מֶען אִים הַייסִין אַיין הֵייצִין אִין אוֹיבִין׳ אָבֶּער ווֶען עֶס אִיז שׁוֹין נָאךְ מִיטָאג אוּנ אַז עֶר ווֶעט הֵייצִין ווֶעט עֶרְשְׁט בַּייא דֶער נַאכְט רֶעכְט וַוארֶעם ווֶערִין טָאר מֶען אִים נִיט הֵייסִין אַיין הֵייצִין :

**נה** ווֶען דֶער נָכְרִי הָאט אָן גִיצוּנְדִין אַלִיכְט פוּן זַיינְט ווֶעגִין מֶעג דֶער אִיד דֶער פוּן הֲנָאָה הָאבִּין׳ לְמָשָׁל צוּא עֶסִין דֶער בַּייא אָדֶער עֶפֶּעס צוּא טָאן ווָאס מֶען מֶעג אוּם שַׁבָּת :

**נו** דֶעם כְּלַל זָאלְסְטוּ ווִיסִין אַז אִיטְלִיכֶע מְלָאכָה ווָאס דֶער נָכְרִי טוּט פוּן זַיינְט ווֶעגִין מֶעג דֶער אִיד דֶער פוּן הֲנָאָה הָאבִּין נָאר עֶס מוּז זַיין נִיט קֵיין מוּקְצֶה׳ לְמָשָׁל עֶר הָאט אָן גִירִיסִין שַׁבָּת פֵּירוֹת פוּן דֶעם בּוֹים דָאשׁ טָאר מֶען נִיט עֶסִין ווָארוּם דִיא פֵּירוֹת זַיינֶען מוּקְצֶה׳ אוֹיךְ מֶען מוּז זִיכֶר ווִיסִין אַז דֶער נָכְרִי ווֶעט נִיט מֶער אָן גְרֵייטִין פוּן דֶעם אִידֶענְס ווֶעגִין׳ אוּנ אוֹיךְ מוּז עֶס זַיין אַזוֹ אַזַאךְ ווָאס מִידַארְף עֶס נִיט שְׁטֶענְדִיג ווָארוּם ווִיא בַּאלְד מִידַארְף דָאשׁ שְׁטֶענְדִיג אִיז צוּא בַּזָארְגִין אַז ווִיא בַּאלְד עֶר ווֶעט זֶעהֶען אַז דֶער אִיד הָאט עֶס דֶעם שַׁבָּת בַּייא אִים גִנוּמֶען ווֶעט עֶר שׁוֹין דֶעם אַנְדֶערִין שַׁבָּת אוּם מִישְׁנֶע מֶער אָן גְרֵייטִין פוּן דֶעם אִ דֶענְס ווֶעגִין :

**נז** זוּמֶער מוּז מֶען זִיךְ הִיטִין נִיט צוּ עֶסִין שַׁבָּת דִיא פֵּירוֹת ווָאס דֶער נָכְרִי בְּרֵיינְגְט זַיי ווָארוּם עֶס קָאן דָאךְ זַיין אַז עֶר הָאט זַיי הַיינְט גִירִיסִין זַיינֶען זַייא דָאךְ מוּקְצֶה אָבֶּר אַז דֶער נָכְרִי זָאגְט אַלֵיין אוּם גִפְרֶעגְט אַז עֶר הָאט זַייא נֶעכְטִין גִירִיסִן אוּנ דֶער אִיד ווֵייס בַּאשְׁטִימְט אַז דֶער נָכְרִי ווֵייס גָאר נִיסְט אוֹיבּ עֶס אִיז בַּייא דֶעם אִיד אַחִילוּק צְווִישִׁין פְרֵייטָאג גִירִיסִין אוּנ שַׁבָּת גִירִיסִין מֶעג עֶר אִים גְלֵייבִּין אוּנ מֶען מֶעג דִיא פֵּירוֹת עֶסִין :

**נח** ווֶען דֶער נָכְרִי בְּרֵיינְגְט אַיין מַשְׁקֶה אָדֶר אַיין עֶסִין ווַארְג אוּנ מֶען ווֵייס אַז עֶר הָאט עֶס גִטְרָאגִין נִיט וואוּ קֵיין עֵירוּב אִיז דָא׳ אִיז רֶעכְט אַז מֶען זָאל דֶעם שַׁבָּת דֶער פוּן קֵיין הֲנָאָה נִיט הָאבִּן נָאר מֶען זָאל עֶשׁ אִיבֶּר לָאזִין אוֹיף מוֹצָאֵי שַׁבָּת :

**נט** אַז דֶער נָכְרִי גְרָאבְּט שַׁבָּת אוֹיס זֶעלְכֶע זַאכִין ווָאס זַיינֶען שׁוֹין אָפּ גִירִיסִין נָאר זַייא לִיגִין פַאר גְרָאבִּין אִין דֶער עֶרְד׳ לְמָשָׁל רִיבִּין׳ רֶעטִיךְ׳ מֶערִין׳ ווֶען עֶר הָאט זַייא שַׁבָּת אוֹיס גִגְרָאבִּין פוּן זַיינְט ווֶעגִין מֶעג זַיי דֶר אִיד עֶסִין אוּם שַׁבָּת׳ אָבֶּר אַז עֶר הָאט זַייא אוֹיס גִיגְרָאבִּין פוּן דֶעם אִידִינְס ווֶעגִין טָאר דֶער אִיד זַייא נִיט עֶסִין אוּם שַׁבָּת :

**ס** דָאשׁ ווֵייס דָאךְ יֶעדֶער אַז מֶען טָאר שַׁבָּת נִישְׁט אָן צִינְדִין אַפַייעֶר אָדֶר פַאר לֶעשִׁין׳ ווֶען עֶס בְּרֶענְט אָבֶּר אוֹיס אַפַייעֶר פְרֵייטִיג צוּ נַאכְט אוּנ עֶס אִיז נִיסְט זֵייעֶר גְרוֹיס אָבֶּר עֶס אִיז צוּא בַּזָארְגִין עֶס זָאל נִיסְט חָלִילָה פַאר בְּרֶענְט ווֶערִין אַיין קְרַאנְקֶער אָדֶר אַקִינְד אָדֶר אַיינֶער ווָאס שְׁלָאפְט אוּנ קָאן נִיט גְשְׁווִינְד אַנְטְלוֹיפִין מֶעג מֶען לֶעשִׁין דֶעם פַייעֶר׳ ווֶען עֶס בְּרֶענְט אָבֶּער שַׁבָּת בַּייא טָאג אוּנ עֶשׁ אִיז דֶער בַּייא נִיט סַכָּנַת נְפָשׁוֹת׳ מֶעג מֶען לָאזִין לֶעשִׁין דוּרְךְ אַיין נָכְרִי אָבֶּר מֶען טָאר דֶעם

נכרי ניט אויש דריקליך. זאגין ער זאל לעשין · נאר מען זאגט ווער עס וועט פאר לעשין דאש פייער דער וועט קיין שאדין ניסט האבין · אונ אפילו עס פאר לעשין זיינע אייגינע נכרים וואש זיינן ביא אים אין דינסט איז אויך נישט קשה :

**סא** מיט דעם ארוים ראטיוועון דיא זאכין ווען עס ברענט אום שבת איז דער דין אזו · אין דיא אייגענעם הויז וואש עש ברענט טאר מען ניט מער ראטיוועון נאר די נייטיגע קליידר וואש מען דארף אויף שבת אונ דאש עסין וואש מען דארף אויף שבת · די קליידר מוז מען אבר אן טאן אונ מען מעג זיי שוין ארוים ראטעווין אפילו אויף דער גאס ארוים חאטשע עש איז דארטין קיין ערוב ניט דא · אויך מעג מען ארויש ראטיוועון ספרי תורות אונ אלע אנדרע ספרים אפילו דארט וואו עס איז נישט דא קיין עירוב · אויך אז עש איז איין קאסטין מיט ספרים אונ עס ליגט געלט דרינען מעג מען דעם קאסטן ארוים טראגן · אבר אנדערע זאכין טאר מען ניט ארוים טראגין ווארום דארטין וואו עס ברענט איז דאך דר שרעק זייער גרויש אונ אז מען וועט מתיר זיין ארום צו ראטיוועון קאן מען זיך זייער לייכט פאר געסין אז מען זאל אויך פאר לעשין אונ דאש איז דאך איין גרויסע עבירה · אבר אין די אנדרע הייזר וואש שטייען דער ביא אונ ברענען ניט מעג מען ארויש טראגין אלדינג אויף דער גאס ארוים ווארום וויל עס ברענט דארטין ניסט איז ניט צוא בזרגן אז מען וועט לעשין :

**סב** פרייטאג צו נאכט טאר מען ניט טאן קיין איינציגע זאך ביי דעם ליכט ניט איבר זעהן די קליידער אויף שבת אונ אפילו נישט לערנן ווארום מען קאן זיך לייכט פאר געסין אונ אפ שנייצין דאש ליכט אונ אפילו דיא ליכט שטייען אין דער הייך וואש מען קאן צו זיי ניט דער לאנגען טאר מען אויך ניט · אבר צוויא אין איינעם מעגן יוא לערנן אין איין ספר · ווארום ווען איינער וועט פאר געסין וועט אים דער אנדערער דער מאנן · אונ אז איינער אליין לערנט אויסוויינג נאר ער טוט אלע מאל אקוק אין ספר אריין מעג ער עש טאן פרייטאג צוא נאכט · אז ער וויל אבער יוא לערנן פרייטאג צו נאכט ביא דער ליכט זאל ער אן זאגין איינם פון זיינע לייט ער זאל אויף אים אכטונג געבן ער זאל זיך ניט פר געסין אונ אפ צו שנייצין דאש ליכט :

## נ דינים פון מוקצה ובו כ׳ סעיפים

**א** אזוינע זאכין וואש מען מעג זייא שבת באנוצין מעג מען זייא אן רירין אונ טראגן פון איין ארט צום אנדערן חאטשע ער דארף זייא איצונד גאר נישט צו בנוצן נאר ער האט איין אנדערן טעם פאר וואש ער נעמט זיי אוועק · אבר אזוינע זאכן וואש מיטאר זיי שבת נישט ניצין למשל אשטויסיל אהאק אלייכטער אדר איין אנדער זאך וואס זיא איז נאר וועגן אזו אמלאכה וואש מען טאר נישט טאן אום שבת טאר מען זייא נישט טראגין פון איין ארט צום אנדרין · אבער ווען ער דארף דער מיט טאן אזאך וואש מען מעג שבת · למשל ער וויל מיט דעם האק אדער מיט דעם שטויסל קנאקין ניס מעג ער דאש נעמן · אדער אז ער דארף דאש ארט וואו דיא זאך ליגט מעג ער זיא אויך אוועק נעמען :

כ אזוי אַלֶע וָואס דֶער מֶענְטְשׁ גִיט אַכְטוּנְג דְרוֹיף בְּשָׁעַת גִיצִין עֶס זָאל נִיט קַיילֶע ווערין · לְמָשָׁל אַפֶּען מֶעסֶערִיל · אַמוֹהֶל מֶעסֶר · אַחַלִיף פוּן דֶעם שׁוֹחֵט · ווֶערְקְצַייג פוּן אַגָאלְד שְׁמִיד אָדֶר פוּן אַיין אַנְדֶר בַּעַל מְלָאכָה · אָדֶר וָואגְשָׁאל אוּנ אַנְדֶרֶע כֵּלִים וָואס דֶר סוֹחֵר הָאט אִין גִיוֶועלְבּ · אָדֶער אַבַּייטִיל פוּן גֶעלְט אָדֶר אַטַייסְטֶער וָואס עֶר הָאט דְרִינֶען גֶעלְט אָדֶר פַּאפִּיר וָואס עֶס אִיז אָנְגִיבְּרֵייט צוּ שְׁרַייבְּן דְרוֹיף אוּנ עֶר אִיז מַקְפִּיד עֶס זָאל נִיט אַיינְגֶערִיכְט ווֶערְן טָאר מֶען עֶס נִיט אָן רִירְן שַׁבָּת אֲפִילוּ ווֶען עֶר ווִיל דֶער מִיט טָאן אַזַאךְ וָואס מֶען מֶעג אוּם שַׁבָּת · לְמָשָׁל עֶר ווִיל מִיט דֶעם פֶּען מֶעסֶערִיל שְׁנֵיידִין בְּרוֹיט אָדֶער פֵּירוֹת אָדֶער עֶר דַארְף דָאס אָרְט וָואס עֶס לִיגְט דְרוֹיף טָאר מֶען עֶס נִיט אַוֶועק נֶעמֶען :

ג אַז עֶס לִיגְט גֶעלְט אִין דֶער קֶעשֶׁענֶע מֶעג עֶר נֶעמֶן דָאס קְלֵייד אִין דֶר הַאנְט אַרַיין · אָבֶּער אָן טָאן טָאר עֶר עֶס נִיט ווָארוּם עֶס אִיז צוּא בַּזָארְגִין עֶר זָאל נִיט גֵיין דֶער מִיט אוֹיס דֶעם עֵירוּב אַרוֹיס :

ד גֶעלְט · שְׁטֵיינֶער · צִיגִיל · הָאלְץ · עֶרְד · זַאמְד · טְרוּקֶענֶע בֵּיינֶער · שָׁאלֶין פוּן נִיס · פֶּעדֶערִין · שְׁטִיקְלַאךְ אַייזִין · שְׁטִיקְלַךְ גְלָאז · זַיינֶען מוּקְצֶה אוּנ מֶען טָאר זַייא נִיט אָן רִירִין אוּם שַׁבָּת :

ה אַיין לִיכְט וָואס עֶס הָאט שׁוֹין גִיבְּרֶענְט · סְכַךְ פוּן דֶער סוּכָּה אָדֶר דִי פֵּירוֹת וָואס הֵיינְגֶען אִין דֶער סוּכָּה זַיינֶען אוֹיךְ מוּקְצֶה :

פֵּירוֹת וָואס מֶען הָאט אָן גִירִיסִין אוּם שַׁבָּת · פִישׁ וָואס מֶען הָאט זַייא גִיחָאפְּט שַׁבָּת · מִילְךְ וָואס מֶען הָאט זִיא שַׁבָּת גִימָאלְקִין · אַיין אֵיי וָואס דִיא הוּן הָאט זִיא גֶלֵייגְט אוּם שַׁבָּת זַיינֶען מוּקְצֶה :

ו דֶער בֶּעזִים וָואס מֶען קֶערְט מִיט אִים דִיא שְׁטוּב אִיז מוּקְצֶה מֶען טָאר אִים נִיט רִירִין אוּנ מֶען טָאר אוֹיךְ אִים נִיט נֶעמֶען אַרוּם דָאס קִינְד צוּא שְׁמַייסִין :

ח אַלֶע בְּהֵמוֹת אוּנ עוֹפוֹת אֲפִילוּ וָואס מֶען הָאט בַּייא זִיךְ אִין הוֹיז זַיינֶען מוּקְצֶה :

ט דֶער שׁוֹפָר · דֶער לוּלָב · דֶער הָדָס · דִיא עֲרָבָה · דֶער אֶתְרוֹג · דָאס חֲנוּכָּה לָאמְפּ · זַיינֶען מוּקְצֶה :

י מַטְבְּעוֹת וָואס מֶען לֶעכֶערְט זַייא כְּדֵי מֶען זָאל זַייא טְרָאגִין אוֹיף דֶעם הַאלְז פַאר אַצִירוּנְג זַיינֶען נִיט מוּקְצֶה · אוּנ מֶען מֶעג זַייא טְרָאגִין אוּם שַׁבָּת :

יא אַשְׁטֵיין וָואס עֶר גְרֵייט זִיךְ פְרֵייטִיג אָן צוּא קְנַאקִין נִיס מִיט אִים · אִיז עֶר נִיט מוּקְצֶה · אוּנ עֶר מֶעג שַׁבָּת מִיט אִים קְנַאקִין נִיס :

יב ווֶען עֶס לִיגְט שָׁאלִיכְץ פוּן נִיס אוֹיף דֶעם טִישׁ · זָאל עֶר צוּא זַאמְן נֶעמֶען דָאס גַאנְצֶע טִישְׁטוּךְ אוּנ זָאל עֶס אוֹיס שִׁיטִין · אָבֶּער דָאס שָׁאלִיכְץ אַלֵיין טָאר עֶר נִיט אַרָאפּ נֶעמֶען · ווָארוּם עֶס אִיז מוּקְצֶה :

יג פִיל מֶענְטְשִׁין זַיינֶען זִיךְ נוֹהֵג אַז ווֶען אַנָכְרִי בְּרֵיינְגְט גֶעלְט אוּם שַׁבָּת לֵייגְט עֶר עֶס אוֹיף דֶעם טִישׁ · אוּנ דֶער אִיד ווַארְפְט עֶס דוּרְךְ דֶעם טִישְׁטוּךְ אִין קַאסְטְן אַרַיין · דָאס טָאר מֶען אָבֶּער נִיט טָאן ווָארוּם עֶס אִיז אַיין עֲבֵירָה :

יד ווֶען סְחוֹרָה שְׁטֵייט פְרַייא אוּנְטֶער דֶעם הִימֶל אוּנ עֶס קוּמְט אַרֶעגִין · אוּנ עֶס אִיז

קיין

קיין נכרי ניטא · מעג דר איד זיא צו דעקין אבער רירין פון ארט טאר ער ניט:

**טו** אייגנטליך איז דער עיקר איסור פון מוקצה · נאר עש אוועק צוא נעמן פון דעם ארט · אבר בלוים אן צו רירין ווען עש שאקילט זיך ניט דורך דעם אן רירין · אונ ער דארף עס אן רירין וועגין אזאך וואש מען מעג אום שבת · איז קיין עבירה ניט · למשל ער וויל זיך זעצין אויף אגרויסין שטיין אדער אגרויסין קלאץ מעג ער חאטשע דער שטיין אדער דער קלאץ זיינען דאך מוקצה מעג ער דאך ווייל זייא שאקלען זיך ניט דורך דעם זיצין אונ דאש זיצין איז דאך מותר אום שבת · אונ אזו מעג מען אן רירין אטיש וואש עש שטייען אויף אים דיא לייכטער מיט דיא ליכט אדער אזייל וואש עש הייננט דרויף אלאמפ · ווארום די ליכט שאקלן זיך ניט דורך דעם אן רירין · אבער אזאך וואש זיא שאקילט זיך יוא דורך דעם אן רירן · למשל איין הייננ לייכטר טאר מען אפילו ניט אן רירין · אבר ווען עש ליגט אזאך וואש זיא איז ניט מוקצה אויף איין זאך וואש איז יוא מוקצה · למשל עש ליגט אשטיקיל ברויט אדר איין עפלע אויף דעם לייכטער מעג מען עש אראפ נעמען חאטשע דער לייכטר שאקילט זיך דורך דעם · אויך מעג מען אוועק בלאזין מיט דעם מויל אזאך וואש איז מוקצה · אונ אז אלייכטריל אדר אליכט ליגט אויף דר ערד מעג מען עש אוועק שטויסין מיט דיא פים:

**טז** איצונד וויל איך דיר געבין איין הויפט כלל וואש מוקצה איז · דאש ווארט מוקצה הייסט אייגנטליך אבגישייט · דאש הייסט אזו איין זאך וואש דער מענטש שייד זיא אפ פון זיך ער זאל זיא ניט ניצין · אונ דאש איז פיר גאטונגען · ערשטינם שייד מען פון זיך אפ ווייל דיא זאך איז מיאוס · דאש הייסט מוקצה מחמת מיאוס · למשל דיא נאכט כלי · אזו איין מוקצה טאר מען יום טוב ניט רירין · אבער שבת מעג מען עס יוא רירין אונ נעמען אין דער האנד ארייין צוא טראגין פון איין ארט צום אנדרין · דאש אנדערע איז וואש מען שיידט עש פרייטיג פון זיך אפ אונ מען האט ניט אין זין מען זאל עש שבת ניצין דאש הייסט מוקצה מדעת · למשל איין עסין ווארג וואש איז נאך ניט גאנץ גוט צום עסין אדער וואש ער האלט עש צום פאר קויפין · אדר איין עסין ווארג פון אבהמה וואש עש איז פרייטיג נאך ניט גיוועזן אנגיברייט דר צו · למשל אבהמה אונ איין עוף וואש איז גיפיינרט אום שבת אדער איין זאך וואש איז צום נוצן · אבר עש איז ערשט שבת פר ענדערט גווארן · למשל כלים וואש זיינען אום שבת צוא בראכין גיווארין ממילא נוצין זייא שוין ניט מער צו דעם וואש מיהאט זייא פריער גניצט · אבר מען קאן מיט זיי איצונד עפים צוא דעקין · דיא אלע זאכין זיינן יום טוב מוקצה · אבער שבת מעג מען זיי טראגין פון איין ארט צום אנדרין · אבר אזו איין עסין ווארג וואש מען קען עש אום שבת גאך ניט עסין · אדר אזוינע זאכן וואש מען שוינט זייא שטארק · אדר וואש מען וויל זייא ניט ניצין · אדער וואש זייא זיינען ערשט גימאכט גיווארין אום שבת · דיא אלע זאכין זיינען מוקצה אונ מען טאר זייא שבת ניט אן רירין · דאש דריטע איז אזונע זאכין וואש מיטאר שבת פון זיי קיין הנאה ניט האבן דאש הייסט מוקצה

מַחֲמַת אִיסוּר לְמָשָׁל פֵּירוֹת וָואשׁ אַנְכְרִי הָאט זַייא גִירִיסִין אוּם שַׁבָּת אָדֶר אַפִּישׁ וָואשׁ אַנְכְרִי הָאט אִים גִיחַאפְּט אוּם שַׁבָּת · אָדֶר מִילְךְ וָואשׁ אַנְכְרִי הָאט דָאשׁ אוֹישׁ גִמָאלְקְן אוּם שַׁבָּת אָדֶער אַזוֹינֶע כֵּלִים וָואשׁ זַיינֶן וָועגִין אַמְלָאכָה וָואשׁ מֶען טָאר נִיט טָאן אוּם שַׁבָּת דִי אַלֶע זַאכִין טָאר מֶען שַׁבָּת נִיט אָן רִירִין · דָאשׁ פִּירְטֶע אִיז מוּקְצָה מַחֲמַת מִצְוָה דָאשׁ אִיז אַזוֹינֶע זַאכְן וָואשׁ מֶען הָאט זֵיי אָפּ גְשַׁייט וָועגְן אַמִצְוָה · וָואשׁ מֶען טוּט אִיר שַׁבָּת נִיט · לְמָשָׁל אַיין אֶתְרוֹג · אַלוּלָב · אַשׁוֹפָר · טָאר מֶען זֵיי נִיט אָן רִירְן:

יז אִיטְלִיכֶע זַאךְ וָואשׁ מֶענְטְשְׁן קֶענֶן זִיךְ דוּרךְ דֶעם שֶׁעדִיגִין · לְמָשָׁל עֶשׁ אִיז אַגְלֶעזֶל צוּא בְּרָאכִין גִיוָוארִין אוּנ אַז עֶשׁ וָועט לִיגִין אוֹיף דֶער עֶרְד קָאן מֶען זִיךְ דֶער מִיט קַאלֶעטְשֶׁען · מֶעג מֶען אוֹיף הֵייבִּין אוּנ אַוֶועק וַוארְפִין:

יח וָוען אַיין זַאךְ וָואשׁ אִיז מוּקְצֶה לִיגְט פוּן עֶרֶב שַׁבָּת אוֹיף אַיין אַנְדֶער זַאךְ וָואשׁ אִיז נִיט מוּקְצָה וֶוערְט דִי אַנְדֶערֶע זַאךְ אוֹיךְ מוּקְצָה אוּנ מֶען טָאר אִיר שַׁבָּת נִיט אָן רִירִין · אוּנ אֲפִילוּ אִימֶעצֶר הָאט אוּם שַׁבָּת אַרָאפּ גִנוּמֶען דִי מוּקְצָה זַאךְ טָאר מֶען פָארְט דִי אַנְדֶערֶע זַאךְ נִיט אָן רִירִין · אָבֶּר וָוען מֶען הָאט עֶרְשְׁט אַרוֹיף גִילֵייגְט דִיא מוּקְצָה זַאךְ אוּם פְרַייטִיג צוּא נַאכְט אָדֶר שַׁבָּת בַּייא טָאג · אוּנ מֶען הָאט דִיא זַאךְ אַוֶועק גִינוּמֶען הֶערְט אוֹיף דִיא אַנְדֶערֶע זַאךְ מוּקְצָה צוּא זַיין:

יט וָוען עֶשׁ לִיגִין אוֹיף אַיין זַאךְ וָואשׁ זִיא אִיז נִיט מוּקְצָה צְווייא אַנְדֶערֶע זַאכִין · אַיינֶע אִיז מוּקְצָה אוּנ דִיא אַנְדֶערֶע אִיז נִיט מוּקְצָה · לְמָשָׁל עֶשׁ לִיגְט אוֹיף אַיין טֶעלֶר אַפְרוּטָה וָואשׁ דָאשׁ אִיז דָאךְ מוּקְצָה · עֶשׁ לִיגְן אָבֶּר אוֹיךְ עֶטְלִיכֶע פֵּירוֹת מוּז מֶען זֶעהֶן וֶועלְכֶע עֶשׁ אִיז בַּיי אִים חָשׁוּבֶר · אִיז בַּייא אִים דִיא מוּקְצָה זַאךְ חָשׁוּבֶר טָאר עֶר דִיא אַנְדֶערֶע זַאךְ אוֹיךְ נִיט רִירִין · אִיז אָבֶּר בַּייא אִים חָשׁוּבֶר דִיא אַנְדֶערֶע זַאךְ וָואשׁ אִיז נִיט מוּקְצָה מֶעג עֶר אִיר אִין גַאנְצִין רִירִין חָאטְשֶׁע עֶם לִיגְט אוֹיף אִיר אַיין מוּקְצָה זַאךְ · אִיבֶּר דֶעם מוּז מֶען פְרַייטִיג פַאר נַאכְט לֵייגִין חַלָּה אוֹיף דֶעם טִישׁ פַאר לִיכְט בֶּענְטְשִׁין וָוארוּם אַז עֶשׁ לִיגְט נִיט קַיין חַלָּה וֶוערְט דָאךְ דֶער טִישׁ מִיט דֶעם טִישְׁטוּךְ מוּקְצָה דוּרךְ דִיא לַייכְטֶר מִיט דִיא לִיכְט וָואשׁ שְׁטֵייעֶן אוֹיף אִים · אוּנ מֶען טָאר נִיט רוּקִין אוּנ נִיט אַרָאפּ נֶעמֶען דֶעם טִישְׁטוּךְ אַגַאנְצִין שַׁבָּת אָבֶּער דוּרךְ דִי חַלָּה וָואשׁ זִיא אִיז שׁוֹין גִילֶעגִין בְּשַׁעַת לִיכְט בֶּענְטְשִׁין אִיז דֶר טִישׁ נִיט מֶער מוּקְצָה · וָוארוּם דִיא חַלָּה אִיז דָאךְ לִיבֶּר וִויא דִי לִיכְט וָוארוּם מֶען דַארְף אִיר צוּם עֶסִין לְכָבוֹד שַׁבָּת:

כ וָוען אַיינֶער לֵייגְט אַיין מוּקְצָה זַאךְ אוֹיף אַפְרֶעמְדְנְס זַאךְ וָואשׁ אִיז נִיט מוּקְצָה · אוּנ אִימֶעצֶר הָאט דִיא זַאךְ אַרָאפּ גִינוּמֶן אוּם שַׁבָּת מֶעג יֶענֶער זַיין זַאךְ נִיצְן חָאטְשֶׁע עֶשׁ אִיז אוֹיף אִיר גִילֶעגִין אַיין מוּקְצָה זַאךְ · עֶר מֶעג אִיר אֲפִילוּ אָפּ שָׁאקְלִין כְּדֵי דִי מוּקְצָה זַאךְ זָאל אַרָאפּ פַאלִין:

## נא דִינִים פוּן עֵירוּב אוּנ אִין אִים אִיז דְרַייצֶעהֶן סְעִיפִים

א שַׁבָּת טָאר מֶען נִיט אַרוֹישׁ טְרָאגְן קַיין שׁוּם זַאךְ פוּן רְשׁוּת הַיָּחִיד אִין רְשׁוּת הָרַבִּים אַרַיין אוּנ נִיט פוּן רְשׁוּת הָרַבִּים אִין רְשׁוּת הַיָּחִיד אַרַיין · רְשׁוּת הַיָּחִיד הֵייסְט אַיין

הויז אָדער אַהויף וָואס עס גיהֶערְט צוּ אֵיינֶעם אָדער צוֹא עֶטְלִיכֶע מֶענְטְשִׁין · רְשׁוּת הָרַבִּים הַייסְט דִיא גַאס וָואס זִיא גִיהֶערְט צוֹא קֵיינֶעם נִיט :

ב מִיטָאר אֲפִילוּ נִיט אוּיס שְׁפַּייעֶן פוּן רְשׁוּת הַיָחִיד אִין רְשׁוּת הָרַבִּים אַרַיין · לְמָשָׁל וָוען מֶען קוּקְט אַרוֹיס פוּן פֶענְסְטֶער · טָאר מֶען נִיט שְׁפַּייעֶן אוֹיפִין גַאס אַרוֹיס :

ג קְלֵיידֶער אוּנ צִירוּנְג וָואס מֶען גֵייט אָן גִיטָאן הֵייסִין נִיט קֵיין מַשָׂא · אוּנ מֶען מֶעג יוֹא גֵיין אִין רְשׁוּת הָרַבִּים אַרַיין · אָבֶער אִין אַזֵייגֶערִיל אָדֶער בְּרֵילִין טָאר מֶען נִיט גֵיין דָארְטִין וואוּ קֵיין עֵירוּב אִיז נִיטָא :

ד אַשְׁלַאפֶער מֶענְטְשׁ אָדֶער אַיין אַלְטֶער וָואס עֶר מוּז גֵיין מִיט אַשְׁטֶעקִין · מֶעג עֶר מִיט אִים גֵיין אוֹיךְ אִין רְשׁוּת הָרַבִּים אַרַיין :

ה עֶס אִיז רֶעכְט מֶען זָאל נִיט גֵיין אִין הֶענְטְשֶׁקֶעס אִין רְשׁוּת הָרַבִּים אַרַיין · אוֹיךְ אַיין טוּפְטֶע טָאר מֶען נִיט טְרָאגִין אוּם שַׁבָּת :

ו אִין טַלִּית מֶעג מֶען גֵיין אִין גַאנְצִין אִיבֶּער דֶעם לֵייבּ אַקוּרַאט וִויא מֶען גֵייט אִין שׁוּל · אָבֶער צוּא גֵיין מִיט אִים אִין רְשׁוּת הָרַבִּים אַרַיין אַרוּם גִיווִיקֶעלְט אַרוּם דֶעם הַאלְז וִויא אַטִיכֶל · דָאס טָאר מֶען נִיט · אוּנ וָוען דֶר טַלִּית הָאט אַצִיצָה פְּסוּלָה טָאר מֶען אוֹיךְ אִין אִים נִיט גֵיין אִין רְשׁוּת הָרַבִּים :

ז וָוען מֶען שִׁיקְט שַׁבָּת אַיין נָכְרִי עֶר זָאל עֶפֶּעס בְּרֵיינְגֶען פוּן אַיין אָרְט וואוּ עֶס אִיז קֵיין עֵירוּב נִיטָא · זָאל מֶען אִים נִיט גֶעבִּין דִיא כֵּלִי אִין הַאנְט אַרַיין נָאר עֶר זָאל זִיךְ אַלֵיין נֶעמֶן · אוֹיךְ וָוען עֶר בְּרֵיינְגְט זָאל מֶען עֶס בַּיי אִים נִיט נֶעמֶן פוּן הַאנְט נָאר עֶר זָאל עֶס אַנִידֶער שְׁטֶעלִין · אוֹיךְ וָוען עֶר בְּרֵיינְגְט אַיין בְּרִיף אוּם שַׁבָּת זָאל מֶען בַּייא אִים נִיט נֶעמֶען פוּן זַיין הַאנְט :

ח דִיא וַוייבֶּר מוּזִין זֶעהֶן עֶס זָאל אִין דֶער הוֹיבּ נִיט מֶער שְׁטֶעקִין נָאר דִיא שְׁפִּילְקֶעס וָואשׁ זַיינֶען זַייעֶר נֵייטִיג · אָבֶער דִי אִיבֶּערִיגֶע וָואשׁ זַיינֶען נִיט אַזוֹ נֵייטִיג מוּזִין זַייא אַרוֹישׁ נֶעמֶען :

ט דָארְטִין וואוּ עֶשׁ אִיז קֵיין עֵירוּב נִיטָא טָאר מֶען נִיט טְרָאגִין אַיין קִינְד אוֹיף דֶער הַאנְט · אִיבֶּר דֶעם וָוען עֶשׁ אִיז אַיין בְּרִית מִילָה אִין שׁוּל אוּנ בִּיז צוּ דֶר שׁוּל אִיז קֵיין עֵירוּב נִיטָא · זָאל מֶען עֶשׁ לָאזִין טְרָאגִין דוּרְךְ אַיין נָכְרִי בִּיז אִין שׁוּל אַרַיין אוּנ דָארְטִין זָאל עֶר עֶשׁ אַנִידֶר לֵייגִין אוֹיף אַיין בַּאנְק · אַז מֶען וִויל אָבֶער אַיין אִיד זָאל עֶשׁ טְרָאגִין · לָאזט מֶען עֶשׁ אוֹישׁ דֶעם הוֹיז אַרוֹישׁ טְרָאגִין דוּרְךְ אַיין נָכְרִי · אוּנ אוֹיף דֶער גַאס זָאל עֶשׁ אַיין אִיד טְרָאגִין אַיינְצִיג וַויים יֶעדֶעס מָאל וֶוייניגֶער פוּן פִיר אֵיילִין · עֶר רוּעֶט זִיךְ אַלֶע מָאל אָפּ אוּנ טְרָאגְט עֶשׁ אַלִיץ תָּמִיד צוּ וֶוייניגֶער פוּן פִיר אֵיילִין בִּיז עֶר קוּמְט צוּם שׁוּל דָארְטִין נֶעמְט עֶשׁ ווידֶער דֶער נָכְרִי אוּנ טְרָאגְט עֶשׁ אִין שׁוּל אוּנ לֵייגְט עֶשׁ אוֹיף אַבַּאנְק :

י וָוען אֵיינֶער דֶער מָאנְט זִיךְ אוֹיפִין גַאס וואוּ עֶשׁ אִיז קֵיין עֵירוּב נִיטָא · אַז עֶר הָאט בַּייא זִיךְ גֶעלְט אָדֶר אַיין אַנֶדֶער טַייעֶרֶע זַאךְ אוּנ עֶר קָאן דָארְטִין דִי זַאכְן בַּהַאלְטִין · זָאל עֶר זֵייא קֵיין טְרִיט נִיט מֶער טְרָאגִין נָאר עֶר זָאל זֵייא תֵּיכֶף בַּהַאלְטִין · אִיז אָבֶּר דָארְטִין נִיט קֵיין זִיכֶערֶער אָרְט אוּנ עֶר הָאט מוֹרָא מֶען זָאל עֶשׁ נִיט אַוֶועק גַנְבֶנֶען ·

זאל

זָאל עֶר עֶשׁ אָפּ שִׁיקִין אַהֵיים מִיט אַיין נָכְרִי · הָאט עֶר אָבֶּער נִיט קֵיין נָכְרִי · זָאל עֶר גֵּיין פַּאמֶעלִיךְ · אַלֶע מָאל וֵוייניגֶער פוּן פִיר אֵיילִין בִּיז עֶר קוּמְט אַהֵיים · אוּנ אוֹיךְ וְוִיא עֶר קוּמְט אַהֵיים טָאר עֶר עֶשׁ נִיט אַרַיין טְרָאגִין אִין הויז אַרַיין · נָאר עֶר מוּז זֶעהֶען אַיין נָכְרִי זָאל עֶשׁ אַרַיין טְרָאגִין :

יא וֶוער עֶם הָאט אַיין מַכָּה מֶעג גֵּיין צוּ גִילֵייגְט מִיט אַפְּלַאסְטֶער אֲפִילוּ וואוּ עֶשׁ אִיז נִיט דָא קֵיין עֵירוּב · אָבֶּער נִיט אַרוּם בִּינְדִין מִיט אַפַּאטְשֵׁיילֶע כְּדֵי עֶר זָאל דִיא פַּאטְשֵׁיילֶע קֶענֶען בַּייא זִיךְ הָאבִּין :

יב מֶען טָאר נִיט אַרוּם וִויקְלֶען אַפַּאטְשֵׁיילֶע אוֹיף דֶעם גַארְטֶעל אָדֶר אַרוּם הַאלְז כְּדֵי מֶען זָאל אִיר בַּייא זִיךְ טְרָאגִין · אָבֶּער אַז מֶען טוּט אִיר זִיךְ אָן וְוִיא אַהַאלְז טִיכֶל מֶעג מֶען :

יג וֶוען אִין רְשׁוּת הָרַבִּים אִיז דָא אַיין עֵירוּב מֶעג מֶען אִין אִים יוֹא טְרָאגִין :

## נב דיני הילוך בשבת ובו ד׳ סעיפים
## דִינִים פוּן גֵּייִן אוּם שַׁבָּת

א שַׁבָּת טָאר דֶער גַּאנְג נִיט זַיין וְוִיא אִין דֶער וָואכִין · מֶען טָאר נִיט לוֹיפִין נִיט שְׁפְּרִינְגֶען אוּנ נִיט גֵּיין קֵיין שְׁוֶוערֶע טְרִיט · אָבֶּער וֶועגִין אַמִצְוָה מֶעג מֶען שַׁבָּת אוֹיךְ לוֹיפִין :

ב מִיטָאר שַׁבָּת נִיט גֵּיין ווייטֶער פוּן צְוַוייא טוֹיזִינְט אֵיילִין · דִיא צְוַוייא טוֹיזִינְט אֵיילִין הֵייבִּין זִיךְ אָבֶּער עֶרשְׁט אָן אוּנְטֶער דֶער שְׁטָאט :

ג אַיין הויף וָואשׁ בַּאזוּנְדֶערֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים וואוֹנֶען אִין אִים · טָאר מֶען שַׁבָּת נִיט טְרָאגִין פוּן אֵיינֶם צוּם אַנְדֶערִין · דָאשׁ אֵיינֶענֶע אִיז אוֹיךְ אַיין שְׁטָאט מִיט אִירֶע גַּאסִין · אִיבֶּער דֶעם הָאבִּין דִיא חֲכָמִים מְתַקֵּן גִיוֶועזִין צוּא מַאכִין עֵירוּבֵי חֲצֵירוֹת · דָאשׁ הֵייסְט דֶר שַׁמָּשׁ פוּן דֶער שְׁטָאט נֶעמְט צוּא זַאמֶען בַּייא יֶעדֶן גֶעלְד אָדֶער מֶעל אָדֶער אֵייעֶר · אוּנ מַאכְט אַיין בְּרוֹיט אִיז דָאשׁ שׁוֹין גְלַייךְ וְוִיא אַלֶע וואוֹנֶען אִין אַיין שְׁטוּבּ · אָבֶּער וְוִיא פִיל יֶעדֶער בַּאדַארְף צוּ גֶעבִּין אוּנ דִי אִיבֶּערִיגֶע דִינִים דֶער פוּן מוּז מֶען פְרֶעגִין דֶעם רָב פוּן דֶער שְׁטָאט :

ד עֶשׁ זַיינֶען אוֹיךְ דָא דִינִים וְוִיא אַזוֹ מֶען קָאן זִיךְ הֶעלְפִין צוּ מֶעגִין גֵּיין ווייטֶער וְוִיא צְוַוייא טוֹיזִינְט אֵיילִין אוּם שַׁבָּת · דָאשׁ לָאזְט זִיךְ אָבֶּער נִיט אוֹיף טַייטְשׁ בֶּשְׁרַייבִּין מֶען מוּז דָאשׁ פְרֶעגִין דֶעם רָב אָדֶר אַיין אַנְדֶערִין תַּלְמִיד חָכָם :

## נג עוד איזה דיני שבת ובו ט׳ סעיפים
## נָאךְ אַנְדֶערֶע דִינִים פוּן שַׁבָּת

א מִיטָאר שַׁבָּת נִישְׁט לָאזִין זַיין פֶערְד גֵּיין מִיט אַגְלֶעקִיל וָואשׁ קְלִינְגְט אוֹיף דֶעם הַאלְז :

ב מִיטָאר נִישְׁט פַאר דִינְגֶען אָדֶר לַייעֶן דֶעם נָכְרִי זַיין בְּהֵמָה · וֶוען עֶר וֵוייס אַז דֶער נָכְרִי וֶועט מִיט אִיר טָאן אַמְלָאכָה אוּם שַׁבָּת · אוּנ אֲפִילוּ עֶר נֶעמְט מִיט אִים

אוים

אוים ער זאָל מיט איר שַׁבָּת ניט אַרבּעטין · טאָר ער איר אים ניש׳ט געבין וואָרום עס איז דעם נָכְרִי ניט צו גְלייבין :

ג ווען איינער איז שטאַרק קראַנק אויף איין אינוויינגסטע קראַנקייט מעג מען פון זיינט וועגין לאָזין אַנָכְרִי קאָכין אונ אַנדערע מְלָאכוֹת טאָן · אונ אַז עס איז קיין נָכְרִי ניט דאָ · זאָל עס איין איד טאָן · אונ ווער עס וויל דאָ פְרוּם זיין אונ וויל ניט מְחַלֵּל שַׁבָּת זיין · דער טוט אַגְרוישע עֲבֵירָה מיט דאָס פְרוּמְקייט · וואָרום זיין ליבער נאָמען האָט אונז געגעבין דעם שַׁבָּת פון אונזער גוטש וועגין · אָבֶר ניט מיר זאָלין אַמעגטשין אום ברייגגען פון דער וועלט דורך דעם שַׁבָּת :

ד וויא בַּאלד דער דאָקטער זאָגט אַז עס איז אַסַכָּנָה עס מעג אֲפִילוּ זיין איין אויסווייניגשטע קראַנקייט אָדער אַמַכָּה · איז מען וועגין דעם קראַנקין מְחַלֵּל שַׁבָּת׳ אונ אֲפִילוּ איין דאָקטער זאָגט עס איז אַסַכָּנָה אונ דער אַנדערער זאָגט ניין׳ פאָלגט מען דעם וואָס ער זאָגט אַז עס איז יוא אַסַכָּנָה · אונ אַז דער דאָקטער זאָגט עס איז ניט קיין סַכָּנָה · אונ דער קראַנקער זאָגט אַז ער פילט בייא זיך אַז ער איז אין אַסַכָּנָה · הערט מען צו דעם קראַנקען אונ מען איז מְחַלֵּל שַׁבָּת פון זיינט וועגין :

ה ווען דער קראַנקער וויל ניט נעמען די רְפוּאָה · לְמָשָׁל ער וויל ניט זופין די זופע ווייל מהאָט זיא גיקאָכט אום שַׁבָּת · מוז מען אים נייטין ער זאָל דַוְקָא זופין :

ו ווען איינער האָט דאָש פיבער טאָר מען נישט פון זיינט וועגין מְחַלֵּל שַׁבָּת זיין · אָבֶר אַנָכְרִי מעג פון זיינט וועגין קאָכין :

ז ווען איינע גייט צוא קינד · איז זיא אַקְראַנקע ווייא אַקְראַנקער וואָס ער איז גיפערליך · איבער דעם מעג מען פון אירעט וועגין טאָן אַלדינג וואָס מען טאָר שַׁבָּת ניט טאָן :

ח אַקימפעטאָרין איז דיא ערשטע דרייא טעג וויא איינער וואָס איז גיפערהליך קראַנק · אֲפִילוּ זיא זאָגט אַז זיא דאַרף ניט קיין וואַרימס קוקט מען אויף איר נישט ווען די איבעריגע ווייבער זאָגין אַז זיא דאַרף יוא אונ מקאָכט איר אום שַׁבָּת · אָבֶר אַז דר דאָקטער זאָגט אַז עס איז ניט נייטיג פאָלגט מען אים · אָבֶר נאָך דעם דריטין טאָג ביז צום זיבענטין טאָג פון קימפעט ווען זיא זאָגט אַליין אַז זיא דאַרף ניט פריש גיקאָכט הערט מען איר צו · אָבער ווען דער דאָקטער זאָגט אַז זיא מוז עסין פריש גיקאָכט מוז מען פריש קאָכן · אָבער נאָך דעם זיבעטין טאָג ביז דרייסיג טעג טאָר מען ניט וועגן איר מְחַלֵּל שַׁבָּת זיין׳ אָבער מען מעג לאָזן אַנָכְרִי קאָכין ווען זיא איז ניט גיזונד · אונ ביז צום דרייסיגסטען טאָג מעג מען איר לאָזין איינהייצין אֲפִילוּ אום זומער ווען עס איז איר קאַלט :

ט ווען איינר איז קראַנק · אָבער די קראַנקייט איז ניט גיפערהליך מעג מען אים לאָזין קאָכין שַׁבָּת דורך אַנָכְרִי · אָבֶר וואָס עס בלייבט פון דעם גיקאָכטין נאָך שַׁבָּת טאָר קיינר ניט עסין אֲפִילוּ דער קראַנקר אַליין טאָר עס אויך ניט עסין · אונ דיא כֵּלִים וואָס מהאָט אין זיי גיקאָכט אונ וואָס מהאָט אין זייא גיגעסין מוז מען כַּשְׁרִין :

# נד דינים פון הבדלה אונ אין אים איז ניין סעיפים

א מען מוז שבת נאך שלש סעודות גאנץ שפעט מעריב דאוונען · דאס הייסט ווען עס איז שוין שטארק פינצטער :

נאך מעריב מוז מען מאכן הבדלה איבר ויין אדער איבר איין אנדערע משקה אונ דער כוס מוז זיין פול אן גיגאסין אקראט וויא ביי דעם קידוש · אויך מוז ער זיין ריין אונ ניסט צוא בראכין אדער גישפאלטין :

ג ווייבער מוזין אויך הערין הבדלה :

ד פאר הבדלה טאר מען ניט עסין אונ טרינקן נאר וואסר·אבר אז מען זיצט ביי די סעודה שלישית ביז שפעט אין דער נאכט אריין מעג מען עסין אונ טרינקען וויא לאנג מען וויל :

ה פאר הבדלה טאר מען קיין מלאכה ניט טאן אבר אקליינינקייט למשל אפ שנייצין דאס ליכט מעג מען נאך מעריב חאטשע מען האט נאך ניט הבדלה גימאכט אונ די ווייבר וואס דארפין אנצינדין ליכט פאר הבדלה זאלין פריער מאכן דיא ברכה המבדיל בין קודש לחול :

ו אז מען האט ניט קיין ויין מאכט ער הבדלה איבר איין אנדערע משקה נאר ניט איבער וואסער · אונ מען גיסט דעם כוס אזו פול אן אז עס זאל איבר גיין :

ז פון הנה אל ישועתי ביז נאך בורא פרי הגפן האלט מען דעם כוס אין דר רעכטע האנד אונ דיא בשמים אין דער לינקע האנד · דער נאך נעמט ער דעם כוס אין דער לינקע האנד אונ דיא בשמים אין דער רעכטע האנט אונ מאכט בורא מיני בשמים אונ בורא מאורי האש · דער נאך נעמט ער ווידר דעם כוס אין דער רעכטע האנד אונ זאגט המבדיל · דער נאך זעצט ער זיך אנידער אונ טרינקט · אונ עס איז רעכט מען זאל אין גאנצין א יש טרינקען אונ אז עס בלייבט אביסל לעסט ער דר מיט אוים די הבדלה אונ וואשט זיך די אויגן·אונ ווייבר טרינקן ניט פון דר הבדלה:

ח ווער עס האט פאר געסין אדער ער האט ניט גיקענט הבדלה מאכין · אפילו ער דער מאנט זיך ערסט דינסטאג פאר נאכט מאכט ער דעמאלט הבדלה · אבער ניט איבר בשמים אונ נישט איבר דעם ליכט נאר ער מאכט די ברכה איבר דעם כוס אונ זאגט המבדיל :

ט עס איז רעכט צוא עסין נאך הבדלה אונ דאס הייסט מלוה מלכה · אז מען איז אבר ניט הונגעריג · זאל מען ווייניגסטינס עסין אשטיקיל בעקין קוכען אדער איין אנדער לייכטין מאכל :

# נח הלכות ראש חודש ובו י״ד סעיפים
## דינים פון ראש חודש

א דיא ווייבער זיינען זיך נוהג אז זייא טוען קיין מלאכה ניט אום ראש חודש · אונ עס איז זייער רעכט :

ב ראש חודש טאר מען ניט פאסטן · נאר ראש חודש ניסן און ראש חודש אב אז עס טרעפט זיך אתענית חלום מעג מען יוא פאסטן · אויך ווער עס האט חתונה אום ראש חודש ניסן מוז פאסטן :

ג עס איז רעכט ראש חודש צווא עסין בעסרע מאכלים וויא אנדרע טעג און ווען ראש חודש גיפאלט שבת זאל מען עסין איין מאכל מער וויא איין אנדערין שבת :

ד מען טאר ראש חודש ניט מאכין קיין הספד און מען זאגט ניט קיין צדוק הדין ·

ה אז מיהאט פאר געסין צו זאגין יעלה ויבא אין בענטשין · איז דער דין אזו · אז ער האט זיך דער מאנט אין מיטין ובנה ירושלים אדער אפילו ער האט שוין גיזאגט ברוך אתה יי לאזט ער אויש אלהינו מלך העולם אשר נתן ראשי חדשים לזכרון לעמו ישראל · אבער אז ער האט שוין אוים גילאזט בונה ברחמיו ירושלים אמן האץ ער האט ניט אן גיהויבין ווייטער די ברכה · בענטשט ער ווייטר און זאגט שוין גאר ניט יעלה ויבא :

ווען ער האט גיגעסין ערב ראש חודש פאר נאכט און דאס עסין האט זיך גצויגן ביז שפעט אין דר נאכט ארייין · זאגט ער ניט קיין יעלה ויבא אין בענטשן אבר אז ער האט אן גיהויבין צו עסין ווען דער עולם האט שוין גידאווינט מעריב · חאטשע ער האט נאך ניט גידאווינט קיין מעריב מוז ער זאגין יעלה ויבא אין בענטשין · אבער אז ער האט קיין מנחה אויך נאך ניט גידאווינט · זאגט ער גיט קיין יעלה ויבא איי בענטשין ווייל ער מוז דאווינען אן יעלה ויבא :

ו ווען ראש חודש גיפאלט זונטיג און ער זיצט שבת בייא דעם שלש סעודות ביז שפעט אין דער נאכט איז דער דין אזו · אז ער האט בייא דער נאכט אויך גיגעסין זאגט ער יעלה ויבא אין בענטשין אבר רצה זאגט ער ניט · אבער ווען ער איז נאר אזו געזעסין לאנג בייא דעם טיש און זינט עס איז נאכט גיווארין האט ער גאר ניט גיגעסין · זאגט ער רצה אבר ניט יעלה ויבא :

ח ווען ער האט ראש חודש פאר נאכט גידאווינט מעריב דער נאך האט ער גיגעסין · חאטשע עס איז נאך טאג זאגט ער ניט אין בענטשין קיין יעלה ויבא · אבער ווען ער האט נאך ניט גידאווינט קיין מעריב · האטשע דער עולם האט שוין גידאווינט מעריב זאגט ער יוא יעלה ויבא · דאס איז אבער נאר אז ער האט אן גיהויבין צו עסין איידער דער עולם האט גידאווינט מעריב · אבער ווען ער האט אן גיהויבן צו עסין ווען דר עולם האט שוין גידאווינט מעריב זאגט ער ניט יעלה ויבא אין בענטשין · אבר אז ער האט קיין מנחה ניט גידאווינט זאגט ער יוא יעלה ויבא :

ט ראש חודש זאגט מען האלב הלל · אז ער איז גיקומען אין שול ארייין ווען דער עולם האלט שוין בייא הלל · זאל ער זאגין מיט דעם עולם און דער נאך זאל ער דאווענען און אז ער האלט צווישין ברוך שאמר און ישתבח ווען דער עולם זאגט הלל זאל ער מיט זייא זאגין הלל · אבער ער זאל ניט זאגין דיא ברכה לקרוא את הלל און צום לעצט זאל ער אוים לאזין כי מעולם ועד עולם אתה אל און זאל ניט זאגין ברוך אתה יי מלך מהולל בתשבחות :

י ווען מען דאווינט ביי איין אבל זאגט מען ניט קיין הלל · אונ אז מען קומט אהיים פון דעם דאוונען זאגט מען אים אויך ניט · אז עס איז אבער דא נאך אשטוב · גייט דער אבל אין דער אנדערע שטוב אריין אונ דער עולם זאגט הלל · אבער חנוכה מוז איטליכער וואס האט גידאווינט ביי דעם אבל זאגין הלל פאר זיך ווען ער קומט אהיים :

יא בשעת מען זאגט הלל טאר מען ניט זיצין :

## נן דינים פון קידוש לבנה אונ אין אים איז אכט סעיפים

א עס איז אגרויסע מצוה מקדש דיא לבנה צו זיין · אונ אז מען איז מקדש די לבנה אויף דער גאס מוז מען זעהן דאס ארט זאל ריין זיין · אונ קדוש לבנה מוז זיין נאך מעריב · אונ דיא גרעסטע מצוה איז מקדש דיא לבנה צו זיין מוצאי שבת · אבער אז מוצאי שבת איז שוין די צענטע נאכט אין חודש זאל מען ניט ווארטין ביז מוצאי שבת נאר מען זאל אין דער וואכי מקדש זיין דיא לבנה :

ב מען טאר ניט פריער מקדש זיין די לבנה ביז נאך דריא טעג נאך דעם מולד · דר עולם איז זיך נוהג אז זייא זיינן מקדש דיא לבנה ערשט זיבין טעג נאך דעם מולד נאר ווען מוצאי שבת גיפאלט פריער פר זיבין טעג איז מען דעמאלט מקדש די לבנה אונ צום שפעטסטין איז דיא צייט ביז פערצין טעג אין חודש :

ג מען טאר אנדערש ניט מקדש זיין די לבנה נאר ווען מען זעהט איר קלאר אבער ניט ווען זיא איז פאר דעקט מיט וואלקינס · אונ אז ער האט אן גיהויבן מקדש צוא זיין ווען די לבנה איז גיוועזין ריין דר ווייל איז זיא פאר דעקט גיווארן מיט וואלקינס מעג ער ווייטער זאגין ביז צום לעצטין :

ד עס איז מער מצוה מקדש צו זיין דיא לבנה אין איין הויף אדער אויף דער פרייער גאס · אבר פר נויט מעג מען אויך מקדש זיין דיא לבנה דורך דעם פענסטער :

ה איין בלינדער מעג אויך מקדש זיין דיא לבנה :

ו אין דעם חודש אב איז מען ניט מקדש דיא לבנה פאר תשעה באב · אונ תמיד ווען ער פאסט טאר ער ניט מקדש זיין דיא לבנה ניכטערער הייט נאר ער מוז פריער עפעש אן בייסין · נאר מוצאי יום כפור איז מען יוא מקדש דיא לבנה ניכטערער הייט :

איין שבעה טאר ניט מקדש זיין די לבנה · אבר ווען ער וועט ערשט אויף שטיין פון דר שבעה צעהן טעג אין חודש מעג ער אין דר שבעה מקדש זיין דיא לבנה :

ח פרייטיג צוא נאכט אונ יום טוב ביא נאכט איז מען ניט מקדש דיא לבנה · אבער ווען מען האט פריער ניט גיקאנט ווייל עס איז אלץ גיוועזן פינסטערע נעכט אונ עס גייט שוין אוים דיא צייט מעג מען אפילו פרייטיג צוא נאכט אדער יום טוב ביא נאכט אויך מקדש זיין דיא לבנה :



## נז דינים פון יום טוב אונ אין אים איז פינף אונ דרייסיג סעיפים

א ערב יום טוב איז רעכט מען זאל זיך טובלין אונ אפ שניידין דיא נעגיל · אונ אלע דינים וואס מיר האבין אויבין גישריבין ביי ערב שבת גייען אויך אן ביא ערב יום טוב :

ב יום טוב ביא נאכט מאכט מען קידוש · אונ דער קידוש האט אלע דינים וויא קידוש פון שבת :

ג אלע מלאכות וואש מען טאר שבת ניט טאן · טאר מען יום טוב אויך ניט טאן · גאר מען מעג קאכין אונ בראטין אונ אלע מלאכות טאן וואש מען דארף צום עסין למשל קוילן בהמות אונ עופות · אפייער מאכן באקין אונ אנדערע זאכין וואש מען מוז האבין צום עסין · אויך מעג מען ליכט אן צינדין :

ד מען טאר יום טוב ניט מאכין פוטער אדר קעז פון מילך אויך טאר מען ניט שטויסין מאנדלען צוא מאכין דער פון מאנדיל מילך :

ה מען מעג יום טוב רייבין אויף אריב אייזין חריין אדער הארטע קעז · ווען מען דארף עם צוא עסין · נאר מען זאל דעם רייבין עפעם פאר ענדערין · עס זאל ניט זיין אז וויא אין דער וואכין · אונ פעפער אדער זאפרען מעג מען שטויסין אין אשטויסיל אונ מען זאל אויך פר ענדערין · למשל מען זאל אביסיל איינבייגין דעם שטויסיל · אבער מצות מעג מען רייבין אויף אריב אייזן אדער קלאפין אין אשטויסיל גאנץ פראסט אונ גאר ניט פאר ענדערין :

ו מען טאר ניט צו האקין אשייטיל האלץ אויף קליינע שטיקר אפילו ווען מען דארף עש צוא קאכין פיש · אבער פון אגרויסע שטיק וואש מען קאן איר ניט ניצין צוא קאכין אזו וויא זיא איז · מעג מען אפ שניידין מיט אמעסר גרויסע שטיקר האלץ צום קאכין · אבער אפ האקין מיט אהאק טאר מען ניט :

ז קנעטין מעג מען אום יום טוב · אבר מען טאר ניט אפ מעסטין דיא מעל דער צו · נאר מען מוז אן נעמן בלוים וויא מען איז זיך משער · מען מעג אפילו אן נעמען מיט אמאם וואש מען מעסט · נאר מען זאל ניט אפ מעסטין אמאם :

ח ווען ער קנעט טייג אום יום טוב מעג ער נעמען דער פון חלה · אבער ער טאר דיא חלה ניט פאר ברענען אום יום טוב · נאר ער מוז דאש באהאלטין ביז מוצאי יום טוב אונ דעמאלט זאל ער דאש פאר ברענען :

ט מען מעג יום טוב צו גייען אהעזעל וואש מען פילט עש אן צום עסין נאר דער פאדים זאל שטעקין אין נאדיל פון ערב יום טוב · אונ דער פאדים וואש בלייבט נאך דעם נייען זאל ער ניט אפ שניידין נאר אפ ברענען :

י יום טוב טאר מען ניט חאפין קיין פיש פון טייך · אבר פון אסאזיווקע אז ער קאן זייא לייכט חאפין מיט דער האנט מעג ער זיי יוא חאפין :

יא גענז אונ הינער וואש גייען ארום ביא אים אין הויף מעג ער זייא חאפין אז ער וויל זייא קילן כדי ער זאל האבין יום טוב צוא עסין · אונ אפילו זיי זיינען

ארויש

ארויש גילאפין פון דעם הויף מעג ער זייא נאך לויפין אונ חאפין · אבר ווען ער האט זייא ערשט פאר יום טוב גיקויפט אונ זייא זיינען נאך ניט גיוואוינט מיט אים · וויא באלד זיי זיינען ארויש גילאפין פון דעם הויף טאר ער זייא ניט חאפין · אונ טויבין פון דעם טויבין שלאק האטשע זייא קומען תמיד אליין צוריק אין טויבין שלאק אריין טאר ער זייא ניט חאפין :

יב מען טאר ניט יום טוב אן שארפין אמעסער אן אשארף שטיין :

יג מען טאר ניט כשרין אכלי וואש מיהאט גיקאנט כשרין ערב יום טוב אבער אז דיא כלי איז טריף גיווארין אום יום טוב מעג מען איר יוא כשרין :

יד מען טאר ניט טובלין נייע כלים אום יום טוב :

טו מע טאר ניט אפ שנייצין קיין ליכט אום יום טוב · אויך טאר מען ניט איבער שניידין אליכט אויף צווייען :

טז מען טאר ניט פר לעשין אליכט אום יום טוב · אויך טאר מען ניט שטעלין לעבין דעם אפענעם פענסטע · אדער לעבין דיא אפענע טיר כדי עס זאל פאר לאשין ווערין אז דער ווינט בלאזט · ווארום דאש איז אזו גלייך וויא ער פאר לעשט מיט דעם מויל :

יז מען טאר ניט פייער פאר לעשין אום יום טוב :

יח מען טאר ניט יום טוב שלאגין פייער מיט אשטאל אויף אקראמין כדי דער שוואם זאל זיך אן חאפין · אויך טאר מען ניט רייבין אשוועבעלע ארויש צוא ברייננגען פייער דער פון · אויך טאר מען ניט שטעלין אברען גלאז אנטקעגין דער זון כדי עס זאל זיך אן האפין :

יט מען טאר ניט יום טוב או שבת ייבערין דיא יום טוב · דאש הייסט אויף צו לייגין צוקער אדער בשמים אויף ברענעדיגע קוילין כדי עס זאל ארויש גיין איין שמעקעדיגער רויך איבער דיא שטוב :

כ מען טאר יום טוב זיך ניט באדין אין אווארימע וואנע אדר אין באד אפילו ווען מען האט גיהייצט ערב יום טוב :

כא אייגינטליך מעג מען יום טוב טראגין אפילו וואו עס איז קיין עירוב ניטא · אבער פון דעסט וועגין איז רעכט מיזאל ניט טראגין אזוינע זאכין וואש מידארף זייא ניט · אונ אגרויסע משא טאר מען בוודאי ניט טראגין :

כב מען טאר יום טוב ניט קאכין אדר באקין פון נכרים וועגין :

כג מען טאר יום טוב ניט רייסין פירות פון דעם בוים · אונ פירות וואס א נכרי האט גירייסין אדר זיי זיינען אליין אראפ גיפאלין פון דעם בוים טאר מען אויך ניט ריר׳ין אונ אפילו אן רירין טאר מען זייא אויך ניט :

כד אז א הון האט גילייגט איין איי אום יום טוב טאר מען עם ניט עסין אונ אפילו ניט אן רירין · אבער אז זיא האט גילייגט די איי דעם ערשטין טאג יום טוב מעג מען עם עסין דעם אנדערין טאג יום טוב · אבער אז זיא האט עש גילייגט דעם ערשטין טאג ראש השנה · טאר מען עש דעם אנדערין טאג אויך ניט עסין אונ ניט אן

רירין

דירין ׳ אונ אפילו אין איין אנדרין יום טוב ווען דער אנדערר טאג גיפאלט אום שבת טאר מען עש אויך ניט עסין אונ ניט אן רירין ׳ אונ אז דער ערשטער טאג איז גיפאלין אום שבת ׳ טאר מען אויך ניט גיצין דעם אנדערין טאג :

כה ווען עש איז אום יום טוב אראפ גיפאלין אצוויייג פון אבוים טאר מען מיט איר ניט הייצין אדער קאכין :

כו אז עש גיפאלט יום טוב ערב שבת טאר מען ניט קאכין אום שבת סיידין אז מען מאכט איין עירוב תבשילין דהיינו ערב יום טוב פאר נאכט גרייט מען אן אשטיקיל ברויט אדער חלה אונ אשטיקיל גיקאכטע פלייש אזוא גרויש וויא איין כזית ׳ ממילא הייסט עש שוין אז ער האט אן גיהויבין ערב יום טוב צו קאכן אויף שבת ׳ דעם עירוב תבשילין מוז ער אבער בהאלטין ׳ אונ שבת זאל ער אים צוא לייגין צוא דיא מאכלים וואש ער קאכט אויף שבת :

כז דער עירוב תבשילין מעג זיין אשטיקיל פלייש אדער פיש אדער איין איי :

כח דעם עירוב תבשילין מוז מען לייגין איידער מיהאט גיזאגט ברכו ׳ ווארום וויא באלד ער האט שוין גיזאגט ברכו ׳ אדער דער עולם האט שוין גיזאגט ברכו טאר מען שוין ניט מער מאכין קיין עירוב תבשילין ׳ דאש בעסטע איז אבער צוא מאכין בצייטין פאר מנחה :

כט איטליכער בעל הבית מוז מאכין איין עירוב תבשילין ׳ אונ אז צווייא אדער מערער בעלי בתים וואונן אין איין שטוב ׳ מוז איטליכער פאר זיך מאכין איין עירוב תבשילין :

ל ווען איינער האט פאר געסי׳ צוא מאכן איין עירוב תבשילין ׳ מעג ער פון דעסט וועגין יום טוב קאכין אויף שבת ׳ דארום ער איז יוצא מיט דעם עירוב תבשילין וואש דער רב פון דער שטאט האט גמאכט ׳ אבר דר וואש רעט זיך איין אז ער איז יוצא מיט דעם רבס עירוב תבשילין דער איז אפושע׳ אונ ער אדער זיינע לייט טארין ניט קאכין אונ באקין אויף שבת :

לא ווען מיהאט אויף גיגעסין דעם עירוב תבשילין אדער ער איז פאר לארין גווארן איידער מהאט אן גיהויבין פרייטיג צוא קאכין אויף שבת טאר מען ניט קאכן ׳ אבער אז עש איז נאך גיבליבין פון דעם עירוב תבשילין וויא אכזית גרויש מעג מען יוא קאכין :

לב ווען מען מאכט דעם עירוב תבשילין מוז מען מאכין דיא ברכה אונ זאגין בדין יהא שרי אין גאנצין וויא עש שטייט אין סידור אונ ווער עש קאן ניט קיין לשון קודש זאל ער עש זאגין אויף טייטש ׳ אבער ווען ער האט גמאכט דיא ברכה אונ האט ניט גזאגט בדין יהא שרי איז אזו גוט גליך וויא ער האט גאר קיין עירוב תבשילין ניט גמאכט ׳ ווען ער האט אבער יוא גיזאגט בדין יהא שרי נאר ער האט פאר געסין צוא מאכין דיא ברכה ׳ איז ער יוצא מיט דעם עירוב תבשילין :

לג ווען יום טוב גיפאלט דאנערשטיג אונ פרייטיג ׳ אונ ער האט פאר געסין ערב יום טוב צו מאכין איין עירוב תבשילין ׳ מאכט ער דאנערשטיג פאר נאכט איין

עירוב

עירוב תבשילין ווארום איינגנטליך איבער דעם מאכט מען אין חוץ לארץ צוויי טעג יום טוב וייל מען וייש ניט אקוראט וועלכר טאג עש איז דער רעכטער יום טוב· איבר דעם זאל ער אזו זאגין · ממה נפשך איז היינט יום טוב מעג איך דאך גיוויס מארגין קאכין אויף שבת · איז אבר מארגין יום טוב · מעג איך דאך ווידער היינט מאכין איין עירוב תבשילין · אבער ווען ראש השנה גיפאלט דאנרשטיג אונ פרייטיג אונ ער האט ערב ראש השנה פאר געסין צו מאכן איין עירוב תבשילין· טאר ער ניט מאכין דעם ערשטין טאג ראש השנה · ווארום ביידע טעג ראש השנה זיינען גליך אין זייער קדושה · אונ אפילו אין ארץ ישראל איז אויך ראש השנה צוויא טעג

לד תאטשע מיר האבין דא גזאגט אז דר אנדערער טאג יום טוב איז נאר פון ספק וועגין · פון דעסט וועגין איז דער אנדערער טאג אזו הייליג וויא דר ערשטר · אונ עש איז ניט מער קיין חילוק צווישין דעם ערשטין טאג יום טוב אונ דעם אנדערין · נאר ווען עש טרעפט זיך חלילה איין מת אונ מען באהאלט אים דעם ערשטן טאג · טוען נכרים די אלע מלאכות פון דער קבורה אבער אין דעם אנדרין טאג טוען אידין אלע מלאכות פון דער קבורה · ראש השנה האט אויך אין דעם דאזיגן ענין דער אנדערער טאג דעם אייגענם דין וואש דער ערשטער : אז אנכרי בריינגט אייער אום יום טוב אונ רעט זיך לפי תומו אז דיא אייער זיינען שון לאנג גיבארין גיווארין · איז דער דין אזוא וייל ביא אונז אין דער מדינה זיינען גיוואונטליך פיל ביצים · איז אפילו ער בריינגט אום יום טוב נאך שבת מעג מען אויך ניצין· אונ אז אנכרי בריינגט דעם ערשטין טאג פיש אדר פירות אונ עש קאן זיין אז ער האט זייא היינט גהאפט אדר גריסין · טאר מען זייא ביא אים ניט נעמן · מען מעג זייא אבער ביא אים געמען אונ ניצין דעם אנדערין טאג · אבער ראש השנה טאר מען זייא אפילו דעם אנדערין טאג אויך ניט נעמען · האט זייא אבער אנכרי אונ משנע גיבראכט פון דעם אידינם וועגין · טאר ער זייא אין קיין איינציגן יום טוב ניט ניצין אפילו דעם אנדערין טאג :

לה מטאר יום טוב ניט ווייטר גיין וויא איין תחום שבת · ראש הייסט צוויי טויזינט איילין אויש דער שטאט אקוראט וויא שבת :

## נח דינים פון חול המועד ובו י׳ סעיפים

א מען מוז חול המועד הייליג האלטין וויא וויט מיגליך אקוראט וויא יום טוב · אונ דער ווילנער גאון פלעגט ניט וועלין ליידין אז מהאט גזאגט מוצאי יום טוב פון די ערשטע טעג גוט וואך ווארום חול המועד איז ניט קיין וואך נאר יום טוב · איבער דעם מוז מען זיך היטין ניט צו טאן חול המועד אזעלכע מלאכות וואש מדארף זייא ניט גאנץ נייטיג · אדער וואש מען וועט קיין שאדין ניט האבין אז מוועט זיי לאזין אויף נאך יום טוב · אונזער הייליגע גמרא זאגט אז ווער עש איז מבזה דעם חול המועד דאש הייסט ער האלט אים וויא איין וואכין טאג אפילו ער לערינט תורה אונ איז פרום האט ער ניט קיין עולם הבא :

ב צוא האנדלין אום חול המועד איז זיך דר עולם מקיל ווייל דאש איז קיין מלאכה נית · אונ איבר הויפט האבין דיא סוחרים טערמינן צוא צאלין אונ אז ער וועט די עטליכע טעג נית לייזין קאן ער דורך דעם צו שאדין קומען אדער דעם קרעדיט פאר לירין · אבער אייגענטליך נאך דעם דין · איז רעכט מען זאל חול המועד נאר נית האנדלען :

ג מטאר נית לאזין מויערין אום חול המועד · אבער אז עש איז איין גיפאלין אוואנט פון דעם הויז · אונ אז ער וועט עש לאזין אזו שטיין קאן ער האבין אשטארקין שאדין · למשל מוועט אים בגאנבענען מעג ער יוא לאזין מויערין אום חול המועד :

ד אלע מלאכות וואש מען מוז זייא טאן אום חול המועד ווארום ווען ער וועט זייא נית טאן וועט ער דער נאך האבין אגרויסין שאדין מעג ער טאן אום חול המועד אבער אז דער שאדין וועט נית מער זיי נאר וואש עש וועט אים מער געלט קאסטין · למשל ער קאן איצונד האבין פועלים פאר גאנץ וואלוויל אבער נאך יום טוב וועט ער זייא מוזין טייערער צאלין טאר ער נית לאזין ארבעטן אום חול המועד:

ה מטאר זיך נית לאזין אפ שערין דיא האר אום חול המועד אבער איין קליין קינד מעג מען יוא אפ שערין · אונ ביז צום דרייצענטין יאר הייסט ער אלץ קליין :

ו ווען איינער איז ערב יום טוב פאר נאכט ארויש אויש דער תפיסה אדער ער איז גיקומען צו פארין פון אווייטין וועג מעג ער זיך יוא אפ שערין אום חול המועד :

ז איינער וואש איז געזעסין שבעה · אונ יום טוב איז גפאלין זונטיג · אדר דר זיבעטר טאג פון דער שבעה איז אוים גיקומען פונקט שבת האט ער זיך נית גיקענט פרייטיג אפ שערין ווארום פרייטיג איז ערשט געוועזין דער זעקסטער טאג פון שבעה איבר דעם מעג ער זיך יוא אפ שערן אום חול המועד :

ח אייגינטליך טאר מען דאש רוב מלאכות נית טאן חול המועד · נאר ווייל דער עולם איז שוין גיוואונט אלדינג צו טאן אונ איך ווייש אז מוועט מיך נית צו הערן איבר דעם וויל איך נאר נית שרייבין · אבער ווער עש איז אפרומער זאל ער האלטן חול המועד אקוראט וויא יום טוב אונ זאל נית מער טאן נאר אזויגע זאכין וואש מדארף צום עסין אדער וואש ער מוז עש טאן ווארו ווען נית וועט ער האבן אזו איין שאדין וואש ער וועט אים שוין נית קענען פאר בעסערין נאך יום טוב :

ט מען מאכט גיט קיין חתונה אום חול המועד · אבער זיין אייגענע גרושה מעג ער יוא צו ריק נעמין חול המועד · אונ תנאים מעג מען אויך מאכין חול המועד :

מטאר חול המועד נית שרייבין נאר וואס מדארף נייטיג וועגין יום טוב אדער אחשבון וואש מען וועט אים פאר געסין · אונ אז מען שרייבט איין נייטינין בריף מאכט מען דיא ערשטע שורה קרום · כדי עש זאל אנדערש זיין וויא מען שרייבט אין איין וואכין טאג :

## נט הלכות ערב פסח ובו ט׳ סעיפים

א גאנץ חודש ניסן זאגט מען נית קיין תחנון אונ שבת זאגט מען נית קיין אב הרחמים

הרחמים אונ קיין צדקתך צדק · אויך זאגט מען ניט מאנטיג אונ דאנערשטיג דעם יהי רצון נאך דעם לייענען · אבער אל ארך אפים אונ למנצח זאגט מען יוא · אבער ערב פסח זאגט מען ניט קיין למנצח · אין דעם שבת וואש מען בענטשט ראש חודש אייר זאגט מען אב הרחמים · אין דעם גאנצין חודש טאר מען ניט מספיד זיין אונ מזאגט ניט קיין צדוק הדין דאש הייסט הצור תמים פעלו · אונ מען טאר אין אים ניט פאסטין אפילו קיין יארצייט · אבער אתענית חלום פאסט מען יוא אפילו אום ראש חודש אליין · אונ ווער עש האט חתונה אום ראש חודש ניסן פאסט ער יוא · אונ דיא בכורים פאסטין ערב פסח :

ב דיא נאכט פון דעם דרייצענטין אויף דעם פערצעטין טאג אין ניסן דאש הייסט דיא נאכט וואש מארגין וועט זיין ערב פסח · איז מען בודק חמץ מיט אוועקסענע ליכט אבער ניט מיט אחלבנע ליכט · אונ ניט מיט אהבדלה אויך ניט מיט צווייא ליכטלעך צו זאמען גיפלאכטין · אונ אז מען האט יוא מיט זייא בודק גיוועזין מוז מען נאך אמאל בודק זיין נאר מען מאכט ניט קיין ברכה ׃

ג מען מוז בודק חמץ זיין תיכף נאך מעריב · איבער דעם טאר מען ניט אהאלבע שעה אידער עש ווערט נאכט זיך זעצין עסין אדער אין באד אריין גיין אדער אן הייבין אמלאכה צוא טאן אונ אפילו לערנען זאל מען אויך ניט אן הייבין פאר נאכט · אונ אז מען לערינט זאל מען אויף הערין אונ אפ דאווגען מעריב אונ תיכף בודק חמץ זיין אונ נאך מעריב טאר מען ניט עסין ביז מען איז בודק חמץ :

ד מען מוז בודק זיין אין אלע ערטער וואש עש קאן מיגליך זיין אז מיהאט דארט גינעסין חמץ אדער מיהאט דארט גילאזין ליגין חמץ · אפילו דיא האלץ קאמער אונ דיא קעלערש וואש דיא שיינקערש האבין דרינען ווייין אונ מעד מוז מען אויך בודק זיין ווארום עש קאן זיין אז דיא דינסט אדער דער משרת איז דארטין אמאל אריין גיגאנגען מיט ברויט אין דער האנט · אונ דארט וואו עש שטייט אשטייג מיט עופות אונ עש שטייט פאר זייא איין כלי מיט גיווייקטין האבער אונ גע שטין מוז מען אויך בודק זיין ווארום בשעת אז זייא עסין פאלין אראפ קערנער אויף דער ערד · אונ דאש איז דאך רעכטער חמץ ווארום עש איז דאך גיווייקט אין וואסער · אויך אין דער שול אדער אין בית המדרש אדער אין קלויז מוז דער שמש בודק חמץ זיין :

ה אסייל מענטשין זיינען זיך נוהג אז מען לייגט פריער עטליכע שטיקלאך ברויט דארטין וואו מען איז בודק חמץ · ווארום טאמער איז דארטין ניט דא קיין אנדערע חמץ וועט עש דאך זיין אברכה לבטלה · דאש איז אבער ניט נייטיג · (פון דעסט וועגין זאל קיינער ניט משנה זיין דעם מנהג ווארום דאש איז על פי סוד אונ אזו האט זיך דער הא״י הקדוש נוהג גיוועזין) · ווארום אויף יעדען פאל וועט ער דאך מארגין פאר ברענען דעם חמץ וואש עש וועט אים איבער בלייבין · גייט די ברכה אויף מארגין ווארום דאש בודק זיין איז דאך צום פאר ברענן · איבער הויפט טאר מען

זיך ניט פאר לאזין אויף דעם אליין · נאר מען מוז טאקע אין אמת זוכין איבעראל אונ צו נויף שארין דעם חמץ :

ו איידער ער הייבט אן בודק צו זיין · מאכט ער דיא ברכה על ביעור חמץ אונ נאך דער ברכה מוז ער תיכף בודק זיין אונ ער טאר ניט ריידין · אונ אז ער האט יוא גירעט מוז ער נאך אמאל מאכין די ברכה · אבער אז ער האט גירעט אזעלכע רייד וואס ער דארף צום בודק זיין למשל דאש ליכט איז פאר לאשין גיווארין · האט ער עש גיהייסין אן צינדין דארף ער ניט מאכין נאך אמאל דיא ברכה · אונ אז ער האט גירעט אין מיטין בודק זיין · דארף ער אויך ניט מאכין נאך אמאל די ברכה · אבער עש איז רעכט מזאל זיך היטין קיין איינציג ווארט ניט צו ריידין ביז נאך דעם בודק זיין :

נאך דעם בודק חמץ זיין זאל ער זאגין כל חמירא וויא אין סידור שטייט · אונ ווער עש פאר שטייט ניט קיין לשון הקודש זאל זאגין אויף טייטש · אלערלייא חמץ אדר זויער טייג וואש אין מיין רשות איז דא · זאל זיין הפקר אונ זאל גירעכינט זיין גאר אזו וויא דיא ערד אויפין גאס :

ה מיט איין ברכה מעג ער בודק זיין אין פיל הייזער :

ט מען מעג מאכין איין שליח ער זאל בודק חמץ זיין · אבער עס איז מער מצוה איטליכער בעל הבית זאל פאר זיך אליין בודק זיין :

י איידער ער איז בודק · זאל ער באהאלטין אויף איין ארט דאש גאנצע חמץ וואש ער דארף אויף מארגין פריא צום עסין :

יא אז ער האט פאר געסין ביי דער נאכט בודק חמץ צוא זיין · זאל ער בודק זיין ערב פסח אין דער פריא · אונ חאטשי עס איז טאג זאל ער בודק זיין מיט אוועקסענע ליכט אזו וויא ביי נאכט :

יב ערב פסח פאר מיטאג טאר מען ניט עסין קיין חמץ מער נישט ביז אדריטיל טאג · למשל עש ווערט טאג זייגער פינף אונ עש ווערט נאכט נאך זייגער זיבין · טאר מען ניט מער עסין חמץ נאר ביז ערך האלב צעהען · אונ אזו בארעכינט מען תמיד נאך דעם וויא גרויש דער טאג איז ווערט אויך גירעכינט אדריטיל טאג פון דער צייט וואש עש ווערט טאג · אונ דיא צייט צוא פאר ברענען חמץ איז ביז איין שעה נאך דעם · מען מאכט אבזונדער פייער אונ מען פאר ברענט חמץ אונ מען זאגט כל חמירא · אויך מעג ער הנאה האבין פון חמץ ביז איין שעה נאך דעם דריטיל טאג דאש הייסט ער מעג עס פאר קויפין צוא אנכרי אונ ער מעג עש געבין צוא עשין דיא בהמות אדער עופות · נאר ער מוז שטיין ביז זייא עסין אויף · כדי עס זאל ניט איבער בלייבין דער פון אום פסח · דער עולם איז זיך שלעכט נוהג וואש מען גיט קינדער דעם חמץ צוא פאר ברענען זייא זיינען ניט יוצא דיא מצוה פון שריפת חמץ דארום זאל יעדער ערליכער איד אליין פאר ברענען דאש חמץ מקיים צוא זיין דיא מצוה :

יג ווען דער ערשטער טאג פסח גיפאלט זונטאג · איז דאך שבת ערב פסח · איז

מען

מען דאנערשטאג ביא נאכט בודק חמץ אונ מען מאכט דיא ברכה אונ מען זאגט כל חמירא · אונ פרייטאג אין דער פריא זייגער עלף פאר ברענט מען דעם חמץ אונ מען זאגט ניט כל חמירא · אבער שבת אין דער פריא נאך דעם עסין זאגט ער כל חמירא · אונ אויף דעם שבת מאכט מען ניט קיין לאקשין אונ קיין קוגיל ווארום עס בלייבט דער פון אן גיקלעפט טייג אין טאפ · אונ מיטאר עש דאך ניט אויש ווישין אום שבת וועט דאך בלייבין חמץ אום פסח · אבער אז ער האט ניט גיוואוסט דער פון אונ האט גימאכט לאקשין אדר אקוגיל · זאל ער גוט אוים ווישין דעם טאפ מיט דיא פינגר : אין דעם דאזיגין שבת דאווינט מען גאנץ פריא כדי מען זאל באצייטין אפ עסין · אונ מען טיילט דאש עסין אויף צווייען מען עסט העלפט אונ מען בענטשט אונ מען רוהט זיך אביסל אפ · דער נאך וואשט מען זיך נאך אמאל אונ מען עסט ווידער כדי מען זאל מקיים זיין שלש סעודות :

יד איטליכער בכור מוז פאסטין ערב פסח · אונ אז שבת איז ערב פסח מוז ער פאסטין דאנערשטאג · אבער אסעודת מצוה · למשל איין ברית מילה אדר אפדיון הבן אדער אסיום מעג ער עסין :

טו ערב פסח פון זייגר צוועלף אן טאר מען שוין ניט קיין מלאכה טאן אבער איינר וואש מוז זיך פאר דינגען אויף עסין מעג ארבעטין ביז פאר נאכט :

טז ערב פסח טאר מען ניט עסין קיין מצה · אבער קניידלאך אדר חרעמזלך מעג מען עסין אין דר פריא ביז זייגר צוויא אבער נאך זייגר צוויא ביז נאכט טאר מען ניט עסין אפילו קיין קניידלך אונ קיין חרעמזלך · נאר מען מעג עסין פלייש אונ פיש אונ פירות · אבער אלץ ניט פיל כדי מיזאל קענען ביא דער נאכט עסין מיט אפעטיט :

## ם הלכות פסח ובו ל״ד סעיפים

## דינים פון פסח

א דער איסור פון חמץ אום פסח איז זייער גרוים · אונ חוץ וואש מיטאר ניט עסין קיין חמץ · טאר מען אויך קיין הנאה ניט האבין פון חמץ אום פסח :

ב חמץ פון אידין וואש עש איז גיבליבין איבר פסח אונ ער האט עס ערב פסח ניט פאר קויפט מוז ער עס ווארפין אין אוואסער אריין אדער אין אקאנאל אריין אדר ער פאר ברענט עש · אונ טאר אפילו פון דעם אש קיין הנאה ניט האבין :

ג מען מעג דאש חמץ פרקויפין אפילו זיין אייגענעם נכרי וואש ער איז זיין משרת · נאר דאש פאר קויפין מוז זיין מיט אקאנטראקט אונ ער מוז ביא דעם נכרי נעמען האנד געלט ער מוז איבער געבין דעם נכרי דעם שליסל פון דעם חדר וואש דאס חמץ איז דרינען · אונ אז ער האט פיל ערלייא מינים חמץ מוז ער אויש שרייבין אין קאנטראקט איטליכם מין וואש ער האט · אויך מוז שטיין אין קאנטראקט פאר וויא פיל געלד ער פאר קויפט עס אים · אויך מוז ער אים פרקויפין דעם חדר וואש דיא חמץ איז דרינען · אונ אז דער חדר איז ניט זיינער נאר ער האט עם גדונגען

מוז ער עס דעם נכרי פאר דינגען · אונ ער טאר ניט אויש נעמען קיין תנאי מיט דעם נכרי אז ער וועט עס בייא אים צוריק אב קויפין נאך פסח · אבר ער מעג אים צו זאגין אז ער וועט עס צוריק אויש קויפין נאך פסח אונ וועט אים געבין מעהער וויא פיל עש קאסט אים · אונ אז ער האט מורא דער נכרי זאל ניט אוועק גנבענען דיא חמץ · מעג ער שפעטער נאך דעם פאר קויפין אויף היינגען זיין שלאס אדער פאר חתמענען דאש חדר וואש דאש חמץ איז דרינען · אונ אז ער האט ניט געקאנט שרייבין אונ האט פאר קויפט דאש חמץ אן אקאנטראקט נאר ער האט גינומען האנד געלט איז ער יוצא · דיא הויפט זאך איז דאש פאר קויפין פון דיא חמץ זאל ניט זיין אפ צוא נארין נאר מיט דעם גאנצין הארצין · מען מוז אין זינען האבין אז מען גיט די חמץ אין גאנצין אוועק אונ ער פאר קויפט עס אזו וויא יעדר אנדערע זאך וואש מען פאר קויפט אגאנץ יאר ׃

ד איין מומר אדר איין מומרת אדער דעם זון פון אמומרת וואש זיא האט אפילו פון אנכרי טאר מען ניט פאר קויפין קיין חמץ ווארום אזוא גוט וויא אאיד טאר פסח קיין חמץ ניט האבין אזוא טארין אויך מומרים קיין חמץ ניט האבין אונ אז זייא האבין עס יוא טאר דער איד דער פון קיין הנאה ניט דאבין ׃

ה דיא צייט פון חמץ פאר קויפין איז ביז ערב פסח זייגער עלף פאר האלבין טאג אבר ווען ער האט פאר געסין זייגער עלף צוא פאר קויפין מעג ער עס פר קויפין ביז זייגער צוועלף · אבר שפעטער העלפט שוין ניט ׃

ו מיטאר ניט איבר געבין דיא בהמות צוא אנכרי ער זאל זייא געבין צו עסין אום פסח · ווען ער ווייסט אז דער נכרי גיט זייא חמץ צוא עסין איבער דעם מוז מען דעם נכרי פאר קויפין דיא בהמות מיט אשטר מכירה אזוא וויא מען פאר קויפט חמץ · אונ איבר דעם מתין זיך דיא פערד סוחרים דאש גוט אין זינען אריין נעמען ווארום פיל דינגען אנכרי ער זאל פוטרין דיא פערד מיט קלייען אין וואסער אונ דאש איז אגרויסע עבירה איבער דעם זאלין זייא ערב פסח פאר קויפין דעם גאנצין שטאל מיט דיא פערד דעם נכרי · אונ זייא זאלין זיך גאר ניט מישין צו דיא פערד ביז איבער פסח ׃

ז ווער עס האט אברייא הויז אדר אדיסטעלאציע אדר אמיל מוז ער זייא פאר פסח פאר קויפין אנכרי ׃

ח ווער עס האט חמץ אונטער ווענינס · למשל ער האט אוועק גישיקט עטליכע פעסר בראנפין מעג ער עס אויך אין דער היים פאר קויפין אנכרי אונ חוץ דעם מוז ער עס מפקיר זיין פאר דרייא אידין דאש הייסט ער זאגט דאש איז הפקר וויא ערד פון דער גאס ׃

ט ווער עס ריכט זיך עס זאל אום פסח אים אן קומן חמץ פון דער פרעמד אונ ער וועט מוזין צאלין דער פאר אקציז אונ פראכט זאל ער עס פאר קויפן אנכרי אויף דעם אופן אז דער נכרי זאל צאלין דיא פראכט אונ דעם אקציז · אונ חוץ דיא מכירה זאל ער עש אויך מפקיר זיין ׃

י אאיד טאר ניט ערב פסח נאך מיטאג אדר חול המועד איין קויפין חמץ פון אנכרי ווען אפילו עש איז פאר דעם נכריש געלד טאר ער אויך ניט :

יא אאיד טאר ניט פסח זיין אשומר בייא חמץ וואש ער גיהער צוא אנכרי · אונ מכל שכן אז ער טאר ניט זיין קיין שומר בייא חמץ וואש עש גיהערט צו אאיד · אונ וייל דעם חמץ פאר קויפין איז דער איסור זייער הארב זאל זיך קיינער ניט פאר לאזין אויף דיא גידרוקטע שטר מכירות ווארום זייא האבין נאר קיין ווערדע ניט נאר מען זאל גיין צוא איין תלמיד חכם וואש ער איז בקי אין דיא דינים אונ לאזין שרייבין אשטר מכירה :

יב אלערלייא ערדענע טעפ פארצעלייענע אונ גלעזערנע כלים וואש מיהאט אין זיי גיניצט חמץ העלפט זיי ניט קיין כשרין אונ מיטאר זיי ניט ניצין נאר פר קויפין :

יג כלים פון האלץ אדר מעטאל · אדער ביין · למשל לעפיל מעסערס גאפלען אונ דעם גלייכין וואש מען האט מיט זייא גיניצט חמץ · כשרת מען זייא אונ מען מעג זייא ניצין :

יד פאר דעם כשרין מוז מען זייא גוט אפ פוצין אונ אז עס איז דא גריבליך אין דר כלי מוז מען די גריבלאך גוט אויש ריינגין אונ אז עס איז איין אייזערנע אדר אקופ רנע כלי מוז מען פריער גליען די גריבלאך אונ דער נאך כשרין · אונ זילבערנע מעסערס מוז מען אראפ נעמען דיא שטילין · דעם קלינג גליט מען · דער נאך כשרת מען אים אונ דעם שטיל כשרת מען · אז מען לאזט שלייפין דעם קלינג אונ דר נאך כשרת מען אים איז אויך גינוג · אבער ווען עס שטייען אין אים אויש גיקריצט אותיות אדער עס איז אין אים דא גריבלאך מוז מען אויך דעם ארט גליען :

טו אזו אכלי וואש זיא ווערט פאר דארבין דורך דעם כשרין טאר מען ניט כשרין ווארום ער ווערט דאך גיווים זיא ניט כשרין אקאראט וויא מען דארף כדי זיא זאל ניט פאר דארבין ווערין :

טז אזעלכע כלים וואש מען ניצט זייא אין פייער למשל אייזערנע טעפ אדר פאנען אדער בעקינס וואש מען באקט אין זייא קוכינס מוז מען זייא גליען אין פייער אונ דער נאך כשרין אונ דאש הענטיל פון דער כלי מוז מען אויך גליען אונ כשרין :

יז דער דעק פון דער כלי האט אין זיך דעם אייגענעם דין וויא דיא כלי אליין למשל אצודעק פון איין אייזערנעם טאפ מוז מען אזו גוט גליען אונ כשרין וויא דעם טאפ אונ וויא באלד מען האט דעם צו דעק ניט גיגליט אונ מען האט פסח מיט איר צוא גידעקט דעם טאפ בייא דער קיך מוז מען דאש גאנצע גיקעכץ פון טאפ ארויס ווארפין :

יח אכלי וואש מען מוז זיא גליען אונ מען האט זיא ניט גיגליט נאר גיכשרת טאר מען זיא אום פסח ניט ניצין צוא ווארעמע זאכין נאר צוא קאלטע זאכין :

יט אשטייסיל וואש מען שטויסט דרינען ניט מער נאר קאווע אדער פעפער אדער זאפרין אדר אנדרע בשמים איז גינוג צוא כשרין אבר ווען מע שטויסט דרינען קנאביל מיט שטיקלאך ברויט מוז מען עש גליען אונ דער נאך כשרין :

כ דאש האק מעסר מוז מען גליען :

כא אמעד פאס אז מען כשרת איר מעג מען דרינען איין זייערין בוריקעס אדער מען מעג עס ניצין צוא עפיס אנדערש אבער דאש כשרין מוז זיין אזוא · מען צוא גליט אכשר שטיין אונ מען לייגט אים אין פאס אריין אונ מען גיסט אריין זודיגע וואסער אונ מען גייט איבער מיט דעם שטיין ארום אונ ארום כדי עש זאל אומעטום גיכשרת זיין :

כב טישן אונ ביינקליך כשרת מען אויך אזו · מען גיסט אויף זיי זידענדיגע וואסר אונ מען גייט איבער מיט אצוגליטין כשר שטיין :

כג אדרייפוס מוז מען גליען :

כד מען מוז איטליכע כלי בזונדער כשרין אונ מיטאר ניט אריין לייגין איין כלי אין דער אנדרע כדי מיזאל ביידע כשרין אויף איין מאל :

כה איטליכע זאך וואס מען כשרת מוז פריער זיין ריין אב גיוואשין אונ דער נאך מוז זיא שטיין וויינעכטינס איין מעת לעת דאש הייסט פיר אונ צוואנציג שעה ניט גיניצט ביז צום כשרין · אונ דער עולם איז זיך נוהג נאך דעם כשרין וואשט מען אפ די גכשרתי זאך מיט קאלטע וואסער :

כו די צייט פון כשרין איז פר ערב פסח ביז פאר מיטאג זייגר עלף :

כז ווען מען גיט פסח דיא עופות צוא עסין ווייץ אדר האבר אדער גערשטין מוז מען זעהן אז דארטין וואו מען לייגט עש אנידער זאל ניט נאס זיין · ווארום וויא באלד עש ווערט פייכט איז עש איין רעכטר חמץ אונ מכל שכן אז מיטאר זייא ניט געבין צו עסין גיווייקטע התבואה · אונ קלייען טאר מען זייא גאר ניט געבין אפילו טרוקענע אויך ניט :

כח דאש זאלץ וואש מען וויל פסח ניצין טו מען פאר פסח גוט איבר זעהן עש זאל קיין קערינדיל ניט זיין אין דעם :

כט מען טאר פסח ניט עסין קיין ארבעס אדער באבעס אדר לינזן אדר הירז אדער רייז אונ ניט קיין שום מאכל וואש איז גימאכט אויש דיא מינים :

ל אויך טאר מען פסח ניט עסין קיין פייגין אדער ראזינקעס אדער פאמעראנצין שאלעכץ אדער זאפ׳ען אדר נעגליך׳ אויך טאר מען ניט עסין טרוקענע פלוימען אדער בערנעס אדר עפיל טרוקענע נאר ווען עש איז א יף זיי דא איין הכשר בריף :

לא דיא וואסער וואס מען קנעט דער מיט דיא מצות מוז זיין גאנץ קאלט · איבער דעם מוז מען עש אן שעפין פאר נאכט אונ עס זאל שטיין איבר נאכט אין איין קאלטין ארט אונ אין דער פריא זאל ער עש באנוצין צום קנעטין אונ דאס מוזט ווישין אז עש מוז שטיין נאך דעם שעפין צוועלף שעה אונ ער זאל ניט לאזן אנכרי זאל עש אן שעפין נאר איין יהודי מוז עש אן שעפין :

לב מען מוז זעהן צוא קנעטין קליינע שטיקער טייג אויף דיא מצות אונ העכסטינס מעג עש גרויש זיין וויא פון דרייא קווארט מעהל אבער גרעסער פון דרייא קווארט טאר עש בשום אופן ניט זיין :

מיטאר

לג ביטאר ניט לאזין ליגין די טייג אפילו איין מינוט ניט גיקנעטין אדר גיוועלגרט ׃
לד אז דיא טייג איז צו שיטער טאר ער ניט צו שיטין מעהל דער צוא ׃

## סא סדר ליל פסח ובו ט׳ סעיפים
## דינים פון דעם סדר

א אגאנץ פסח איז בייא דעם מענטשין דיא ברירה ׳ וויל ער עסט ער מצה ׳ וויל ער ניט ׳ עסט ער ניט ׳ אבער ביידע ערשטע נעכט פון פסח מוז ער עסין מצה ווייניגסטינס אזו גרויש וויא איין כזית דאש הייסט אזו גרויש וויא אהאלבע איי ׳ אונ איין אלטער אדער אקראנקער וואש ער קען ניט עסין דיא טרוקנע מצה מעג ער איר איינווייקין אביסל אין וואשר ׳ אונ אז ער קען ניט לידין גיווייקטע מצה אין וואשער מעג ער איר איין טונקען אין ויין אדער אין מעד ׳ אונ מאכט אויף דעם דיא ברכה המ ציא ׃

ב ערב פסח פאר נאכט מאכט מען צוא רעכט דעם סדר מיט שיינע טישטיכער אונ ריינע כוסות אונ אנדרע שיינע כלים ׳ אונ מען שטעלט אויף דעם טיש דיא קערה ׳ דאש הייסט מען לייגט אויף אגרויסין טעלער דרייא מצות אונ מען דעקט איבער זייא מיט אטישטוך ׳ אונ פון אויבין לייגט מען חרוסת אין דער רעכטער זייט אונ אויף דיא חרוסת דיא זרוע ׳ אונ כרפס דאש הייסט גרינם פון פעטרישקע אדר אנאנדער גרינם אין דער לינקער האנט ׳ אונ אויף דיא כרפס לייגט מען דיא איי ׳ אונ מרור מיט חריין אין מיטין ׳ אונ דיא זאלץ וואשער מוז מען אן גרייטין פאר נאכט ׳ אבר אז ער האט פאר געסין זאל ער בייא דער נאכט אן גיסין דיא וואסער פריער אונ דער נאך זאל ער אריין שיטין די זאלץ ׃

ג תיכף וויא ער קומט אהיים פון שול טוט ער זיך אן דעם קיטל אבר איין אבל זיצט אויף דעם סדר אן קיטל ׳ אונ ער גיסט אן דיא כוסות אדר אנאנדערער זאל זייא אן גיסין ׳ אונ דער בעל הבית מאכט קידוש איבער ויין אן גילעהענט אויף דר לינקער זייט אונ עש איז מער מצוה צו האבין רויטין ויין אונ אז ער האט ניט קיין גוטין ויין מעג ער מאכין איבר ראזינקע ויין ׳ אונ אז ער האט ניט קיין ראזינקע ויין מעג ער נעמען מעד אויף ארבע כוסות ׳ דאש איז אבער נאר פאר נויט ווארום דר עיקר מצוה איז נאר צוא האבין גוטין ויין אויף ארבע כוסות ׃

ד נאך דעם קידוש וואשט ער דיא הענט אונ מאכט ניט קיין ברכה אונ ער נעמט אשטיקיל גרינם פון פעטרעשקע אדער איין אנדער גרינם אונ טונקט איין אין זאלץ וואסער אדער אין עסיג אונ מאכט בורא פרי האדמה אונ עסט עש אונ טיילט ארום צוא אלע ׳ דער נאך צוא ברעכט ער די מיטעלסטע מצה אויף צווייא שטיקער דיא קלענערע שטיק לאזט ער ליגין אויף דער קערה אונ די גראשערע שטיק לייגט ער אונטערין קישין פאר איין אפיקומן ׳ דער נאך נעמט מען אראפ דיא זרוע מיט דיא איי מיט דיא אנדרע זאכין פון דער קערה נאר דיא מצות בלייבין ליגין אונ ער הייבט אויף דיא קערה אונ זאגט הא לחמא אונ דיא אנדרע וואש זיצין בייא דעם

טיש העלפין אים אויך אויף הייבין דיא שיסל · דער נאך גיסט מען ווידער אן זיא כוסות אונ אקינד אדר אנאנדערער זאגט מה נשתנה · דר נאך זאגט מען עבדים היינו אין דער הגדה ביז גאל ישראל · אונ עש איז זייער רעכט אז דיא ווייבר זאלין אויך זאגין דיא הגדה אויף טייטש אדער זייא זאלין ווייניגסטינס צוא הערין · נאך גאל ישראל טרינקט ער דעם אנדערין כוס · דער נאך וואשט מען זיך צום עסין אונ מען מאכט דיא ברכה על נטילת ידים דער נאך מאכט ער איבער די אויבערשטע מצה דיא ברכה המוציא אונ איבער דיא האלבע מצה מאכט ער דיא ברכה על אכילת מצה אונ ברעכט אפ פון ביידע פון איטליכר אכזית אונ עסט בהסיבה אונ אלע וואש ביא דעם טיש עסין אויך פון ביידע אונ מאכין ביידע ברכות · דער נאך נעמט ער אשטיקיל מרור דאש הייסט שלאטין אדר אן גריבענע חריין גרויש וויא אכזית אונ טונקט איין אין חרוסת · אונ שאקילט אבער תיכף אפ דער פון דיא חרוסת אונ מאכט על אכילת מרור אונ עסט עש מיט הסיבה · די חרוסת מאכט מען פון נים אונ עפיל אינ צימרונג אונ מוז דיק גיהאקט ווערין · אונ בשעת מען וויל איינטונקן גיסט מען אריין אביסל וויין · שבת טוט ער פאר קערט ער טוט אריין די חרוסת אין אביסיל וויין · דער נאך ברעכט ער אפ אכזית פון די דריטע מצה אונ נעמט אכזית אנגריבענעם חריין אונ זאגט זכר למקדש כהלל אונ עסט ביידע צו זאמן · דער נאך עסט מען אונ מען טרינקט וויא פיל מען וויל אבר אליץ אן גילעהנט ווארום דר גאנצר סדר מוז זיין אן גילענט אויף דר לינקער זייט · נאך דעם עסין עסט מען דעם אפיקומן אונ מען מוז זעהן פארטיג צוא ווערין מיט דעם עסין פאר האלבע נאכט דאש הייסט פאר זייגער צוועלף · ווארום מיטאר ניט עסין דעם אפיקומן נאך זייגער צוועלף אונ צווישן דעם אפיקומן אונ דעם בענטשין טאר מען ניט עסין אונ ניט טרינקן :

ה אז ער האט פאר געסין צוא עסין דעם אפיקומן אונ האט זיך אבער באלד דער מאנט עסט ער אים באלד אונ דארף ניט מאכין המוציא · אבר אז ער האט שוין גיבענטשט אונ האט נאך ניט גימאכט דיא ברכה איבר דעם כוס וואשט ער זיך נאך אמאל אונ מאכט המוציא אונ עסט דעם אפיקומן אונ בענטשט נאך אמאל אונ מאכט אברכה איבער דעם כוס · אבער אז ער האט זיך ערשט דר מאנט ווען ער האט שוין גיטרונקען דעם כוס · איז דר דין אזו · אז ער איז ניט גיוואנט דעם גאנצין יאר צוא טרינקען תמיד אכוס נאך דעם בענטשין זאל ער זיך וואשין אונ מאכין המוציא אונ עסין דעם אפיקומן אונ ער בענטשט נאך אמאל אן אכוס · אבר אז ער טרינקט תמיד אכוס נאך דעם בענטשין · ווערט ער דאך מוזין באלד אויך טרינקען ווערט דאך דאש שוין זיין דער פירטער כוס · אונ שפעטר מוז ער דאך נאך איין כוס טרינקן ווערט שוין זיין פינף כוסות · אונ דער דין איז מען טאר ניט מער טרינקן נאר פיר כוסות איבער דעם זאל ער ניט מער עסין דעם אפיקומן · אונ אז ער איז פאר לארין גיווארין זאל ער עסין איין אנדער שטיקל מצה אזוא גרויס וויא אכזית שטאט דעם אפיקומן :

ו נאך דעם אפיקומן גיסט מען אן דעם דריטין כוס אונ מען וואשט זיך מיט מים

אַחֲרוֹנִים אוּנ מֶען בֶּענְטְשְׁט · נָאךְ דֶעם בֶּענְטְשֶׁין טְרִינְקְט מֶען דֶעם דְרִיטִין כּוֹס דֶער נָאךְ גִיסְט מֶען אָן דֶעם פֶערְטִין כּוֹס אוּנ חוּץ דֶעם גִיסְט מֶען אָן דֶעם כּוֹס שֶׁל אֵלִיָּהוּ · אוּנ מֶען עֶפִינְט דִי טִיר אוּנ מֶען זָאגְט שְׁפוֹךְ חֲמָתְךָ · אוּנ אַז מֶען לָאזְט אוֹיס מִתַּחַת שְׁמֵי יְיָ מַאכְט מֶען צוּא דִיא טִיר · אוּנ מֶען זָאגְט לֹא לָנוּ אוּנ וַויימֶער וְוִיא עֶס שְׁטֵייט אִין דֶער הַגָּדָה · אוּנ מֶען טְרִינְקְט דֶעם פֶערְטִין כּוֹס אוּנ מֶען מַאכְט דִיא גְרוֹישֶׁע בְּרָכָה אַחֲרוֹנָה · אוּנ נָאךְ דֶעם פֶערְטִין כּוֹס טָאר מֶען שׁוֹין נִיט טְרִינְקֶען קֵיין וויין אוּנ קֵיין אַנְדֶערֶע מַשְׁקֶה · נָאר וַואסֶער מֶעג מֶען יוֹא טְרִינְקֶען אוּנ דִיא אַנְדֶערֶע נַאכְט מֶעג מֶען לַאקְרֶעץ אוֹיךְ טְרִינְקֶען :

ז אֵיין טֵייל מֶענְטְשִׁין זָאגִין שִׁיר הַשִּׁירִים נָאךְ דֶר הַגָּדָה · אוּנ דֶער מִנְהָג אִיז אַז מֶען זָאגְט בֵּיידֶע נֶעכְט פוּן פֶּסַח פַאר דֶעם שְׁלָאפִין נִיט מֶער נָאר דִיא עֶרְשְׁטֶע בְּרָכָה פוּן קְרִיאַת שְׁמַע · דָאשׁ הֵייסְט הַמַּפִּיל חֶבְלֵי שֵׁנָה אוּנ אֵל מֶלֶךְ נֶאֱמָן שְׁמַע יִשְׂרָאֵל דִיא גַאנְצֶע עֶרְשְׁטֶע פַּרְשָׁה בִּיז וּבִשְׁעָרֶיךָ · דֶער נָאךְ זָאגְט מֶען בְּיָדְךָ אַפְקִיד רוּחִי בִּיז לְעוֹלָם וָעֶד אוּנ שׁוֹין נִיט מֶער :

ח אִיטְלִיכֶר אִיד הֵן אַזָכָר הֵן אַנְקֵבָה מוּז טְרִינְקֶען יֶעדֶער סֵדֶר נַאכְט פִיר כּוֹסוֹת · אוּנ אִיטְלִיכֶער כּוֹס מוּז זַיין אַזוֹ גְרוֹישׁ וְוִיא דֶער כּוֹס פוּן קִידוּשׁ דָאשׁ הֵייסְט צוּם וֵויינִיגְסְטִין אֵיין קְרוּצָאק :

ט עֶס אִיז זֵייעֶר רֶעכְט מֶען זָאל הָאבִּין צוּ יֶעדֶער מָאל צַיים וואשׁ מען עֶסְט פֶּסַח צְווייא מַצּוֹת שְׁמוּרָה :

## קב דִינִים פוּן סְפִירַת הָעוֹמֶר אוּנ אִין אִים אִיז זִיבִּין סְעִיפִים :

א דִיא אַנְדֶערֶע נַאכְט פוּן פֶּסַח הֵייבְּט מֶען אָן סְפִירָה צוּא צֵיילִין :

ב דִיא מִצְוָה פוּן סְפִירָה צֵיילִין אִיז תָּמִיד אָן הֵייבּ נַאכְט וֶוען שְׁטֶערִין שְׁטֵייעֶן תֵּיכֶף נָאךְ מַעֲרִיב פַר עָלֵינוּ · אוּנ אַז עֶר הָאט קֵיין צַייט נִיט אִיז צַייט דִי גַאנְצֶע נַאכְט אוּנ אַז עֶר הָאט פַאר גֶעסִין בֵּייא דֶער נַאכְט צוּא צֵיילִין זָאל עֶר צֵיילִין אִין דֶער פְרִיא אָן אַבְּרָכָה · אוּנ בֵּייא דֶער נַאכְט צֵיילְט עֶר מִיט אַבְּרָכָה · אָבֶער אַז עֶר הָאט בֵּיי טָאג אוֹיךְ נִיט גִיצֵיילְט צֵיילְט עֶר שׁוֹין פוּן דֶעמָאלְט אָן אַלֶע נַאכְט אָן אַבְּרָכָה :

ג דֶער עִיקָּר מִצְוָה אִיז צוּ צֵיילִן סְפִירָה שְׁטֵייעֶנְדִיג · אָבֶער אַז עֶר הָאט פַאר גֶעסִין אוּנ הָאט סְפִירָה גִיצֵיילְט זִיצִינְדִיג אִיז עֶר אוֹיךְ יוֹצֵא :

ד אַז אֵיינֶער פְרֶעגְט דֶעם אַנְדֶערִין בֵּייא טָאג וְוִיא פִיל עֶס וֶועט הַיינְט בֵּייא נַאכְט זַיין אִין דֶער סְפִירָה מֶעג עֶר אִים זָאגִין · אָבֶער אַז עֶר פְרֶעגְט אִים פַאר נַאכְט צְווִישִׁין טָאג אוּנ נַאכְט זָאל עֶר אִים נִיט זָאגִין וְוָארוּם וְוִיא בַּאלְד עֶר זָאגְט אִים טָאר עֶר שׁוֹין בֵּייא דֶער נַאכְט נִיט מֶער קֵיין בְּרָכָה מַאכִין אִיבֶּער דֶעם סְפִירָה צֵיילִין · אִיבֶּער דֶעם זָאל עֶר אִים זָאגִין נֶעכְטִין אִיז אַזוֹ פִיל גִיוֶועזִין אִין דֶר סְפִירָה פוּן דֶעם ווייש שׁוֹין יֶענֶער וְוִיא פִיל הַיינְט וֶועט זַיין :

ה וֶוען עֶר הָאט זִיךְ טוֹעֶה גִיוֶועזִין · לְמָשָׁל עֶר הָאט גִיזָאגְט הַיּוֹם חֲמִשָּׁה יָמִים אוּנ עֶר הָאט בַּדַארְפְט צוּ זָאגִין אַרְבָּעָה יָמִים · חָאטְשֶׁע עֶר הָאט טַאקֶע אִין זִין גִיהָאט

צוא

צווא זאגין ארבעה ימים נאר ער האט אין מיטין פאר געסין אונ האט גזאגט חמשה · מוז ער נאך אמאל ציילין אן אברכה · אבער אז עס האט גידויערט עטליכע מינוט איידער ער האט זיך דער מאנט מוז ער נאך איינמאל מאכין דיא ברכה :

ו גאנץ ספירה מאכט מען ניט קיין חתונה אונ מען טאר ניט לאזין שפילין · אויך טאר מען זיך ניט אפשערין דיא האר אונ ניט גאלין · אבער ראש חודש אייר אונ ל״ג בעומר אונ פון ראש חודש סיון ביז שבועות מעג מען יוא מאכין חתונה אונ שפילין אונ שערין זיך אדער גאלין :

ז דיא ערשטע נאכט שבועות מוז מען ערשט דאוונען מעריב ווען עס שטייען שוין שטערין ווארום עס שטייט אין דער תורה שבע שבתות תמימות תהיינה · דיא זיבין וואכין פון פסח ביז שבועות מוזין זיין גאנץ עס טאר פון זייא ניט פעלין איין איינציגע מינוט :

# סג הלכות תענית צבור ובו כ״ה סעיפים

## דינים פון תעניתים

עס זיינען דא גיוויסע טעג אין יאר וואס דער איד דארף אין זייא וויינען אונ טרויערין אונ זיך פייניגין ווייל אונזערע עלטערין האבין אין זייא פיל צרות גיליטין אונ דאס גאנצע גלות האט זיך פון זייא אן גיהויבין · דיא דאזיגע ביטערע טעג זיינען ערשטענס צום גדליה ווארום וויא נבוכדנצר האט איין גינומען ירושלים האט ער גימאכט דעם צדיק גדליה בן אחיקם ער זאל אונטער אים הערשין איבער אידין · עס זיינען אבער גקומען עטליכע רשעים אונ האבין דעם גדליה טויט גשלאגן · דורך דעם איז נבוכדנצר דער צארינט גיווארין איבער אידן אונ האט אלע פאר טריבין אויש דעם היילינגין לאנד קיין בבל אונ ער האט אויך פיל טויזינט אידין אום גיבראכט · דער אנדערער ביטערער טאג איז עשרה בטבת אין דעם דאזיגן טאג האט נבוכדנצר אן גיהויבין ירושלים צו באלעגערין אונ ער האט ניט אפ גטראטן ביז ער האט דאש היילינגע לאנד איין גינומען · דער דריטער ביטערער טאג איז שבעה עשר בתמוז אין דעם דאזיגן טאג האבין מיר גיהאט פינף פערשידינגע צרות · אין אים איז משה רבינו אראפ גיקומען מיט דיא לוחות אונ וויא ער האט גיזעהן אז אידין האבין גימאכט דאש עגל האט ער זייא צו בראכין · אין אים האט נבוכדנצר אויך גישפאלטין דעם מויער ארום ירושלים אונ זיין מיליטער איז אריין גקומען · אונ אויך ווען דאס אנדערע בית המקדש איז גישטאנען האט טיטוס הרשע אין דעם דאזיגין טאג איין גיבראכין דעם מויער פון ירושלים · אין אים האט מען אויף גהערט מקריב צו זיין דעם קרבן תמיד וואש מען פלעגט מקריב זיין יעדין טאג אין דער פריא אונ פאר נאכט · אין אים האט דער שונא פאר ברענט דיא תורה · אין אים האבין דיא רשעים אריין גישטעלט איין געצין בילד אין בית המקדש אונ דאש האט גיבראכט דער צווא אז מיר זיינען פאר טריבין גיווארין · דער פערטער אונ דער ביטערסטער טאג איז תשעה באב · אין אים האט דער שונא איין עק גימאכט

מיט אונז אין גאנצין דאס ערשטע אונ דאס אנדערע בית המקדש זיינען אלץ חרוב געווארין אין דעם דאזיגין טאג · אויך דיא גרויסע שטאט ביתר איז איין גינומען געווארין אין אים · אויך האט דער אויבערשטער אין אים גזור געוועזין אויף אונזערע עלטערין זייא זאלין שטארבין אין דער מדבר אונ זאלין ניט קומען קיין ארץ ישראל ווייל זייא האבין גיגלייבט וואש דיא מרגלים האבין זייא גיזאגט אונ האבין גיוויינט · איבער דעם האבין דיא נביאים מתקן געוועזין מיר זאלין אין דיא דאזיגע פיר טעג פאסטין אונ תשובה טאן אונ זיין ליבין נאמען בעטין ער זאל זיך אויף אונז דער בארימען אונ זאל אונז צו ריק געבין דאש בית המקדש אונ דיא גדולה וואש מיר האבין אמאל גיהאט · אויך איז רעכט אין דיא דאזיגע טעג פיל צדקה צוא געבין · אונ עש איז דרויף איין סימן דאש ווארט תענית וואש דרינען זיינען דיא אותיות פון די ווערטער תת עני · דאס איז טייטש מען זאל געבין דעם ארומאן · ווארום ווען דער עושר פאסט פילט ער ערשט וויא ביטער עס איז הונגעריג צוא זיין אונ דעמאלט דער וועקט זיך ערשט רעכט בייא אים דאש רחמנות אויף דעם ארומאן · דיא פרומע לייט זיינען זיך נוהג אז זייא גיבין דעם ארומאן דאס געלד וואש דאס עסין פון דעם גאנצין טאג וואלט זייא גיקאסט :

א אין דיא דרייא וואכין דאס הייסט פון שבעה עשר בתמוז ביז נאך תשעה באב · מאכט מען ניט קיין חתונה אונ קיין שום שמחה אונ מען טוט ניט אן קיין נייע קלייד אונ מען עסט ניט קיין נייע פרי וואש מדארף דריבער מאכין שהחיינו אבער ווען מען וויים אז מען וועט דיא פרי ניט מער באקומען נאך תשעה באב מעג מען איר יוא עסין :

ב פון ראש חודש אב ביז נאך תשעה באב טאר מען ניט עסין קיין פלייש אונ ניט טרינקען קיין וויין · אפילו איין פליישיג מאכל אדער מיט שמאלץ · אבער ווער עש קאן ניט פר טראגין קיין מילכיגס מעג ער עסין עופות אונ אויף איין ברית מילה אדער אפדיון הבן אדער אסיום מעג מען עסין פלייש · אויך טאר מען זיך ניט באדין פון ראש חודש ביז נאך תשעה באב אפילו ניט אין קאלטע וואסער · נאר אז ראש חודש גיפאלט אום פרייטאג מעג מען זיך יוא באדין · ווער עש איז גוואונט יעדין פרייטיג צוא באדין זיך · אבער ערב שבת חזון אפילו ווער עם גיוואונט זיך יעדין פרייטיג צוא באדין טאר זיך דעמאלט אויך ניט באדין :

ג ערב תשעה באב פאר נאכט עסט מען דיא סעודה המפסקת אויף אנידעריגין בייגקיל אויף דער ערד · מטאר דעמאלט ניט עסין קיין צווייא ערלייא גיקעכץ אפילו ניט קיין קרעפליך אדער אנדערע מאכלים וואש זיינען צווייא אין איינעם · אונ מען בענטשט ניט מיט איין מזומן :

ד נאך דר סעודה המפסקת טאר מען ניט מער עסין אבער אז ער האט ניט אין זין גיהאט ער זאל ניט מער עסין אונ עס איז נאך טאג מעג ער יוא עסין :

ה דער מנהג איז ערב תשעה באב נאך מיטאג ניט צוא לערנען נאר אזונע זאכין וואש מען מעג לערנען אום תשעה באב :

ו ערב תשעה באב בייא דער נאכט טוט מען אוים די שיך איידער מזאגט ברכו · אבער אז גיפאלט אום מוצאי שבת טוט מען אויש דיא שיך נאך ברכו נאר דער חזן טוט אויש דיא שיך פאר ברכו:

ז תשעה באב אין דער פריא וואשט מען זיך ניט מער נאר דיא שפיצין פון דיא פינגער אונ דיא אויגין:

ח תשעה באב טאר מען ניט לערנען נאר דיא איכות · דעם מדרש פון איכה · דיא קינות · איוב · דיא טרויעריגע פסוקים אין ירמיה אונ דעם פרק ואלו מגלחין אין דער גמרא מועד קטן · אונ מען פסקנת ניט אין אים קיין דין תורה אבער דער קורא מעג זיך איבר זעהן דיא סדרה:

ט אפילו אמעוברת אונ אזייגענדיגע מוזין אויך תשעה באב פאסטין · אונ אקימפעטארין אין די ערשטע דרייא טעג טאר זיא בשום אופן ניט פאסטין · אונ נאך דעם דריטין טאג ביז צום דרייסיגסטין טאג אז זיא פילט זיך זיא איז גאנץ שטארק מעג זיא פאסטין · איז זיא אבער ניט גאנץ גיזונד זאל זיא ניט פאסטין אונ ניט עסין נאר זיא זאל טרינקען אביסיל קאווע אונ אביסיל יוך דעם הונגער צו שטילין · ווארום ביז דרייסיג טעג איז זיא נאך תמיד אין אסכנה אונ דאס פאסטין קאן איר קראנק מאכין:

י מען טאר תשעה באב זיך ניט באדין אונ ניט וואשין · אבער אז דיא הענט זיינען אום ריין מעג מען זייא אפ וואשין · אונ פאר מנחה זאל ער זיך וואשין דיא פינגער אזו וויא אין דער פריא · אונ דיא ווייבער וואש קאכין מעגין גיסין דאש פלייש אונ זיך באשעפטיגין מיט וואשער חאטשע דיא הענט ווערין דער פון באנעצט:

יא תשעה באב טאר מען ניט זאגין גוט מארגין אדער גאט העלף אונ אז איין עם הארץ גריסט אים זאל ער ענטפערין מיט אנידעריגין קול:

יב בייא דר נאכט זאגט מען נאך די איכות ואתה קדוש אן תתקבל · אויך אין דר פריא זאגט מען אלע קדישים אן תתקבל:

יג אהספד מעג מען מאכין תשעה באב אבער צדוק הדין זאגט מען ניט:

יד אין דער שמונה עשרה פון מנחה זאגט מען נחם פאר את צמח אונ ווער עש פאסט ניט דהיינו ער איז קראנק זאגט אין בענטשין נחם פאר ובנה ירושלים:

טו דער חזן זאגט עננו נאך גואל ישראל אין דער פריא אונ צוא מנחה · אונ דער עולם זאגט נאר צו מנחה אין שמע קולנו:

טז אין דער פריא זאגט מען ניט קיין קרבנות קיין תחנון אונ קיין אל ארך אפים אונ קיין למנצח אבער מזמור לתודה זאגט מען יוא:

יז איינער וואש זיצט שבעה מעג ער גיין בייא דער נאכט אונ אין דער פריא אין שול אריין דאוונען:

יח אז עש איז דא איין ברית מילה אום תשעה באב מלת מען דאש קינד נאך דיא קינות אונ מען גיט דעם כוס צו טרינקען אקליין אינגיל אונ אז דער ברית מילה

איז

איז אין דער היים אונ דיא קימפעטארין פאסט ניט הייסט מען איר אויס הערין די ברכה אונ מען גיט איר צו טרינקן דעם כוס :

יט ווען תשעה באב געפאלט אום זונטאג אדער עש געפאלט שבת אונ איז אנדחה אויף זונטאג · האט דער שבת גאר ניט קיין דין פון תשעה באב · מען עסט פלייש אונ טרינקט וויין וויא יעדין אנדערין שבת · אין דער פריא זאגט מען אב הרחמים אבער צו מנחה זאגט מען ניט צדקתך צדק אויך זאגט מען ניט קיין פרק אונ מען ענדיגט צו עסין דעם שלש סעודות גאנץ בעצייטין פאר נאכט אונ דער עולם טוט אויש דיא שיך נאך ברכו פון מעריב · אבער דער חזן טוט זייא אויש פאר ברכו אונ מען זאגט אין דער שמונה עשרה אתה חוננתנו · אבער הבדלה מאכט מען ניט · נאר מען מאכט דיא ברכה בורא מאורי האש · אונ זונטאג בייא דר נאכט נאך מעריב מאכט ער הבדלה איבער דעם כוס אונ ניט איבר דעם ליכט אונ אויך ניט איבער דיא בשמים :

כ אז תשעה באב איז אנדחה אויף זונטאג אונ עש איז איין ברית מילה מעג דער בעל ברית מיט דיא קימפעטארין מיטין מוהל אונ דער סנדק דאוונען מנחה האלב איינם בייא טאג אונ עסין אן בייסין · אבער דיא סעודה טאר מען ניט מאכן נאר ערשט בייא נאכט אונ אז עש איז אפדיון הבן פונקט אין דער רעכטער צייט דער איין אונ דרייסיגסטער טאג מעג דער פאטער פון דעם קינד אונ דער כהן דאווענן מנחה האלב איינם אונ עפעס איבער בייסין :

כא תשעה באב בייא דער נאכט נאך דעם תענית טאר מען ניט עסין קיין פלייש אונ ניט טרינקען קיין וויין · אונ דעם אנדערין טאג אין דער פריא טאר מען אויך קיין פלייש ניט עסין אונ קיין וויין ניט טרינקען ביז צוא מיטאג אונ אפילו אז תשעה באב איז אנדחה טאר מען אויך בייא דער נאכט ניט עסין קיין פלייש אונ ניט טרינקען קיין וויין אבער מאנטיג אין דער פריא מעג מען שוא עסין פלייש אונ טרינקען וויין :

כב אונ דיא אנדערע דרייא גיבאטענע תעניתים דאש הייסט צום גדליה · עשרה בטבת אונ שבעה עשר בתמוז · מוז אויך איטליכער איד אזכר אדער איין נקבה פאסטין ביז נאכט · נאר דיא גאנצע נאכט פאר דעם תענית מעג מען עסין ביז עס ווערט טאג · אבער אז ער האט גישלאפין דיא גאנצע נאכט טאר ער ניט עסין פאר טאג נאך דעם שלאף · סיידין אז ער האט בייא דער נאכט אין זין גיהאט פאר טאג צו עסין · אונ איין אשה וואש איז מעוברת אדער איינגענדיגע ווען דאש פאסטין ארט איר שטארק מעג זיא עסין · אונ אקראנקער מעג עסין אבער נאר אביסיל דעם הונגער צוא שטילין :

כב אין איטליכין תענית זאגט דער חזן אין דער פריא עננו אין דער הויכער שמונה עשרה נאך גואל ישראל · אונ צו מנחה זאגט ער אויך אזוי אבר דער עולם זאגט נאר צו מנחה אין מיטין שמע קולנו :

**כד** אין קיין איינציגן גיבאטענעם תענית טאר מען ניט פאר זוכין דאש עסין אויב עש איז גינוג גיזאלצין חאטשע מען שפייעט עש אויש :

**כה** חוץ דיא גיבאטענע תעניתים אונ דיא ניין טעג איז אויך רעכט אז דער איד זאל קיין מאל ניט שטארק פריילך זיין ווארום ווען מען דער מאנט זיך וואש מיר האבין פאר לארין מוז מען אפילו אין דער גרעסטע שמחה טרויעריג ווערין אזו וויא עש שטייט אין פסוק אם לא אעלה את ירושלים על ראש שמחתי · איך שווער צו גידיינקען ירושלים אפילו אין מיין גרעסטע שמחה · אונ דער דין איז אז מען מויערט איין הויז זאל מען לאזין איין קוואדרט אייל ניט אפ גיווייסט דאש שווארצע זאל בשטענדיג דער מאנען אן דעם טרויער אויף ירושלים · אויך שטייט אז ימלא שחוק פינו · ווען משיח וועט קומען וועט אונזער מויל פול זיין מיט פרייד דאש לערינט אז ביז דעמאלט טאר מען זיך ניט צוא פיל פרייען :

# סך הלכות ראש השנה ובו י״ב סעיפים
## דינים פון ראש השנה

**וויא** וואול דער אויבערשטר איז לויטער בארעמהארציק אונ ער נעכט תמיד צוא מיט זיין גרוים חסד דיא תשובה וואש דער מענטש טוט · ווייגען דאך דיא פערציג טעג פון ראש חודש אלול ביז נאך יום כפור דיא בעסטע צייט וואש זיין ליבער נאמען נעמט אן דיא תשובה אונ פאר גיט יעדין וואש טוט צוא אים תשובה מיט דעם גאנצין הארצין · ווען דער אויבערשטער איז בייז גיוועזין איבער אידין ווייל זייא האבין גימאכט דאש עגל איז משה רבינו ארויף גיגאנגען אום ראש חודש אלול אונ האט גיבעטין פאר אידין · אונ השם יתברך האט זיין תפלה אן גינומען אונ האט אים גיגעבין די אנדערע לוחות אונ אום יום כפור האט משה זייא אראפ גיבראכט · אונ דער צו איז נאך דער דאזיגער חודש דער לעצטער חודש פון דעם יאר · איבער דעם מוז יעדער איד אין אים בארעכענען וואש ער האט גיטאן דאש גאנצע יאר אונ מוז שטארק תשובה טאן · אונ דער מנהג איז אז אין יעדן בריף וואש מען שרייבט גאנץ אלול ביז יום כפור · שרייבט מען יענעם ער זאל האבין איין גוט יאר · איין כתיבה וחתימה טובה · אויך זיינען זיך נוהג דיא פרומע אין דעם דאזיגין חודש איבער צוא זעהן זייערע תפילין אונ מזוזות אונ נאך צוא זוכין צוא טאן פיל מצות מער וויא דאש גאנצע יאר :

**א** אין דער גאנצער וואך וואש ראש השנה גיפאלט · הייבט מען אן זונטאג סליחות צוא זאגין · אבר ווען ראש השנה גיפאלט מאנטיג אדער דינסטאג הייבט מען אן סליחות צוא זאגין אין דער וואך וואש איז פאר דער וואך וואש ראש השנה גיפאלט אין איר :

**ב** דער עולם איז זיך נוהג צוא פאסטין דעם ערשטין טאג סליחות אונ אנדערע מענטשין פאכטין די צעהען טעג · נאר ווייל אין דיא עשרת ימי תשובה איז דאך נאר דא זעקס טעג צום פאסטין ווארום עש פאלין דאך אוועק ביידע טעג ראש

הַשָּׁנָה אוּנ שַׁבָּת תְּשׁוּבָה אוּנ עֶרֶב יוֹם כִּפּוּר · אִיבֶּער דֶעם פַאסְטִין זַייא פַאר רֹאשׁ הַשָּׁנָה דֶעם עֶרְשְׁטִין טָאג סְלִיחוֹת אוּנ עֶרֶב רֹאשׁ הַשָּׁנָה אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע צְווייא סְלִיחוֹת טֶעג · אוּנ דִיא תַּעֲנִיתִים מוּז מֶען נִיט אוֹיש פַאסְטִין בִּיז בַּייא נַאכְט · נָאר מֶען מֶעג דַאוְונֶען מִנְחָה הַאלְבּ אֵיינְס צוּא מִיטָאג אוּנ מֶען זָאגְט עֲנֵנוּ אוּנ נָאךְ דֶעם בֵּייסְט מֶען אָן :

ג עֶרֶב רֹאשׁ הַשָּׁנָה אִיז זִיךְ דֶער עוֹלָם נוֹהֵג צוּא פַאסְטִין אָבֶּער נִיט בִּיז נַאכְט :

ד מֶען מוּז זִיךְ בָּאדִין אוּנ גֵיין אִין מִקְוֶה אַרַיין עֶרֶב רֹאשׁ הַשָּׁנָה אָבֶּר נִיט פְרִיעֶר פוּן זֵייגֶער אֵיינְס צוּא מִיטָאג :

ה אֵיינֶר וָואשׁ זִיצְט שִׁבְעָה מֶעג גֵיין עֶרֶב רֹאשׁ הַשָּׁנָה אִין שׁוּל צוּ סְלִיחוֹת אוּנ דַאוְונֶען :

ו דֶער מִנְהָג אִיז צוּא מַאכִין עֶרֶב רֹאשׁ הַשָּׁנָה נָאךְ דֶעם דַאוְונֶען הַתָּרַת נְדָרִים · אוּנ וֶוער עֶס פַאר שְׁטֵייט נִיט קֵיין לָשׁוֹן קוֹדֶשׁ זָאל זָאגִין אוֹיף טַייטְשׁ אִיךְ הָאבּ חֲרָטָה אוֹיף אַלֶע נְדָרִים וָואשׁ אִיךְ הָאבּ גִיטָאן אִינ וֶועל טָאן אוּנ מֶען קָאן זַייא מַתִּיר זַיין אוֹיךְ הָאבּ אִיךְ חֲרָטָה אוֹיף אַלֶעם וָואשׁ אִיךְ הָאבּ אוֹיף מִיר גִינוּמֶן בְּנֶדֶר · אוּנ דֶער עוֹלָם אִיז אִים מַתִּיר · דֶער נָאךְ זָאגְט עֶר אִיךְ בִּין מוֹסֵר מוֹדָעָה אַז וֶוען אִיךְ וֶועל טָאן אֵיין נֶדֶר זָאל עֶר גָאר נִיט חָל זַיין :

ז דֶער עוֹלָם אִיז זִיךְ נוֹהֵג רֹאשׁ הַשָּׁנָה הוֹיךְ צוּא דַאוְונֶען דִיא שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה · אָבֶּער הוֹיךְ צוּא שְׁרַייעֶן טָאר מֶען נִיט :

ח דִיא עֶרְשְׁטֶע נַאכְט רֹאשׁ הַשָּׁנָה נָאךְ דֶעם דַאוְונֶען זָאגְט אֵיינֶר צוּם אַנְדְרִין לְשָׁנָה טוֹבָה תִּכָּתֵב וְתֵחָתֵם · אָדֶער מֶען זָאגְט תִּכָּתֵב וְתֵחָתֵם לְאַלְתַּר לְחַיִּים טוֹבִים · אוּנ צוּא אַיין נְקֵבָה זָאגְט מֶען לְשָׁנָה טוֹבָה תִּכָּתֵבִי וְתֵחָתֵמִי :

ט נָאךְ קִידוּשׁ נֶעמְט מֶען אַיין זִיסִין עֶפִּיל אוּנ מֶען מַאכְט אִיבֶּער אִים דִיא בְּרָכָה בּוֹרֵא פְּרִי הָעֵץ · אוּנ מֶען עֶסְט אַשְׁטִיקִיל · דֶער נָאךְ טוּנְקְט מֶען אִים אַיין אִין הָאנִיג אוּנ מֶען זָאגְט יְהִי רָצוֹן שֶׁתִּתְחַדֵּשׁ עָלֵינוּ שָׁנָה טוֹבָה וּמְתוּקָה · אוּנ דֶער מִנְהָג אִיז צוּ עֶסִין אָקָאפּ פוּן אַשֶׁעפְּס אָדֶער פוּן אפִישׁ · אוּנ מֶען זָאגְט יְהִי רָצוֹן שֶׁנִּהְיֶה לְרֹאשׁ וְלֹא לְזָנָב · אוּנ מֶען עֶסְט נִיט קֵיין נִיס · דִיא אַנְדֶערֶע נַאכְט וֶוען מֶען מַאכְט קִידוּשׁ לֵייגְט מֶען אַנִידֶער אַיין נַייעֶ פְּרִי אָדֶער מֶען טוּט אָן אַנַייעֶ קְלֵייד · אַזוֹ טוּט אוֹיךְ דִיא ווייבּ בַּייא לִיכְט בֶּענְטְשִׁין פוּן דֶער אַנְדֶערֶע נַאכְט כְּדֵי דִיא שֶׁהֶחֱיָינוּ זָאל דְרוֹיף גֵיין · אַז מֶען הָאט אָבֶּער נִיט קֵיין נַייעֶ פְּרִי אָדֶער אַנַייעֶ קְלֵייד מַאכְט מֶען אַזוֹ שֶׁהֶחֱיָינוּ אִיבֶּער דֶעם כּוֹס אוּנ אִיבֶּער דִיא לִיכְט :

י וֶוער עֶס פַאסְט דֶעם עֶרְשְׁטִין טָאג רֹאשׁ הַשָּׁנָה אַיין תַּעֲנִית חָלוֹם מוּז עֶר דֶעם אַנְדֶערְין טָאג אוֹיךְ פַאסְטִין :

יא וֶוען אֵיינֶר זִיצְט אִין אַתְּפִיסָה אָדֶער עֶר לִיגְט קְרַאנְק אִין דֶער הַיים אוּנ מֶען קָאן אִים נִיט בְּרֵיינְגֶען אַשׁוֹפָר צוּא בְּלָאזִין מֶעג עֶר דַאוְונֶען מוּסָף חָאטְשֶׁע עֶר הָאט נִיט גִיהֶערְט שׁוֹפָר בְּלָאזִין · אָבֶּער עֶר טָאר נִיט דַאוְונֶען פַאר אַפֶּערְטִיל אוֹיף צֶעהֶען אִין דֶער פְרִיא :

יב חָאטְשֶׁע בַּייא אַנְדֶערֶע יָמִים טוֹבִים אִיז דָאךְ דֶער אַנְדֶערֶער טָאג יוֹם טוֹב אִין

אנדערע

אנדערע זאכין גרינגער פון דעם ערשטין טאג · אבער ביא ראש השנה זיינן ביידע טעג גלייך למשל דאש איי וואש אהון האט געלייגט דעם ערשטין טאג טאר מען עס דעם אנדערין טאג אויך נית עסין אונ אזו אויך ביא אלע אנדערע זאכין :

# סח דיני תקיעת שופר ובו ו׳ סעיפים

## דינים פון שופר בלאזין

א אונזער הייליגע תורה האט געבאטין אז יעדער איד מוז ראש השנה הערין שופר בלאזין :

ב אייגענטליך דארפן מיר גאר נית קלערין פאר וואש מען מוז שופר בלאזין ווארום עש איז גינוג אז דיא תורה האט עס אונז גיהייסין מוזין מיר פאלגן · אבער פון דעסטוועגין שרייבט אונז דער רבינו סעדיה גאון צעהן טעמים דרויף :

דאש ערשטע איז ווייל גאט האט בשאפין די וועלט אום ראש השנה · איבער דעם בלאזין מיר יעדער זאל זיך דער מאנען אז היינט איז דער טאג וואש דער אויבערשטער האט דעמאלט אן גיהויבן צו הערשין איבר דער וועלט אונ מיר זיינן זיינע קנעכט :

דר אנדערער טעם איז אונז אויף צוא וועקין פון דעם שלאף פון דעם גאנצן יאר דר שופר וועקט אונז אויף אונ זאגט אונז איר זינדיגע מענטשן וואש איר זייט טיף אין דיא גראבע זאכין פון דער וועלט שטייט שוין אמאל אויף אונ פאר בעסערט אייך ווארום מען זעהט איבר איצונד אין הימל אלם דינג וואס איר האט גיטאן אגאנץ יאר אונ אז איר וועט נית תשובה טאן וועט איר הארט גישטראפט ווערין :

דאס דריטע איז אונז צוא דער מאנען אן דער תורה וואש זיין ליבער נאמען האט אונז גיגעבין אויף דעם בארג סיני · אז ווען דער אויבערשטער האט זיך בווייזן אויפין בארג סיני האט דער שופר זייער שטארק גיבלאזין אונ אז מיר דער מאנען זיך דערין מוזין מיר אויף אונז נעמן צו האלטין די תורה אזו וויא אונזערע עלטערין האבין דעמאלט צוא גיזאגט נעשה ונשמע מיר וועלין טאן אונ פאלגין אלץ וואש דיא תורה הייסט :

דאס פערטע איז מיר זאלין זיך דער מאנען אן דיא ווערטער וואש דיא נביאים האבין אונז גיזאגט ווארום זייא האבין אונז גיווארינט אזו וויא דער שופר ווארינט דאש פאלק וועו דער שונא קומט אן :

דאם פינפטע איז מיר זאלין אונז דער מאנען אז דאש בית המקדש איז חרוב גיווארין אונ דער שונא האט גיבלאזין מיט טרומייטין ווען ער האט ירושלים איין גנומן :

דאם זעקסטע איז מיר זאלין אונז דר מאנען אן דער עקדה אז אונזער פאטער יצחק האט זיך גיוואלט לאזין קוילין פון גאטס וועגין · ווארום דער שופר איז אויש איין הארין פון איין בארן · אונ ביא דער עקדה האט אויך אברהם מקריב גיוועזין איין בארן פאר זיין זון יצחק · אונ אז מיר דער מאנן אונז אן דעם מוזין מיר אויף

אונז געמען מיר זאלין אויך דאש גאנצע לעבין אוועק געבין פון זיין ליבען נאמען וועגין :

דאס זיבעטע איז מיר זאלין שטיין מיט גרויש שרעק אונ מיט איין צוא בראכין הארץ פר דעם אויבערשטין · אזו וויא דער שטייגער איז אין איין מלחמה ווען מען הערט דיא טרומייטין בלאזין ווייס מען אז דר שונא קומט אן אונ עס ציטערט יעדערער זייער שטארק :

דאס אכטע איז מען זאל זיך דער מאנען אן דעם גרויסין יום הדין ווען משיח וועט קומען ווארום דעמאלט וועט מען בלאזין מיט דעם גרויסין שופר אזוא וויא עש שטייט אין פסוק :

דאס ניינטע איז אונז צוא דער מאנען אז מיר וועלין אמאל אויס גילייזט ווערין אונ מען וועט בלאזין מיט דעם גרוישין שופר דיא אידין זאלין צוא זאמען קומען פון אלע ערטער וואו זייא זיינען פאר טריבין גיווארין :

דאס צעהענטע איז מיר זאלין אונז דער מאנען אן תחיית המתים ווען אלע גריבער וועלין זיך עפענען אונ דיא טויטע וועלין לעבעדיג ווערין דעמאלט וועט מען בלאזין מיט דעם גרויסין שופר :

ג דיא תקיעות וואש מען בלאזט פאר מוסף הייסט תקיעות דמיושב ווארום נאר דר בעל תוקע מוז שטיין אבער דער עולם מעג זיצין אונ דיא תקיעות וואש מען בלאזט אין דער הויכע שמונה עשרה פון מוסף הייסין תקיעות דמעומד ווארום דעמאלט מוז אויך דער גאנצער עולם שטיין :

ד וויא באלד דער בעל תוקע מאכט דיא ברכות פאר דיא תקיעות דמיושב טאר שוין ניט ער אונ ניט דער עולם אויס ריידין ביז גאר צום לעצט ווען מען האט שוין גיבלאזין דאש דריטע מאל דיא תקיעות דמעומד :

ה אז דער בעל תוקע האט אויש גירעט צווישין דער ברכה אונ דעם בלאזין מוז ער נאך אמאל מאכין דיא ברכה · אבער ווען דאש אויש ריידין איז וועגין דעם בלאזין · ער האט גיהייסין אויש שווייניקען דעם שופר ווייל ער גייט שווער · דארף ער ניט נאך אמאל מאכין דיא ברכה :

ו מען מוז שופר בלאזין שטייענדיג · אבער אז ער האט זיך טועה גיוועזין אונ האט גיבלאזין זיצענדיג איז ער אויך יוצא · אבער דיא תקיעות אין דער מוסף שמונה עשרה מוז מען בלאזין שטייענדיג · אונ אז עס איז ניט דא קיין אנדערר תוקע מעג דער חזן אליין בלאזין פאר מוסף אונ אויך אין מוסף :

## סו דינים פון ערב יום כפור אונ אים איז ניין סעיפים

א ערב יום כפור טאר מען ניט פאסטין · אונ ווער עש האט אשלעכטין חלום גיזעהן אונ ער וויל דווקא פאסטין זאל ער נאר פאסטין ביז צו דר סעודה המפסקת · אונ דיא סעודה המפסקת מוז ער עסין :

ב ערב יום כפור איז וויא איום טוב · אונ ווער עש האט אנדר גיטאן ניט צו עסין

פלייש נאר אין איום טובי מעג ער ערב יום כפור עסין פלייש · אונ מען פאלט אין אים ניט קיין תחנון · אונ מען זאגט ניט קיין למנצח אונ ניט קיין מזמור לתודה · אונ עש איז רעכט ניט צוא עסין קיין מילכיגע מאכלים אונ ניט קיין קנאביל אונ ניט קיין אייער :

ג אויף אזעלכע זאכין וואש איין מענטש האט גיטאן דעם אנדערן למשל ער האט אים אום רעכט גיטאן מיט געלט אדר ער האט אים מבייש געוועזן העלפט ניט יום כפור ביז מען האט יענם איבר גיבעטין · איז עש אין געלט זאכין אונ מען האט עס פריער ניט פאר בעסרט מוז מען ערב יום כפור יענם אפ געבן דעם שאדן · אונ אפילו יענר ווייס דער פון גאר ניט מוז מען אים צוא וויסין טאן אונ אפ געבין וואש אים קומט · אונ אז מען רעט זיך איין אז יענם קומט ניט אונ יענר זאגט אז עש קומט אים יוא · טאר מען אויף זיך אליין ניט שטעלין נאר מען מוז צוא יענם גיין אונ אים זאגין אז ער וועט נאך יום כפור מיט אים גיין צום רב אונ וואש מען וועט פסקנן וועט ער האלטין · איז עש אבער אין אנדרע זאכין למשל ער האט יענם גימאכט איין שלעכטין שם אדער ער כאר שעמט אים פאר מענטשין מוז ער צו אים גיין אונ בעטין ער זאל אים מוחל זיין · אונ אז יענר לאזט זיך ניט איבער בעטין מוז ער צוא אים נאך אמאל גיין מיט דרייא מענטשין אונ אים שטארק בעטין ער זאל אים מוחל זיין · וויל יענר ווייטר ניט · מוז ער צו אים גיין צום דריטין מאל ווידר מיט דריי מענטשין · איז אבער יענער אויך צום דריטין מאל ווייטער הארט קעגין אים אונ וויל זיך ניט לאזין איבער בעטין · דארף ער זיך ניט מער גייטין אים איבר צוא בעטין נאר ער זאגט פאר צעהן מענטשין אז ער האט יענעם גיטאן איין אום רעכט אונ ער האט דרויף חרטה אונ בעט זייער ער זאל אים מוחל זיין · ווען דר וואש האט קעגן אים גזינדיגט איז שוין גישטארבין · מוז ער מיט צעהן אידין גיין אויף זיין קבר · דארטין שטייט ער בארוועם אן די שיך אונ זאגט איך האב גיזינדיגט צום אויבערשטן אונ קעגן דעם טויטין · אונ דיא צעהן ענטפערין אים דרייא מאל מחול לך דאש הייסט דיין זינד איז דיר פאר געבין · אונ עש איז רעכט ער זאל ארויס זאגין וואש ער האט גזינדיגט קעגין דעם טויטין ווען עש איז נאר ניט קיין בושה פאר דעם טויטין · אונ ווען דער טויטער ליגט ווייטער וויא צוועלף תחום שבת פון זיין ארטי מעג ער שיקן אנאנדרן ער זאל אים דארטין מחילה בעטין פון זיינט וועגין פאר צעהן מענטשין · אונ ווער עש האט גירעט שלעכטס אויף אטויטין · דארף ער ניט גיין אויף זיין קבר נאר אויף דעם אייגענעם ארט וואו ער האט די שלעכטס גירעט דארטין מוז ער בעטין דער טויטער זאל אים מוחל זיין · האט ער איינם גימאכט איין שלעכטין שם נאך דעם טויט מוז ער שטארק תשובה טאן ווארום עש איז איין חרם פון דיא צדיקים אז מען זאל קיין טויטין ניט מאבין איין שלעכטין שם · אויך מוז דער איד האבן איין ווייך הארץ אונ אז יענער קומט אים איבער בעטין מוז ער אים מוחל זיין מיט דעם גאנצין הארצין · ווארום ווער עש איז צוא הארט אונ וויל זיך ניט לאזין איבער בעטין דר איז איין אכזר ער האט ניט קיין אידעשע הארץ אין זיך :

ד עס איז איין גרויסע מצוה ערב יום כפור צו גיין אין מקוה אריין · צוא קומען ריין אונ שיין פאר דעם אויבערשטן אין דעם הייליגן טאג · אונ דער עיקר מצוה פון דעם טובלין איז פון נאך זייגער צוועלף ביז פאר נאכט · אפילו איין אבל אין שבעה מעג גיין אין מקוה אריין איין שעה פאר נאכט · אבער ער מוז זיצין אויף דער ערד אונ גיין אן די שיך ביז כל נדרי :

ה נאך מנחה עסט מען די סעודה המפסקת לויטער גרינגע זאכין וואש זיינן לייכט צו פאר דייען אונ מען מוז זעהן אפ צוא עסין ווען עס איז נאך גרויסער טאג · אונ דער נאך טאר מען שוין גאר ניט עסין אונ ניט טרינקן סיידין אז מען האט פאר דעם בענטשין אויס גינומן אז מען הייבט נאך ניט אן צוא פאסטין אונ מען וועט נאך שפעטער עסין :

ו איידר מען גייט אין שול אריין גרייט מען צום טיש אונ מען בענטשט ליכט אקאראט וויא שבת אונ מען מאכט די ברכה להדליק נר יום הכפורים דר נאך מאכט מען שהחיינו · אונ אז יום כפור גיפאלט אום שבת זאגט מען להדליק נר של שבת ויום הכפורים אונ שהחיינו · אונ דר וואש בענטשט ליכט אונ זאגט שהחיינו זאגט שוין ניט מער אין שול די שהחיינו ווען דער חזן מיט דעם עולם זאגט פר ברכו · אונ מען מוז שטעלין איין ליכט אין שטוב וואו מען שלאפט :

ז דער מנהג איז צוא בענטשין דיא קינדר איידער מען גייט אין שול אריין אונ מען זאגט זייא דערמאלט מוסר זייא זאלין גוט אונ פרום זיין :

ח מען מוז אן טאן דעם טלית ווען עס איז נאך טאג · ווארום וויא באלד עס איז שוין טונקעל טאר מען איבער אים קיין ברכה ניט מאכין :

ט דער מנהג איז אז איין אבל נאך פאטר אונ מוטר דעם גאנצין יאר גייט ער יום כפור ניט אין קיטיל :

## סז הלכות יום הכפורים ובו י״ב סעיפים
## דינים פון יום כפור

א יום כפור איז דר הייליגסטר טאג פון אגאנץ יאר ווארום אין אים איז אונז זיין ליבר נאמן מוחל אלדינג וואש מיר האבן גיזינדיגט אין דעם גאנצין יאר ווען מיר טוען דרויף תשובה מיט דעם גאנצין הארצין אונ נעמען אויף אונז מיר זאלין עס ניט מער טאן · אלדינג וואש מען טאר שבת ניט טאן אונ ניט רירן טאר מען יום כפור אויך ניט · עס איז נאר איין חילוק פון שבת · ווארום ווען דאש בית המקדש איז גישטאנן ווען אייגער האט במזיד מחלל שבת גיוועזין האט מען אים פאר שטיינט · אבער אז מען טוט עס אין יום כפור ווערט מען גישטראפט מיט כרת · אויך בייא גיין אונ טראגין האט יום כפור דעם אייגענעם דין וויא שבת :

ב יום כפור טאר מען ניט עסין אונ ניט טרינקן אונ זיך ניט וואשן אפילו מיט קאלטע וואסער אונ אפילו ניט אריין שטעקין דעם פינגער אין וואסער · אבער אז די האנט

אדער

אדער איין אנדר ארט אין דעם מענטש איז איין גיריכט מיט עפעס מעג ער עש אפ וואשין · אבער ניט מער נאר דארטין וואו עש איז איין גיריכט · אויך טאר מען זיך ניט שמירין אונ ניט גיין אין דיא שיך :

ג אין דר פריא גיסט מען זיך אפ די פינגער אונ גייט איבער דיא אויגין מיט דיא פייכטע פינגר אונ מאכט די ברכה על נטילת ידים · אויך דעם גאנצין טאג ווען מען איז ארויס גיגאנגן פון זיינט וועגין גיסט מען זיך דער נאך אפ דיא פינגר· אבער דיא כהנים ווען זייא גייען דוכנען גיסט מען זייא אפ דיא הענט אזו וויא תמיד :

ד איין טראגעדיגע ווען עש האט איר פאר שמעקט איין עסין אונ מען זעהט אז דער פנים ווערט ביי איר פאר ענדערט אונ עש איז איין מורא עש זאל חס ושלום זיין איין סכנה פאר איר אדר פאר דעם קינד אונ אפילו אז מען דער קענט איר נאר ניט אין דעם פנים נאר זיא זאגט אליין אז זיא פילט אן זיך אז ווען זיא וועט ניט עסן וועט עש פאר איר אדר פאר דעם קינד שטארק גיפערליך זיין · זאגט מען איר אין אויער אריין אז עש איז יום כפור כדי זיא זאל זיך ברוהיגין · אבר ווען דאש העלפט ניט אונ זיא וויל דיוקא עסין · טונקט מען איין אלעפיל אין יוך אדער אין עפיס אנדרש אונ מען גיט איר אין מויל אריין· ווארום אמאל ברוהיגט זיא זיך מיט איין טראפין · איז איר אבער דאש ניט גינוג גיט מען איר אביסיל יוך ווייניגער וויא עש קאן אריין אין אנדער האלבין אייער :

ה איין קימפעטארין אין די ערשטע דרייא טעג טאר זיא ניט פאסטין אפילו זיא וויל פאסטין טאר מען איר ניט לאזין נאר עש איז רעכט זיא זאל קיינמאל ניט עסין אגרויסין ביסין אויף איין מאל נאר אלדינג וואש זיא עסט זאל אלץ זיין אזוא גרויש וויא צווייא דריטיל פון איין איי · דר נאך זאל זיא זיך אפ רוען לאנג וויא מען קאן אויף עסין ברויט וואש עש איז אזו גרויש וויא דרייא אייער · אונ אזו זאל זיין נאך יעדן ביסן · אונ אז זיא טרינקט זאל עש אויך זיין גאנץ ווייניג אונ פון איין מאל טרינקען ביז צום אנדערין זאל זיא זיך אויך אפ רוען אזו לאנג וויא מיר האבין פריער גיזאגט ביי דעם עסין·אויך איז רעכט זיא זאל ניט פיל עסין נאר אביסיל דעם הונגער צוא שטילין :

ו אקימפעטארין נאך דעם דריטין טאג ביז צום זיבעטין טאג ווען זיא זאגט זיא פילט אז זיא קאן ניט פאסטין מעג מען איר געבין צוא עסין אויף דער ארט וויא מיר האבין אויבין גישריבין :

ז דיא טעג פון דיא קימפעטארין רעכנט מען ניט אויף דעם מעת לעת נאר בלוים דיא טעג אליין · למשל זיא איז גילעגין גיווארין זיבין טעג אין תשרי פאר נאכט · ווערט יענער טאג שוין גירעכינט פאר איין גאנצין טאג ; אונ ערב יום כפור לאזט זיך אויש דער דריטער טאג :

ח אקראנקער חאטשע ער איז ניט גיפערליך נאר ער זאגט אז ער פילט ביי זיך אז ווען ער וועט ניט עסין וועט דיא קראנקהייט גרעסער ווערן מוז מען אים צו עסין געבין· אונ אפילו דער דאקטער זאגט ער דארף ניט צו עסין אדר ער זאגט

דאש עסין ווערט אים שאטין קוקט מען ניט אויף דעם דאקטער וואריום דער קראנקר ווייס ביא זיך בעסר וויא דר דאקטר · אבר ווען דר קראנקר זאגט דאש פאסטין ווערט אים ניט שאטין אונ דער דאקטער זאגט מען מוז אים געבין צו עסין · וואריום ער קאן דורך דעם פאסטין גיפערליך ווערין אדר די קראנקהייט ווערט גרעסר ווערין · הערט מען צו דעם דאקטר אונ מען גיט אים צו עסין אונ אפילו דער דאקטער איז אנכרי הערט מען אים אויך צו · אונ אפילו אז איין דאקטער זאגט ער מוז עסין אונ איין אנדער דאקטער זאגט עש איז ניט נייטיג · הערט מען דעם דאקטער וואש הייסט יוא עסין · אונ אז דער חולה עסט איז רעכט ער זאל זיך נוהג זיין מיט דעם עסין אונ טרינקען אזו וויא מיר האבין אויבין גיזאגט ביא אקימפעטארין · דהיינו ער זאל פון איין ביסין צום אנדערין אדער פון איין מאל טרינקען צום אנדערין זיך אזו לאנג אפ רוען אזו וויא מיר האבין דארטין גישריבין · אונ איטלעכעם מאל עסין אונ טרינקען זאל אויך זיין אזו וויא עש שטייט אויבין ביא דיא קימפעטארין :

ט אז דער קראנקער אדער דיא קימפעטארין עסט יום כפור זאגין זיי יעלה ויבא אין דעם בענטשין אונ אום שבת רצה אויך :

י מען מעג יום כפור שמעקין בשמים אדר טראפין אבער מען מוז דריבער א ברכה מאכין · אבער מען טאר ניט גיסין דיא טראפין אויף א פאטשילע כדי זיא זאל שמעקין :

יא מוצאי יום כפור מאכט מען הבדלה איבער דעם כוס אונ מען זאגט די ברכה בורא מאורי האש · אבר מען שמעקט ניט קיין בשמים אונ מען זאגט ניט הנה אל ישועתי נאר מען הייבט אן מיט דער ברכה איבער דעם כוס · אונ אז יום כפור גיפאלט אום שבת זאגין אנדערע פוסקים אז מען מוז יוא שמעקין בשמים אונ מאכין די ברכה בורא מיני בשמים · אונ אנדערע פוסקים זאגין אז מען זאל ניט שמעקין בשמים · איבער דעם איז דאש בעסטע צו שמעקין דיא בשמים נאר צוא לעצט נאך דער ברכה המבדיל בין קודש לחול · אונ דעמאלט מאכט מען דיא ברכה בורא מיני בשמים :

יב דיא פרומע הייבין אן תיכף ביא דער נאכט צוא מאכין דיא סוכה

## סח הלכות תפלה מראש השנה עד יום כפור ובו ד׳ סעיפים
## דינים פון דאווענען פון ראש השנה ביז נאך יום כפור

א אין יעדין קדיש וואש מען זאגט פון ראש השנה ביז נאך יום כפור זאגט מען צווייא מאל לעילא :

ב ווען מען האט זיך טועה גיוועזין אונ גיזאגט אין דער שמונה עשרה האל הקדוש · אדער מען גידיינקט ניט אונ עש דאכט זיך אים אז ער האט גיזאגט האל הקדוש · איז דער דין אזו · אז מען דער מאנט זיך תיכף זאגט ער המלך הקדוש אונ דאווינט ווייטער · דער מאנט ער זיך אבער אביסיל שפעטער מוז ער נאך אמאל אן הייבן די שמונה עשרה פון פארינט · אפילו ווען דר חזן האט זיך טועה גיוועזן פאנגט ער

ווידער אמאל אן דיא שמונה עשרה אונ מען זאגט נאך אמאל קדושה׳ אז מען האט אבער זיך טועה געוועזין אונ געזאגט מלך אוהב צדקה ומשפט אדר עס דאכט זיך נאר אז מען האט אזו געזאגט אונ מען גידיינקט ניט אקוראט אונ מען דער מאנט זיך תיכף זאגט מען המלך המשפט אונ דאווינט ווייטער׳ דער מאנט מען זיך אבער אביסיל שפעטער דארף מען ניט נאך אמאל דאווענען שמונה עשרה׃

ג אז מען האט פאר געסין צו זאגין זכרנו אדער מי כמוך אדער וכתוב אדער בספר חיים אונ מען האט שוין געזאגט ברוך אתה יי׳ זאגט מען אוים די ברכה אונ דאווינט ווייטער׳ האט מען אבער נאך ניט געזאגט דעם שם׳ זאגט מען דעם זכרנו אדער דאס אנדערע וואס מען האט פאר געסין׃

ד אז מען האט פאר געסין צו זאגין ובכן תן פחדך אונ האט שוין אוים געלאזט המלך הקדוש אדער ווען מען האט אפילו שוין געזאגט ברוך אתה יי׳ זאגט מען ניט מער ובכן תן פחדך נאר מען פאנגט אן אתה בחרתנו׃

# סט הלכות סוכות ובו ל״ב סעיפים

## דינים פון סוכות

א ווער עס וויל האלטין סוכות אזו וויא דער דין איז׳ מוז ער דיא אלע זיבין טעג דאס הייסט פון דיא ערשטע נאכט סוכות ביז הושענא רבה פאר נאכט עסין אונ טרינקען אונ לערנען אונ שלאפין אין סוכה כמעט וואונען אקוראט אזוא וויא ער וואונט אין שטוב דאש גאנצע יאר אבער ער מוז דיא סוכה הייליג האלטין ניט צו ריידין קיין שלעכטע ווערטער אונ ניט צוא שפילין אין דאמען אדער אנדערע זאכין וואס ניט רעכט אונ ניט אריין ברייגגען איין טאפ אדער גמיינע כלים אונ ניט וואשין אין איר דאס גיפעס׃

ב דאס סכך מוז ליגין ניט גאנץ גידיכט מען מוז קענען דורך זעהען דיא גרוישע שטערינס׳ אונ אז דאש סכך איז אזוא גידיכט אז עס קאן ניט אריין רעגינגען איז דאס קיין סוכה ניט׳ אויך טאר דאס סכך ניט זיין גאנץ שיטער׳ עס מוז אין דער סוכה זיין מער שאטין פון זון אבער וויא באלד עס איז דרינגען מער זון וויא שאטין איז דיא סוכה פסול׃

ג גאנץ סוכות וויא באלד מען עסט אשטיקיל ברויט אדער לעקיך אדער בעקין קוכין גרעסער וויא איין איי גרוים מוז מען עס עסין אין דער סוכה׳ איז עס אבר ניט מער וויא איין איי גרוים מעג ער עס עסין אין שטוב׳ ווידער איין גיקעכץ אוים מעהל אדער גרויפין אדער קארין אדער גערשטין אדער האבער ווען ער זעצט זיך אנידער זאט אן צו עסין מוז ער עס עסין אין סוכה אבער אז ער זעצט זיך ניט אן צו עסין מעג ער עסין אין שטוב׳ אבער דיא ערשטע נאכט פון סוכות מוז יעדער עסין וויינגסטינס אזו גרוים וויא איין כזית אין דער סוכה׳ רעכט איז אבר מען זאל גאנץ סוכות ניט עסין אונ ניט טרינקען דאס מינדסטע נאר אין דר סוכה׃

ד ווען עס רעגינט אזו שטארק אז ווען דער רעגין וועט אריין גיין אין עסין אריין

ווערט דאש עסין קיילע ווערין מעג ער גיין אין שטוב אריין עשין · מען מוז אבער גיין טרויעריג אוים דער סוכה ווייל מען איז ניט זוכה מקיים צוא זיין די מצוה פון סוכה · אונ אז דער רעגין האט אויף געהערט אין מיטין עסין מוז ער ניט צוריק גיין אין סוכה אריין נאר ער עסט ווייטער אין שטוב · דאש איז אבער נאר גאנץ סוכות אבער די ערשטע נאכט האט אין זיך איין אנדערין דין אז עס רעגינט מוז מען ווארטין ביז זייגער צוועלף אפשר וועט דער רעגין אויף הערין · אונ אז ער הערט ניט אויף · מאכט מען קידוש אונ זאגט ניט לישב בסוכה נאר מען האט אין זין יוצא צוא זיין מיט דער שהחיינו אויף דער מצוה פון סוכה · אונ מען וואשט זיך אונ מאכט המוציא אונ עסט איין כזית חלה אונ גייט אין שטוב אריין עסין · אונ אז דר רעגן הערט אויף פאר דעם בענטשין · גייט מען צוריק אין סוכה אריין אונ מאכט די ברכה לישב בסוכה אונ עסט אשטיקיל ברויט אדער חלה גרעסער וויא איין איי אונ בענטשט · האט אבער דער רעגין ערשט אויף געהערט נאך דעם בענטשין · גייט מען אין סוכה אריין אונ וואשט זיך אונ מאכט המוציא אונ לישב בסוכה אונ עסט אשטיקיל חלה גרעסר וויא איין איי אונ בענטשט · אונ אז עס טריפט אין זיין סוכה אראפ פון דעם סכך אונ אין איין אנדר הויז איז דא איין סוכה וואש מען האט צוא געמאכט די דעכלאך ווען עש האט גערעגינט אונ איצונד האט מען זייא ווידר געעפינט זאל ער גיין אין יענער סוכה אריין עסין :

ה ווער עש שלאפט אין סוכה · מעג גיין אין שטוב אריין שלאפין ווען עס גייט נאר אקליינער רעגין :

ו די ערשטע נאכט סוכות זאגט מען אין קידוש פריער לישב בסוכה דער נאך שהחיינו אבר די אנדערע נאכט זאגט מען פריער שהחיינו דר נאך לישב בסוכה :

ז שבת חול המועד זאגט מען לישב בסוכה תיכף נאך קידוש :

חביידע טעג יום טוב בייא טאג אונ גאנץ חול המועד זאגט מען תמיד די ברכה לישב בסוכה נאך די ברכה המוציא לחם :

ט אין דעם לולב מוז מען אונטין אן בינדין דעם הדס אונ די ערבה · דער הדס אין דער רעכטר זייט אונ די ערבה אין דער לינקר זייט :

י צום אתרוג בענטשין אונ צוא הלל אונ צוא די הושענות · נעמט מען תמיד דעם לולב אין דער רעכטר האנט אונ דעם אתרוג אין דער לינקר האנט אפער ער מוז ביידע הענט האלטין איינע לעבין דער אנדערע אונ ווער עש איז געלינקט האלט דעם לולב אין דער לינקער האנט אונ דעם אתרוג אין דער רעכטער האנט אונ ווער עש האט נאר איין האנט האלט ער דעם לולב אין דער האנט אונ דעם אתרוג אין ארום :

יא מען מאכט פריער די ברכה על נטילת לולב אונ דער נאך שאקילט מען · אין דעם ערשטין טאג סוכות מאכט מען אויך שהחיינו פאר דעם שאקלען ·

יב אז דער ערשטער טאג סוכות געפאלט אום שבת בענטשט מען אין אים ניט קיין אתרוג ווארום דאס איז דאך אכלל אז שבת בענטשט מען קיינמאל ניט קיין

אֶתְרוֹג אִיבֶּער דֶעם מַאכְט מֶען דֶעם אַנְדֶרִין טָאג סוּכּוֹת דִיא בְּרָכָה שֶׁהֶחֱיָינוּ נָאךְ דִיא בְּרָכָה עַל נְטִילַת לוּלָב :

יג דִי צַייט פוּן אֶתְרוֹג בֶּענְטְשִׁין אִיז נָאר בַּייא טָאג נִיט בַּייא נַאכְט :

יד מֶען טָאר נִיט עֶסִין פַאר אֶתְרוֹג בֶּענְטְשִׁין אוּנ וֶוער עֶשׁ וואוּנְט אִין אַדָארְף אוּנ עֶר וַוארְט מֶע׳ זָאל אִים בְּרֵיינְגֶען אֵיין אֶתְרוֹג פוּן עֶרְגֶעץ אַנְדֶערְשׁ זָאל עֶר נִיט מֶעהְר וַוארְטִין נָאר בִּיז זֵייגֶער צְוֶועלְף צוּא מִיטָאג אוּנ אַז עֶשׁ אִיז שׁוֹין נָאךְ זֵייגֶער צְוֶועלְף זָאל עֶר עֶסִין חָאטְשֶׁע עֶר הָאט נָאךְ נִיט אֶתְרוֹג גִיבֶּענְטְשְׁט · אוּנ אַז דִיא הַארְץ אִיז אִים שְׁוַואךְ מֶעג עֶר עֶפֶּעס אָן בַּייסִין אוּנ מִיט דֶעם עֶסִין וַוארְט עֶר בִּיז זֵייגֶער צְוֶועלְף :

טו חוֹל הַמּוֹעֵד אִיז רֶעכְט אוּיס צוּא טָאן דִיא תְּפִלִּין פַאר אֶתְרוֹג בֶּענְטְשִׁין :

טז וֶוען מֶען בֶּענְטְשְׁט אֶתְרוֹג שָׁאקִילְט מֶען מִיט דֶעם לוּלָב זֶעקְס מָאל אֵיין מָאל קֶעגִין מִזְרָח דָאשׁ אַנְדֶרֶע מָאל קֶעגִין דָרוֹם דָאשׁ דְרִיטֶע מָאל קֶעגִין מַעֲרָב דָאס פֶערְטֶע מָאל קֶעגִין צָפוֹן דָאשׁ פִינְפְטֶע מָאל גְלַייךְ אַרוֹיף אוּנ דָאס זֶעקְסְטֶע מָאל גְלַייךְ אַרָאפּ · אוּנ דֶער חַזָן שָׁאקִילְט אִין הַלֵּל אוֹיךְ זֶעקְס מָאל וֶוען עֶר זָאגְט הוֹדוּ בַּייא אִיטְלִיכִין וָוארְט שָׁאקִילְט עֶר אֵיין מָאל נָאר נִיט וֶוען עֶר זָאגְט לַיְיָ · אוּנ וֶוען עֶר זָאגְט יֹאמַר נָא יִשְׂרָאֵל שָׁאקִילְט עֶר אוֹיךְ בַּייא אִיטְלִיכִין וָוארְט אֵיין מָאל · אָבֶּר וֶוען עֶר זָאגְט יֹאמְרוּ נָא בֵּית אַהֲרֹן אוּנ וֶוען עֶר זָאגְט יֹאמְרוּ נָא יִרְאֵי יְיָ שָׁאקִילְט עֶר נִיט · אוּנ וִוידֶר וֶוען עֶר זָאגְט בַּיידֶע מָאל אָנָּא יְיָ הוֹשִׁיעָה נָּא שָׁאקִילְט עֶר אִיטְלִיכְס מָאל זֶעקְס מָאל · אָבֶּער אָנָּא יְיָ הַצְלִיחָה נָּא שָׁאקִילְט עֶר נִיט אוּנ פַאר יְהַלְלוּךָ שָׁאקִילְט מֶען צְווייא מָאל צוּא זֶעקְס מָאל :

יז בְּשַׁעַת מֶען בֶּענְטְשְׁט אֶתְרוֹג אָדֶר מֶען הַאלְט אִים צוּא הַלֵּל אוּנ צוּ דִי הוֹשַׁעְנוֹת טָאר מֶען צוּא דֶעם אֶתְרוֹג נִיט שְׁמֶעקִין · אָבֶּער אַנַאנְדְצִין טָאג מֶעג מֶען צוּ אִים יוֹא שְׁמֶעקִין נָאר מֶען מוּז מַאכִין דִיא בְּרָכָה הַנּוֹתֵן רֵיחַ טוֹב בַּפֵּירוֹת · אוּנ אוּם שַׁבָּת חוֹל הַמּוֹעֵד מֶעג מֶען אוֹיךְ שְׁמֶעקִין צוּם אֶתְרוֹג · אָבֶּר דֶעם לוּלָב טָאר מֶען שַׁבָּת חוֹל הַמּוֹעֵד נִיט רִירִין פוּן דֶעם אָרְט וָוארוּם עֶר אִיז מוּקְצֶה :

יח מֶען מֶעג יוֹם טוֹב צוּרִיק לֵייגִין דֶעם אֶתְרוֹג אִין דֶעם אֵיינְגֶעם בַּאוּויל אַרֵיין וָואס עֶר אִיז גִילֶעגִין פוּן עֶרֶב יוֹם טוֹב אָן אָבֶּר אִין אֵיין אַנְדֶרִין בַּאוּויל אַרֵיין טָאר מֶען אִים אוּם יוֹם טוֹב נִיט לֵייגִין וָוארוּם דֶער בַּאוּויל בַּקוּמְט פוּן אֶתְרוֹג אֵיין רֵיחַ · אוּנ דָאשׁ טָאר מֶען יוֹם טוֹב נִיט טָאן :

יט דִי עֲרָבָה פוּן דֶעם לוּלָב מוּז זַיין צְווייא צְווייגְלִיךְ · אוּנ דִיא עֲרָבָה וָואשׁ אַנָכְרִי הָאט אוּם יוֹם טוֹב אוּיס גִירִיסִין פוּן דֶער עֶרְד טָאר מֶען אִין דֶעם טָאג אִיר נִיט צוּא בִּינְדִין צוּם לוּלָב אוּנ מִיטָאר אִיר גָאר נִיט אָן רִירִין וָוארוּם זיא אִיז מוּקְצָה אָבֶּר אַז עֶר הָאט אִיר גִירִיסִין דֶעם עֶרְשְׁטִין טָאג יוֹם טוֹב מֶעג מֶען אִיר צוּ בִּינְדִן צוּם לוּלָב דֶעם אַנְדֶערִין טָאג יוֹם טוֹב :

כ אַז דָאשׁ רוֹב פוּן דִיא בְּלֶעטֶער אִין דֶעם לוּלָב זַיינֶען שְׁטַארְק גִישְׁפָּאלְטִין דָאס הֵייסְט אִיטְלִיכֶעם בְּלַאט אִיז גִישְׁפָּאלְטִין פוּן אוּיבִין אַרָאפּ בִּיז מֶער פוּן דֶר הֶעלְפְט

אִיז

איז דער לולב פסול אונ מיטאר מיט אים ניט אתרוג בענטשין · אונ אז דיא בלעטר זיינען גאנץ נאר דאס רוב בלעטר זיינען שטארק טרוקען אז מען ביינט זייא איין צו ברעכין זייא זיך אדער אז מען ריהרט זייא אן מיט דעם נאגיל צו ברעקלן זייא זיך איז דער לולב אויך פסול אונ אז עש איז פון דעם לולב דער שפיץ אפגבראכין איז אויך פסול :

כא דער אתרוג מוז וויינינגסטינס אזוי גרויס זיין וויא איין איי · אבר קלענער איז ער פסול · אונ אז ער איז גאנץ גרין וויא גראז איז ער אויך פסול אונ אז עס פעלט פון דער הויט אפילו דאש מינדעסטע איז ער אויך פסול · אונ אז ער איז גשפאלטין פון אויבין ביז אראפ טיף אין דר שאלאכץ אריין איז ער אויך פסול · אבר אז ער איז נאר אין דער מיטין גישפאלטין · אבער פון אויבין אונ פון אונטין איז עפיס גיבליבין גאנץ איז ער כשר · אז עש פעלט דער פיטם איז ער אויך פסול · אונ אז עס פעלט אונטין דאש שטיקיל וואש עס בלייבט פון דר צווייג אונ עס איז אויף דעם ארט אנגריבליל איז ער אויך פסול · אבער אז דאש שטיקיל איז נאר האלב אפ גיבראכין אונ עש איז קיין גריבליל ניט דא אין אתרוג איז ער כשר · אונ אז ער איז גאנץ קיילערדיג איז ער אויך פסול :

כב עש זיינען נאך דא דינים בייא. דעם אתרוג ווען ער איז כשר אדער פסול דאש פאר שטייט אבער נאר דער למדן · ווער עם וויל האבין איין כשרין אתרוג זאל ער גיין מיט אלמדן ער זאל אים אויס קלייבין אונ מיזאל ניט קארג זיין אויף קיין געלט ווארום דאס איז אגרויסע מצוה :

כג אין דיא ערשטע זעקס טעג · דאס הייסט דיא צווייא טעג יום טוב אונ פיר טעג חול המועד · זאגט מען איטליכין טאג נאך מוסף איין אנדערע הושענא · אונ דאס איז אזוי ווען דער ערשטער טאג סוכות גיפאלט מאנטאג זאגט מען דעם ערשטין טאג למען אמתך · דעם אנדערין טאג אבן שתיה · דעם ערשטין טאג חול המועד אערוך שועי · דעם אנדערין טאג אום אני חומה · דעם דריטין טאג אל למושעות · שבת חול המועד אום נצורה · גיפאלט דער ערשטער טאג יום טוב אום דינסטאג · זאגט מען דעם ערשטין טאג למען אמתך · דעם אנדערין טאג אבן שתיה · דעם ערשטין טאג חול המועד אערוך שועי · דעם אנדערין טאג אל למושעות · שבת חול המועד זאגט מען אום נצורה · אום זונטאג זאגט מען אדון המושיע · גפאלט דער ערשטער טאג סוכות אום דאנערשטאג · זאגט מען דעם ערשטין טאג למען אמתך · דעם אנדערין טאג אבן שתיה · שבת חול המועד אום נצורה · דעם אנדרן טאג חול המועד זאגט מען אערוך שועי · דעם דריטין טאג אל למושעות · דעם פערטען טאג אדון המושיע · אונ אז דער ערשטער טאג סוכות גיפאלט אום שבת זאגט מען דעם ערשטין טאג אום נצורה · דעם אנדערין טאג למען אמתך · דעם ערשטין טאג חול המועד זאגט מען אערוך שועי · דעם אנדערין טאג אבן שתיה · דעם דריטען טאג אל למושעות · דעם פערטין טאג אדון המושיע ·

כד הושענא רבה איז אין יום הדין איבער דעם איז מען אויף דיא גאנצע נאכט אונ מען לייענט משנה תורה אונ מען זאגט גאנץ תהלים אונ מען בעט זיין

ליבי·

ליבין נאמען, ער זאל אונז שיינקען איין גליקליך יאר · אין דער פריא צינדט מען אן דיא יום כפור ליכט אונ דער חזן גייט אין קיטיל אונ מען זאגט שבת ברכות דאס הייסט למנצח מזמור לדוד השמים מספרים מיט דיא איבעריגע קאפיטלאך ביז לאורך ימים אבער נשמת זאגט מען ניט · פאר דעם אוים געמען זאגט מען אין כמוך · ווען מען נעמט אוים זאגט מען שמע ישראל אונ יי׳ יי׳ אונ דעם רבונו של עולם אזו וויא יום טוב · צו מוסף זאגט מען נעריצך · אויך איז דר מנהג אז דער חזן זינגט אדון עולם אונ ברוך שאמר אונ תתברך צורנו מיט דעם ניגון פון ראש השנה · הושענא רבה נאך מיטאג אדער שמיני עצרת איז מען מעביר דיא סדרה וזאת הברכה וויא דער דין איז שנים מקרא ואחד תרגום :

כה דיא הושענות וואס מען שלאגט אפ הושענא רבה · טאר מען ניט אוועק ווארפין ווארום עס איז דאך אמצוה זאך · איבער דעם זאל מען זייא פאר ברענען :

כו אייגענטליך איז ניט דא קיין דין וויא פיל צווייגליך עס דארפין צוא זיין אין דער הושענא · אבער דער מנהג איז צוא מאכין איטליכע הושענא פון פינף צווייגליך · אונ דער דין איז אז אפילו עס איז נאר דא איין בלעטיל אויף דעם צווייגעל איז שוין אויך גינוג אבער שיין איז דאש ניט · איבער דעם איז רעכט אוים צוא קלייבין צווייגלאך וואס האבין פיל בלעטער :

כז שמיני עצרת בייא דער נאכט מאכט מען קידוש אין סוכה אונ מען מאכט שהחיינו אבער מען זאגט ניט מער דיא ברכה לישב בסוכה · אונ מען עסט אין סוכה בייא דער נאכט אונ אין דער פריא :

כח שמיני עצרת אין דער פריא פאר מוסף רופט אוים דער שמש מען זאל זאגין משיב הרוח · אונ דער עולם זאגט שוין תיכף אין שמונה עשרה פון מוסף משיב הרוח ומוריד הגשם · דאש זאגט מען דעם גאנצין ווינטער ביז צוא מנחה פון דעם ערשטין טאג פסח :

כט שמחת תורה בייא דער נאכט זאגט מען אין קידוש שהחיינו · אונ אין אנדערע מדינות איז דער מנהג אז מען לייענט איין פרשה ברכה · אונ מען רופט אויף דער צוא כהן לוי אונ ישראל · אבער אין פיל מדינות לייענט מען בייא דער נאכט גאר ניט :

ל שמחת תורה אין דער פריא נעמט מען אויש אלע ספרים צוא דיא הקפות · דער נאך לאזט מען איבער דרייא ספרים צום לייענען אין איינעם לייענט מען דיא סדרה ברכה ביז מעונה עטליכע מאל כדי יעדער זאל עולה לתורה זיין · דער נאך לייענט מען דעם חתן תורה פון מעונה ביז אויש · דער נאך לייענט מען דעם חתן בראשית אין דעם אנדערין ספר פון בראשית ביז אשר ברא אלהים לעשות אונ מען זאגט חצי קדיש אונ מען לייענט אין דריטער ספר מפטיר · ווען מען האט אבער ניט מער נאר צווייא ספרים לייענט מען אין דעם ערשטין ברכה · אין דעם אנדערין בראשית אונ ווידער אין דעם ערשטין מפטיר :

לא שמחת תורה דוכינט מען ניט · דער טעם איזווייל דער עולם מאכט קידוש נאך

נאך דעם לייענען · אבער אין אנדערע קהלות דוכינט מען צו שחרית :

לב דאש וואס מען שיסט פולווער אום שמחת תורה · איז איין גרויסע עבירה אונ מען דארף דאש צו פאר ווערין :

## ע דינים פון חנוכה ובו ט״ז סעיפים

אין חנוכה האבין זיך צו אונזערע עלטערין צוויא גרוישע נסים גיטראפין · דאש ערשטע איז גיוועזן ווען די יונים האבין איבער אידין גיהערשט זיי האבין אונזרע עלטערין גרויסע צרות אן גיטאן זיי האבין פאר באטין צו לערנן תורה צוא האלטין שבת אונ מילה · דער נאך זיינען זייא גאר אן גיפאלין אויפין בית המקדש אונ האבן דריגען גיוואלט אריין שטעלין זייערע בילדער זיינען קעגין זייא אויף גישטאנען די כהנים גדולים פון דער פאמיליע חשמונאי אונ האבין מיט זייא מלחמה גיהאלטין ביז זייא האבין זייא ארויש גיאגט אוים דעם הייליגין לאנד אונ אידין האבין ווידר אליין גיהערשט איבער צווייא הונדערט יאר · דער טאג וואש זייא האבין די יונים ארוים גיאגט איז גיוועזין פינף אונ צוואנציג טעג אין כסלו · דעמאלט האט מען ניט גיפונען נאר איין קריגיל בוימיל פאר תמיד מיט דער חתימה פון דעם כהן גדול איז גיוועזן גענוג ניט צו ברענן אויף איין טאג · ווארום דיא איבעריגע פלעשער זיינן אפין גיוועזין האט מען זיי ניט גיטארט ברענן טאמער האבין די יונים זייא אן גירירט עס איז אבער איין נס גישעהען אז דאש איין קריגיל בוימיל האט גברענט אכט טעג · ביז מען האט גיבראכט איילבערטין אונ מיהאט אויש זיי גיפרעסט פרישין בוימיל · דורך דעם האט מען דעמאלט גימאכט אז מען זאל אלע יאר מאכין חנוכה פון דעם פינף אונ צוואנציגסטין טאג אין כסלו ביז אכט טעג · מען זאל אלע נאכט אנצינדין בוימיל כדי מען זאל זיך דער מאנען אן דעם גרויסין נס אונ הילף וואס מיר זיינען דעמאלט גיהאלפין גיווארין · דאש ווארט חנוכה איז טייטש באנייען ווארום מען האט דעמאלט באנייעט דאש בית המקדש וואש דער שונא האט עס אלאנגע צייט פאר אום ריינקט · איבער דעם מוז מען אין דיא דאזיגע אכט טעג פריילך זיין אונ דעם אויבערשטין לויבין אונ ארעמע לייט געבין צוא עסין :

דאס אנדערע נס איז גיוועזן ווען דער אנטיוכס הרשע האט באלעגערט ירושלים אונ אידין זיינען גיוועזין אין איין זייער גרויסער נויט האט זיך א פרומע פרויא איינגישטעלט דאס לעבין אונ איז גיגאנגן צום שונא אין לאגר אריין · דארט האט זיא מיט איר חכמה אונ שוינקייט נושא חן גיוועזין ביא דעם יענעראל זיא האט פאר אים גימאכט איין סעודה פון זייער גוטע מאכלים אונ פיל גיזאלצינם קעז · דאש האט אים שטארק גידארשט · ער האט גיטרונקען פיל ויין ביז ער איז שטארק אנטשלאפין גיווארין · אונ וויא זיא האט גיזעהן אז ער אונ אלע זיינע לייט שלאפין פעסט האט זיא אים אפ גישניטן דיא קאפ אונ איז מיט אים גילאפן קיין ירושלים · איצונד זיינען דיא אידין גישווינט איבער גיפאלין דאש לאגער פון דעם שונא אונ האבין אים שטארק גישלאגין ווארום עס איז דאך ניט גיוועזין קיין יענעראל וואש

זאל

זאל קאמאנדירין ׃ אונ דאש היילגע לאנד איז בעפרייעט געווארין פון דיא רשעים ׃ דורך דעם האט מען דעמאלט גימאכט איין גרוישע לאמינאציע ׃ אונ עש איז גיבליבן מען זאל אלע יאר אין דעם זעלביגן צייט שטארק באלייכטין דיא הייזער אונ דיא שולין צוא גידיינקען דאש גרוישע נס וואש זיין ליבער נאמען האט אונז פאר צייטין גיטאן ׃

א גאנץ חנוכה טאר מען ניט פאסטין אפילו איין יאר צייט ׃ אבער איין תענית חלום מעג מען יוא פאסטין ׃ נאר ער מוז נאך חנוכה נאך אמאל פאסטין וואש ער האט חנוכה גיפאסט ׃ אויך מאכט מען חנוכה קיין הספד ניט אונ מען זאגט ניט קיין צדוק הדין ׃

ב דער עיקר מצוה איז חנוכה ליכט צוא ברענען גוטע בוימיל׳ אבער אז ער האט ניט קיין בוימעל מעג ער ברענען איל אדער וועקסענע ליכטלאך ׃ אדער איין אנדערע זאך וואש ברענט ׃ אונ אז ער ברענט ליכטלאך זאל ער ניט שטעלן איינס העכער אונ איינס נידעריגער נאר אלע מוזין גלייך שטיין ׃ אונ עש זאלין ניט זיין צו נאהענט איינס לעבין דאש אנדערע ווארום דורך דעם שמעלצין זייא באלד אויס ׃ אונ איטליכעס ליכטיל מוז זיין אליין ׃ ניט צוא זאמען גיפלאכטין אויש עטליכע שטיקלאך ׃

ג דאש ארט פון די חנוכה ליכט ׃ איז ענטוועדער בייא דער טיר אין דער לינקער זייט ׃ קעגין איבער דער מזוזה ׃ אדער בייא דעם פענסטער ׃ אין דיא ערשטע נאכט צינט מען אן דאש ליכטיל אין דער רעכטער זייט ׃ דיא אנדערע נאכט צינט מען אן דאס ערסטע ליכטיל אין דער רעכטע זייט אונ דער בייא דאש אנדערע ׃ אונ אזו גייט עש אלע נאכט ווייטער ביז ער קומט צום אכטין ליכטיל אין דער לינקער זייט ׃ אין שול שטעלט מען די חנוכה ליכט אין דער דרום זייט ׃ אונ ווייא צו צינדין האט איטליכע שטאט איר אייגענעם מנהג ׃ אנדערע צינדין פון מזרח קעגין מערב ׃ אונ אנדערע אנדערש ׃

ד מען מוז אזוי פיל בוימיל אן גיסין אז ער זאל ווייניגסטענס ברענען אהאלבע שעה ׃ אונ דיא וועקסענע ליכטלאך מוזין אויך ברענען אהאלבע שעה ׃

ה דיא צייט פון חנוכה ליכט בענטשין איז תיכף וויא עס ווערט נאכט ׃ אי שול בענטש מען נאך מנחה ׃ אונ אין דער היים בענטשט איטליכער נאך מעריב אונ מען מוז זעהען צו בענטשין חנוכה ליכט בייא צייטין כל זמן דיא הויז מענטשין זיינען אויף כדי אלע זאלין הערין ׃ אונ וויא באלד עס ווערט נאכט טאר מען ניט עסין אונ קיין מלאכה ניט טאן אונ אפילו ניט לערנן׳ ביז מען בענטשט חנוכה ליכט ׃

ו מען טאר פון דיא חנוכה ליכט קיין הנאה ניט האבין ׳ אפילו צוא עכין אדער שרייבין אדר לערנן דר בייא ׃ אונ מען טאר עש ניט באנוצין אויף קיין שום אנדערע זאך ׃ איבער דעם לאזט מע דעם שמש אויך ברענען לעבין די חנוכה ליכט ׃ כדי אז מען וועט עפיס יוא הנאה האבין פון דיא חנוכה ליכט זאל מען קיין

עֲבֵירָה נִיט הָאבִּין · וָוארוּם דֶער בַּייא אִיז דָאךְ דָא דִי לִיכְטִיקַייט פוּן שַׁמָשׁ אוּנ דָאשׁ אַלַיין אִיז אוֹיךְ גִינוּג :

ז דִיא עֶרְשְׁטֶע נַאכְט פוּן חֲנוּכָּה מַאכְט מֶען דְרַייא בְּרָכוֹת · לְהַדְלִיק נֵר׳אוּנ שֶׁעָשָׂה נִסִּים · אוּנ שֶׁהֶחֱיָינוּ · אָבֶּער דִי אִיבֶּערִיגֶע נֶעכְט מַאכְט מֶען נָאר צְווייא בְּרָכוֹת · לְהַדְלִיק נֵר אוּנ שֶׁעָשָׂה נִסִּים · אָבֶּער אַז עֶר הָאט דִיא עֶרְשְׁטֶע נַאכְט נָאר נִיט אָן גִיצוּנְדִין חֲנוּכָּה לִיכְט · אָדֶער עֶר הָאט יוֹא גִיצוּנְדִין · נָאר עֶר הָאט פַאר גֶעסִין צוּ מַאכִין שֶׁהֶחֱיָינוּ · מַאכְט עֶר דִיא אַנְדֶערֶע נַאכְט שֶׁהֶחֱיָינוּ · הָאט עֶר דִיא אַנְדֶערֶע נַאכְט אוֹיךְ נִיט גִיצוּנְדִין אָדֶער עֶר הָאט זִיךְ דֶעמָאלְט אוֹיךְ נִיט דֶר מָאנְט שֶׁהֶחֱיָינוּ צוּא מַאכִין · מַאכְט עֶר שֶׁהֶחֱיָינוּ אִין דֶער נַאכְט וָואשׁ עֶר דֶער מָאנְט זִיךְ אָדֶער וָואשׁ עֶר הֵייבְּט אָן צוּא צִינְדִין · אוּנ אַזוֹ אִיז עֶס בִּיז אוֹיס חֲנוּכָּה · וֶועלְכֶע נַאכְט עֶר צִינְט צוּם עֶרְשְׁטִין מָאל אָדֶר וָואשׁ עֶר דֶר מָאנְט זִיךְ דֶעמָאלְט מַאכְט עֶר שֶׁהֶחֱיָינוּ :

ח פְרַייטָאג צוּא נַאכְט בֶּעגְטְשְׁט מֶען פְרִיעֶר חֲנוּכָּה לִיכְט אוּנ דֶער נָאךְ בֶּענְטְשְׁט מֶען שַׁבָּת לִיכְט · אוּנ מוֹצָאֵי שַׁבָּת בֶּענְטְשְׁט מֶען חֲנוּכָּה לִיכְט נָאךְ הַבְדָלָה · אוּנ אִין שׁוּל צִינְט מֶען אָן חֲנוּכָּה לִיכְט פַאר הַבְדָלָה :

ט אַלֶע אַכְט טֶעג חֲנוּכָּה זָאגְט מֶען גַאנְץ הַלֵּל · אוּנ מֶען זָאגְט נִיט קַיין תַּחֲנוּן אוּנ נִיט אֵל אֶרֶךְ אַפַּיִם אוּנ נִיט לַמְנַצֵּחַ · אוּנ שַׁבָּת זָאגְט מֶען נִיט קַיין צִדְקָתְךָ צֶדֶק :

י ווייבֶּער מוּזִין אוֹיךְ בֶּענְטְשִׁין חֲנוּכָּה לִיכְט · נָאר אַז זִיא הָאט אַיין מַאן זָאגְט זִיא נָאךְ אָמֵן נָאךְ דִיא בְּרָכָה פוּן זַיין בֶּענְטְשִׁין אוּנ אִיז יוֹצֵא · הָאט זִיא אָבֶּער נִיט קַיין מַאן אָדֶער דֶער מַאן אִיז נִיט אִין דֶער הֵיים · מוּז זִיא בֶּענְטְשִׁין חֲנוּכָּה לִיכְט :

יא וֶוער עֶשׂ אִיז אִין דֶער פְרֶעמְד אוּנ ווייס אַז זַיין ווייבּ צִינְט חֲנוּכָּה לִיכְט אִין דֶער הֵיים · הֶערְט עֶר דִיא בְּרָכוֹת פוּן אַיין אַנְדֶערִין וָואשׁ בֶּענְטְשְׁט חֲנוּכָּה לִיכְט · דֶער נָאךְ צִינְט עֶר לִיכְט אָן אַבְּרָכָה · הָאט עֶר אָבֶּער קַיין ווייבּ אָדֶער עֶר ווייס אַז זִיא בֶּענְטְשְׁט נִיט חֲנוּכָּה לִיכְט · מוּז עֶר בֶּענְטְשִׁין חֲנוּכָּה לִיכְט דָארְטִין וואוּ עֶר אִיז · אוּנ אַז עֶס אִיז נִיט מִיגְלִיךְ זָאל עֶר צוּא שְׁטַייעֶר גֶעבִּין דֶעם בַּעַל הַבַּיִת אוֹיף בּוֹימִיל כְּדֵי עֶר זָאל קוֹיפִין אַבִּיסִיל מֶעהְר בּוֹימִיל ווִיא מֶען דַארְף · הָאט עֶר שׁוֹין אוֹיךְ אַחֵלֶק אִין דֶער מִצְוָה :

יב אַז מֶען צִינְט חֲנוּכָּה לִיכְט אִין אַיין לַיימֶענֶעם לֶעמְפִּיל · זָאל מֶען שׁוֹין דִי אַנְדֶרֶע נַאכְט דְרִינֶען נִיט מֶער צִינְדִין · וָוארוּם עֶשׂ אִיז שׁוֹין נִיט שֵׁיין · אִיבֶּער דֶעם אִיז רֶעכְט צוּא הָאבִּין אַיין זִילְבֶּערְנֶעם אָדֶער אַמֶעשֶׁענֶעם אָדֶער ווַיינְגְסְטִינְם אַבְּלֶעכֶענֶעם לֶעמְפִּיל :

יג אַיינְגֶענְטְלִיךְ מֶעג מֶען בְּרֶענֶען יֶעדֶער אֵייל · אָבֶּער וָוער עֶס וִויל דִי מִצְוָה טָאן וִויא עֶס דַארְף צוּ זַיין · זָאל עֶר נֶעמֶען דֶעם בֶּעסְטִין רֵיינְכְטִין בּוֹימִיל · אוֹיךְ דִיא קְנוֹיטִין מֶעג מֶען מַאכִין פוּן וָואשׁ מֶען וִויל · אָבֶּער מֶעהְר מִצְוָה אִיז אַיין בַּאוּוִילְנֶע קְנוֹיט :

יד וֶוען מֶען הָאט פַאר גֶעסִין צוּא זָאגִין עַל הַנִּסִּים אִין דֶער שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה אוּנ דֶער מָאנְט זִיךְ עֶרְשְׁט נָאךְ וּלְךָ נָאֶה לְהוֹדוֹת אָדֶער אֲפִילוּ נָאךְ בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ · אִיז

שׁוֹין

שוין פאר פאלין אונ ער זאגט ניט מער · דער מאנט ער זיך אבער פאר ברוך אתה
יי · אפילו ער האלט שוין בייא ועזרתינו סלה · זאגט ער דא על הנסים :

טו אז ער פאר געסט אין בענטשין צוא זאגין על הנסים אונ דער מאנט זיך ערשט
וויא ער האט שוין גיזאגט דעם שם פון דער ברכה פון ועל הכל אדער ער האלט
שוין ווייטער זאל ער פאר הרחמן הוא יזכנו זאגין הרחמן הוא יעשה לנו נסים
ונפלאות כמו שעשה לאבותינו בימים ההם בזמן הזה דער נאך זאגט ער בימי
מתתיהו ביז לשמך הגדול :

## עא דיני ארבע פרשיות ובו ד׳ סעיפים

## דינים פון ארבע פרשיות

א דער שבת פאר ראש חודש אדר · אונ אין איין עבור יאהר פאר ראש חודש
אדר שני · איז פרשת שקלים · ווארום ווען דאש בית המקדש איז גישטאנען האט
יעדער גיבוזום געבין איין האלבין שקל אויף דיא קרבנות וואש מען האט אן גיהויבין
ראש חודש ניסן איין צוא קויפין · אונ מיט איין חודש פריער · דאש הייסט אום
ראש חודש אדר האט מען אויס גירופין אז יעדער זאל ברייניגען דעם האלבין
שקל · דעם דאזיגין שבת לייענט מען מפטיר אין אנדערין ספר דיא פרשה פון
שקלים אין כי תשא · אונ אז ראש חודש אדר גיפאלט אום שבת · לייענט מען
נאר ביז ששי אין דער סדרה פון דער וואך · אונ שביעי לייענט מען אין אנדערין
ספר די פרשה פון ראש חודש דאש הייסט וביום השבת ובראשי חדשיכם אונ זאגט
חצי קדיש אונ אין דריטין ספר לייענט מען די פרשה פון שקלים · אונ אז מען האט זיך
טועה גיוועזין אונ האט אן גיהויבין צוא לייענען שביעי דיא פרשה פון שקלים ·
לייענט מען אויש · אונ מען לייענט מפטיר דיא פרשה פון ראש חודש :

ב דר שבת פר פורים איז פרשה זכור · מען נעמט אויס צוויי ספרים אין איינם לייענט
מען די סדרה פון דר וואך אונ אין אנדערין לייענט מען מפטיר אין פרשת כי תצא ·
פון זכור את אשר עשה לך עמלק ביז צום לעצט · ווארום המן איז ארויש גיקומן פון עמלק
אונ מיט דעם גידיינקן מיר דאש גרוישע נס וואש דר אויבערשטר האט אונז דערמאלט
גיטאן · אין דעם דאזיגן שבת טאר ניט מפטיר זיין איינער וואש איז נאך ניט בר
מצוה · אונ ווער עס וואונט דארטין וואו עש איז קיין מנין ניטא · אדר ער איז ניט
גיזונט אונ קאן ניט גיין אין שול אריין · מוז ער אין דער היים לייענן דיא פרשה
פון זכור מיט טראפ אונ מיט גרויש כונה :

ג דער שבת וואש פאר פרשת החודש איז פרשת פרה · מען נעמט אויס צווייא
ספרים · אין איינעם לייענט מען דיא סדרה פון דער וואך אונ אין דעם אנדרין
לייענט מען מפטיר דיא פרשה פון דער פרה אדומה אין דער סדרה חוקת · ווארום
ווען דאש בית המקדש איז גישטאנען האט מען דעם עולם צוא וויסין גיגעבין אז
איידער זייא גייען עולה רגל זיין קיין ירושלים זאל זיך יעדר ריינינגן ער זאל ניט
טמא זיין כדי ער זאל קענען ברייננען דעם קרבן פסח · אויך אין דעם דאזיגן שבת

רופט מען ניט אויף צוא מפטיר איינעם וואש איז נאך ניט בר מצוה ׃
ד דער שבת פאר ראש חודש ניסן איז פרשת החודש · מען נעמט אויש צווייא ספרים · אין איינעם לייענט מען דיא סדרה פון דער וואך · אונ אין אנדערין לייענט מען מפטיר דיא פרשה החודש הזה לכם · אונ אז ראש חודש גיפאלט אום שבת · איז דעמאלט פרשת החודש · מען נעמט אויש דרייא ספרים · אין איינעם לייענט מען ביז נאך ששי דיא סדרה פון דער וואך · אין אנדרין לייענט מען שביעי פון שבת ראש חודש אונ זאגט חצי קדיש אונ אין דריטין לייענט מען מפטיר דיא פרשה החודש הזה לכם ׃

# עב הלכות פורים ובו י״א סעיפים

## דינים פון פורים

א אסתר תענית איז איינגינטליך אויף א טאג וואש איטליכער איד מוז אין איס פאסטין · נאר א מעוברת אונ א זייגעדיגע אדער אפילו וואש האט אויגין שמערצין · אדער א קימפעטארין ביז א חודש נאכין קימפעט · דיא אלע מעגין עסין ווען דאש פאסטין ארט זייא שטארק · אבער א גיזונטער מענטש מוז פאסטין ׃

ב יעדער מענטש איז מחוייב צוא לייענען דיא מגילה בייא נאכט אונ איבער צוא לייענען נאך איין מאל אין דער פריא ווארום דאש איז איין אנדיינקונג אויף דעם נס וואש דער איבערשטער האט גיטאן צו די אידין וואש פלעגין שרייען טאג אונ נאכט פון פיל צרות · אונ דיא צייט צוא לייענען דיא מגילה בייא טאג איז דעם גאנצן טאג פון די צייט וויא די זון גייט אויף ביז סוף טאגי אונ ווען ער האט גילייענט דיא מגילה גליך וויא דער מארגין שטערין איז אויף גיגאנגען איז ער אויך יוצא אונ דיא צייט פון צוא לייענען דיא מגילה בייא נאכט איז פון אנפאנג נאכט וויא שטערין הייבין זיך אן צו זעהען ביז סוף נאכט · אבער איידער שטערין זעהען זיך טאר מען ניט אן הייבין צוא לייענען דיא מגילה אונ תאן עש איז איס זייער שווער צו פאסטין פון דעסט וועגין טאר מען ניט לייענען איידער שטערין זעהען זיך · אונ דער וואש לייענט איידער שטערין זעהען זיך איז ער נאר ניט יוצא · אונ אפילו ער האט נאר א האלבע מגילה גילייענט איידער שטערין זעהען זיך אונ דיא אנדערע האלבע קוכט אויש אין דער צייט איז ער אויך ניט יוצא · מוז ער איבער לייענען אין גאנצין ווען דיא צייט איז · אונ ווען ער האט זייער קיין צייט ניט אדער ער איז זייער שלאף פון תענית מעג ער עטוואש פאר זוכען כדי צוא שטארקין דיא הארץ ער זאל גוט קענען הערין דיא מגילה לייענען נאר קאווע אדער טייא אבער ניט קיין עס ׀ אדער איין אנדר משקה ׃

ג אפילו לערנין תורה וואש דאס איז גיגליכין קעגין אלע מצות איז מען אייך מבטל כדי צו הערין די מגילה לייענן מיט מנין · ווען אפילו ער קאן שפעטער מאכין א מנין בייא זיך · זאל ער מיט דיא ווייב אונ קינדער אויך גיין בעסער אין שול

ווען

ווען אלע לייענען דיא מגילה ווייל דער נס איז גרעסער אז עס איז אגרויסער עולם אין שול:

ד אלע זיינען מחויב צוא הערין דיא מגילה לייענען סייא מענער סייא פרויען אויך איז מען מחויב איין צו געוואהנען דיא קליינע קינדער צוא דער מצוה ווארום זיי זיינען אויך געוועזין אין דיא גזירה אז מען זאל זייא אויך אויש הרגנן נאר זייא זיינען יוצא ווען אפילו זייא לייענען ניט אליין נאר זייא הערין פון איין אנדערין לייענענדיק דיא מגילה נאר זייא מזין הערין פון אזו אמענטש וואס ער איז מחוייב אליין צוא לייענן די מגילה׃ אונ איינער פון זייא אז ער לייענט זיינען דיא איבעריגע וואש הערין ניט יוצא מיט דעם לייענען׃ נאר אין איין נויט מעג איין אשה לייענען פאר זיך אין איין כשרה מגילה:

ה דיא מצוה פון מגילה לייענען איז דווקא מיטין מנין אונ איינער לייענט אונ דיא איבעריגע הערין גוט צוא׃ נאר אז עש איז ניטא קיין מנין׃ איז דער דין אזו׃ ווען אלע פאר שטייען צוא לייענט לייענט איטליכער פאר זיך׃ נאר בדיעבד אז איינער האט גילייענט מוציא צוא זיין דיא איבעריגע אונ זייא טראכטין אויך יוצא צוא זיין מיט זיין לייענען זיינען זייא יוצא בדיעבד׃ אונ איין דעה איז פאראנען אז אפילו לכתחלה זאל אויך בעסער איינער לייענען אונ זייא זאלין הערין ווייל אזוא איז גרעסער דר נס׃ אונ ווען איינער פאר שטייט צוא לייענען אונ דיא אנדערע פאר שטייען ניט איז נאך אלעמען נאך׳בעסער אז דער וואס פאר שטייט זאל לייענן אונ די איבעריגע זאלין הערין׃ דיא מגילה מוז זיין געשריבין אויף פארמעט אונ מען טאר ניט שרייבין אין איר קיין נקודות אונ טראפ׳אונ דיא דינים וויא עש זאל זיין געשריבין אונ אויך מיט וואש מען נייט איר צוא זאמען דיא יריעות אונ אנדערע דינים געפינט מען אין שולחן ערוך׃ אונ ווען עס איז אלעש געמאן געווארין בכשרות אזו וויא דער דין איז מעג מען מאכין אברכה אויף איר לייענען אבער אז עס. איז געשריבין אויף איין פאפיר אדער גידרוקט דהיינו אין אחומש הנם ער מעג בשעת הדחק לייענען אבער קיין ברכה טאר מען ניט מאכין׃ אין איין גיגזילתע מגילה טאר מען ט לייענען אונ אפשיטא ניט קיין ברכה מאכין נאר פון דעסט וועגין אויב ער האט גילייענט אין איר איז ער יוצא:

ו ווער עס זיצט שבעה׳ גייט ער פורים אן גטאן אין די שיך אונ זיצט אויף אבייגקל אונ אז ער קאן ניט האבין בייא זיך אין דער היים אמנין מעג ער גיין אין שול ארייין צו הערין דיא מגילה לייענן׳ אונ שושן פורים זיצט ער אויך ניט קיין שבעה:

ז ביידע טעג פורים מאכט מען ניט קיין הספד אונ מען זאגט ניט קיין צדוק הדין׳ אונ מען טאר אין זייא ניט פאסטין׳ אונ אז עש איז איין עבור׳ יאר׳ האבן ביידע טעג פון קליין פורים אויך דעם איינענעם דין:

ח איין אבל מוז שיקין שלוח מנות׳ אבער אים שיקט מען ניט קיין שלוח מנות דעם גאנצין יאר וואס ער איז איין אבל:

ט ווען בייא איינעם איז חס ושלום אימעצער געשטארבין אסתר תענית אונ דיא

קְבוּרָה וָועט עֶרְשְׁט זַיין פּוּרִים בַּייא טָאג · חָאטְשֶׁע עֶר אִיז אַיין אוֹנֵן · דַאווינְט עֶר בַּייא נַאכְט אוּנ הֶערְט דִי מְגִילָה לֵייעֶנְן · נָאר אִין דֶר פְרִיא זָאל עֶר וַוארְטִין בִּיז נָאךְ דֶער קְבוּרָה · אוּנ דֶעמָאלְט זָאל עֶר עֶרְשְׁט דַאווֶנְעֶן אוּנ זָאל דִי מְגִילָה לֵייעֶנְן אָדֶער אַיין אַנְדֶרֶער זָאל אִים פָאר לֵייעֶנְעֶן · אָבֶּר קַיין תְּפִילִין זָאל עֶר נִיט לֵייגִין · אוּנ אַז עֶר הָאט גִיהֶערְט דִי מְגִילָה לֵייעֶנְעֶן פַאר דֶער קְבוּרָה אִיז עֶר אויךְ יוֹצֵא · פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז רֶעכְט עֶר זָאל שְׁפֶּעטֶער נָאךְ דֶער קְבוּרָה לֵייעֶנְן דִי מְגִילָה אָן אַבְּרָכָה :

י דִי סְעוּדָה פוּן פּוּרִים מוּז זַיין בַּייא טָאג · אִיבֶּער דֶעם מוּז מֶען גַאנְץ פְרִיא דַאווֶנֶן מִנְחָה אוּנ זֶעצִין זִיךְ צוּא דֶר סעוּדָה וֶוען עֶשׁ אִיז נָאךְ טָאג · אוּנ אַז פּוּרִים גְפַאלְט אוּם פְרַייטָאג מַאכְט מֶען דִיא סְעוּדָה בַּייא טָאג :

יא יֶעדֶער מֶענְטְשׁ מוּז שִׁיקִין מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת. דְהַיְינוּ צְווייא מִינֵי פַארְטִיגֶע אוֹכְלִין אָדֶער צְווייא מִינֵי מַשְׁקֶה אויךְ דַארְף יֶעדֶער גֶעבִּין מַתָּנוֹת לָאֶבְיוֹנִים דָאשׁ הֵייסְט צְווייא אָרִימֶע לַייט יֶעדֶערִין אַיין מַטְבֶּע. אוּנ ווַייבֶּער זֵיינֶען אויךְ מְחוּיָיב צוּ שִׁיקִין מִשְׁלוֹחַ מָנוֹת וּמַתָּנוֹת לָאֶבְיוֹנִים. נָאר ווייבֶּער מוּזִין שִׁיקִין צוּא וַוייבֶּער :

יב בַּיידֶע טֶעג פּוּרִים אויךְ בַּיידֶע טֶעג קְלַיין פּוּרִים זָאגְט מֶען נִיט קַיין תַּחֲנוּן אוּנ נִיט אֵל אֶרֶךְ אַפַּיִם אוּנ נִיט לַמְנַצֵּחַ :

יג וֶוען עֶשׁ אִיז אַיין בְּרִית מִילָה אוּם פּוּרִים אִיז מֶען מַל פַאר דֶער מְגִילָה לֵייעֶנְעֶן :

יד וֶוען מֶען פַארְגֶעסְט פּוּרִים צוּא זָאגִין עַל הַנִּסִּים אִין דַאווֶנְעֶן אָדֶער אִין בֶּענְטְשִׁין. אִיז דֶער אַיינְעֶנֶער דִין וִויא מִיר הָאבִּין גִישְׁרִיבִּין בַּיי חֲנוּכָּה. נָאר עֶר זָאגְט נָאךְ בִּזְמַן הַזֶּה. בִּימֵי מָרְדְּכַי וְאֶסְתֵּר בִּיז עַל הָעֵץ :

טו וֶוען עֶס טְרֶעפְט זִיךְ אַ פֶּדְיוֹן הַבֵּן אוּם פּוּרִים מַאכְט מֶען אַ סְעוּדָה אָקְרַאט וִויא אִין אַיין אַנְדֶערִין טָאג · אוּנ מֶען מֶעג אויךְ מַאכִין אַחְתוּנָה אוּם פּוּרִים · אָבֶּער דָאשׁ טְרֶעפְט זִיךְ קַיין מָאל נִיט · ווָארוּם נָאךְ וִואשׁ זָאל מֶען הָאבִּין דִי חֲתוּנָה אוּם פּוּרִים וֶוען אִיטְלִיכֶער מֶענְטְשׁ זִיצְט לִיבֶּער בַּייא זִיךְ אִין דֶער הַיים אוּנ פְרֵייט זִיךְ מִיט זַיין ווַייבּ אוּנ קִינְדֶער · לִיבֶּערְשְׁט מַאכְט מֶען דִיא חוּפָּה אֶסְתֵּר תַּעֲנִית בַּיי דֶער נַאכְט · דֶעמָאלְט קָאן מֶען הָאבִּין אַגְרוֹיסִין עוֹלָם · הַשֵּׁ"י זָאל גֶעבִּין עֶס זָאל זַיין בַּייא אַלֶע אִידִין שִׂמְחוֹת · אוּנ מִיר זָאלִין זוֹכֶה זַיין צוּא זֶעהֶען דִיא גְאוּלָה בִּמְהֵרָה בְּיָמֵינוּ אָמֵן :

## תם ונשלם ספר חיי אדם · בעזרת יוצר האדם



## ספר

# חכמת אדם

## נעתק

מהספר חכמת אדם בלה"ק שחבר הרב המאוה"ג

מוהר"ר **אברהם דאנציג** ז"ל מ"ץ דווילנא.

דיא דינים פון שולחן ערוך יורה דעה אונ פון אנדערע פוסקים וועלכע עס זיינען נייטיג פאר איטליכען אידין צו וויסען. זיינען דא איבער גיזעצט אין עברי טייטש גאנץ קלאר אונ דייטליך דאס יעדער זאל עס קענען לייכט פאר שטיין.



# לוח המפתחות

## פֿערצייכעניש פון אַלֶע דִינִים וָואשׂ שְׁטֵייעֶן אִין דֶעם חָכְמַת אָדָם :

א הלכות מליחה · אַלֶע דִינִים פוּן פְלֵייש זַאלְצִין · וִויא אַזוֹא מֶען זָאל זַאלְצִין אוּנ וָוען דִיא צַייט אִיז צוּא זַאלְצִין · אוּנ וִויא מֶען זָאל זִיךְ נוֹהֵג זַיין מִיט דֶעם קָאפּ אוּנ דִיא פִּיס · לוּנְג אוּנ לֶעבֶּער · נִירִין · מִילְץ · אַייטֶער · אוּנ אַיין מָאגִין פוּן אַיין קָאלְבּ :

ב דיני תולעים · וָועלְכֶע זַאכִין מֶען מוּז קְלַייבִּין אוֹיבּ עֶשׂ אִיז אִין זֵייא נִיטָא קַיין וָועְרִים אוּנ דִינִים פוּן וָועְרִימְדִיגִין רֶעטַאךְ :

דיני מאכלי נכרים · דִינִים פוּן בְּרוֹיט אוּנ אַלֶע עֶסִין וַוארְג פוּן אַיין נָכְרִי :

ד הלכות חלה · פוּן וָועלְכִין טֵייג מֶען מוּז חַלָה נֶעמֶען · וִויא גְרוֹיש דָאשׂ טֵייג מוּז זַיין אוּנ וִויא גְרוֹישׂ דִיא חַלָה מוּז זַיין אוּנ וָוער עֶשׂ מוּז חַלָה נֶעמֶען :

ה דיני הכשר כלים · וִויא אַזוֹ מֶען מוּז כַּשְׁרִין כֵּלִים וָואשׂ זַיינֶען טְרֵיפָה אָדֶער וָואשׂ מֶען קוֹיפְט בַּייא אַיין נָכְרִי · אוּנ וָועלְכֶע זַאכִין מֶען מוּז גְלִיעֶן אִין פַייעֶר :

ו דיני מאכלות אסורות · אַלְסְדִינְג וָואשׂ דֶער אִיד טָאר נִיט עֶסִין אוּנ נִיט טְרִינְקֶען · אוּנ דִינִים פוּן כִּלְאַיִם אוּנ פוּן שַׁעַטְנֵז :

ז דיני צער בעלי חיים · וִויא אַזוֹא מֶען מוּז זִיךְ הִיטִין קַיין לֶעבֶּעדִיג בַּאשֶׁעפֶּענִישׁ קַיין יְסוּרִים נִיט אָן צוּא טָאן :

ח הלכות נזיקין · וִויא מֶען מוּז זִיךְ אָפּ הִיטִין קַיין פְרֶעמְדִין אוּנ אוֹיךְ זִיךְ אַלֵיין קַיין שָׁאדִין נִיט צוּא טָאן :

ט דיני כיבוד אב ואם · וִויא מֶען מוּז עֶרְלִיךְ הַאלְטִין פָאטֶער אוּנ מוּטֶער אוּנ דֶעם עֶלְטֶערִין בְּרוּדֶער · שְׁוֶוער אוּנ שְׁוִוינֶער · אוּנ זַיין רֶבִּי אוּנ אַיין תַּלְמִיד חָכָם אוּנ אַיין כֹּהֵן אוּנ אַיין לֵוִי · אוּנ וִוידֶער וִויא דֶער פָאטֶער מוּז זִיךְ נוֹהֵג זַיין קֶעגִין זַיינֶע קִינְדֶער :

י הלכות רבית · אַלֶע דִינִים פוּן פְּרָאצֶענְט גֶעמֶען · וָועלְכֶעשׂ מֶען טָאר נִיט אוּנ וָועלְכֶעם מֶען מֶעג · אוּנ וִויא אַזוֹא צוּא מַאכִין אַיין הֶיתֵּר עִסְקָא אוּנ וִויא אַזוֹא מֶען מוּז זִיךְ שְׁטַארְק אָפּ הִיטִין פַאר אַנְדֶערֶע זַאכִין וָואשׂ זֶעהֶען אוֹיךְ אוֹישׂ וִויא פְּרָאצֶענְט :

יא דיני ממונות · אַלֶע דִינִים פוּן מַשָׂא וּמַתָּן אוּנ גֶעלְט זַאכִין :

יב דיני מילה · וָוען דִיא צַייט אִיז דֶער פוּן · אוּנ וָוען מֶען מֶעג אָפּ לֵייגִין דִיא מִילָה אוֹיף שְׁפֶּעטֶער · אוּנ וִויא אַזוֹא דֶער מִנְהָג אִיז בַּייא דֶער מִילָה :

יג דיני פדיון הבן · אִין וָועלְכִין טָאג מֶען מַאכְט דֶעם פִּדְיוֹן הַבֵּן · אוּנ וִויא אַזוֹא דֶער מִנְהָג אִיז דֶער בַּייא · אוּנ וָוער עֶשׂ דַארְף קַיין פִּדְיוֹן הַבֵּן נִיט מַאכִין · אוּנ וִויא פִיל גֶעלְט מֶען מוּז גֶעבִּין דֶעם כֹּהֵן :

יד דיני בכור בהמה טהורה · וָואשׂ מֶען מוּז טָאן וָוען דִיא בְּהֵמָה פוּן אַיין אִיד הָאט אַיין בְּכוֹר · אוּנ בַּייא וָועלְכֶע בְּהֵמוֹת דֶער אִיד אִיז דֶער פוּן פָּטוּר · אוֹיךְ וִויא דֶער דִין אִיז וָוען אַיין אֵייזִיל גִיוִוינְט אַיין בְּכוֹר :

טו דין אותו ואת בנו · אִין וָועלְכִין טָאג מֶען טָאר דִיא בְּהֵמָה נִיט שָׁחְטִין · אוּנ וִויא אַזוֹא מֶען מוּז טָאן וָוען מֶען פַאר קוֹיפְט אַיין אַנְדֶערִין אַיין בְּהֵמָה וָואשׂ מֶען וַוייש אַז יֶענֶער וֶועט זִיא שָׁחְטִין :

טז הלכות אישות · פוּן מַאן אוּנ וַוייבּ · פַאן

דער

דער תחונה · וועלכעס ווייב דער כהן טאר ניט נעמען · וויא לאנג איין גרושה אדער איין אלמנה טאר קיין שידוך ניט טאן · אין וועלכין טאג חתן כלה דארפין ניט פאסטין פאר דער חופה · דינים פון שבע ברכות · מיט וועלכע נקבה מען טאר ניט זיין אליין · אונ וויא שטארק מען מוז זיך דער ווייטערין פון ווייבער :

יז הלכות אונן · דינים פון דעם טאג וואש עש איז ביוא איינעם איינער גישטארבין וויא ער מוז נאך אים שבעה זיצין · אונ וויא אזוא דאש איז ווען דער טאג איז שבת אדער יום טוב אדער פורים אדער אז ער מאכט דערנאך איין ברית מילה · אדער ער האט גימאכט חתונה · אונ וויא אזוא מען זאל זיך נוהג זיין נאך איין משומד אדער נאך איינעם וואש ער האט זיך אליין גימאכט דעם טויט :

יח דיני כבוד המתים · וויא שטארק מען מוז ערליך האלטין דעם מת אונ דעם קבר אונ דיא מצבה אונ דאש בית עולם · אונ וואש מען זאל טאן ווען מען גיפינט אויף דעם וועג איין גיהרגעתן איד :

יט דיני טומאת כהן · וויא וייט דער כהן מוז זיך היטין ניט צוא זיין ביוא איין מת אונ דארט וואו עש ליגט קליידער אדער בלוט פון איין טויטין אדער דארט וואו איינער ליגט צום שטארבין · אונ אין וועלכע הייזער ער טאר ניט זיין וואש זיינען נעבין דעם טויטין · אונ וואש מען זאל טאן ווען דער כהן שלאפט אין איין הויז וואש עש טרעפט זיך דארטין אדער דער ביוא איין טויטער · אונ ווידער ביוא וועלכע טויטע דער כהן מעג יוא זיין · אונ וואש ער זאל טאן ווען ער טרעפט איין טויטין ליגין אויף דעם וועג :

כ הלכות שבעה · נאך וועמען מען מוז זיך זעצין שבעה · פון ווען דיא שבעה הייבט זיך אן · וויא דער דין איז ווען עש טרעפט זיך איין שבעה אין דער אנדערע · וואש מען טאר אין דער שבעה ניט טאן אונ ניט לערנען אונ וואש מען מעג יוא · וויא דער דין איז ווען דער אבל איז איין מוהל אדער איין שוחט אדער ער פסקינת שאלות · אונ וועגין עולה לתורה זיין · אונ מקדש דיא לבנה זיין אין דער שבעה · אונ וויא יעדער יום טוב נעמט איבער זיך שבעה אונ שלשים :

כא דיני שלשים ויאר צייט · אלסדינג וואש מען טאר ניט טאן אין דיא שלשים · אונ דינים פון דעם יאר צייט אונ פון קדיש :

כב הלכות קריעה · אויף וועלכין ארט מען שנייד דיא קריעה :

כג הלכות נדה · אלע דינים פון נדה :

כד דיני טבילת נשים · וויא אזוא זיא זאל זיך נוהג זיין אין דער מקוה אונ אלע דינים דער פון :

כה הלכות מזוזה : וועלכע טירין עש מוזין האבין איין מזוזה · אונ אויף וועלכין ארט דיא מזוזה מוז זיין אונ וויא אזוא מען מוז ערליך האלטין דיא מזוזה :

כו דיני בקור חולים · וויא מען מוז גיין צוא איינעם וואש ליגט קראנק אונ צוא וועלכין מען טאר ניט גיין · אונ וואש מען זאל דארטין זאגין :



# דיני מליחה

## א דינים פון פלייש זאלצין · אונ אין אים איז פינף אונ דרייסיג סעיפים :

א איידער מען זאלצט דיא פלייש · מוז מען עס איינווייקין אין וואסער ווייניגסטינס אהאלבע שעה · דער נאך שווייגקט מען עס גוט אפ מיט דיא ווייקוואסער · דער נאך מוז מען אביסיל ווארטין ביז דיא וואסער זאל אפ טריפין פון דיא פלייש : ווארום ווען ניט · וועט דאך דיא זאלץ צו גיין פון די וואסער אונ וועט ניט ארויש ציהען דיא בלוט · אבער מען טאר ניט ווארטין ביז דיא פלייש איז גאנץ טרוקין · ווארום ווען עס איז גאנץ טרוקין קאן דיא זאלץ ניט ארויש ציהען דיא בלוט · אונ מען טאר דיא פלייש ניט לאזין גאנץ לאנג ווייקין · ווארום ווייא באלד עס ווייקט זיך פיר אונ צוואנציג שעה · אונ דיא ווייקוואשער איז ניט זעכציג מאל אזוא פיל וויא דיא פלייש טאר מען עס ניט מעהר קאכין · אונ מען מוז גיין איין שאלה פרעגין אויב מען מעג עס בראטין :

ב אז מען האט דיא פלייש באקומען ערשט פרייטיג פאר נאכט · אדער מען דארף עס גייטיג פאר אקראנקין · אונ עס איז שוין קיין צייט ניטא מען זאל עס איינווייקין · זאל מען עס גאנץ גוט אפ שווייגקען מיט וואשער אונ דער נאך ווידער אפ ווישין דער נאך זאל מען עס ווידער אפ שווייגקען ביז דיא וואשער איז שוין גאנץ ווייס דער נאך זאל מען עס זאלצין :

ג אז ער האט נאך דעם אפ שווייגקען צוא שניטין דיא פלייש מוז ער עס נאך איינמאל אפ שווייגקען :

ד ווען דיא פלייש איז פאר פרארין · טאר מען עס ניט זאלצין ביז עס גייט אפ פון דעם פראסט · מען טאר עס אבער ניט לייגין לעבין איין הייסין אויבין :

ה אז עס איז גילעגין אום גיזאלצענע פלייש לעבין אהייסין אויבין · טאר מען עס ניט קאכין · נאר מען מוז עס בראטין :

ו מען זאל ניט זאלצין דיא פלייש מיט זאלץ וואש עס איז גאנץ דין וויא מעל · אונ ווידער טאר מען ניט זאלצין מיט גראבע שטיקער זאלץ · נאר מען מוז זייא צוא שטויסין זייא זאלין דין ווערין :

ז מען מוז דיא פלייש זאלצין פון ביידע זייטין · אונ עופות מוז מען אויך רייסין פון איין זייט אונ זייא אינעווייניג אויך זאלצין :

ח דיא פלייש מוז ליגין אין זאלץ אגאנצע שעה אבער אז עש איז פרייטיג פאר נאכט אונ דיא צייט איז קורץ · אדער מען דארף עש גייטיג פון אקראנקינס וועגין : איז גינוג עש זאל ליגין אין זאלץ פיר אונ צוואנציג מינוט :

ט נאך דעם זאלצין שארט מען אפ דיא זאלץ פון דיא פלייש אונ מען שווייינקט איבער מיט וואשער וויינינגסטינס צווייא מאל · אדער מען לייגט עש ארייין אין אכלי מיט וואשער אונ מען שווייינקט עש אפ דרייא מאל · אבער מען טאר ניט פריער ארייין לייגין דיא פלייש איידער עש איז דא וואשער דרינען · נאר מען מוז פריער ארייין גיסין דיא וואשער דער נאך לייגט מען ארייין דיא פלייש :

י מען טאר ניט זאלצין פלייש מיט אזוא איין זאלץ וואש מען האט שוין דער מיט איין מאל אויש גיזאלצין אנדערע פלייש · אונ אז מען האט זיך טועה גיוועז אונ מען האט גיזאלצין פלייש מיט אזוא איין זאלץ וואש מען האט שוין דער מיט איין מאל פלייש גיזאלצין מוז מען דאש פלייש אפ שווייינקען אונ נאך איין מאל זאלצין · אבער אז מען האט שוין דיא פלייש גיקאכט · זאגין אייניגע פוסקים אז מען טאר עש ניט עסין · איבער דעם מוז מען איין שאלה פרעגין :

יא ווען מען זאלצט איין עוף מוז מען עש לייגין מיט דער אויף גיעפינטער זייט אראפ · כדי דיא אינווייניגסטע בלוט זאל אויך אפ רינען · אונ אז מען זאלצט אגאנצע ריפ · מוז מען איר לייגין מיט דער איינגיבויגענע זייט אראפ אויך מחמת דעם טעם :

יב מען טאר ניט לייגין אומגיזאלצינע פלייש אויף אברעט אדער אטיש וואש מען ניצט דרויף זאלץ :

יג אז מען האט ניט קיין זאלץ קאשיק · זאלצט מען דיא פלייש אויף איין ברעט · איז זיא ניט גלאט מוז מען איר שטעלין קרום כדי דיא בלוט זאל קענען אפ רינען · איז זיא אבער גאנץ גלאט אפ גיהובעלט · דארף מען דאש ניט איין בייגין ווארום אפילו עש ליגט גלייך רינט אויך אפ דיא בלוט · אונ אז עש איז ניט גלאט אונ זיא האט אין זיך לעכלעך אדער גריבלעך · טאר מען דרויף ניט זאלצין · חאטשע מען בייגט עש איין · איבער דעם דארף מען אן זאגין דיא ווייבער זייא זאלין ניט זאלצין אויף ביינקלעך אדער אויף שייטלען האלץ וואש האבין אין זיך גריבלעך

יד דיא קאפ טאר מען ניט זאלצין גאנצער הייט · נאר מען מוז איר פארין ווייקין צוא שניידין אויף צווייען · אונ ארויש נעמען דיא מארך אונ צוא רייסין דיא הייטיל אונ איטליכעס באזונדער זאלצין · אונ דיא קאפ אליין מוז מען זאלצין פון דרויסין אונ אינעווייניג · אבער מען מעג איר זאלצין אויף דיא האר :

טו אז מען זאלצט אפוס · מוז מען פריער אונטין ארייין שניידין ביי דיא קלאען · אונ ער מוז ליגין אראפ מיט דער אויף גישניטענע זייט :

טז דיא הארץ מוז מען פריער אויף שניידין פארין זאלצין כדי דיא בלוט זאל ארויש רינען · אבער אז ער האט פאר געסין אויף צוא שניידין פארין זאלצין · זאל ער עש אויף שניידין פארין קאכין :

יז דער מנהג איז אויף צוא שניידין דיא לונג פארין זאלצין · אבער אז מען האט פאר געסין אונ האט זיא ניט אויף גישניטין אונ מען האט זיא גיקאכט מעג מען זיא עסין :

יח דיא לעבער טאר מען ניט זאלצין אונ קאכין · נאר מען מוז איר בראטין אויף דעם פייער · פאר דעם בראטין שנייט מען זיא אויף אין דער ברייט אונ אין דיא לייגג · אונ וויא מען שטעקט זיא אויף דעם שפיז אדער מען לייגט זיא אויף דעם פייער · באשפריצט מען זיא מיט זאלץ · אויך שווייקט מען זיא אפ מיט וואשער פאר דעם באשפריצין · בשעת בראטין מוז מען זיא לייגין אראפ מיט דער אויף גישניטענע זייט : אונ נאך דעם בראטין מוז מען זיא אפ גיסין · אויך מוז מען זיך שטארק היטין אז זיא זאל ליגין אויף ברענעדיגע קוילין אבער ניט אויף דער לייזיגע הייסע קיך · ווארום זיא ווערט טרייף · דער אייגענער דין איז אויך ווען מען בראט פלייש אויף פייער :

יט ווען מען בראט איין לעבער מיט אייערליך פון איין הון מוז מען זעהען אז דיא לעבער זאל ניט ליגין אויף דיא אייערלעך :

כ ניררין ווען זייא זיינען גיטרייבערט · מעג מען זייא זאלצין אין איינעם מיט פלייש · אבער דער מנהג איז מען זאל זייא ניט קאכין :

כא אייטער טאר מען ניט זאלצין אין איינעם מיט פלייש · אונ איידער מען בראט אים מוז מען אים איין שניידין אין דער ברייט אונ אין דער לייגג · אונ דאש בראטין מוז זיין הויל אויף אשפיז · אבער אין אפלי טאר מען אים ניט בראטין · אונ דער מנהג איז אז מען קאכט קיין מאל ניט קיין אייטער :

כב אמאגין פון אקאלב חאטשע מען גיפינט אין אים מילך · וואשט מען אים נאר גוט אויש · אונ מען מעג אים זאלצין אין איינעם מיט פלייש :

כג אז מען גיפינט אייער אין איין עוף סייא עש איז נאך רויא · סייא עש איז שוין גאנץ אפילו מיט דער הארטע שאלעכץ מוז מען עש אפ שווייקען אונ באזונדער זאלצין עש זאל זיך גאר ניט אן רירין מיט דיא פלייש · אונ אזעלכע אייער טאר מען ניט עסין אין מילכיגם :

כד אז מען וויל פלייש בראטין אויף אשפיז · דארף מען עש ניט זאלצין · נאר מען שווייקט עש גאנץ גוט אפ פון דיא בלוט אונ מען שטעקט עש אויף דעם שפיז אונ מען באשיט מיט אביסיל זאלץ אונ מען בראט עש תיכף איידער דיא זאלץ ציהט די בלוט אין זיך אריין אונ עש איז רעכט מען זאל ניט צוא שטארק דרייען מיט דעם שפיז · ווארום דורך דעם שטארקין דרייען קאן דיא בלוט ניט אפ רינען · מען טאר ניט ארונטער שטעלין אכלי אז דיא שמאלץ זאל אריין טריפין פון דיא פלייש · ביז דיא פלייש איז שוין פון דרויסין פאר דארט · אונ מען מעג בשעת דעם בראטין אן שמירין דיא פלייש מיט שמאלץ אבער ניט מיט טייג אדער מיט אייער · אונ וויא באלד מען נעמט אוועק דעם שפיז פון דעם פייער · מוז מען תיכף אראפ נעמען דיא פלייש פון אים ווארום ער האט דאך אין זיך איין גינומען בלוט פון דעם פלייש :

כה מען טאר ניט בראטין אויף אשפיז אומגיזאלצענע פלייש מיט גיזאלצענע פלייש אין

אין איינעם · אבער אז מען האט זיך טועה געוועזן אונ מען האט שוין יא געבראטין מעג מען עש עסין :

כו ווען רויע פלייש איז גילעגין דרייא מעת לעת · דאש הייסט דרייא מאל פיר אונ צוואנציג שעה אום גיזאלצין · טאר מען עש ניט קאכין · נאר מען מוז עש בראטין אויף אשפיז אונ טאן אזוא וויא מיר האבין גיזאגט אין סימן כ"ד · אונ אפילו נאך דעם בראטין טאר מען עש ניט קאכין : אונ אז מען האט זיך טועה געוועזן אונ האט דיא רויע פלייש גיזאלצין אין איינעם מיט פרישע פלייש · איז דיא פרישע פלייש כשר · אונ דיא אלטע פלייש מוז מען בראטין אויף אשפיז · אונ אז דיא פרישע פלייש איז אסך מער פון דיא אלטע אונ מען דער קענט עש ניט · מעג מען דיא גאנצע פלייש קאכין נאר מען מוז איטליכעם שטיק באזונדער קאכין · דאש איז אבער אליין בירעט אז עש איז שוין גישעהען · אבער מיט ווילין צוא לאזין ליגין אום גיזאלצענע פלייש דרייא טעג · כדי מען זאל עש דער נאך בראטין · דאש טאר מען ניט :

כז מען מעג זאלצין פיל שטיקער פלייש איינס אויף דאש אנדערע · אויך מעג מען זאלצין אין איינעם אקסין פלייש מיט קאלב פלייש געגזעגע אדער הינערשע פלייש :

כח עש איז רעכט מען זאל ניט לאזין דיא פלייש ליגין אין זאלץ לייגער פון צוויא שעה · אבער אז מען האט פאר געסין אונ עש איז לייגער גילעגין זאל מען פרעגין איין שאלה :

כט ווען מען וויל קאכין לעבער · מוז מען זיא פריער בראטין אויף דעם פייער אונ אז מען האט זיא גיקאכט פאר דעם בראטין · איז טרייף דיא לעבער אונ דער טאפ אונ דיא פלייש וואש מען האט דרינען גיקאכט איז אליש דינג טרייף :

ל אז דיא לעבער איז גילעגין דרייא מאל פיר אונ צוואנציג שעה אום גיזאלצין טאר מען זיא ניט עסין :

לא שמאלץ האט אין זיך אלע דינים פון זאלצין אזוא וויא פלייש :

לב דיא מילץ מוז מען טרייבערין פאר דעם זאלצין · האט מען זיא אבער ניט גיטרייבערט מוז מען פרעגין איין שאלה :

לג אז מען האט ווייניג זאלץ · אדער מען וויל גישווינד עסין דיא פלייש שוויינקט מען עש גוט אפ אונ מען באשיט עש מיט אביסיל זאלץ · אונ מען בראט עש אויף דעם פייער · אונ נאך דעם בראטין שוויינקט מען עש אפ דרייא מאל :

לד פעטע ביינער ווען זייא האבין אויף זיך גאר קיין פלייש מוז מען זייא זאלצין באזונדער אונ ניט מיט פלייש צוא זאמען · האבין זייא אבער אויף זיך נאך פלייש מעג מען זייא זאלצין מיט דיא פלייש אין איינעם :

לה אז מען זאלצט פלייש ביי דער נאכט · מוז מען דער ביי האבין צוויא ליכט כדי מען זאל זעהען עש זאל ניט בלייבין אשטיקיל ליידיג אן זאלץ :



## ב דינים פון ווערעמדיגע זאכין אונ אין אים איז גיוועזען מעיפים :

א מען מוז זיך שטארק היטין פאר אלע זאכין וואש עש קענען דרינען זיין ווערים · ווארום דיא עבירה פון דעם איז זייער גרויש · איבער דעם איז זייער רעכט מען זאל זייען דיא וואשער דורך איין טיכיל · איבער הויפט ווען מען שעפט וואשער פון איין ברונים וואש עש קאן זיין אז דרינען זיינען דא קליינע ווערימלאך · מוז מען פריער זייען דורך איין טיכיל · ווארום ווען מען קאכט דער מיט אום גיזייט טאר מען דעם מאכל ניט עסין :

ב וואשער וואש עש קאן מיגליך זיין אז עש איז דרינען דא ווערימלאך · טאר מען דער מיט ניט אפ שווענקען פלייש אדער אנאנדער זאך וואש מען עסט · ביז מען זייט עש גוט דורך :

ג עסיג וואש עש גיפינען זיך דרינען ווערימלאך · מוז מען אים פריער קאכין אונ דער נאך אפ זייען · דענמאלט מעג מען אים ערשט ניצין · אבער ווען מען זייט אים פאר דעם קאכין העלפט עש ניט :

ד ווען מען גיפינט מילבין אין מעהל · טאר מען דיא מעהל ניט ניצין ביז מען פרעגט איין שאלה · אפילו צוא איין נכרי טאר מען עש ניט פאר קויפין · ווארום טאמער וועט ער עש צוריק פאר קויפין צוא איין איד :

ה אלע זאכין וואש מען מוז קלייבין אויב עש איז דרינען ניטא קיין ווערים אדער מילבין · העלפט ניט אז מען קלייבט דיא גרעסטע טייל דער פון · נאר מען מוז איטליכעם באזונדער איבער זעהען אונ קלייבין :

ו פעטרעסקע · קימל · שאלאטע · גרינע ציבעלע · ארבעס שויטין · אלערלייא גרין וואריג · אונ שוועמליך · מוז מען שטארק קלייבין ווארום דרינען האלטין זיך ווערים :

ז דאש גרינע וואש מען לייגט אריין אין דיא אוגערקעס צוא זייערין : מוז מען יעדער צווייגיל באזונדער איבער קלייבין · האט מען אבער אריין גילייגט דאש גרינע ניט גיקליבין · מוז מען אפ זייען דיא ראסיל אונ איבער שווענקען דיא אוגערקעס :

ח מאלינעס מוז מען זייער שטארק קלייבין · בעסער איז מען זאל זייא גאר ניט עסין ווארום זייא זיינען שווער צום קלייבין :

ט קארשין מוז מען יעדערע עפענען אונ איבער זעהין · ווארום עש טרעפט זיך אין זיי ווערים :

י פאמעראנצין שאלאכץ מוז מען איבער זעהן אויב עש איז ניטא קיין מילבין אונ אז מען לייגט עש אין איין ווארימען אויבין וואו דיא מילבין ווערין פאר ברענט · מעג מען זייא אזוא אויך ניצין :

יא עש איז רעכט אז דער איד זאל אכטונג געבין אויף אלץ דינג וואש ער עסט אויב עש איז דרינען ניטא קיין מילבין אדער ווערימלאך :

יב דיא יאדרעס פון עפיל אונ בערנעס זאל מען קיין מאל ניט עסין · ווארום עש האלט זיך דרינען ווערים :

יג קליינע פישלאך מוז מען קלייבין אויב עש איז דרינען ניטא אזעלכע טמא פישלאך וואש מען טאר ניט עסין · ווען עש איז אבער שוין צוא שניטין אויף שטיקלאך · אונ מען קאן ניט דער קענען וואש פאר פישלאך עש זיינען דרינען · טאר מען זייא ניט עסין :

יד ווען מען האט גישניטין איין רעטאך אדער איין פרי אונ ער דער זעהעט אז ער האט צוא שניטין איין ווארים · מוז מען אפ שיילין אשטיקיל דארטין וואו מען האט גישניטין · אונ ווארפט עש אוועק · אבער דאש איבעריגע מעג ער עסין :

טו ווערימדיגע ווייץ מעג מען פריער אויש קלייבין אונ דער נאך צוא מאלין אונ דיא מעל מוז מען איבער זיפין ביא טאג אנטקעגין דיא זון אונ מען מוז גוט אכטונג געבין אויב עש גיפינען זיך ניט אינעווייניג נאך ווערימלאך :

טז אז עש זיינען אריין גיפאלין מילבין אין האניג אריין · זאל מען דיא האניג דער ווארימען ביז עש ווערט גוט צוא שמאלצין · אונ מען זייט אים דורך איין טיכיל מעג מען אים שוין גיניצין :

יז אז מען האט פאר געסין צוא קלייבין ארבעס אדער אנאנדער זאך וואש דער שטייגער איז אז עש זיינען דרינען ווערימדיגע · אונ מען האט עש גיקאכט אום גיקליבין · מוז מען פרעגין איין שאלה :

יח ווערים וואש גיפינען זיך אין קעז מעג מען עסין מיט דעם קעז אין איינעם · מען מוז אבער גוט זעהען אויב דאש ווערעמיל קריכט ניט פון איין ארט צום אנדערין · ווארום אפילו ווען ער רירט זיך נאר אביסיל אוועק פון זיין ארט אונ קריכט ווייטער אין דעם אייגענעם קעז · טאר מען עש שוין ניט עסין · איבער דעם מוז מען גוט אכטונג געבין דיא וואש שניידין ווערימדיגע קעז אז זייא זאלין מיט דעם שניידין צוא קוועטשין דיא ווערימלאך איידער זייא קריכין נאך ארויש · עש איז אבער זייער רעכט מען זאל ניט עסין שטינקעדיגע קעז מיט ווערים · ווארום אויף דעם שטייט אין דער תורה (אל תשקצו את נפשותיכם) איר זאלט ניט פאר אומריינינגין אייערע לייבער · דער איד דארף זיין ריין אונ אלץ דינג וואש ער עסט מוז זיין ריין אונ שיין · נוא וויא קאן שוין מער אומריין זיין ווען מען עסט איין איבער גיפוילטע זאך וואש עש קריכט דרינען שוין ארום ווערים · דאש איז דאך אפילו ניט ליב צוא זעהען מכל שכן צוא עסין :

יט דיא פיש מוז מען גוט איבער זעהען ווען מען מאכט זייא · ווארום פיל מאל גיפינען זיך אין זייא ווערים · איבער הויפט · אין העכט אום זומער צייט :

## ג הלכות מאכלי נכרים ובו י"א סעיפים
## דינים פון נכרישע מאכלים :

א דיא הייליגע חכמים האבין גוזר גיוועזן מען זאל ניט עסין ברויט וואש אנכרי האט גיבאקין · אבער דער עולם איז זיך מקיל אונ זייא קויפין ברויט ביא נכרישע בעקערס · אבער אז מען קאן זיך אפ היטין דער פון מוז מען קויפין אידעשע ברויט ·

אונ

און ווייניגסטינס פון אנכרישען בעקר איז פארט קיין גרוישע עבירה ניט · אבער ברויט וואס אנכרי באקט ביא זיך אין דער היים און ער איז ניט קיין בעקער · דאס טאר דער איד בשום אופן ניט עסין · אבער אז עס איז דארטין קיין בעקער ניט דא · און קיין אידינס ברויט איז אויך ניט דא · מעג מען עסין דאס ברויט וואס אנכרי האט ביא זיך אין דער היים גיבאקין · ווען מען קאן ביז פיר תחום שבת ווייט בקומען אידעשע ברויט זאל מען גיין קויפין דאס אידעשע ברויט און ניט עסין דאס נכרישע ברויט :

ב אז איין איד האט זיך אויך עפעס באשעפטיגט ביא דעם נכרישען ברויט · למשל ער האט אונטער גיהייצט דעם באק אויבין · אדער ער האט ארויש גישארט די קוילין · אדער ער האט אריין גירוקט דאס ברויט · אדער ער האט אפילו נאר אריין גיווארפין איין שפענדיל אין אויבין אריין · מעג מען שוין דאס ברויט עסין :

ג ווען אנכרי האט גיבאקין אידעשע ברויט · און דער איד האט זיך דער ביא גאר ניט באשעפטיגט טאר עס קיין איד ניט עסין · אבער אז דער איד האט אפילו נאר אריין גיווארפין איין שפענדיל אין אויבין · מעג מען עס שוין יוא עסין :

ד מען מעג נעמען זויער טייג ביא אנכרי צוא אידעשע טייג כדי עס זאל אויף גיין · אויך מעג מען נעמען טייג ביא אנכרי צוא באקין דער פון אידעשע ברויט :

ה מען טאר ניט ניצין קיין מילך פון אנכרי · און אפילו ער מעלקט די מילך פון אאידינס וועגין · מוז דער איד שטיין בשעת דעם מעלקין די מילך :

ו שמעטענע פון אנכרי טאר מען אויך ניט קויפין :

ז אז אנכרי מעלקט די קוה ביא אאידין אין שטאל · זאל אאיד שטיין און צוא קוקין · עס מעג אבער שטיין אפילו אאינגעל אדער אמיידיל פון ניין יאר :

ח קעז פון אנכרי טאר מען ניט עסין · ווארום די נכרים מאכין דעם קעז אין אמאגין · און אפילו מען האט גיזעהען וויא דער נכרי האט גימאלקט די מילך און אז ער האט אויף גישטעלט דעם קעז אין אזעקיל ניט אין אמאגין · טאר מען אויך דעם קעז ניט עסין · סיידין אז דער איד האט אים עפעס גיהאלפין ביא דעם מאכין : אבער אז דער איד האט אפ גידונגען דאס מילכיגס ביא דעם נכרי · און ער שטייט ביא דעם מעלקין און בשעת ער מאכט דעם קעז · מעג ער דעם קעז ניצין · און דער עולם איז זיך נוהג אז נכרים מאכין אידעשע קעז ביא דעם איד אין דער היים :

ט נכרישע פוטער טאר מען אויך ניט עסין :

י מען טאר ביא קיין נכרי ניט קויפין רעטעך אדער הריין אדער זויערע עפיל וואס די קעפ זיינען אפ גישניטין מיט אמעסער :

יא אז אנכרי האט גיקאכט שבת פאר אקראנקין · טאר עס אפילו דער קראנקער ניט עסין מוצאי שבת · סיידין אז ער האט ניט עפעס אנדערש צוא עסין · אבער די כלים מעג מען ניצין נאך פיר און צוואנציג שעה :



## ד דִינִים פוּן חַלָּה נֶעמֶן אוּנ אִין אִים אִיז דְרַייצֶעהֶען סְעִיפִים :

א וֶוען מֶען פַאר קְנֶעט אַיין טֵייג אוֹיש ווַייצִין מֶעל אָדֶער קָארִין מֶעל אָדֶער גֶערְשְׁטִין מֶעל אָדֶער הָאבֶּער מֶעל אָדֶער אָרְקִישׁ מֶעל אוּנ עֶשׁ אִיז מֶער ווִיא דְרִיטְהַאלְבִּין קְווָארְט · מוּז מֶען דֶער פוּן חַלָּה נֶעמֶען אוּנ מַאכִין דִי בְּרָכָה: בָּרוּךְ אַתָּה יְיָ אֱלֹהֵינוּ מֶלֶךְ הָעוֹלָם אֲשֶׁר קִדְּשָׁנוּ בְּמִצְוֹתָיו וְצִוָּנוּ לְהַפְרִישׁ חַלָּה :

ב דִיא חַלָּה מוּז ווַיינִיגְסְטֶענְס זַיין ווִיא אַיין הַאלְבּ אֵיי גְרוֹישׁ :

ג וֶוען מֶען מַאכְט אַיין טֵייג פוּן עֶטְלִיכֶע מֶעלִין צוּא זַאמֶען · אָדֶער אַז מֶען הָאט עֶטְלִיכֶע טֵייגְלַאךְ פוּן עֶטְלִיכֶע מִינִים צוּא זַאמֶען גִיקְנָאטִין אוּנ עֶשׁ אִיז אִין אַלֶע צוּא זַאמֶן דָא אִיבֶּער דְרִיטְהַאלְבִּין קְווָארְט · מוּז מֶען דֶער פוּן חַלָּה נֶעמֶען :

ד דִיא מִצְוָה פוּן חַלָּה נֶעמֶען אִיז זַייעֶר גְרוֹישׁ · אִיבֶּער דֶעם מוּז מֶען זֶעהֶן לִכְבוֹד שַׁבָּת אוּנ לִכְבוֹד יוֹם טוֹב צוּא פַאר קְנֶעטִין אַזוֹא אַיין גְרוֹישׁ טֵייג וָואשׁ מֶען זָאל מוּזִין דֶער פוּן חַלָּה נֶעמֶען :

ה מֶען טָאר נִיט מִיט ווִילִין פַאר קְנֶעטִין אַיין קְלֶענֶער טֵייג פוּן דְרִיטְהַאלְבִּין קְווָארְט כְּדֵי מֶען זָאל נִיט דַארְפִין חַלָּה נֶעמֶען :

ו אַייגֶענְטְלִיךְ אִיז דִיא מִצְוָה פוּן חַלָּה נָאר אוֹיף טֵייג וָואשׁ מֶען בַּאקְט · אָבֶּער אַז מֶען פַאר קְנֶעט אַיין טֵייג צוּם קָאכִין דַארְף מֶען דֶער פוּן קַיין חַלָּה נִיט נֶעמֶען · עֶשׁ אִיז אָבֶּער רֶעכְט דֶער פוּן צוּא נֶעמֶען חַלָּה אָן אַיין בְּרָכָה אָדֶער מֶען זָאל דֶער פוּן צוּא לֵייגִין צוּא אַיין אַנְדֶערִין טֵייג וָואשׁ מֶען בַּאקְט אוּנ מֶען נֶעמְט פוּן יֶענֶעמְס טֵייג חַלָּה מִיט אַיין בְּרָכָה :

ז וֶוען מֶען פַאר קְנֶעט טֵייג צוּם קָאכִין אוּנ הָאט אִין זִינֶען צוּא נִיצִין אַשְׁטִיקִיל דֶער פוּן צוּם בַּאקִין · אֲפִילוּ דָאשׁ שְׁטִיקִיל וָואשׁ צוּם בַּאקִין אִיז גַאנְץ קְלֵיין · מוּז מֶען שׁוֹין נֶעמֶען חַלָּה פוּן דֶעם גַאנְצִין טֵייג אוּנ מַאכִין דְרִיבֶּער אַיין בְּרָכָה :

ח אוֹיךְ וֶוען מֶען פַאר קְנֶעט טֵייג מִיט מִילְךְ אָדֶער הָאנִיק אָדֶער בּוֹימִיל צוּם בַּאקִין אוּנ עֶשׁ אִיז אַזוֹא גְרוֹישׁ ווִיא מִיר הָאבִּין אוֹיבִּין גִיזָאגְט · מוּז מֶען דֶער פוּן חַלָּה נֶעמֶען מִיט אַיין בְּרָכָה :

ט מֶען זָאל קַיין מָאל נִיט קְנֶעטִין טֵייג צוּם בַּאקִין מִיט אֵייעֶר אַלֵיין אָן וַואשֶׁער · ווָארוּם חַלָּה מוּז מֶען דָאךְ דֶער פוּן נֶעמֶען · עֶשׁ אִיז אָבֶּער אִין שׁוּלְחָן עָרוּךְ אַיין סָפֵק וָואשׁ מִיט דֶער חַלָּה אִיז צוּא טָאן · אִיבֶּער דֶעם זָאל מֶען צוּ גִיסִין אַבִּיסִיל וַואסֶר :

י פִיל ווַייבֶּער פַאר קְנֶעטִין אַיין גְרוֹישׁ טֵייג אוּנ צוּא שְׁנַיידִין עֶשׁ אוֹיף צְווַייעֶן · אוּנ פוּן יֶעדֶער שְׁטִיק נֶעמְט אַיין אַנְדֶערֶע פְרוֹיא חַלָּה דָאשׁ טָאר מֶען אָבֶּער נִיט · אוּנ מֶען מוּז זַייא אָן זָאגִין זַייא זָאלִין עֶשׁ נִיט טָאן :

יא אַז מֶען הָאט פַאר קְנָאטִין צְווַייא טֵייגִין יֶעדֶעס בַּאזוּנְדֶער אוּנ מֶען לֵייגְט זַייא צוּא זַאמֶען אִין אַיין מוּלְטֶער אָדֶער אוֹיף אַיין בְּרֶעט · אוּנ מֶען דֶעקְט זַייא צוּא מִיט אַיין טִישְׁטוּךְ אָדֶער מִיט אַיין אַנְדֶער זַאךְ · מֶעג מֶען נֶעמֶען חַלָּה פוּן אַיין טֵייג אַלֵיין אוּנ מֶען אִיז שׁוֹין דֶער מִיט יוֹצֵא אוֹיךְ אוֹיף דֶעם אַנְדֶערִין טֵייג · אוֹיךְ וֶוען מֶען

האט שוין יעדעס טייג באזונדער אפ געבאקין אונ דער נאך נעמט מען ביידע צוא זאמען אין דער מולטער אדער מען דעקט זייא ארום · מעג מען נעמען חלה נאר פון איינע אליין אונ עס איז שוין גינוג פאר ביידע · אונ וויא באלד אין יעדין פון דיא ביידע טייגין אדער פון דיא ביידע געבאקענע איז דא איבער דריטהאלבין קווארט · איז שוין נים בייטיג זייא ארום צוא דעקין · ווארום וויא באלד זייא רירין זיך נאר אן · איז שוין גינוג פון איינע אליין צוא נעמען חלה פאר ביידע · דאס איז אבער נאר אלץ גיזאגט · ווען ביידע טייגין געהערין צוא איין איינציגער פרויא · איז אבער יעדעס טייג פון איין אנדערע פרויא · העלפט נים וואס מען לייגט זייא אין איינעם · נאר יעדע מוז באזונדער חלה נעמען פון איר טייג · אונ אויך ווען ביידע טייגין געהערין צוא איין איינציגער פרויא · מוזין ביידע זיין פון איין ערלייא תבואה · דאס הייסט ענטוועדער ביידע פון נייע תבואה אדער ביידע פון אלטע תבואה · איז אבער איין טייג פון נייע תבואה אונ איינע פון אלטע תבואה · האטשע מען האט ביידע צוא זאמען גילייגט · מוז מען פון יעדער טייג באזונדער חלה נעמען :

יב ווען דיא פרויא איז נים אין דער היים אונ דיא דינסט קנעט דאס טייג מעג זיא אליין חלה נעמען מיט דער ברכה · ווען עס קומט אבער אפרעמדער וואס האט דאס טייג נאר נים גיקנעטין אונ ער נעמט חלה · מוז מען נאך אמאל נעמען חלה מיט אברכה · ווארום דיא חלה וואס דער פרעמדער האט גינומען איז פאר גאר גישט גירעכינט · ווען דיא פרויא איז אבער אין דער היים מעג זיא הייסין חלה נעמען ווערמען זיא וויל · אונ עס איז איין רעכטע חלה :

יג ווען מען לייגט אריין זויער טייג אין דער ראשטשינע אונ מען האט פריער גינומען חלה פון דער זויער טייג · איז נים גוט וואס מען נעמט דער נאך חלה פון דר ראשטשינע · ווארום עס קאן דאך זיין אז מען טרעפט מיט דר חלה פונקט אויף דעם זויער טייג · אונ דר פון האט מען דאך שוין גינומען חלה · איז מען דאך איצונד נים מער יוצא דער מיט · איבער דעם טאר מען נים אין זינען האבין פריער צו נעמן חלה פון דער ראשטשינע איידער מען לייגט אריין דאס זויערע טייג · אדער מען זאל קנעטין איין באזונדער טייגיל אונ דער פון נעמען חלה · דער נאך זאל מען עס צוא לייגין צוא דער ראשטשינע :

## ה דין הכשר כלים ובו ד׳ סעיפים
## דינים פון כשרין כלים

א כלים וואס זיינען טריף גיווארין דורך אשאלה אדער אלטע כלים וואס מען קויפט ביים אנכרי כשרת מען אונ מען מעג זייא שוין ווידער ניצין · אונ דער דין איז אזוא · אלערלייא גלעזערנע כלים וואס מען ניצט נאר צוא קאלטע זאכין רייבט מען זייא גאנץ ריין · דער נאך שווענקט מען זייא אויס אונ מען טובלת זייא · אונ זייא זיינען שוין כשר · זיינען זייא אבער אזעלכע כלים וואס מען באניצט זייא צוא ווארעמע זאכין · ווען זייא זיינען ערדענע אדער פארצליינע כלים · העלפט זייא נים קיין כשרין · אונ זייא בלייבין טריף · אבער ווען זייא זיינען פון

שטיין

שטיין אדער פון האלץ · אדער פון מעטאל · דאש הייסט · גאלד · זילבער · קופפערצין · בליא · בלעך · אייזין · פרינץ מעטאל · באקפאן · כשרת מען זייא אין קאכעדיגע וואסער · אונ פאר דעם כשרין מוז מען דיא כלי גאנץ גוט אויש רייבין פון איניוויניג עש זאל ניט בלייבין קיין פעטקייט אונ קיין ראסט · אונ אז עש איז דא איין שפאלט אדער אגריביל · מוז ער עש גוט אויש ריינגין · אונ אז עש לאזט זיך ניט · מוז ער דארט לייגין ברענעדיגע קוילין עש זאל אויש ברענען וואש דרינען ליגט · אונ דאש איבעריגע וויא מען האט זיך נוהג צוא זיין ביא דעם כשרין האבין מיר שוין גישריבין אויבין אין דעם ערשטין טייל אין הלכות פסח

ב דיא שטילין פון מעסער אונ גאפיל וואש זיינען טרייף גיווארין אדער אלטע פון אנכרי כשרת מען אויך מיט קאכעדיגע וואסער · דאש הייסט מען גיסט אויף זייא קאכעדיגע וואסער אונ עש איז שוין גינוג · אבער מען מוז פריער גוט אויש ריינגין אויבין אין עק דארט וואו דיא קלינג גייט אריין · אונ אז עש גייט אויבין ניט גאנץ גוט צוא · מוז מען דארט גליהען מיט קוילין · אונ אזוא איז אויך ווען דיא כלי האט אין מיטין אלאטע · מוז מען דארט גליען מיט קוילין :

ג אדרייפוס מוז מען גליען מיט ברענעדיגע קוילין :

ד אזעלכע כלים וואש מען ניצט זייא אין פייער · למשל פאנען וואש מען פרעגעלט אין זיי · אדער אבראט שפיז מוז מען זייא גליען אזוא שטארק ביז עש פליען פונקען ארויש · אונ עש שאדעט ניט וואש עש איז דרינען גריבלאך אדער אשפאלט אדער ראסט וואורום דאש פייער פאר ברענט אלעש · אונ אז עש איז נאר טרייף גיווארין דורך מילכיג אונ פליישיג · למשל מען האט אין אמילכעדיגע פאן גיקאכט פליישיגס · אדער פאר קערט דארפין ניט קיין פונקען צוא פליען · נאר אז עש איז אזוא צוא גליעט אז אשטרוי קאן דער פון פאר ברענט ווערין איז שוין אויך גינוג :

ה מען טאר ניט כשרין אזוא אכלי וואש עש איז נאך ניט פאר גאנגען איין מעת לעת זינט זיא איז גענוצט גיווארין · נאר מען מוז ווארטין פיר אונ צוואנציג שעה נאך דעם ניצין :

ו אזעלכע כלים וואש מען באניצט זייא צוא קאלטע זאכין · נאר מען האט מורא אויב מען האט אין זייא גיווארעמט וויין · אדער מען האט דרינען גיזאלצין אדער דיא טרייפע זאך איז אפשר דרינען גילעגין פיר אונ צוואנציג שעה · מוז מען זייא כשרין מיט קאכעדיגע וואסער · איבער דעם איז מען זיך נוהג אז אפילו אלטע קאסטינס אונ טישין וואש מען קויפט ביא איין נכרי כשרת מען זייא מיט קאכעדיגע וואסער :

ז ווען אקיך אדער אבאק אויבין אבראט אויבעלע איז טרייף גיווארין מוז מען צוא שפרייטין ברענעדיגע קוילין איבער דעם גאנצין אונ עש מוז זיך אזוא שטארק צוא גליען ביז פונקען שפריצין ארויש ·

## דינים פון זאכין וואש מען טאר זייא ניט עסין · אונ אין אים איז זיבין אונ צוואנציג סעיפים :

א דאש בלוט פון יעדער בהמה אדער חיה אדער עוף טאר מען ניט עסין אונ דיא עבירה דער פון איז זייער גרוים · איבער דעם מוז מען שטארק אכטונג געבין ווען מען צוא שלאגט אייער צוא איין עסין · מען מוז יעדעם באזונדער עפינען אונ זעהען אויב עש איז ניט דריגען איין בלוטם טראפין · ווארום וויא באלד עש איז דרינען איין בלוטם טראפין · איז עש טרייף אונ מען טאר עש ניט ניצין :

ב בלוט פון פיש מעג מען יוא עסין · אבער מען טאר עש ניט ארויש נעמין פון דעם פיש אין איין באזונדערע כלי אריין · ווארום איין אנדערער וואש וועט זעהען ער ניצט דיא בלוט וועט ער מיינען אז עש איז פון איין בהמה אדער איין עוף · אונ וועט אים חושד זיין אז ער עסט בלוט · אבער אז מען דער קענט אז עש איז פון פיש · למשל עש זיינען דרינען דא שופין · מעג מען עש ניצין :

ג אז מען האט אפ גיביסין אשטיקיל ברויט אדער איין אנדער עסין ווארג אונ עש איז דרויף דא בלוט פון דיא ציין · מוז מען אפ שניידין דאש שטיקיל וואש דאש בלוט איז דרויף אונ עש אוועק ווארפין · אבער דאש בלוט וואש צווישין דיא ציין מעג מען אויש זייגין אונ אויש שפייען :

ד אזוא וויא מען טאר ניט עסין פלייש מיט פוטער אדער מילך אזוא איז אויך דיא אייגענע עבירה ווען מען קאכט פלייש מיט פוטער אדער מילך חאטשע מען וויל עש ניט עסין · אונ ווידער איז דיא אייגענע עבירה ווען מען האט נאר הנאה דער פון חאטשע מען עשט עש ניט · למשל מען פאר קויפט אדער שיינקט עש אוועק · אדער מען גיט עש אהונט צוא עסין · איבער דעם ווען עש טרעפט זיך אז אין איין עסין איז פאר מישט גיווארין מילכיגס מיט פליישיגס טאר מען ניט זאגין איך וועל עש אוועק שטעלין אונ ניט ניצין · בין איך דאך שוין יוצא · ניין · דאש איז ניט גינוג · ווארום אמאל קאן דער דין זיין אז מען טאר דער פון אפילו קיין הנאה ניט האבין · איבער דעם מוז מען גיין איין שאלה פרעגין :

ה צווייא אידין וואש איינער קען דעם אנדערין · טארין ניט עסין אויף איין טיש אין איינעם דער פליישיגס אונ דער מילכיגס סיידין אז יעדער עסט אויף איין באזונדער טישטאך · אויך מוזין זייא זיך היטין אז ביידע זאלין ניט טרינקען אויס איין גלאז אדער אנאנדער כלי · אויך מוזין זיי זיך שטארק היטין ביידע זאלין ניט שניידין פון איין ברויט · אונ יעדער מוז האבין איין באזונדער זאלץ מעסטיל · איבער הויפט מוז מען תמיד האבין אבאזונדער זאלץ מעסטיל אויף פליישיגס אונ אבאזונדער זאלץ מעסטיל אויף מילכיגס · אבער אז עש עסין צווייא פרעמדע אויף איין טיש וואש קענין זיך גאר ניט · מעג איינער עסין פליישיגס אונ איינער מילכיגס אפילו אויף דעם אייגענעם טישטאך · אבער יעדער מוז זיך שטארק היטין אז זיין עסין זאל ניט אן רירין יענעמס עסין : אויך מעג איין איד עסין פליישיגס אויף דעם אייגענעם

טיש

טיש וואש איין נכרי עסט מילכיגס אדער פאר קערט · דאש איז אבער אלץ נאר ווען מען האט ניט קיין אנדערין טיש · אבער ווען עש איז מיגליך זיך אפ צוא היטין אונ צוא עסין אויף איין אנדערין טיש · מוז מען דאש גיווים טאן :

ו דאש ווייש דאך יעדער אז נאך פלייש צוא עסין מילכיגס מוז מען ווארטין זעקס שעה · מען מוז אבער וויסין אז אפילו מען האט נאר גיגעסין איין פליישיג מאכל חאטשע נאר אן פלייש · מוז מען אויך ווארטין זעקס שעה · אבער ווען דאש מאכל איז גאנץ טרוקין גאר אן פלייש אונ אן שמאלץ נאר עש איז פליישיג וויל מען האט עש גיקאכט אין איין פליישיגין טאפ · דארף מען ניט ווארטין זעקס שעה :

ז נאך קעז מעג מען עסין פלייש · מען מוז זיך אבער גוט אפ וואשין דיא הענט אונ אויס מאכין דיא ציין פון דעם קעז · אבער אז מען האט גיגעסין הארטע קעז אדער שארפע קעז אדער אלטע קעז מוז מען אויך ווארטין זעקס שעה פלייש צוא עסין :

ח ווען מען וויל עסין פלייש נאך יונגען קעז מוז מען אפ שארין פון דעם טיש דיא שטיקלאך וואש זיינען גיבליבין פון דעם ברויט וואש מען האט גיגעסין מיט קעז · אויך טאר מען ניט עסין פלייש אויף דעם איינענעם טישטאך וואש מען האט גיגעסין קעז · אדער קעז אויף דעם טישטאך וואש מען האט גיגעסין פלייש · אויך טאר מען ניט שנידין ברויט מיט אפליישיגין מעסער צוא עסין דער מיט קעז אפילו ווען דאש מעסער איז גאנץ ריין · אונ ווידער פאר קערט צוא שנידין מיט אמילכיגין מעסער ברויט צוז עסין דער מיט פלייש טאר מען אויך ניט :

ט ווען מען האט גישניטין מיט אפליישיגין מעסער צוויבעלים אדער איין אנדערע שארפע זאך אין איין מילכידיגין מאכל אריין אדער פאר קערט · מוז מען איין שאלה פרעגין :

י יין נסך אונ אפילו אזוא איין ווין וואש מען ווייס ניט באשטימט אויב ער איז נסך נאר מען האט אים ניט אפ גיהיט איין נכרי זאל אים ניט אן רירין · איז ער אויך שוין נסך · אונ חוץ וואש מען טאר אים ניט טרינקען טאר מען אויך פון אים קיין הנאה ניט האבין אונ מיט אים ניט האנדלין · אויך ראזינקע ווין אונ ווין עסיג האבין אין זיך דעם איינענעם דין ווייא ווין · ווייא באלד איין עובד כוכבים רירט זייא אן אדער אפילו אז עש קאן נאר מיגליך זיין אז דער עובד כוכבים האט זייא אן גירירט טאר מען זייא שוין ניט טרינקען אונ ניט פון זייא הנאה האבין :

יא דער עובד כוכבים מוז ניט דווקא אן רירין דעם ווין מיט דער האנט נאר אפילו ווען ער האט אים אן גירירט מיט דיא פיס אדער מיט איין אנדער אבר איז ער אויך נסך · אויך ווען דער עובד כוכבים האט גיצאפט ווין פון דעם פאס מיט איין ליווער איז דאש גאנצע פאס נסך · אויך ווען דער עובד כוכבים האט איין גיפוסין דאש פאס דיא ווין זאל ארויש גיין איז עש שוין נסך · אונ מען מוז זיך זייער שטארק היטין פאר נסך ווין אונ אפילו פאר איין ווין וואש עש קען נאר מיגליך זיין אז איין עובד כוכבים האט אים אן גירירט · ווארום דיא עבירה דער פון איז זייער גרויס · אונ ווער עש היט זיך אפ פאר יין נסך וויא דער דין איז : דער

האט

האט דער פאר איין גרויסין שכר אויף דער דאזיגע וועלט אונ אויף יענער וועלט :

יב יעדער זאך וואש מען טאר זיא ניט עסין האטשע מען מעג דער פון הנאה האבין וויא באלד עש איז נאר צום עסין טאר מען שוין ניט האנדלען אונ דרויף ניט לייען · אונ מען טאר עש אפילו ניט קויפין פאר זיינע נכרישע קנעכט אדער ארבעטרם · איז עש אבער איין זאך וואש מען עשט זייא ניט למשל פערד אדער אייזלען מעג מען דער מיט האנדלען · אויך מיט חלב מעג מען האנדלען :

יג ווען עש טרעפט זיך איינעם דורך איין צוא פאל איין זאך וואש מען טאר ניט עסין · למשל ער האט גיוואלט חאפין פיש אונ האט ארויש גיצויגן איין פיש וואש דער איד טאר אים ניט עשין · אדער עש איז ביא אים איין בהמה אדער איין עוף טרייף גיווארן · מעג ער עש פאר קויפין :

יד אז מען פלאנצט איין בוים וואש טראגט פירות איז ער אין דיא ערשטע דרייא יאר ערלה · דאש הייסט מען טאר קיין הנאה ניט האבין פון דיא פירות אונ פון דיא יאדרעש אונ פון דיא שאלאכין · עש איז קיין חילוק ניט אויב מען פלאנצט איין יאדרע אונ עש וואקסט דער פון ארויש איין בוים · אדער מען פלאנצט אצווייג · אדער מען רייסט אויש איין בוים אונ פלאנצט אים אויף איין אנדער ארט : אבער ווען מען זעצט אין איין בוים אריין איין צווייג פון איין אנדערין בוים · איז ער ניט קיין ערלה אונ מען מעג עסין אונ הנאה האבין פון דיא פירות וואש עש טראגט תיכף אין ערשטין יאר · דיא דרייא יאר ערלה רעכינט מען ניט אקוראט פון טאג צו טאג · נאר וויא באלד מען האט גיפלאנצט דעם בוים פאר זעכצעהען טאג אין אב · איז שוין ביז ראש השנה גירעכינט פאר אגאנץ יאר אונ מען האט ניט מער צוא רעכענען נאר נאך צווייא יאר פון ראש השנה · דער נאך הערט שוין אויף דיא ערלה · האט מען אבער דעם בוים גיפלאנצט ערשט זעכצעהען טאג אין אב אדער שפעטער · איז פון דענסמאלט ביז ראש השנה גאר ניט גירעכינט · אונ דיא דרייא יאר הייבין זיך ערשט אן פון ראש השנה :

טו אום פערטין יאר הייסין דיא פירות נטע רבעי · מען מעג זייא שוין עסין אבער מען מוז זייא פריער אויש לייזין · דאש אויש לייזין איז אזוא · ווען דיא פירות זיינען שוין גאנץ צייטיג נעמט ער איין גראשין אדער אנדערע פירות וואש זיינען ווערט אגראשין · אונ זאגט מיט דעם דאזיגין לייזאך אויש דיא דאזיגע פירות פון נטע רבעי דער נאך נעמט ער דעם גראשין אדער דיא פירות אונ ווארפט עש אין ים אריין · דורך דעם מעג ער שוין עסין דיא פירות פון דעם בוים :

טז ווען מען האקט אפ איין אלטין בוים אונ עש בלייבט נאך פון אים אזוא גרויש וויא איין פויסט אויש דער ערד ארויש אונ ער וואקסט ווידער אויף אונ טראגט פירות זיינען זיי ניט קיין ערלה · אבער אז עש איז פון אים ניט גיבליבין אזו גרויש וויא איין פויסט פון דער ערד ארויש · איז ער אקוראט וויא איין נייער בוים אונ דיא פירות וואש וואקסין אויף אים זיינען ערלה · אונ דיא דרייא יאר רעכינט מען פון דעם טאג וואש מען האט אים אפ גיהאקט :

יז מֶען טָאר נִיט אַרַיין זֶעצִין אִין אַיין בוים אַיין צְוַויִיג פוּן אַיין אַנְדֶער מִין · לְמָשָׁל · אַיין עֶפִּיל צְוַויִיג אִין אַיין בֶּעְרְנֶע בוים אוּנ אֲפִילוּ פוּן אַיין מִין וָואשׁ אִיז בַּאלְד גְלַייךְ דֶער צוּא · לְמָשָׁל אַיין צְוַויִיג פוּן אַיין עֶפִּיל בוים וָואשׁ וַואקְסְט אִין אַיין גָארְטְן · אִין אַיין עֶפִּיל בוים וָואשׁ וַואקְסְט ווִילְד אִין וַואלְד · דָאשׁ טָאר מֶען אוֹיךְ נִיט · אוֹיךְ טָאר דֶער אִיד נִיט לָאזִין אַיין נָכְרִי עֶר זָאל דָאשׁ טָאן פוּן זַיינְט ווֶעגִין · אוֹיךְ טָאר דֶער אִיד נִיט הַאלְטִין בַּייא זִיךְ אִין גָארְטִין אַזוֹא אַיין בוים וָואשׁ מֶען הָאט אִין אִים אַיין גִיזֶעצְט אַיין צְוַויִיג פוּן אַיין אַנְדֶער מִין :

יח מֶען טָאר נִיט אָפּ הַאקִין אַיין בוים וָואשׁ וַואקְסְט אוֹיף אִים פֵּירוֹת · אוּנ עֶשׁ אִיז אַיין גְרוֹישֶׁע סַכָּנָה · אָבֶער אַז עֶר שְׁטֵייט נָאהֶענְט בַּייא אַנְדֶערֶע פְרוּכְט בוימֶער אוּנ יֶענֶע ווֶערִין מַאגֶער דוּרךְ אִים · אָדֶער מֶען דַארְף נֵייטִיג דָאשׁ אָרְט וואוּ עֶר שְׁטֵייט · מֶעג מֶען אִים אוֹישׁ הַאקִין :

יט מֶען טָאר נִיט אִיבֶּער זֶעצִין אַיין עוֹף אָדֶער אַיין בְּהֵמָה אוֹיף אַיין עוֹף אָדֶער אַבְּהֵמָה פוּן אַיין אַנְדֶער מִין · לְמָשָׁל אַיין הָאן אוֹיף אַקַאטְשְׁקֶע אָדֶער אַיין אָקְס אוֹיף אַפֶּערְד :

כ מֶען טָאר נִיט אַיינְשְׁפַּאנֶען אִין אַיין ווָאגִין צְווֵייא בְּהֵמוֹת וָואשׁ יֶעדֶער אִיז פוּן אַיין אַנְדֶערִין מִין · אוֹיךְ טָאר מֶען נִיט אַקֶערִין מִיט בְּהֵמוֹת פוּן צְווֵייא עֶרְלֵייא מִינִים אִין אֵיינֶעם · אֲפִילוּ ווֶען אַיין אַנְדֶערֶר הָאט זֵייא צוּ זַאמֶען גִיבּוּנְדִין טָאר דֶער אִיד נִיט שְׁרַייעֶן אוֹיף זֵייא אַז זֵייא זָאלִין גֵיין · אוֹיךְ טָאר דֶער אִיד נִיט פָארִין אִין אַיין וָואגִין וָואשׁ בְּהֵמוֹת פוּן צְווֵייא עֶרְלֵייא מִינִים זַיינֶען אִין אִים אַיין גִישְׁפַּאנְט :

כא אֲפִילוּ צוּא זַאמֶען בִּינְדִין בְּהֵמוֹת אָדֶער עוֹפוֹת פוּן צְווֵייא עֶרְלֵייא מִינִים דִיא זָאלִין נָאר נִיט שְׁלֶעפִּין · כְּדֵי זֵייא זָאלִין נִיט אַנְטְלוֹיפִין · דָאשׁ טָאר מֶען אוֹיךְ נִיט :

כב אַוָואגִין וָואשׁ עֶשׁ זַיינֶען אִין אִים אַיין גִישְׁפַּאנְט בְּהֵמוֹת פוּן אַיין מִין אָדֶער אַיין בְּהֵמָה אַלֵיין טָאר מֶען נִיט אָן בִּינְדִין אָן דֶער זֵייט אָדֶער פוּן הִינְטִין אַיין בְּהֵמָה פוּן אַיין אַנְדֶער מִין :

כג דִיא עֲבֵירָה פוּן שַׁעַטְנֵז אִיז זֵייעֶר גְרוֹישׁ · אוּנ נִיט אַלֵיין אַז מֶען טָאר נִיט צוּא זַאמֶען נֵייעֶן · אַיין וָואל שְׁטָאף מִיט פְלַאקְס שְׁטָאף · נָאר מֶען טָאר אֲפִילוּ נִיט אַרַיין שְׁטֶעקִין אַיין שְׁפִּילְקֶע צְווִישִׁין אַיין וָואל שְׁטָאף אוּנ אַיין פְלַאקְס שְׁטָאף כְּדֵי זֵייא זָאלִין זַיי צוּא זַאמֶען הַאלְטִין · אוֹיךְ טָאר מֶען נִיט נֵייעֶן אַיין ווָאלִינֶע קְלֵייד מִיט פָאדִים · אָדֶר אַיין פְלַאקְסִין קְלֵייד מִיט וָואל · אוֹיךְ טָאר מֶען נִיט צוּ זַאמֶן בִּינְדִין ווָאלֶענֶע פֶעדִים מִיט פְלַאקְסֶענֶע · אָדֶער בֵּיידֶע אַיין פְלֶעכְטִין צוּא זַאמֶען · דָאשׁ טָאר מֶען אַלְץ נִיט :

כד אוֹיף שַׁעַטְנֵז טָאר מֶען נִיט זִיצִין · אוּנ אֲפִילוּ עֶשׁ לִיגִין פוּן אוֹיבִין פִיל זַאכִין וָואשׁ זַיינֶען נִיט קֵיין שַׁעַטְנֵז · ווֶען נָאר דָאשׁ אוּנְטֶערְשְׁטֶע אִיז שַׁעַטְנֵז טָאר מֶען שׁוֹין דְרוֹיף נִיט זִיצִין :

כה מֶען מֶעג פָארִין אִין אַיין קַארֶעטֶע וָואשׁ אִיז אוֹישׁ גִיפוּטֶערְט מִיט שַׁעַטְנֵז אָבֶּער מֶען מוּז זִיךְ הִיטִין אַז מֶען זָאל זִיךְ אָן דֶעם שַׁעַטְנֵז נִיט אָן לֶעהֶענֶען · אוֹיךְ טָאר מֶען נִיט זִיצִין אוֹיף דִיא קִישִׁינְס וָואשׁ זַיינֶען שַׁעַטְנֵז :

כו דאש נאז טיכיל׃ דיא האנטיכער · טישטעכער אונ פירהאנגען טארין אויך ניט זיין פון שעטנז · אבער דאש פרוכת פאר דעם ארון קודש מעג זיין פון שעטנז׃

כז איין שניידער מעג נייען שעטנז פאר איין נכרי · אונ האטשע דאש קלייד ליגט אים אויף דיא קניא ווען ער נייט עש · איז קיין עבירה ניט אונ דיא וואש טראגין ארום שעטנז קליידער צוא פאר קויפין מעגין זייא טראגין אויף דיא אקסלען · אבער אז ער וויל זיך דער מיט באשיצין פאר דער קעלט אדער פאר דעם רעגין · דאש טאר ער ניט · דיא פרומע זיינען זיך אבער נוהג · אז זייא טראגין עש אויף אשטעקין׃

## ז הלכות צער בעלי חיים · ובו ה׳ סעיפים
## אז מען טאר קיין לעבעדיגע זאך ניט מצער זיין׃

א אונזער הייליגע תורה איז לויטער רחמנות אונ וויל אז דער איד זאל אויך זיין לויטער רחמנות · ער מוז האבין איין וייך הארץ קעגין יעדער באשעפעניש אזוא וויא דער אויבערשטער איז גוט קעגין יעדערין וויא אין פסוק שטייט ורחמיו על כל מעשיו זיין בארעמהארציקייט איז איבער אלעם וואש ער האט באשאפין · אונ ניט אליין אז דער איד טאר ניט מצער זיין קיין איינציג באשעפעניש · נאר פאר קערט ער מוז זעהן אפ צוא היטין יעדם לעבעדיגע באשעפעניש פאר צער · אפילו עש געהער גאר צוא איין נכרי אדער ער געהער גאר צוא קיינעם ניט · איבער דעם איז ניט רעכט אויש צוא רייסין פעדערין פון לעבעדיגע גענז · ווארום דאש טוט זייא וויא · אפילו אוועקעמיל איז איין עבירה מצער צוא זיין׃

ב ווען פערד שלעפין איין שווערין וואגין · אונ מען זעהעט אז מיא פלאגין זיך זייער שטארק אונ עש איז זייא שווער צוא גיין · אפילו ווען זייא געהערין צוא איין נכרי · מוז מען העלפין אונטער שטופין דעם וואגין · כדי דער נכרי זאל זייא ניט שלאגין׃

ג מען טאר ניט בינדין דיא פיס פון איין בהמה אדער פון איין עוף אזוא שטארק אז ער האט דער פון יסורים · אונ חוץ וואש מען טאר ניט איבער זעצין איין עוף אויף אייער פון איין אנדער מין אזוא וויא מיר האבין אויבין געשריבין · טאר מען עש אויך ניט ווייל ער האט דער פון גרויש צער׃

ד מען טאר ניט אויש שניידין דיא ביצים פון איין בהמה אדער איין חיה אדער איין עוף · מען טאר עש אויך ניט לאזין טאן דורך איין נכרי · אויך טאר מען זייא ניט געבין צוא טרינקען איין געטראנק וואש זייא זאלין דורך דעם ניט קענען געווינען אדער אייער לייגין · דאש איינענע טאר מען אויך ניט טאן ביא איין מענטשין · אויך טאר דער איד ניט פאר קויפין צוא איין נכרי איין בהמה אדער איין עוף ווען ער ווייס אז דער נכרי וועט דער פון אויש שניידין דיא ביצים׃

ה ווען דיא בהמה ארבעט ביא דער תבואה אדער ביא איין אנדערע זאך וואש זיא עסט · טאר ער איר ניט פאר ווערין צוא עסין · מען טאר איר אפילו ניט אן שרייען זיא זאל ניט עסין · אפילו ווען דער איד ארבעט מיט דער בהמה כדי

אנכרי

אנכרי אונ דיא תבואה גיהער אויך צום נכרי · טאר ער איר ניט פאר ווערין צוא עסין · אונ אז ער זעהעט אז דיא בהמה וואלט גערין עסין נאר זיא קאן ניט וייל זיא איז דארשטיג · מוז ער איר געבין צוא טרינקען · ארבעט אבער דיא בהמה ביי זעלכע זאכין וואש זיינען איר שעדליך צוא עסין · מעג ער איר פאר שליסין דאש מויל כדי זיא זאל ניט עסין :

## ח הלכות נזיקין · ובו ח׳ סעיפים

### מען טאר קיינעם קיין שאדין ניט טאן :

**א** דער איד טאר ניט אויף הייבין זיין האנד קעגין דעם אנדערין · ניט אליין אז ער טאר דעם אנדערין ניט שלאגין · נאר אפילו ער האט נאר אויף גיהויבין דיא האנד קעגין יענעם ער זאל אים שלאגין · אונ ער האט אים נאך ניט גישלאגין הייסט ער שוין איין רשע · אפילו זיין אייגענעם משרת אדר אדינסט טאר מען אויך ניט שלאגין · אבער זיינע קליינע קינדער אדער איין יתום וואש מען ציהט ביי זיך אויף · מעג מען שלאגין פון זייער גוטש וועגין כדי זייא זאלין לערנען אונ גיין אין גוטין וועג · אויך ווען איין איד שלאגט דעם אנדערין אונ וויל אים ניט מיט גוטין נאך לאזין מעג מען אים שלאגין כדי ער זאל יענעם נאך לאזין · דאש אייגענע איז אויך ווען איינער פאלט איבער דעם אנדערין אונ ער קאן זיך פון אים ניט לויז מאכין נאר דורך שלאגין · מעג ער אים שלאגין :

**ב** מען טאר ניט יענעם שרעקין אפילו אויף קאטאווים :

**ג** מען טאר ניט ווארפין שטיקלאך גלאז אדער שערבלאך דארטין וואו מענטשין גייען · אויך טאר מען ניט משתין זיין לעבין יענעמס וואנד · אונ ווינטער טאר מען ניט אויש גיסין וואשער אויף דער גאס ווארום עש קען פאר פרארין ווערין אונ מענטשין וועלין זיך דריבער אויש גליטשין :

**ד** ווען דער שכן האט קאפ שמערצין אדער אנדערע קראנקהייט וואש דאש קלאפין הארט אים · טאר מען ביי זיך אין שטוב נישט שטויסין אין אשטויסיל אדער קלאפין עפעש אנדערש :

**ה** ווען איינער האט דעם אנדערין גימאכט איין בייל · חאטשע ער האט אים פאר דעם גיצאלט וויא פיל מען האט אים גיהייסין איז אים דיא עבירה נישט פאר געבין ביז יענער איז אים מוחל פאר דיא שמערצין וואש ער האט גיהאט :

**ו** מען טאר קיינעם נישט ברייגען צוא איין שאדין אפילו נישט דורך איין בלויז ווארט · אונ אפילו יענעם צוא ברייגן צוא איין שאדין כדי מען זאל זיך אליין אפ היטין דער פאר דאש טאר מען אויך נישט · למשל עש האט זיך אפ גיריסין איין וואשער אין זיין פעלד אריין · טאר ער עש נישט פאר שטעלין כדי עש זאל אפ לויפין אין דעם אנדערענס פעלד אריין אבר אז דער שאדין איז נאך גאר נישט דא מעג ער זיך פאר היטין למשל אז ער זעהט דאש וואשער רייסט זיך אפ אונ עש איז נאך נישט ביי

זיין

זיין פעלד · מעג ער עש פאר שטעלין · חאטשע עש קאן מיגליך זיין אז עש וועט לויפין אין איין אנדער פעלד אריין :

ז מען מוז זיך שטארק היטין אז אנדרע מענטשין זאלין דורך אים נישט צו קיין שאדין קומען · ווען מען האט איין גרוב ביא זיך אין הויף מוז מען אים צוא דעקין אדער ארום מאכין איין צאם אז מענטשין זאלין נישט אריין פאלין · מען טאר נישט לאזין איין צוא בראכענעם לייטער אדער איין צוא בראכענעם מויער וואש קאן איין פאלין אויף מענטשין · אונ מען טאר נישט האלטין קיין בייזין הונט ביא זיך אין הויז :

ח אזוא וויא מען טאר יענעם קיין שאדין טאן · אזוא טאר מען זיך אליין אויך קיין שאדין נישט טאן · מען טאר זיך נישט מאכין קיין פעלער אין אויג אדער אין דער האנד אדער אין אנאנדער ארט פון דעם גאנצין קערפער · אויך טאר מען נישט אום קישנע צוא רייסין איין קלייד אדער צוא ברעכין איין כלי אדער אוועק ווארפין געלד אדער איין זאך וואש מען עסט :

## ט הלכות כבוד אב ואם וזקן וכהן · ובו י"ט סעיפים

## וויא מען מוז ערליך האלטין פאטער אונ מוטער אונ אנדערע גרוישע לייט :

א חוץ וואש דער שכל גיט מיט אז מען זאל ערליך האלטין פאטער אונ מוטער · האט אונז אויך דיא הייליגע תורה גיבאטין דרויף · אונ דער אויבערשטער האט פאטער אונ מוטער וועגין כבוד אונ מורא גלייך גישטעלט צוא זיך · אויף זיין ליבין נאמן שטייט כבד את יי' האלט ערליך גאט · אונ אויף עלטערין שטייט אויך כבד את אביך ואת אמך · האלט ערליך דיין פאטר אונ מוטר · אויף דעם אויבערשטין שטייט את יי' אלהיך תירא פאר גאט זאלשטו מורא האבין · אונ אויף עלטערין שטייט אויך איש אמו ואביו תיראו · יעדער מענטש זאל פאר זיין פאטר אונ מוטר מורא האבין :

ב דאש ערליך האלטין פאטר אונ מוטר אונ מורא האבין פאר זיי זיינן צוויא ערלייא זאכין · ערליך האלטין · הייסט ער מוז זיי גרויש כבוד צו טיילין ער מוז זיי באדינען אן טאן אונ אויש טאן · ער מוז זייא געבין צו עסין אונ צו טרינקן דאש שענסטע אונ דאש בעסטע אונ מיט איין פריילעכין פנים · ווארום וויא באלד ער גיט זייא מיט אטרויערינין פנים עש מעג זיין אפילו דיא בעסטע מאכלים · הייסט דאש שוין נישט ערליך גיהאלטין אונ ער ווערט גישטראפט דער פאר · מורא האבין הייסט מען זאל פאר זייא שטארק דרך ארץ האבין · ער טאר נישט שטיין אונ נישט זיצין אויף דעם פאטערש אדער דער מוטערש ארט · ער טאר נישט אפ ווענדין זייערע ווערטר פאר קערט · ער טאר אפילו נישט זאגין צום פאטר אדר דר מוטר · עש ווייזט אויש אז דו האשט רעכט · ווארום דאש איז שוין אויך קיין דרך ארץ נים · עש מעג אפילו זיין דער גרעסטער מאן אונ ווען ער זיצט צווישין מענטשין קומט דער פאטער אדער דיא מוטר אונ שלאגט אים אדער זייא שפייען אים אין פנים אריין אדער זייא צו רייסין אים דיא קליידר מוז ער שווייגין אונ טאר זיי נים ריידין קיין בייז ווארט · ער טאר אפילו נים ווייזין קעגין זייא איין בייז פנים :

ווען

ג ווען ער דארף פון מענטשין איין טובה. און ער ווייש אז מען וועט עש אים טאן דעם פאטער צוא ליב. חאטשע ער וויש אז מען וועט עש אים אליין אויך צוא ליב טאן טאר ער ניט זאגין טוט עש מיר צוא ליב. נאר ער מוז זאגין איך בעט אייך טוט עש מיין פאטער צו ליב:

ד יעדער מוז אויף שטיין פאר זיין פאטער און מוטער מיט גרויש דרך ארץ:

ה ווען ער זעהט אז דער פאטער טוט איין עבירה טאר ער ניט זאגין דוא האשט גיזינדיגט נאר ער מוז צוא אים זאגין מיך דאכט אז אין דער תורה שטייט אזוי און אזוי. ער מוז עש אים אבער אזוי זאגין אז עש זאל ניט אויש זעהן אז ער ווארינט אים:

ו אויך אז דער פאטער און מוטער זיינען שוין גישטארבין מוז ער זייא ערליך האלטין. אין ערשטין יאר נאך זייער טויט ווען ער רעט אדער שרייבט פון זיי מוז ער זאגין אויף דעם פאטער הריני כפרת משכבו. און אויף דער מוטער הריני כפרת משכבה. און נאך דעם יאר תמיד ווען ער גידיינקט דעם פאטער מוז ער זאגין זכרונו לברכה און אויף דער מוטער זאל ער זאגין זכרונה לברכה:

ז ווען דער פאטער אדער דיא מוטער הייסין אים טאן איין עבירה. טאר ער זיי ניט צוא הערין. און אפילו ניט ציין עבירה וואש שטייט אין דער תורה אדער אין דער גמרא. נאר זייא הייסין אים שלעכט זיין. למשל איינער האט זיך מיט אים גיקריגט און קומט אים איבער בעטין. און זיי הייסין אים ער זאל יענעם בשום אופן ניט מוחל זיין. דארף ער זיי אויך ניט פאלגין:

ח אויך די שטיף מוטער כל זמן דער פאטער לעבט. מוז מען ערליך האלטין. אויך מוז מען ערלין האלטין דעם שטיף פאטער ביי די מוטערם לעבין. עש איז אפילו רעכט ערליך צוא האלטין דעם שטיף פאטער אדער דיא שטיף מוטער אויך ווען דיא פאטער און מוטער זיינען שוין טויט:

ט דער עיקר ערליך האלטין פאטער און מוטער איז צוא לערנען תורה און צוא טאן פיל גוטש. ווארום דאש איז דער גרעסטער כבוד פאר דיא עלטערין אז יעדער בענטשט זיי און זאגט וואול זייא וואש זייא האבין אזוי איין גוט קינד גיבראכט אויף דער וועלט. און הס ושלום פאר קערט אז מען פירט זיך נישט גוט: מעג ער אפילו זיין פאטער און מוטער דעם גרעסטין כבוד אן טאן. מאכט ער זייא אלץ גרויסע בושות און איז זייא מבזה. יעדער שילט זיי און זאגט פאר פלוכט זאלין די עלטערין ווערין וואש עש איז פון זייא אזוי איין שלעכטער זון ארויש גיקומען:

י דער פאטער טאר ניט צוא שטארק מדקדק זיין קעגין דיא קינדער וועגין זיין כבוד. ער מוז זיך אמאל ניט וויסענדיק מאכין ווען זייא טיילין אים ניט צוא דעם כבוד אקוראט ווי מען דארף. ווארום דורך דעם שטרייננג זיין קאן ער זיי ברייננען דער צוא אז זייא זאלין זיך פארזינדיגין קעגין אים:

יא איין גרויסין זון טאר מען ניט שלאגין. ווארום מען קאן אים דער מיט אויף דער העזה ארויש ברייננען קעגין זיך. און ניט דווקא א גרויסין. נאר וויא באלד ער דער קענט אן דעם זון אז ער וועט אים ניט פאר שוויגין אדער ער וועט אים אנטקעגין

רייזין

דיידין טאר ער אים שוין ניט שלאגין · נאר ער זאל אים מיט גוטע ווערטר שטראפין :

יב מען מוז ערליך האלטין דעם עלטערין ברודער אפילו ווען ער איז מיט אים נאר פון איין פאטער אדער פון איין מוטער · אויך מוז מען ערליך האלטין דעם ווייבין אונ שווער אונ שוויגער :

יג אויך דיא טאכטער האט דעם איינענעם דין אן זיך וויא איין זון · זיא מוז ערליך האלטין פאטער אונ מוטער אונ פאר זייא מורא האבין · נאר ווען זיא האט איין מאן · אונ דער מאן פאר ווערט איר גוטעס צוא טאן קענין דיא עלטערין · למשל זייא זיינען אלט אונ זיא וויל זייא געבין עסין · אונ דער מאן לאזט איר אבער ניט · איז זיא פטור דער פון :

יד איין גר טאר ניט שילטין זיין פאטער דעם נכרי אונ אים ניט מבזה זיין :

טו דעם רבי דאש מען לערינט ביי אים אדער וואש מען האט ביי אים אמאל גילערינט · מוז מען שטארק ערליך האלטין אונ פאר אים גרויש דרך ארץ האבין · עש זיינען איינענטליך דא מאנגע זאכין וואש דער רבי איז אין דעם וויא פאטער אונ מוטער :

טז עש איז איין גרויסע מצוה אויף צוא שטיין פאר איין תלמיד חכם אפילו ווען ער איז גאר יונג · ווידער איז איין מצוה אויף צוא שטיין פאר איין אלטין מאן ווען ער איז איין ערליבער איד אפילו איין עם הארץ · אפילו איין אלטין נכרי דארף מען אויך ערליך האלטין :

יז ווען ער גייט מיט זיין רבי · מוז ער זעהען אז דער רבי זאל גיין אויף דער רעכטער זייט אונ ער אויף דער לינקער זייט · אונ אויך זאל ער ניט גיין גלייך לעבין אים זאר אביסיל הינטער אים · גייט מען מיט איין תלמיד חכם האטשע ער איז ניט זיין רבי · מוז אויך דר תלמיד חכם גיין אין דר רעכטער זייט אונ ער אין די לינקר זייט :

יח דעם כהן מוז מען תמיד גרויש כבוד צוא טיילין ער מאכט דיא ערשטע המוציא · אים קומט דעם בענטשין אין סוכה אדער אויף איין סעודה · ביי איין אסיפה האט ער צום ערשטין דעם ווארט · אונ אזוא איז ביי אים יעדער זאך תמיד דער כהן צום ערשטין · אונ אפילו עש איז דא איין תלמיד חכם וואש ער איז מיט דער חכמה גלייך מיט אים · איז אלץ דער כהן צום ערשטין · איז אבער דער תלמיד חכם גרעסר פון אים · איז דער ת״ח אלץ צום ערשטין :

יט ווען עש איז ניטא קיין כהן · איז דער לוי צום ערשטין ביי אלעם אקאראט וויא איין כהן · ווען עש איז ניטא איין גרעסערער תלמיד חכם פון אים :

## י הלכות רבית · ובו כ״ז סעיפים
## דינים פון רווחים נעמען :

א דיא עבירה פון רווחים נעמען איז זייער גרויש · אונזער הייליגע תורה האט זיך ניט באנוגינט מיט איין מאל אן זאגין · נאר זיא האט עטליכע מאל גיווארינט מען זאל קיין רווחים ניט נעמען אונ ניט געבין · ווער עש פאר לייעט יענעם אויף רווחים איז עובר אויף זעקס עבירות אונ ווער עש לייט אויף רווחים איז עובר אויף

דרייא

דרייא עבירות · נעמט עש אייך גוט אין זינען אריין אז אזוא גוט וויא דער וואש נעמט רווחים פאר זינדיגט זיך שטארק · אזוא זינדיגט אויך דער וואש צאלט רווחים · אונ אפילו דער סרסור וואש האט גימאכט איין הלואה אויף רווחים טוט אויך אגרויסע עבירה :

ב אפילו מען באדינגט זיך גאר ניט קיין רווחים · נאר בייא דעם צאלין גיט אים יענער עפעס מער וויא ער האט אים גיליען חאטשע ער זאגט גאר ניט אז דאש איז פאר רווחים · דאש טאר מען אויך ניט :

ג אפילו ווען מען לייעט איינעם אומזיסט אדער מען בארגט אים סחורה אומזיסט אונ וויא עש קומט צום טערמין וויל אים יענער שיינקען געלט אדער עפעס אנדערש כדי ער זאל אים נאך לייענגער ווארטין מיט דעם צאלין · דאש הייסט אויך רווחים אונ מען טאר דאש ניט :

ד אויך ווען יענער זאגט אים ווען ער גיט אים דיא רווחים אז ער שיינקט עש אים טאר ער ניט צוא נעמען · אבער אז ער האט שוין דיא רווחים לאנג גינומען · דער נאך טוט ער תשובה אונ וויל עש אפ געבין אונ זאגט אים אז ער שיינקט עש אים · מעג ער עש זיך האלטין · אבער אז יענער זאגט ניט אז ער שיינקט אים מוז ער עש אים אפ געבין · ווארום דיא תשובה אליין וואש ער טוט צום אויבערשטיי העלפט ניט · ביז ער גיט יענעם אפ די געלט וואש ער האט ביי אים מיט אומרעכט גינומען · אזוא וויא עש איז בייא אלע זאכין וואש מען זינדיגט קעגין מענטשין · דא העלפט קיין יום כפור אונ קיין איינציגע תשובה · ביז מען בעט איבער יענעם וואש מען האט אים איין אום רעכט גיטאן אונ מען גיט אים אפ וואש מען האט ביי אים גינומען :

ה רווחים נעמען אדער געבין פאר דעם לייען אדער נאך דעם לייען · דאש טאר מען אויך ניט · למשל ער וויל בייא איינעם לייען געלט אונ ער שיקט אים פריער איין מתנה אונ זאגט אים אז ער שיינקט עש אים כדי ער זאל אים שפעטער לייען געלט · אדער אפילו ער זאגט אים ניט ארויש פאר וואש ער שיינקט עש אים · עש איז אבער אזוא איין גרויסע מתנה וואש ער פאר שטייט שוין אליין אז ווען ער זאל ניט וועלין בייא אים געלט לייען וואלט ער עש אים ניט גישיינקט · דאש הייסט שוין רווחים געבין פאר דעם לייען · אונ ווידער אז ער האט בייא אים גיליען געלט אונ אפ גיגעבין · שפעטער שיקט ער אים איין מתנה פאר דער טובה וואש ער האט אים גיטאן : דאש הייסט רווחים נאך דעם לייען · אונ מען טאר עש ניט :

ו ווען איינער לייעט דעם אנדערין געלט אויף איין צייט אונ נעמט מיט אים אויש אז פאר דעם זאל ער אים שפעטער לייען איין גרעסערע סומע געלט אויך אויף אזוא לאנג וויא ער האט אים גיליען · אדער ער זאל אים אויך לייען אזוא פיל געלט וויא פיל ער האט אים גיליען · אדער אויף איין לייענגערע צייט · דאש הייסט רעכטע רווחים אונ מען טאר עש ניט · אפילו ווען ער נעמט מיט אים אויש ער זאל אים שפעטער אויך לייען אזו פיל געלט וויא פיל ער האט אים גיליען אונ אקאראט אויף אזוא איין צייט וויא ער האט זיין געלט גיהאלטין · דאש איז אויך ניט רעכט · אבער

אז ער האט מיט יענעם גאר ניט אויש גינומען · נאר יענער איז אליין אזוא גוט אונ אנטלייט אים שפעטער ווייל ער האט אים פריער גיליען אונ ער זאגט אים ניט אז ער טוט עש וועגין דעם דאש מעג מען שוין :

ז דער וואש אנטלייט יענעם געלט מוז זיך שטארק היטין ער זאל פון יענעם קיין הנאה ניט האבין אין דער גאנצער צייט וואש ער איז אים שולדיג · דאש הייסט אזוא איין הנאה וואש יענער איז ניט גיוואונט גיוועזין אים צוא טאן איידער ער האט ביא אים גיליען · וועןּ יענער פלעגט אים קיין מאל ניט זאגין פריער גוט מארגין אדער צוא גירישין · טאר ער עש איצטער אויך ניט · ער טאר ביא יענעם קיין כבוד ניט אן נעמען אין שול אדער ערגעץ אנדערש וועןּ ער פלעגט עש פריער ניט טאן · ער טאר יענעם ניט זאגין טוא מיר צוא וויסין ווען דער אדער דער וועט קומען אדער וועןּ דיא סחורה וועט אן קומען אדער עפעס אנדערש · וועןּ ער פלעגט דאש קיין מאל פון יענעם ניט פאר לאנגען · ווארום דאש הייסט שוין רווחים ווייל ער האט אים געלט גיליען מוז ער אים בארוהיגין · אונ ווען ער איז איין בעל מלאכה אונ יענער פלעגט אים קיין מאל ניט געבין צוא ארבעטין טאר ער איצטער ביא אים ניט אן נעמען צוא ארבעטין · ווארום דאש איז אויך שוין וויא רווחים · אז יענער וויל אים געבין צוא פאר דינען ווייל ער האט אים געלט גיליען :

ח מען טאר ניט איינעם לייען תבואה אז ער זאל אים שפעטער אפּ געבין אקאראט אזוי פיל תבואה · ווארום טאמער וועט דענמאלט דיא תבואה טייערער זיין וועט ער דאך אפּ געבין מער וויא ער האט גיליען אונ דאש איז דאך רעכט רווחים · איבער דעם וועןּ מען בארגט איינעם תבואה זאל מען אויש נעמען אז ווען עש וועט טייערער ווערין זאל ער אים דער פאר געבין געלט לויט וויא דער מארק שטייט אין דער צייט וועןּ ער בארגט דיא תבואה · אונ אז דיא דאזיגע גאטונג תבואה האט איין באשטימטין מארק פרייז · מעג ער אים בארגין חאטשע ער נעמט ניט אויש אז ווען עש וועט טייערער ווערין זאל ער אים צאלין געלט · אונ ביא איין קלייניקייט למשל ברויט אדער אנאנדער זאך וואש איז ניט פיל ווערט · מעג מען יענעם בארגין ער זאל אים שפעטער אויך אפּ געבין אזוא איין זאך · אונ עש שאט ניט אז עש איז דענמאלט עפּעס מער ווערט :

ט איין זאך וואש האט איין באשטימטין פרייז טאר מען ניט פאר קויפין פאר איין גרעסערין פרייז ווייל יענער צאלט ניט תיכף דיא געלט · אבער ווען עש האט ניט איין באשטימטין פרייז · חאטשע ער וואלט אים פאר קויפט פאר וועלעוועלער ווען ער וואלט אים איצטער גיצאלט מעג ער אים פאר קויפין פאר אביסיל טייערער ווייל ער צאלט אים ניט תיכף · אבער צוא פיל טייערער · דאש הייסט איין זעקסטיל אדער איבער איין זעקסטיל מער פון דעם מקח · דאש טאר מען שוין ניט · ווארום דא זעהעט מען אפענטליך אן אז עש איז ווייל ער ווארט אים דיא געלט · הייסט דאך דאש שוין ריינע רווחים · אונ אפילו ער העכערט ניט דעם מקח צוא פיל אבער ער זאגט אים ארויש ווען דוא וועסט מיר איצטער צאלין גיב איך עש דיר פאר אזוא פיל ·

נעמסטו

וועמסטו עס אבער אויף באָרג וויל איך ביא דיר מער · דאס טאָר מען ניט :

י ווען ער לייט איינעם אויף איין הויז ער זאל נעמען דעם איין טראג · אָדער איין פעלד ער זאל עס באנוצין · מוז ער מיט יענעם אויש געמען ער זאל דורך דעם אפ רעכענען אלע יאָר איין באשטימטע סומע געלט פון דעם חוב · אונ אפילו דער איין טראג אָדער וואס דאס פעלד טראגט איז מער ווערט · שאט עס גאר ניט · אָבער ווען ער נעמט אזוא מיט אים אויש · דער נאך פאר דינגט ער דאס הויז אָדער דאס פעלד יענעם צוריק פאר מער דאס טאָר מען ניט · ווארום דאס איז רעכט רווחים :

יא ווען מען האט אויף איינעם אוועקסיל · מעג מען עס איין אנדערין פאר קויפין פאר ווייניגער אפילו נאך פאר דעם טערמין · דער וואס קויפט עס מוז אָבר איבר זיך נעמען אז ווען דאס געלד וועט פאר פאלין ווערין זאל ער קענין אים ניט האבין קיין שום טענה ער זאל אים אפ געבין דעם שאדין · אָבער ווען יענער וועט ניט וועלין צאלין וייל ער האט טענות קעגין דעם וואס ער האט גיליען · למשל ער האט אים שוין גיצאלט אָדער ער האט פון אים איין משכון אונ וויל עס אים ניט אפ געבין דעם גלייכן · דא מוז ער צאלין דעם וואס האט ביא אים דעם וועקסיל גיקויפט · אונ אקאראט וויא מען מעג איין אנדערין פאר קויפין דעם וועקסיל פאר ווייניגער · אזוא מעג מען עס אויך פאר קויפין דעם וואס האט ביא אים גיליען · חאטשע מען נעמט ביא אים ווייניגער וויא פיל עס באטרעפט :

יב ביא איין מומר טאָר מען ניט לייען אויף רווחים · אויך מען זאל אים לייען אויף רווחים דאס טאָר מען אויך ניט :

יג ביא איין עובד כוכבים מעג מען לייען אויף רווחים · אויך מעג מען אים לייען אויף רווחים :

יד ווען איין איד האט גיליען ביא איין עובד כוכבים אויף רווחים אונ אנאנדערער איד איז איין ערב פאר אים · איז דער דין אזוא · ווען דער עובד כוכבים מוז פריער מאנען דעם וואס האט ביא אים גיליען · אונ נאר ערשט ווען ער צאלט אים ניט האט ער דאס רעכט צוא מאנען דעם ערב · מעג מען · האט ער אים אָבר אזוא ערב גיוועזין אז דער עו"ג האט דאס רעכט צוא מאנען וועמען ער וויל · קאן ער מאנען דעם ערב צום ערשטין · הייסט דאס שוין גלייך וויא דער ערב האט גיליען ביא דעם עובד כוכבים אונ האט עס גיליען דעם אנדערין איד אויף רווחים · איבער דעם טאָר מען עס ניט · אונ ווידר ווען איין עו"ג האט גיליען ביא איין איד אויף רווחים אונ אנאנדער איד איז פאר אים איין ערב · איז אויך דער דין אזוא · איז אנדערש אזוא גימאכט אז דער איד מוז פריער מאנען דעם עו"ג · אונ נאר ווען דער עו"ג צאלט ניט קאן ער מאנען דעם ערב · דאס מעג מען · האט מען אָבער אויש גינומען אז דער איד מעג דעם ערב פריער מאנען פאר דעם עובד כוכבים · הייסט דאך שוין אז דער איד לייט אויף רווחים · אונ מען טאָר עס ניט · אָבער ביא ביידע פעל ווען דער איד איז נאר איין ערב פאר דעם קרן אליין ניט פאר דיא רווחים · מעג ער אפילו ווען ער געמט אויש אז יענער האט דיא ברירה צוא מאנען וועמען ער וויל :

ווען

טו וָוען אַיין אִיד הָאט גִילִיעֶן אַיין עוֹבֵד כּוֹכָבִים אוֹיף אַמַשְׁכּוֹן בִּיז אַיין בַּאשְׁטִימְטֶע צַייט אוּנ הָאט שׁוֹין צוּא גִירֶעכִינְט דֶעם רֶוַוח צוּם קֶרֶן · אַז דֶער עוֹבֵד כּוֹכָבִים הָאט אִים בַּייא דֶעם אוֹישׁ לֵייזִין אַזוֹא אוּנ אַזוֹא פִּיל צוּא גֶעבִּין · טָאר עֶר נִיט אִין מִיטִין דֶער צַייט לֵייעֶן בַּייא אַיין אַנְדֶער אִיד אוֹיף דֶעם דָאזִיגִין מַשְׁכּוֹן אוֹיף רְוָוחִים · חָאטְשֶׁע עֶר נִיט אִים נָאר דָאשׁ אֵייגֶענֶע רְוָוחִים וָואשׁ דֶער עוֹבֵד כּוֹכָבִים צָאלְט אִים פוּן דֶעמְמָאלְט אָן בִּיז צוּם טֶערְמִין וָוארוּם דִיא רְוָוחִים אִיז שׁוֹין צוּא גִירֶעכִינְט גִיוָוארִין צוּם קֶרֶן · נִיט דָאךְ עֶשׁ שׁוֹין דֶער אִיד פוּן זַיין קֶעשֶׁענֶע · אָבֶער אַז דִיא רְוָוחִים אִיז נִיט צוּא גִירֶעכִינְט צוּם קֶרֶן · נָאר עֶר הָאט גִילִיעֶן דֶעם עוֹבֵד כּוֹכָבִים אוֹיף אַיין מַשְׁכּוֹן אַז עֶר זָאל אִים גֶעבִּין יֶעדֶען חוֹדֶשׁ אַיין אוֹישׁ גִיזֶעצְטִין רֶוַוח · מֶעג דֶער אִיד אִין מִיטִין לֵייעֶן בַּייא אַנאַנְדֶער אִיד אוֹיף דֶעם דָאזִיגִין מַשְׁכּוֹן · אוּנ מִיט אִים אוֹישׁ נֶעמֶען אַז עֶר זָאל בַּייא דֶעם עוֹבֵד כּוֹכָבִים נֶעמֶען דִיא רְוָוחִים פוּן אִיצְטֶער אָן בִּיז צוּם אוֹישׁ לֵייזִין :

טז מֶען מֶעג אֵיינֶעם לֵייעֶן גֶעלְט עֶר זָאל דֶער פַאר קוֹיפִין סְחוֹרָה אוֹיף אַיין יְרִיד · אוּנ אַז עֶר וֶועט אַהֵיים קוּמֶען זָאל עֶר אִים אָפּ גֶעבִּין מֶער פַאר דֶער סְחוֹרָה ווִיא עֶר הָאט גִילִיעֶן · לְמָשָׁל עֶר גִיט אִים הוּנְדֶערְט גִילְדִין עֶר זָאל דֶער פַאר קוֹיפִין סְחוֹרָה אוּנ נֶעמְט מִיט אִים אוֹישׁ אַז וֶוען עֶר וֶועט אַהֵיים קוּמֶען הָאט עֶר דֶער פַאר צוּא צָאלִין הוּנְדֶערְט אוּנ צְווַאנְצִיג גִילְדִין · דָאשׁ אִיז אָבֶער אַנְדֶערְשׁ נִיט נָאר וֶוען דֶער וָואשׁ לֵייט אִים מוּז אַלֵיין אַהֵיים פִירִין דִיא סְחוֹרָה · אוּנ יֶענֶער מוּז מִיט אִים אוֹישׁ נֶעמֶען אַז וֶוען עֶשׁ וֶועט זַיין אַיין שָׁאדִין אוֹיף דֶעם וֶועג גֵייט עֶשׁ מִיךְ נִיט אָן אוּנ עֶר וֶועט נִיט דַארְפִין בַּאצָאלִין · וָוארוּם מִיט דֶעם וָואשׁ דֶער מַלְוֶה שְׁטֶעלְט עֶשׁ אַיין אוּנ נֶעמְט אִיבֶּער זִיךְ דֶעם שָׁאדִין · הֵייסְט עֶר שׁוֹין ווִיא אַיין שׁוּתָּף צוּא דֶער סְחוֹרָה · אוּנ וָואשׁ עֶר נֶעמְט מֶער ווִיא עֶר הָאט גִילִיעֶן אִיז נִיט פְּרַאצֶענְט נָאר רֶוַוח פוּן דֶער סְחוֹרָה :

יז מֶען מֶעג גֶעבִּין גֶעלְד אֵיינֶעם עֶר זָאל בְּרֵיינְגֶען סְחוֹרָה פוּן אַיין אַנְדֶערִין אָרְט אוּנ מֶען וֶועט אִים גֶעבִּין דֶער פַאר מֶער ווִיא פִיל דִיא סְחוֹרָה קָאסְט אִים וָוארוּם דָאשׁ הֵייסְט נִיט פְּרַאצֶענְט נָאר רֶוַוח · עֶשׁ מוּז אָבֶער צְווִישִׁין זֵיי אוֹישׁ דְרִיקְלֶעךְ בַּדוּנְגֶען וֶוערִין אַז דֶער וָואשׁ קוֹיפְט דִיא סְחוֹרָה נֶעמְט אִיבֶּר זִיךְ דִיא גִיפָאהֶר פוּן יֶעדֶען שָׁאדִין וָואשׁ דִיא סְחוֹרָה וֶועט הָאבִּין אוֹיף דֶעם וֶועג בִּיז עֶר בְּרֵיינְגְט צוּא יֶענֶעם :

יח וֶוען מֶען פַאר דִינְגְט אֵיינֶעם אַדִירָה אַדֶער אַפֶעלְד אָדֶער עֶפֶּעשׁ אַנְדֶערְשׁ מֶעג מֶען אִים זָאגִין וֶועשְׁטוּ מִיר צָאלִין תֵּיכֶף דֶעם צִינְז · הָאשְׁטוּ מִיר נִישְׁט מֶער צוּא צָאלִין נָאר אַזוֹא פִיל · אָבֶער וֶוען דוּא וֶועשְׁט מִיר צָאלִין אַלֶע חוֹדֶשׁ אָדֶער אַלֶע דְרֵייא חֳדָשִׁים אוּנ אַנְדֶערֶע אוֹישׁ גִיזֶעצְטֶע צַייטִין מוּזְטוּ מִיר צָאלִין מֶער · אָבֶער וֶוען מֶען דִינְגְט אַיין מֶענְטְשִׁין צוּא דֶער אַרְבֶּעט טָאר מֶען שׁוֹין נִיט וֶוייניגֶער צָאלִין וַויל מֶען צָאלְט פְרִיעֶר דָאשׁ גֶעלְט · לְמָשָׁל עֶר הָאט אֵיינֶעם גִידוּנְגֶען עֶר זָאל אִים עֶרְשְׁט אַרְבֶּעטִין מָארְגִין אָדֶער אִין שְׁפֶּעטֶערֶע צַייטִין · אוּנ זָאגְט אִים אִיךְ גִיבּ דִיר אִיצוּנְדֶערְט דָאשׁ גֶעלְט אָבֶּער פַאר דֶעם מוּזְטוּ בַּייא מִיר וֶוייניגֶער נֶעמֶען דָאשׁ טָאר מֶען נִיט · וָוארוּם

דאש

דָאשׁ הֵייסְט רֶעכְטֶע רְוָוחִים · הָאט אָבֶּער יֶענֶער שׁוֹין אָן גֶיהוֹיבִּין צוּא אַרְבֶּעטִין אוּנ זָאגְט אִים אִיךְ גִּיבּ דִיר תֵּיכֶף דָאשׁ גֶעלְט כְּדֵי דוּא זָאלְשְׁט בַּייא מִיר אַרְבֶּעטִין פַאר וֶועלְוֶועלֶער דָאשׁ מֶעג מֶען :

יט וֶוען אֵיינֶער זָאגְט צוּא דִיא טָאכְטֶער אַיין נַדָן אוּנ עֶר נֶעמְט אוֹישׁ מִיט דֶעם אֵיידִים אַז פַאר יֶעדֶער יָאר וָואשׁ עֶר וֶועט אִים נָאךְ שׁוּלְדִיג זַיין דָאשׁ גֶעלְט · זָאל עֶר אִים גֶעבִּין אַזוֹא אוּנ אַזוֹא פִיל · מֶעג עֶר· אוּנ דָאשׁ הֵייסְט נִיט רְוָוחִים · נָאר אַיין מַתָּנָה · דָאשׁ אִיז גְלַייךְ עֶר זָאגְט אִיךְ גִּיבּ דִיר אַיין גְרֶעסֶערִין נַדָן · דָאשׁ אִיז אָבֶּער נָאר וֶוען עֶר נֶעמְט מִיט אִים אַזוֹא אוֹישׁ בַּייא דִיא תְּנָאִים · אָבֶּער וֶוען עֶר נֶעמְט נִיט אוֹישׁ בַּייא דִיא תְּנָאִים נָאר עֶרְשְׁט פַאר דֶער חֲתוּנָה זָאגְט עֶר אִים עֶר זָאל וַוארְטִין דֶעם נַדָן אוּנ פַאר דֶעם וֶועט עֶר אִים אַלֶע יָאר גֶעבִּין עֶטְלִיכֶע רוּבִּיל דָאשׁ אִיז שׁוֹין נִיט רֶעכְט אוּנ מֶען טָאר עֶשׁ נִיט :

כ וֶוען אֵיינֶער פַאר קוֹיפְט דֶעם אַנְדֶערִין אַיין הוֹיז אוּנ נֶעמְט מִיט אִים אוֹישׁ אַיין קָאנְטְרַאקְט אַז וֶוען עֶר וֶועט אִים שְׁפֶּעטֶער אָפּ גֶעבִּין דָאשׁ גֶעלְט מוּז עֶר אִים צוּא רִיק גֶעבִּין דָאשׁ הוֹיז · מוּז יֶענֶער אִים אוֹיךְ אָפּ גֶעבִּין דָאשׁ צִינְז וָואשׁ עֶר הָאט אִין דֶער גַאנְצֶע צַייט גִינוּמֶען · וָוארוּם וֶוען עֶר נֶעמְט זִיךְ דֶעם צִינְז אִיז דָאךְ דָאשׁ רֶעכְטֶע רְוָוחִים פַאר דֶעם גֶעלְט וָואשׁ עֶר הָאט גִיצָאלְט פַאר דֶעם הוֹיז :

כא וֶוען אֵיינֶער גִיט דֶעם אַנְדֶערִין גֶעלְט עֶר זָאל מִיט דֶער מִיט הַאנְדְלֶען אוּנ בֵּיידֶע זָאלִין זִיךְ טֵיילִין מִיט דֶעם רֶוַוח · אוּנ אוֹיךְ אַז עֶשׁ וֶועט זַיין הֶיזֵק זָאלִין בֵּיידֶע גְלַייךְ לַיידִין דֶעם שָׁאדִין דָאשׁ טָאר מֶען נִיט · וָוארוּם אַיין הֶעלְפְט גֶעלְט וָואשׁ עֶר נֶעמְט דֶער פוּן הֶעלְפְט אִיז דָאךְ אַיין רֵיינֶע הַלְוָאָה · ווייל עֶר נֶעמְט אוֹיף זִיךְ צוּא לַיידִין דֶעם הֶיזֵק דֶער פוּן · אוּנ מִיט דֶער אַנְדֶערֶע הֶעלְפְט גֶעלְט וָואשׁ יֶענֶער נֶעמְט רֶוַוח דֶער פוּן · בַּאשֶׁעפְטִיגְט עֶר זִיךְ נָאר אוּמְזִיסְט · אוּנ עֶשׁ אִיז פַאר דֶעם וָואשׁ יֶענֶער הָאט אִים דָאשׁ גִילִיעֶן כְּמִילָא אִיז דָאךְ דָאשׁ רֵיין רְוָוחִים · עֶשׁ אִיז אָבֶּר דָא אַיין מִיטִיל דֶער צוּא וֶוען דֶער וָואשׁ גִיט אִים דָאשׁ גֶעלְד גִיט אִים תֵּיכֶף אָדֶער עֶר נֶעמְט מִיט אִים אוֹישׁ עֶר זָאל אִים שְׁפֶּעטֶער גֶעבִּין עֶפֶּעם גֶעלְט פַאר זַיין מִיא · עֶשׁ מֶעג אֲפִילוּ זַיין אַיין אֵיינְצִיגֶע קָאפֵּיקֶע · אוּנ דָאשׁ הֵיישְׁט אֵיינְגִינְטְלִיךְ אוֹיךְ שׁוֹין אַיין הֶיתֵּר עִיסְקָא :

כב דֶער עִיקָר הֶיתֵּר עִיסְקָא אִיז אָבֶּער · עֶר זָאל אוֹישׁ נֶעמֶן מִיט יֶענֶעם וָואשׁ גִיט אִים דָאשׁ גֶעלְט אַז עֶר זָאל נִיט בַּאגְלַייבְּט זַיין צוּא זָאגִין אַז עֶר הָאט אָן גִיוָוארִין פוּן דֶעם קֶרֶן אוֹיסֶער וֶוען עֶר וֶועט הָאבִּין עֶרְלִיכֶע עֵדוּת דְרוֹיף · אוּנ אוֹיף דֶעם רֶיוַח זָאל עֶר נִיט בַּאגְלַייבְּט זַיין נָאר מִיט אַיין שְׁבוּעָה · אוֹיךְ נֶעמְט עֶר אוֹישׁ אַז עֶר הָאט דִיא בְּרֵירָה נִיט צוּא שְׁוֶוערִין נָאר יֶענֶעם צוּא גֶעבִּין אַזוֹא אוּנ אַזוֹא פִיל · וִויא מֶען רֶעט זִיךְ אוֹישׁ בִּשְׁעַת מַעֲשֶׂה · אוּנ דֶעם אִיבֶּערִיגִין רֶוַוח זָאל עֶר זִיךְ הַאלְטִין דָאשׁ אִיז דֶער רֶעכְטֶער הֶיתֵּר עִיסְקָא · וָוארוּם אֲפִילוּ עֶר ווייס בַּייא זִיךְ אַז עֶר הָאט וֵוויינִיגֶער פַאר דִינְט אָדֶער עֶר הָאט גָאר אָן גִיוָוארִין פוּן דֶעם קֶרֶן מֶעג עֶר יֶענֶעם גֶעבִּין דָאשׁ קֶרֶן מִיט דִי רְוָוחִים וָואשׁ זֵיי הָאבִּין צְווִישִׁין זִיךְ אוֹישׁ גִינוּמֶען וָוארוּם ווייל אַז עֶר וֶועט וֶועלִין יֶענֶעם וֵוויינִיגֶער גֶעבִּין וֶועט עֶר דָאךְ מוּזִין שְׁוֶוערִין · שְׁטֵייט אִים פְרֵייא עֶר זָאל

זיך אפ קויפין מיט געלט פאר דער שבועה. איצונד קאן מען שוין פארשטיין אז דער היתר עסקא טאר ניט זיין אפ גינארט: דאש הייסט מען זאל זיך ניט איין ריידין אז מיט דיא קאפייקע וואש מען גיט אדער מיט דעם היתר עסקא וואס מען שרייבט מעג מען שוין רווחים נעמען. חס ושלום די הייליגע תורה לאזט זיך ניט נארין. נאר מען מוז טאקע אין אמת אויש נעמען אז יענער האט די ברירה אדער צו געבין ווי פיל מען רעט זיך אויש אדער צוא שווערין אונ ניט צוא געבין אבער צוא זאגין פראסט דוא מוזט מיר געבין אזוי פיל רווח און פון איין שבועה וויל איך גאר ניט וויסין דאס טאר מען ניט. אויך מוז מען וויסין אז דער רעכטער היתר עיסקא איז אייגענטליך נאר אז מען נעמט דאש געלט אויף איין גישעפט. אבער אז מען נעמט עש צו צאלין איין חוב אדער אויף עסין אדער אויף איין צנדער זאך דאש איז ניט קיין היתר עיסקא. אבער צוא דעם איז אויך דא איין מיטיל. למשל ראובן דארף געלט אונ ער האט ערגעץ עפעס איין זאך זאגט ער צו שמעון גיב געלט פאר דער דאזיגע זאך אונ אז איך וועל דיר דיא דאזיגע זאך ניט געבין ביז צום באשטימטין טאג מוז איך דיר דער פאר מער צאלין (וויא פיל זיי נעמען זיך אוים). זייא מוזין אבער צווישין זיך מאכין איין קבלת קנין דאש הייסט ראובן נעמט אין דער האנט אריין איין שטיק פון שמעונס

קלייד דאס מעג אפילו זיין אן עדות:

**אויך** ווען איינער איז דעם אנדערין שולדיג געלט. און וויא עש קומט צום טערמין און ער האט אים ניט צוא צאלין גלייכט ער זיך מיט אים אויש ער זאל אים נאך ווארטין ביז צוא איין גיוויסע צייט דא העלפט אויך ניט איין היתר עיסקא. אויסער ווען דער וואס איז שולדיג דאש געלט פאר קויפט יענעם איין סחורה וואש ער האט ערגעץ און נעמט מיט אים אויש אז ווען ער וועט אים דיא סחורה ניט צוא שטעלין צוא דער צייט. האט ער אים אזוי און אזוי פיל צוא צאלין. יענער מוז אים אבער דאס אלטע וועקסיל צוריק געבין. נאר ער גיט איין נייע שריפט וואש דריגען מוז שטיין אזוי וויא זייא באדינגען צווישין זיך:

כג ווען איינער האט ביי דעם אנדערין גינומען געלט מיט איין היתר עיסקא אויף איין באשטימטע צייט. און ער האלט דאש געלט לייגער. מוז ער אים געבין רווחים פאר דער לייגערער צייט לויט וויא עש קומט אויש ווארום דאש פארשטייט מען פון זיך זעלבסט אז יענער האט אים דאס געלט גילאזט אויף דעם אייגינעם באדינגעניש וויא פריער. עש איז אבער רעכט ארויש צוא שרייבין אין דעם היתר עיסקא אז ווען ער וועט לייגער האלטין דאש געלט האט ער אים מער צו געבין:

כד פאר נויט ווען מען קאן ניט שרייבין קיין היתר עיסקא. איז גינוג אז מען מאכט דעם היתר עיסקא מונדליך:

כה ווען ער גיט אויף דעם געלט איין ראטע וואש מען קאן דערמיט זייער לייכט מאגען און אפ נעמען דאש געלט. אפילו ווען דיא ראטע איז נאר אויף דעם קרן אליין העלפט ניט קיין היתר עסקא ווארום דא קאן דאך יענער אים צווינגען דאש געלט אפ צו געבין אפילו ווען ער וועט דער פון און ווערין אין דעם גישעפט וואס ער

וועט

ווערט דער מיט מאכין . און אפילו יענער איז איין ערליכער מאן און ער וויל באזארגין טאמער ווערט ער ח״ו שטארבין און די יורשים וועלין אים לאדין און וועלין דעם היתר עסקא נאר ניט ווייזין . צוא דעם איז קיין אנדער מיטיל ניט דא נאר אז מען זאל דעם גישריבענעם היתר עסקא איין לייגין ביי איין אנדערין אדער מען זאל אויף שרייבין אויף דעם אז עס איז גימאכט מיט איין היתר עסקא . אדער עס זאלין עדות זיין אז דאש וועקסיל איז מיט איין היתר עסקא . אדער אז דער וואש אנטלייט אים דאש געלט זאל זיך אונטער שרייבין אויף דעם היתר עסקא און זאל זיא אים געבין כדי ער זאל זיא קענען ווייזין ווען עס וועט קומען צוא איין דין . און אז מען טוט איינעם פון די מיטלען וואש מיר האבין דא גישריבין . מעג שוין אפילו זיין דאש וועקסיל אויף דעם קרן מיט דעם רווחים אין איינעם :

כו איצונד וועלין מיר שרייבין וויא אזוי דער היתר עסקא מוז גישריבין זיין :

**מודה** אני הח״מ שקבלתי מאת פב״פ סך . . . רו״כ בתורת עסקא לחצי שנה מיום דלמטה והתחייבתי א״ע שכל סחורה טובה שתהא נראה בעיני שהיא היותר קרובה להרויח בה . מחויב אני לקנות בעד סך הנ״ל והם קודמין למעותי . ומכל הריוח שיצליחני ה׳ באותה סחורה . תהיה המחצה לי והמחצה השנית לפב״פ הנ״ל . וכן ח״ו להפסד הוא ג״כ חלק כחלק בשוה . ומיד לאחר כלות חצי שנה מיום דלמטה אני מחויב להחזיר לר׳ פב״פ הנ״ל את הקרן וגם חצי ריוח שלו . ואין לי נאמנות לומר הפסדתי אלא ע״פ שני עדים כשרים . ועל הריוח אין אני נאמן רק בשבועה . אכן תנאי היה בינינו . שאם ארצה ליתן לו בעד חלק ריוח שלו עשרה רו״כ אזי אין לו עלי שום שבועה . כי המותר שייך לי לבד אפילו אם יבורר שיהא לי הרבה ריוח . וכל דין תורת נאמנות לבעל השטר אף לאחר זמן פרעון . וכל זמן שלא אהזיר את המעות הנ״ל הם בידי בתורת עסקא באופן הנ״ל . וקבלתי שכר עמלי מפב״פ הנ״ל :

ח׳ תשרי תר״ל לפ״ק

אויף דעם שרייבט זיך אונטער דער וואס נעמט דאש געלט . און אז עס איז מיגליך עס זאלין זיך אויך צוויא עדות אונטער שרייבין איז געווים גוט :

**כז** ווען מען קויפט ביי איינעם איין סחורה ער זאל זיא אים שפעטער צוא שטעלין און מען צאלט אים איצונד דאש געלט אויש . מוז מען אויך מאכין איין היתר עסקא און יענעם געבין עפעם געלט אדער איין אנדער זאך פאר זיין מיא . און יענער מוז אין אמת האבין דיא ברירה ענטווידער ער זאל באווייזין מיט עדות אז ער האט אנגיווארין פון דעם קרן און זאל שווערין אויף דעם רווח און זאל אים ניט געבין דיא סחורה נאר ער זאל אים אפ געבין דאש געלט און דיא העלפט רווח . אדער ער זאל אים געבין דיא סחורה אזוי וויא זייא האבין צווישין זיך גימאכט :

דער היתר עיסקא אויף דעם שרייבט מען אזוי :

**מודה** אני ח״מ שקבלתי מאת פב״פ סך . . . רובל כסף להתעסק במעות זה בסחורה פלונית עד ר״ח ניסן הבע״ל . והריוח שיהיה מן המעות הזה אחר נכיון כל ההוצאות יהיה מחצה שלי ומחצה שלו וכן ח״ו ההפסד יהיה חלק כחלק . ומיד בר״ח ניסן הבע״ל אני מחויב להחזיר לפב״פ הנ״ל את הקרן עם חלק ריוח שלו ולא אהיה נאמן לומר הפסדתי כי אם בבירור ע״פ שני עדים כשרים . ועל הריוח

הריוח לא אהיה נאמן כי אם בשבועה׳ אך זאת הותנה בינינו שאם ארצה בראש חודש ניסן הבע״ל ליתן לפב״פ הנ״ל בעד הקרן וגם בעד חלק שלו סך סחורה כך וכך הברידה בידי ולא יהיה לו עוד שום תביעה יותר · וכל דין תורת נאמנות לבעל השטר אף לאחר זמן הפרעון · ושכר עמלי קבלתי מפב״פ הנ״ל :

ח׳ תשרי תר״ל לפ״ק

**אויף דעם שרייבט זיך אונטער דער וואס פאר קויפט דיא סחורה · אונ דער וואס גיט דאש געלט נעמט צוא זיך דעם היתר עסקא :**

## יא דיני ממונות ובו כ״ז סעיפים

## דינים פון געלט זאכין :

א דער מענטש מוז זעהען זיך וויא ווייט מיגליך אפ צוא היטין ער זאל זיך ניט לאדין אונ אז ער האט מיט איינעם איין שטרייט וועגין געלט · זאל ער זעהען וויא ווייט מיגליך זיך מיט יענעם צו פאר גלייכין זיך · נאר אויסער ווען יענער וויל זיך ניט אויף קיין פאל פאר גלייכין זאל ער מיט אים גיין צום רב דאש דער רב זאל זייא פאר גלייכין · וויל אבער יענער ניט גיין צום רב אדער ער וויל ניט האלטין דעם פסק · מעג ער אים לאדין בייא דעם גיריכט :

ב מען טאר קיין מאל קיין ליגין ניט טענן אפילו ווען דער ליגין איז פון דעם אמת וועגין׳ למשל ער ווייס בייא זיך אז ער איז גירעכט אבער ווען ער וועט טענן דעם אמת וועט ער בייא דעם דין פאר שפילין · טאר ער זיך ניט מתיר זיין צוא זאגין איין ליגין כדי ער זאל גיווינען :

ג מען מוז זיך שטארק אפ היטין פאר איין שבועה · אפילו אמת צוא שווערין איז ניט רעכט אונ מען מוז זעהען אלע מיגליכע מיטלען ניט צו שווערין · נאר סיידין ווען מען האט שוין גאר קיין ברירה ניט · זאל מען שווערין · אבער מען מוז זיך גוט בארעכענען אויב עש איז אין דער שבועה ניט דיא מינסטע פאלשקייט ווארום דיא עבירה פון א פאלשע שבועה איז הארבער פון אלע עבירות אנדערע · ווען איין מענטש זינדיגט שטראפט נאר דער אויבערשטער אים אליין אבער פאר איין שבועה שטראפט ער אים אויך זיין ווייב אונ קינדער אונ זיין גאנצע משפחה אויך דיא גאנצע וועלט האט פיל צוא ליידין דורך איין פאלשע שבועה · עש גישעהן דער דורך חס ושלום שריפות אונ אנדערע אום גליקין :

ד ווען ער זעהעט אז יענער וויל פאלש שווערין · מוז ער זיך מיט אים פאר גלייכין אדער גאר אין גאנצין שיינקען כדי ער זאל ניט שווערין · ווארום אזוא וויא מען טאר אליין ניט פאלש שווערין · אזוא טאר מען אויך ניט יענעם ברייגגען צוא איין פאלשע שבועה :

ה ווען מען ווייס יענעם עדות צוא זאגין וואש עש זאל יענעם נוצין · מוז מען עדות זאגין · מען טאר אבער קיין עדות ניט זיין אויף איין זאך וואש מען האט אליין גיזעהען אדער גיהערט · אדער ניט אויף איין זאך וואש מען האט גיהערט

פון

פוּן אַיין אַנְדֶערִין · יֶענֶער מֶעג אֲפִילוּ זַיין דֶער גְרֶעסְטֶער עֶרְלִיכֶער מַאן :

ו אַז מֶען טָאר נִיט פַּאלְשׁ עֵדוּת זָאגִין ; דָאשׁ ווייס דָאךְ יֶעדֶער · מֶען טָאר אָבֶער אֲפִילוּ נִיט יֶענֶעם שְׁרֶעקִין אַז מֶען וִויל פַּאלְשׁ עֵדוּת זָאגִין · לְמָשָׁל עֶשׁ הָאט אַיינֶער נָאר אַיין אַיינְצִיגִין עֵדוּת · טָאר נִיט אַיין אַנְדֶערֶער גֵיין צוּא זַאמֶען מִיט דֶעם עֵדוּת צוּם רַב · כְּדֵי דֶער וָואשׁ מֶען לָאדְט אִים זָאל מֵיינֶען אַז עֶר וִויל אוֹיךְ עֵדוּת זָאגִין מִילָא וֶועלִין דָאךְ שׁוֹין זַיין צְווייא עֵדוּת אִיבֶּער דֶעם וֶועט עֶר בַּאקֶענֶען אַז עֶר אִיז שׁוּלְדִיג · דָאשׁ טָאר מֶען נִיט אוּנ עֶשׁ אִיז אַיין עֲבֵירָה :

ז מֶען טָאר קֵיינֶעם נִיט לַייעֶן גֶעלְט וֶוען קֵיינֶער זֶעהְט נִיט אוֹיסֶער וֶוען מֶען נֶעמְט בַּייא אִים דְרִיבֶּער אַיין וֶועקְסִיל אָדֶער־אַיין אַנְדֶערֶע שְׁרִיפְט אָדֶער וֶוען עֶר לַייעֶט אִים אוֹיף אַיין מַשְׁכּוֹן · אָבֶער אַז מֶען נֶעמְט קֵיין וֶועקְסִיל אוּנ קֵיין שְׁרִיפְט · מוּז זַיין דַיינִיגְסְטִינְס זַיין צְווייא עֵדוּת דֶער בַּייא · אֲפִילוּ וֶוען יֶענֶער אִיז אַיין תַּלְמִיד חָכָם אוּנ דֶער גְרֶעסְטֶער עֶרְלִיכֶער אִיד טָאר מֶען אִים אַלְץ נִיט לַייעֶן אָן עֵדוּת :

ח מֶען טָאר בַּייא זִיךְ נִיט הַאלְטִין אַיין גִיצָאלְטִין וֶועקְסִיל · וָוארוּם דָאשׁ אִיז אַגְרוֹיסֶע עֲבֵירָה :

ט וֶוען מֶען לַייעֶט אַיינֶעם אוֹיף אַיין מַשְׁכּוֹן · טָאר מֶען דָאשׁ מַשְׁכּוֹן נִיט נִיצִין · וָוארוּם אַז מֶען נִיצְט עֶשׁ יוֹא אִיז דָאשׁ אַקוּרַאט וִויא רֶוָוחִים אוּנ אַז מֶען הָאט גִילַייעֶן אַיין גִימֵיינֶעם מַאן אוֹיף אַיין זַאךְ וָואשׁ מֶען צָאלְט גַאנְץ גוּט פַאר דֶעם נִיצִין אוּנ עֶשׁ נִיצְט זִיךְ גָא־ וֵויינִיג אָפּ · מֶעג עֶר עֶשׁ גֶעבִּין אַיין אַנְדֶערִין צוּם נִיצִין אוּנ דָאשׁ גֶעלְט וָואשׁ מֶען צָאלְט דֶער פַאר זָאל עֶר זִיךְ אָפּ רֶעכֶענֶען פוּן דֶעם חוֹב · עֶר בַּארְף זִיךְ אֲפִילוּ בַּייא יֶענֶעם נִיט אָן פְרֶעגִין · אוֹיבּ עֶר זָאל עֶשׁ פַאר דִינְגֶען צוּם נִיצִין · וָוארוּם מִן הַסְתָם אִיז עֶשׁ אִים רֶעכְט :

י דָאשׁ מַשְׁכּוֹן וָואשׁ מֶען נֶעמְט פַאר אַיין חוֹב · מוּז מֶען שְׁטַארְק הִיטִין מֶען טָאר עֶשׁ נִיט גֶעבִּין אַיין אַנְדֶערִין צוּא בַּאהַאלְטִין אוּנ מֶען טָאר עֶשׁ נִיט פַאר זֶעצִין בַּייא אַיין אַנְדֶערִין בִּיז מֶען פְרֶעגְט זִיךְ אָן בַּייא דֶעם וָואשׁ דָאשׁ מַשְׁכּוֹן אִיז זַיינֶע :

יא וֶוען מֶען לַייעֶט אַיינֶעם אוֹיף אַיין מַשְׁכּוֹן אוּנ בַּאדִינְגְט זִיךְ מִיט אִים אַז וֶוען עֶר וֶועט נִיט בַּאצָאלִין צוּם טֶערְמִין זָאל דָאשׁ מַשְׁכּוֹן פַאר פַאלִין זַיין · מוּז עֶר עֶשׁ אוֹישׁ דְרִיקְלִיךְ זָאגִין בִּשְׁעַת עֶר לַייעֶט אִים · וֶוען דוּא וֶועסְט דָאשׁ מַשְׁכּוֹן נִיט אוֹישׁ לֵייזִין צוּא דֶער צַייט אִיז עֶשׁ שׁוֹין מִיר פַאר קוֹיפְט פוּן אִיצוּנְד אָן :

יב עֶשׁ אִיז זַייעֶר רֶעכְט מֶען זָאל זִיךְ הִיטִין פַאר קֵיינֶעם קֵיין עָרֵב נִיט צוּא זַיין :

יג מֶען טָאר נִיט הֲנָאָה הָאבִּין פוּן אַיין פְרֶעמְדִינְס זַאךְ אַיידֶער מֶען פְרֶעגְט זִיךְ בַּייא יֶענֶעם אָן · אוּנ אֲפִילוּ יֶענֶער אִיז זַיין גוּטֶער פְרַיינְד אוּנ עֶר ווייש אַז עֶשׁ וֶועט יֶענֶעם גִיוִויס רֶעכְט זַיין · טָאר מֶען דָאךְ נִיט :

יד וֶוען מֶען גִיט אַיינֶעם עֶפֶּעס צוּא בַּאהַאלְטִין · טָאר עֶר עֶשׁ נִיט נִיצִין אֲפִילוּ אַז עֶשׁ נִיצְט זִיךְ דֶער מִיט גָאר נִיט אָפּ · אוּנ עֶר מוּז עֶשׁ הִיטִין מֶער וִויא זַיינֶע אַייגֶענֶע זַאכִין · אָבֶער אַז מֶען הָאט אִים גִיגֶעבִּין גֶעלְט צוּא בַּאהַאלְטִין מֶעג עֶר דֶער מִיט מַאכִין גִישֶׁעפְטִין אוֹיסֶער וֶוען יֶענֶער הָאט אִים אוֹישׁ דְרִיקְלִיךְ גִיזָאגְט אַז עֶר וִויל

עש

עס זאל בלייבן ליגן אקוראט וויא ער האט עס אים גיגעבין אדער ער האט עס אזוא פאר בונדין אז עס איז צוא פאר שטיין אז ער וויל עס זאל ניט גינוצט ווערין :

טו אז מען גיט אים איין זאך אדער געלט צוא באהאלטין · טאר ער עס ניט ווידער געבין איין אנדערין צוא באהאלטין · דער אנדערער מעג אפילו זיין דער גרעסטער ערליכער מאן · אויסער ווען ער ווייס אז יענער גיט אליין אויך דעם דאזיגן מאנכם מאל אזעלכע זאכין צוא באהאלטין :

טז ווען מען אנטלייט בייא איינעם עפעס אדער מען דינגט עס בייא אים פאר געלט · טאר מען עס ניט לייען אדער פאר דינגען איין אנדערין אויסער ווען דער וואס דיא זאך איז זיינע זאגט אים אז עס איז אים רעכט · אפילו איין ספר וואס עס איז דאך איין מצוה אז מען לאזט אנדערע מענטשין לערנען פון זייא טאר מען עס ניט לייען סיידין מיט דעם ווילין פון דעם וואס דאס איז זיינע · אבער בייא זיך אין דער היים מעג מען לאזין איין פרעמדין לערנען אין איין גילייענעם ספר · אבער נאר אז יענער זאל אליין לערנען דרינען · ניט צווייא צו זאמען · ווארום דאס ספר קאן צוא ריסין ווערין :

יז אז מען דינגט איינעם צוא דער ארבעט אדער מען דינגט איין בהמה אדער איין כלי · איז איין גרוישע מצוה צו צאלין דעם לוין צוא דער צייט · צאלט מען אבער ניט פונקט צו דער צייט טוט מען איין גרוישע עבירה · אונ דער דין איז אזוא · ענדיגט זיך דיא ארבעט בייא טאג איז צייט צוא צאלין דעם גאנצין טאג · אונ וויא באלד עס ווערט נאכט אונ ער האט ניט באצאלט האט ער שוין גיטאן איין עבירה · ענדיגט זיך דיא ארבעט בייא דער נאכט איז צייט צו צאלין דיא גאנצע נאכט · איז אבער די נאכט שוין אוועק גיגאנגען אונ ער האט נאך ניט באצאלט האט ער איין עבירה גיטאן · דאס אייגענע איז אויך ווען דיא ארבעט איז אויף איין וואך אדר אחודש אדר אויף איאר · תמיד אז דיא ארבעט ענדיגט זיך בייא טאג איז צייט דער גאנצר טאג · ענדיגט זיך צום לעצט בייא נאכט איז צייט דיא גאנצע נאכט אונ ניט מער :

יח דאס אייגענע איז אויך אז מען לאזט זיך עפעס מאכין בייא איין בעל מלאכה מוז מען אויך צאלין תיכף וויא ער ברייגנט עס אפי האט ער עס אפ גיבראכט בייא טאג · מוז מען אים צאלין אין דעם נעמליכין טאג · האט ער עס אפ גיבראכט בייא דער נאכט · האט מען נאר צייט צוא צאלין דיא גאנצע נאכט · אבער אזוא לאנג וואס דיא זאך איז נאך בייא דעם בעל מלאכה אפילו ער האט זיא שוין פארטיג גימאכט מעג זיא נאך אלץ ליגן בייא אים עטליכע טעג אונ מען טוט ניט קיין עבירה אז מען צאלט אים ניט · אפילו אז דער בעל מלאכה זאגט אים גיב מיר געלט אונ נעם דיר אפ דיא זאך · איז אלץ קיין עבירה ניט אז מען צאלט אים ניט :

יט מיט דעם דין איז מען אנדערש ניט שולדיג צוא צאלין דעם גידונגענעם ארבעטר נאר אז ער מאנט דיא געלט אונ מען האט עס · אבער אז ער מאנט אים ניט · אדער אפילו ווען ער מאנט אים אונ ער האט אבער איצונד קיין געלט ניט · טוט

מען

מען ניט קיין עבירה ווען מען צאלט אים ניט · אבער דער יושר איז צוא צאלין פונקט צוא דער צייט אפילו ווען יענער מאנט אים ניט אונ אפילו אז מען האט ניט מוז מען לייען אונ צאלין · ווארום דער ארבעטער לעבט דאך נאר פון דעם וואש ער ארבעט :

כ ווער עש איז זיך נוהג אז ער צאלט ניט זיינע ארבעטער ביז נאך דעם רעכענונג · אפילו ווען זייא פאר לאנגען פון אים אין מיטין דער ארבעט נאר עטליכע קאפיקעס וואש עש קומט זייא שוין גיווים אזוא פיל · אונ ער גיט זייא ניט · זינדיגט ער דער מיט ניט · ווארום ווייל זייא ווייסין שוין זיין שטייגער · זייגען זייא מן הסתם דרויף איין גיגאנגען ער זאל זייא צאלין ערשט ביז נאך דעם רעכענונג · אבער פון דעסט וועגין איז דער יושר ער זאל זייא אין מיטין אויך געבין ווען זייא דארפין :

כא ווען דער ארבעטער האט פאר דארבין דיא ארבעט · אדער דער בעל מלאכה האט פאר דארבין דיא זאך וואש מען האט אים גיגעבין צוא מאכין · אפילו ווען דער שאדין איז ניט גישעהען דורך איין אומגליק · נאר ווען ער וואלט גוט אכטונג גיגעבין אונ גיטאן וויא מען דארף · וואלט דער שאדין ניט גישעהען · איז רעכט מען זאל אים שיינקען דעם שאדין אונ ניט פאר לאנגען פון אים ער זאל דער פאר באצאלין · אונ אז ער איז איין ארומאן איז דער יושר מען זאל אים אויך צאלין פאר דער ארבעט :

כב אזוא וויא אונזער הייליגע תורה האט אן גיזאגט מען זאל רחמנות האבין אויף דעם ארבעטער אונ אים צאלין זיין לוין צוא דער צייט · אזוא מוז ווידער יענער ארבעטין ערליך אונ זעהען ער זאל דאש געלט ערליך פארדינען · ער מוז ארבעטין מיט אלע קרעפטין אונ טאן וויא ווייט ער קאן אפילו ווען ער פלעגט תמיד מער צוא נעמען פאר דער ארבעט אונ איצונד צאלט מען אים פיל ווייניגער וויא תמיד טאר ער זיך ניט איין ריידין אז ער מעג שוין אביסיל פאלשין ביי דער ארבעט ווייל ער נעמט ווייניגער דאש איז א גרוישע עבירה · ווארום אז ער האט זיך באדונגען צוא ארבעטין · מעג עש זיין אפילו פאר דיא העלפט וויא עש איז ווערט אדער נאך ווייניגער · מוז ער שוין טאן אקוראט וויא מען דארף · אויך טאר דער ארבעטער ניט ארבעטין ביי דער נאכט אונ זיך ווידער פאר דינגען צוא ארבעטין ביי טאג · ווארום ער וועט דאך ניט קענען גוט ארבעטין ווייל ער איז אפ גישלאפט פון דער נאכט · טוט ער דאך יענעם איין אומרעכט · אויך מוז דער ארבעטער זעהען ער זאל כח האבין צוא ארבעטין · איבער דעם טאר ער זיך ניט פייניגין אונ פאסטין דענמאלט ווען עש איז קיין תענית ניט · אויך טאר מען ניט ארבעטין מיט דער בהמה אגאנצע נאכט אונ איר ווידער אין דער פריא אייגעם פאר דינגען אויף דעם טאג · ווארום זיא וועט דאך שלאף ארבעטין · אונ מען נעמט ביי יענעם געלט אום זיסט :

כג דער אייגענער דין איז אויך ביי איין מלמד · ער מוז דעם בעל הבית זייער גיטרייא זיין · ער טאר ניט צוא לאנג אויף זיין ביי נאכט · ווארום ער וועט

דורך

דורך דעם בייא טאג פֿויל זיין בייא דעם לערנען · ער טאר בייא טאג ניט צוא פֿיל עסין אונ טרינקן · ווארום דאש ברייננט צום שלאף אונ פֿוילקייט · ער טאר אויך ניט טאן עפעס אנדערש בייא דעם לערנען מיט דיא קינדער :

כד אז מען טאר ניט גנבנן דאש ווייס דאך יעדער · עש זיינען אבער דא אזעלכע גנבות וואש מען קאן מיינען אז מען מעג זייא טאן אונ מען טאר דאך ניט · למשל מען מאכט זיך אנילעכטער אונ מען גנבט בייא אייניעם עפעס כדי ער זאל אביסיל עגמת נפש האבין · ער וויל יענעם ווייזין אקונץ אז ער האט בייא אים ארויש גינומען דיא פאטשיילע אונ ער האט גאר ניט גיזעהען · אונ דאש גלייבין · דאש טאר מען אויך ניט :

כה מען טאר ניט גילוסטין אפרעמדע זאך · דאש הייסט אז יענער האט איין זאך וואש ער וויל איר גאר ניט פאר קויפֿין · אונ ער שטעלט אן מענטשין זייא זאלין אים צוא ריידין ער זאל אים פאר קויפֿין אדער ער אליין בעט אים אז א לאנג ביז ער מוז אים פאר קויפֿין דאש איז איין גרוישע עבירה אונ וויא באלד ער האט נאר לוסט צוא דער פֿרעמדע זאך אונ טראכט ער זאל זיא קויפֿין חאטשע יענער וויל גאר ניט · טוט ער שוין איין עבירה · אונ ווען ער קויפֿט זיא דער נאך · האט ער אויף זיך צוועייא עבירות · אייגינטליך טאר מען גאר ניט אן הויבין צוא גילוסטין אפֿרעמדע זאך · ווארום וויא באלד מען גילוסט דער צוא פֿאר לאזט מען זיך שוין דרויף אונ מען רועט ניט ביז מען באקומט עש · דער אבן עזרא פֿרעגט וויא אזוא קאן מען פֿאר זאגין אז מען זאל ניט גילוסטין · דאש איז דאך ניט בייא דעם מענטשין אין דער האנט דאש גילוסטין קומט דאך פֿון זיך אליין · מען זעהעט איין זאך וואש זיא גיפֿעלט אים אונ דאש הארץ באקומט חשק דער צוא · נוא וואש קאן דער מענטש טאן · אקוראט וויא מען קאן ניט זאגין דוא זאלסט אין איין תענית ניט הונגעריג ווערין · ווארום דער הונגער קומט דאך פֿון זיך אליין · ער ענטפֿערט אבער דרויף זייער קלוג · לאמיר זעהען אויב עש וועט נאר איין פויער איינפֿאלין חשק צוא באקומען צום שרארעם טאכטער · אדער איין ארומאן וועט נאר אנפאנגען לוסט צוא האבין צום אדימענטענעם פֿינגעריל אדער צוא איין שיינעם פאלעץ עש וועט אים טאקע גיפֿעלין אבער גילוסטין וועט ער ניט דער צוא · ווארום ער ווייש דאך אז עש איז גאר ניט מיגליך ער זאל קומען דער צוא · אזוא דארף דער איד זיין קענין אלע זאכין וואש זיינען ניט זיינע · ער מוז בייא זיך תמיד וויסין אז פֿרעמדע טאר מען ניט אן רירין אונ וויא באלד אז ער האט דאש בייא זיך שטענדיג אין זינען · קאן אים גאר קיין מאל ניט אן נעמען קיין לוסט צוא האבין פֿרעמדעס :

כו מען טאר ניט נעמען איין משכון מיט גיוואלד בייא איינעם וואש איז אים שולדיג געלט · ווארום ווען מען טוט עש יוא איז מען איין פראסטער גזלן אונ דיא עבירה איז זייער גרויש :

כז מען טאר ניט אפ קויפֿין אפילו בייא איין נכרי איין גניבה אדער איין זאך וואש ער האט גינגזלט · אונ בייא איינעם וואש מען ווייש אז ער איז איין גנב אדער

איין

איין גזלן · אונ האט קיין אנדערע פרנסה ניט · ביא אימ טאר מען אפילו קיין צדקה ניט נעמען · אונ אפילו ווען עש דאכט זיך נאר אז עש איז איין גנבה טאר מען עש שוין ניט קויפין · למשל איינער וואש ארבעט אין גארטין ברייננט פירות צוא פאר קויפין אדער איינער ברייננט עפעס צוא פאר קויפין אונ מען זעהעט אז ער היט זיך קיינער זאל ניט זעהען · טאר מען עש שוין ניט קויפין · מען טאר אפילו ניט קויפין ביא איין מאן דעם ווייבס צירונג אדער קליידער · ווען עש קאן נאר מיגליך זיין אז זיא וויים ניט דער פון · אונ ווידער טאר מען ביא דער ווייב ניט קויפין זאכין וואש עש איז מיגליך אז דער מאן וויים ניט דער פון

## יב הלכות מילה · ובו י״ח סעיפים

### דינים פון מילה :

א דער עיקר מצוה איז אז דער פאטער אליין זאל מל זיין דאש קינד · איבער דעם ווען דער פאטער איז אמוהל זאל ער ניט מכבד זיין אנאנדערין מיט מוהל שאפט ביא זיין קינד · נאר ער זאל אליין מל זיין :

ב דיא צייט פון מילה איז נאר ביא טאג אונ ניט ביא נאכט · אונ איינענטליך איז דיא צייט דעם גאנצין אכטין טאג ביז פאר נאכט · אבער מער מצוה איז צו מאכין דיא מילה אין דער פריא :

ג מען טאר ניט אפ לייגין דיא מילה אויף נאך דעם אכטין טאג · ווארום אז מען פאר לייגערט דיא מילה נאך דעם אכטין טאג איז דער פאטער עובר אויף איין מצות עשה · אפילו דער אכטער טאג גיפאלט אום שבת · אדער יום כפור · מוז מען דענסמאלט מאכין דיא מילה :

ד ווען דאש קינד איז קראנק טאר מען עש ניט מל זיין · נאר ווען ער ווערט גיזונט ציילט מען ווייטער אפ זיבין מאל פיר אונ צוואנציג שעה דער נאך איז מען אים מל · אבער ווען ער איז ניט קראנק נאר איין אבר טוט אים וויא · למשל דיא אויגין טוען אים אביסיל וויא · מוז מען אויךווארטין מיט דער מילה ביז ער ווערט גיזונט · אבער וויא באלד ער איז שוין גיזונט מוז מען אים תיכף מל זיין · אבער ווען ער ווערט גיזונט אום שבת · אדער ווען דער אכטער מעת לעת איז אום שבת טאר מען שבת ניט מאכין דיא מילה · נאר מען לייגט איר אפ אויף זונטיג · דאש מוז מען אבער וויסין אז ביא אזעלכע זאכין טאר מען אויף זיך ניט שטעלין נאר מען מוז פרעגין איין שאלה אדער דעם מוהל ווען ער איז איין למדן · אויב מען זאל דיא מילה ניט מאכין דעם אכטין טאג :

ה ווען דאש קינד איז גיבארין גיווארין פאר נאכט צווישין טאג אונ נאכט מוז מען גיין איין שאלה פרעגין ווען דיא מילה זאל זיין :

ו סייא דער פאטער אליין איז דער מוהל אדער אנאנדערער איז דער מוהל זאגט ער אליין דיא ברכה על המילה פאר דעם מל זיין · נאר אז דער פאטער אליין איז

אמוהל

אַמוֹהֵל זָאגְט עֶר תֵּיכֶף דִיא בְּרָכָה לְהַכְנִיסוֹ בִּבְרִיתוֹ שֶׁל אַבְרָהָם אָבִינוּ · אוּנ דֶער נָאךְ אִיז עֶר מַל · אָבֶּער אַז אַפְרֶעמְדֶער אִיז דֶער מוֹהֵל · זָאגְט דֶער פָאטֶער דִיא בְּרָכָה לְהַכְנִיסוֹ בִּבְרִיתוֹ עֶרְשְׁט נָאךְ דֶעם אָפּ שְׁנַיידִין פַאר דֶער פְּרִיעָה · אוּנ אַז דֶער פָאטֶער אִיז נִיטָא זָאגְט דֶר וָואשׂ אִיז מִיט כִּסֵא שֶׁל אֵלִיָּהוּ (סנדק) דִי בְּרָכָה לְהַכְנִיסוֹ בִּבְרִיתוֹ :

ז אַיינֶער וָואשׂ עֶר הָאט נָאךְ קֵיין מָאל נִיט מַל גְיוֶועזִין · טָאר נִיט דָאשׂ עֶרְשְׁטֶע מָאל מַל זַיין אוּם שַׁבָּת :

ח וֶוען אַמוּמָר הָאט אַיין אִידֶעשֶׁע וַוייבּ · אוּנ זִיא הָאט גִיהַאט אַיין אִינְגִיל אִיז מֶען אִים מַל אֲפִילוּ וֶוען דִיא מִילָה קוּמְט אוֹישׂ אוּם שַׁבָּת · אָבֶּער אַז זִיא אִיז אוֹיךְ אַמוּמֶרֶת · אוּנ זַייא ווילִין דָאשׂ קִינְד לָאזִין מַל זַיין · טָאר מֶען עֶשׂ נִיט מַל זַיין אוּם שַׁבָּת :

ט אַמְמְזֵר אִיז מֶען מַל אֲפִילוּ אוּם שַׁבָּת · אָבֶּער דֶער עוֹלָם זָאגְט נִיט כְּשֵׁם שֶׁנִּכְנַס לַבְּרִית · אוּנ דֶער מוֹהֵל זָאגְט נָאר בִּיז כּוֹרֵת הַבְּרִית · אוּנ דֶעם אֱלֹהֵינוּ וֵאלֹהֵי אֲבוֹתֵינוּ קַיֵּם אֶת הַיֶּלֶד זָאגְט עֶר נִיט :

י אִין דִיא פִיר תַּעֲנִיתִים גִיט מֶען קְלֵיינֶע קִינְדֶר צוּא טְרִינְקֶן דֶעם כּוֹס פוּן דֶער מִילָה · אָבֶּער יוֹם כִּפּוּר טָאר מֶען נִיט גֶעבִּין דִיא קִינְדֶער צוּא טְרִינְקֶען · נָאר מֶען גִיט צוּא טְרִינְקֶען דֶעם קִינְד וָואשׂ מֶען אִיז מַל ·

יא אַז עֶשׂ זַיינֶען דָא צְוֵוייא קִינְדֶער מַל צוּא זַיין אֲפִילוּ אַיין צְווִילִינְג בְּרֵיינְגְט מֶען נִיט בֵּיידֶע אוֹיף אֵיין מָאל אִין שׁוּל אַרַיין · נָאר פְרִיעֶר בְּרֵיינְגְט מֶען אַיינֶעם אוּנ מֶען אִיז אִים מַל אוּנ מֶען מַאכְט דִיא בְּרָכוֹת דֶער נָאךְ בְּרֵיינְגְט מֶען דֶעם אַנְדֶערִין אוּנ מֶען מַאכְט ווידֶער דִיא בְּרָכוֹת :

יב עָלֵינוּ זָאגְט מֶען עֶרְשְׁט נָאךְ דֶער מִילָה · אוּנ מֶען טוּט נִיט אָפּ דִיא תְּפִילִין בִּיז נָאךְ דֶער מִילָה :

יג אַייגִינְטְלִיךְ מוּזִין בַּייא דֶער מִילָה זַיין אַמִנְיָן מֶענְטְשִׁין · דָאשׂ הֵייסְט צֶעהֶען גְרוֹיסֶע מֶענְטְשִׁין · אָבֶּער אַז עֶשׂ אִיז נִיט מִיגְלִיךְ צוּא הָאבִּין צֶעהֶען אִידִין · מֶעג מֶען מַאכִין דִיא מִילָה מִיט ווֵיינִיגֶער פוּן אַ מִנְיָן ·

יד וֶוען עֶשׂ אִיז אַ מִילָה אִין אַ תַּעֲנִית צִבּוּר · זָאגְט מֶען סְלִיחוֹת אוּן ווִידוּי בִּיז (אל רחום שמך) אָבֶּער מֶען זָאגְט נִיט קֵיין וְהוּא רַחוּם אוּן מֶען פַאלְט נִיט קֵיין תַּחֲנוּן נָאר מֶען זָאגְט אֵל אֶרֶךְ אַפַּיִם אוּן לַמְנַצֵּחַ אוּן אוֹיךְ זָאגְט מֶען נִיט דִיא יְהִי רָצוֹנִס נָאךְ דֶעם לֵייעֶנֶען :

טו הָאטְשֶׁע דֶער מִנְהָג אִיז דָאךְ אַז מֶען גֵייט תִּשְׁעָה בְּאָב אִין דֶער פְרִיא נִיט אִין טַלִּית · מֶעגִין פָארְט דִיא בַּעֲלֵי כִּבּוּדִים גֵיין אִין טַלִּיתִים וֶוען זַייא ווילִין :

טז וֶוען דֶער פָאטֶער אִיז נִיט אַלֵיין דֶער מוֹהֵל אִיז זַייעֶר רֶעכְט צוּא נֶעמֶען אַיין מוֹהֵל אַ פְרוּמֶען אִידִין · אוּן אַז מֶען הָאט שׁוֹין אַיין מוֹהֵל מְכַבֵּד גְיוֶועזִין · טָאר מֶען נִיט נֶעמֶען אַן אַנְדֶערִין · אוֹיךְ אִיז דֶער מִנְהָג אַז מֶען אִיז נִיט מְכַבֵּד מִיט סַנְדְקָאוֹת אַיינֶעם וָואשׂ עֶר אִיז שׁוֹין אַ מָאל גְיוֶועזִין בַּייא אִים בַּייא אַן אַנְדֶירִר קִינְד מִיט סַנְדְקָאוֹת :

יז וֶוען דִיא מִילָה אִיז · שְׁטֵייט דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם · נָאר דֶער וָואשׂ אִיז מִיט סַנְדְקָאוֹת זִיצְט :

יח עס איז זייער רעכט צוא מאכין איין ארינטליכע סעודה. ניט ווי מאנכע מאכין איין סעודת ברית נאר מיט קאווע אונ צוקער געבעקס אליין:

## יג הלכות פדיון הבן. ובו י"ב סעיפים:

## דינים פון פדיון הבן:

א עס איז איין מצוה אין דער תורה אז יעדער איד וואס איז ניט קיין כהן אונ קיין לוי זאל אויס לייזין זיין זון וואס איז איין בכור פון דער מוטער. ער מעג שוין אפילו האבין פיל קינדער. ווען עס איז נאר ביי דער מוטער דיא ערשטע קינד מוז ער אויס לייזין אונ דאס הייסט פדיון הבן:

ב וויא דאס קינד איז שוין אלט דרייסיג טעג דאס הייסט אין דעם איין אונ דרייסיגסטין טאג מוז מען מאכין דעם פדיון הבן. אונ פאר יעדער טאג וואס עס גייט אוועק נאך דעם דרייסיגסטין טאג ווען ער לייזט ניט אויס טוט ער א גרויסע עבירה:

ג דאס אויס לייזונג געלט ווערט איצטער גירעכינט אויף פינף זילבערנע טאלער. (אונ נאך דיא דעה פון הגאון רבינו אליהו ז"ל איז דאס זעקס רובל זילבער):

ד מען מאכט איין סעודה אונ דאס ווערט גירעכינט פאר איין מצוה. אונ נאך דער ברכה פון המוציא לחם לייזט מען אויס דאס קינד:

ה דער פאטער נעמט דאס קינד אונ פינף טאלער אדער איין זאך וואס איז ווערט פינף טאלער אונ לייגט אנידער פאר דעם כהן אונ זאגט צוא אים. מיין ווייב (דא זאגט ער אים איר נאמען וויא זיא הייסט) וואס זיא איז איין ישראלית האט מיר דעם זון געבארין. ער איז ביי איר איין בכור. איצטער גיב איך אים דיר. דער כהן פרעגט דעם פאטער מאי בעית טפי. דאס הייסט וואס ווילסטו בעסר. אויב דאס קינד אדער דיא פינף טאלער וואס דוא דארפסט מיר דער פאר געבין וויא דיא תורה האט געהייסין. דער פאטער ענטפערט אים איך וויל ליבער דאס קינד. נעם דיר דיא פינף טאלער אויס לייז געלט וואס איך דארף דיר דער פאר געבין. אונ ער גיט דיא געלט דעם כהן. אייגינטליך זאגט דער פאטער אונ דער כהן דאס דאזיגע אויף לשון קודש אזוא וויא עס שטייט אין סידור. נאר מיר האבין עס דא גישטעלט אויף טייטש כדי מען זאל פאר שטיין וואס מען זאגט. אויך זאל מען וויסין אז איידער דער כהן ענטפערט דעם פאטער. מוז ער פרעגין דיא מוטער אויב זיא האט ניט שוין גיהאט איין קינד אדער אויב זיא האט ניט איין מאל מפיל גיוועזין. ווארום וויא באלד זיא האט שוין מפיל גיוועזין. הייסט דאס קינד ניט מער א בכור:

ו וויא דער פאטער האלט דיא געלט אין דער האנט צוא געבין דעם כהן זאגט ער דיא ברכות על פדיון הבן אונ שהחיינו. אונ וויא אין סידור שטייט. אונ גיט דיא געלט דעם כהן. דער כהן נעמט דיא געלט אין דער האנט אריין אונ לייגט עס אויף דעם קינדס קאפ אונ זאגט זה תחת זה. זה חלוף זה. זה מחול על זה. יכנס זה הבן לחיים. לתורה ויראת שמים. יהי רצון שכשם שנכנס לפדיון כן יכנס לתורה ולחופה ולמעשים טובים. אונ ער בענטשט דאס קינד מיט דעם פסוק

יברכך

יברכך וגו' אונ נאך אנדערע גוטע פסוקים · נאך דעם מאכט דער כהן אברכה איבער איין גלאז וויין אונ מען עסט אונ טרינקט :

ווען מען האט ניט קיין וויין צוא דער סעודה נאר איין אנדערע משקה מוז מען דעם פדיון הבן מאכן פאר דעם וואשן · ווארום נאך דעם פדיון מוז מען איין ברכה מאכן אונ דער דין איז דאך אז איבער אלע משקים חוץ וויין מאכט מען קיין ברכה ניט אין מיטן עסן :

ח אז מען וויל טאן דיא מצוה וויא זיא דארף צוא זיין · מוז מען נעמען איין ארימען כהן וואש איז פרום אונ איין למדן · אונ ער זאל זיך טאקע האלטן דיא געלט ניט אפ צוא געבן :

ט ווען דער איין אונ דרייסיגסטער טאג גיפאלט אום שבת אדער יום טוב מאכט מען ערשט אין אנדערן טאג · אז מען וויל מעג מען מאכן מוצאי שבת אדער מוצאי יום טוב אבער ליבער איז צוא מאכן מארגן ווארום דער מנהג איז ניט צוא מאכן איין פדיון הבן ביי נאכט · חול המועד מאכט מען איין פדיון הבן :

י איין בכור וואש דער פאטער האט אויף אים ניט גימאכט קיין פדיון הבן · מוז ער זיך אליין אויש לייזן ווען ער ווערט גרויש :

יא איין כהן אונ איין לוי וואש דיא ווייב גיווינט אים איין בכור · דארף מען קיין פדיון הבן ניט מאכן · אונ אויך איינע וואש איר פאטער איז איין כהן אדער איין לוי אפילו דער מאן איז איין ישראל · מאכט מען אויך ניט קיין פדיון הבן · אבער איין כהנס טאכטער וואש האט אקינד פון איין נכרי מוז מען שוין אויף אים מאכן איין פדיון הבן · האט אבער דיא טאכטער פון איין לוי אקינד פון אנכרי מאכט מען ניט קיין פדיון הבן :

יב אז איין ערשטלינג האט מפיל גיוועזין דער נאך האט זיא אקינד · מוז מען גיין איין שאלה פרעגן · ווארום ניט תמיד פטרת ד"ש מפיל זיין פון דעם פדיון הבן :

## יד הלכות בכור בהמה טהורה · ופטר חמור · ובו י"ז סעיפים

## דינים פון איין בכור פון אבהמה :

א ווען איין בהמה פון אייד גיווינט איין בכור דאש הייסט צום ערשטין מאל · איז דער בכור הייליג · אונ ער גיהערט צום כהן · מען זאל אים אבער ניט געבין דעם כהן קליינער הייט · נאר מען מוז אים האלטין ביז ער איז שוין דער וואקסין דאש הייסט איין שעפסעלע מוז ער עש ווייניגסטינס האלטין דרייסיג טעג אונ איין קעלביל פופציג טעג · אויך טאר מען עש ניט געבין בכיון דעם כהן אדער אים אונטער ווארפין כדי ער זאל זיך דער מיט פלאגין · נאר מען מוז אים פרעגין אויב ער וויל עש נעמען · זוויל ער עש ניט נעמען מוז מען עש האלטין ביי זיך · אונ אז דער כהן זעהעט אז יענער טוט אים להכעים אונ ברייננט עש אים בכיון חאטשע ער וויל עש ניט · מעג ער עש אים צוריק שטויסין אונ ניט אן נעמען :

ב דאש הייליקייט פון דעם בכור איז אז מען טאר מיט אים ניט ארבעטין אונ פון

אִים נִיט שֶׁערִין דִיא וָואל · אוּנ אֲפִילוּ עֶשׁ הָאט זִיךְ פוּן אִים אַלֵיין אוֹיש גִירִיסִין אַשְׁטִיק וָואל טָאר מֶען עֶשׁ נִיט נִיצִין אוּנ דֶער פוּן קֵיין הֲנָאָה נִיט הָאבִּין · אֲפִילוּ וֶוען דֶער בְּכוֹר הָאט שׁוֹין אַיין מוּם טָאר מֶען מִיט אִים נִיט אַרְבֶּעטִין אוּנ פוּן אִים קֵיין הֲנָאָה נִיט הָאבִּין כָּל זְמַן עֶר לֶעבּט :

ג מֶען מוּז דֶעם בְּכוֹר הַאלְטִין בִּיז עֶר בַּאקוּמְט אַיין מוּם · אוּנ וְוִיא בַּאלְד עֶר בַּקוּמְט אַיין מוּם מוּז מֶען גֵיין אַיין שְׁאֵלָה פְרֶעגִין אוֹיבּ דָאשׁ אִיז אַיין רֶעכְטֶער מוּם · אוּנ אַז מֶען פַּסְקֶנְתְ אִים אַז דָאשׁ הֵייסְט אַיין רֶעכְטֶער מוּם · מֶעג מֶען אִים שׁוֹין קוֹילִין אוּנ עֶסִין דִיא פְלֵייש וֶוען עֶר וֶוערְט כָּשֵׁר · מֶען טָאר דִיא פְלֵייש אָבֶּער נִיט פַאר קוֹיפִין אִין דֶער יַאטְקֶע אוּנ אוֹישׁ וֶועגִין אוֹיף דֶעם פוּנְט · נָאר מֶען מוּז אִין דֶער הֵיים פַאר נִיצִין · אוֹיךְ טָאר מֶען עֶשׁ נִיט פַאר קוֹיפִין אָדֶר שֵׁיינְקֶען צוּ אַיין נָכְרִי · פַאר דִיא הִינְט טָאר מֶען עֶשׁ אוֹיךְ נִיט וַוארְפִין · אִיז עֶר בַּייא דֶעם קוֹילִין טְרֵייף גִיוָוארִין מוּז עֶר אִים בַּאגְרָאבִּין וָוארוּם עֶר טָאר פוּן דֶעם פְלֵייש אוּנ דִיא פֶעל קֵיין הֲנָאָה נִיט הָאבִּין :

ד וְוִיא בַּאלְד דֶער בְּכוֹר בַּאקוּמְט אַיין מוּם · טָאר מֶען אִים שׁוֹין נִיט מֶער לַאנְג הַאלְטִין · הָאט עֶר בַּאקוּמֶען דֶעם מוּם אִין דֶעם עֶרְשְׁטִין יָאר · מֶעג עֶר אִים הַאלְטִין בִּיז עֶר אִיז אַלְט אַיין יָאר · בַּאקוּמְט עֶר דֶעם מוּם נָאךְ דֶעם יָאר זָאל עֶר אִים מֶער נִיט הַאלְטִין וְוִיא דְרַייסִיג טָאג :

ה מֶען טָאר דֶעם בְּכוֹר נִיט מַאכִין בְּכִוָּון אַיין מוּם אוֹיךְ טָאר מֶען נִיט הֵייסִין אַנָכְרִי עֶר זָאל אִים מַאכִין אַיין מוּם · אֲפִילוּ צוּא טָאן אַזַאךְ עֶר זָאל בַּאקוּמֶען אַיין מוּם · לְמָשָׁל צוּא לֵייגִין אַשְׁטִיק טֵייג אוֹיף דֶעם אוֹיעֶר כְּדֵי דֶער הוּנְט זָאל עֶש חַאפִּין אוּנ זָאל אִים דֶער וַוייל אָפּ רַייסִין דֶעם אוֹיעֶר דָאשׁ טָאר מֶען אוֹיךְ נִיט אָבֶּער פוּן דֶעסְט וֶועגִין מֶעג מֶען אִים גֶעבִּין צוּא אַיין נָכְרִי עֶר זָאל אִים אוֹישׁ הָאדֶעוֶוען אָדֶער עֶר זָאל אִים אוֹיף הִיטִין :

ו אַז מֶען זֶעהֶעט דִיא בְּהֵמָה וֶוערְט מְעוּבֶּרֶת צוּם עֶרְשְׁטִין מָאל · אִיז אַיין מִצְוָה מֶען זָאל אִיר פַאר קוֹיפִין צוּא אַיין נָכְרִי · אָדֶער מֶען פַאר קוֹיפְט אִים אַיין טֵייל פוּן דֶער בְּהֵמָה · וָוארוּם וְוִיא בַּאלְד דֶער נָכְרִי אִיז אַיין שׁוּתָּף צוּא דֶער בְּהֵמָה אוּנ זִיא גִיוְוינְט · אִיז עֶשׁ קֵיין בְּכוֹר נִיט מֶער אָבֶּער אַז עֶר פַאר קוֹיפְט דֶעם נָכְרִי דִיא קַאלְבּ אַלֵיין אֵיידֶער זִיא הָאט עֶשׁ נָאךְ הֶעלְפְט עֶשׁ נִיט · אוּנ אַז עֶר וִויל עֶשׁ יוֹא טָאן מוּז עֶר גֵיין אַיין שְׁאֵלָה פְרֶעגִין וֶועט מֶען אִים שׁוֹין לֶערְנֶען וְוִיא אַזוֹא צוּא טָאן :

ז וֶוען דֶער כֹּהֵן וַוייס אַז יֶענֶער הָאט גִיקָאנְט דִיא בְּהֵמָה פַאר קוֹיפִין צוּא אַיין נָכְרִי וֶוען זִיא אִיז נָאךְ גִיוֶועזִין מְעוּבֶּרֶת · אוּנ עֶר הָאט בְּכִוָּון נִיט פַאר קוֹיפְט כְּדֵי דֶער כֹּהֵן זָאל זִיךְ מוּזִין פְּלָאגִין מִיט דֶעם בְּכוֹר · דַארְף עֶר אִים נִיט צוּא נֶעמֶען · נָאר יֶענֶער מוּז אִים אַלֵיין הַאלְטִין בַּייא זִיךְ בִּיז עֶר בַּאקוּמְט אַיין מוּם דֶער נָאךְ קוּמְט עֶר דֶעם כֹּהֵן :

ח אַז דֶער כֹּהֵן הָאט צוּא גִינוּמֶען דֶעם בְּכוֹר מוּז עֶר אִים בַּייא זִיךְ הַאלְטִין בִּיז עֶר בַּאקוּמְט אַיין מוּם · עֶר מֶעג אִים אָבֶּער פַאר קוֹיפִין צוּא אַיין יִשְׂרָאֵל אֲפִילוּ וֶוען עֶר

האט

האט נאך ניט קיין מום · דער ישראל מוז אים אבער שטארק אפ היטין ביז ער באקומט איין מום :

ט דיא אלע דינים פון איין בכור איז נאר ווען דיא בהמה גיהערט אין גאנצין צום אידין · אבער וויא באלד איין נכרי האט נאר איין חלק אין איר · איז דער בכור שוין וויא איין אנדערע פראסטע בהמה :

י אויך ביא איין כהן אדער איין לוי אז עס ווערט גיבארין איין בכור איז דער אייגענער דין וויא ביא איין ישראל · נאר אז עס איז ביא איין כהן · דארף ער אים ניט אוועק געבין צוא איין אנדערין כהן נאר ער האלט אים ביא זיך ביז ער באקומט איין מום :

יא דיא אלע דינים פון איין בכור זיינען נאר ביא אזעלכע בהמות וואס מיר אידין מעגין זייא עסין · אבער ניט ביא איין פערד אדער ביא אנדערע בהמות וואס דער איד טאר ניט עסין · אבער דער בכור פון איין אייזיל האט אן זיך דעם דין וויא מיר וועלין דא שרייבין :

יב ווען איין אייזיל פון אאיד גיווינט איין בכור מוז ער אים אויס לייזין ביא דעם כהן מיט איין לעמעלע אדער איין שעפסעלע וואס ער גיט אים דער פאר · עס מעג זיין גרויס אדער קליין · גאנץ אדער מיט איין מום · איין זכר אדער אנקבה · עס מוז אבער זיין לעבעדיג אונ ניט גיקוילעט · אויך ניט קיין בן פקועה · דיא צייט פון דעם אויס לייזין איז אייגינטליך כל זמן ער לעבט · עס איז אבער איין מצוה מען זאל תיכף אויס לייזין וויא עס ווערט גיבארין · אונ וויא באלד ער לייזט עס אויס · איז עס שוין וויא איין פראסטער אייזיל אונ ער מעג דער מיט טאן וואס ער וויל · אונ דער כהן טוט זיך ווידער מיט דעם לעמעלע וואס ער וויל :

יג וויא באלד ער האט אפ גישייט איין לעמעלע פאר דעם פטר חמור · דאס הייסט פאר דעם אייזיל בכור · אפילו ער האט נאך ניט גיגעבין דעם כהן האט דאס אייזיל שוין אויף גיהערט צוא זיין איין בכור :

יד וויא ער לייזט אויס דעם בכור אדער וויא ער שטעלט נאר אוועק איין לעמעלע פאר דעם בכור ער זאל עס געבין דעם כהן · מאכט ער דיא ברכה ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו על פדיון פטר חמור :

טו ביז מען לייזט דעם בכור ניט אויס · טאר מען פון אים קיין הנאה ניט האבין · אונ אז ער פייגערט מוז ער אים באגראבין אונ טאר אפילו דיא פעל פון אים ניט באנוצין · אונ אז ער גיט אים דעם כהן טאר דער כהן אויך מיט אים ניט ניצין ער טוט זיך אבער איין עצה · ער לייזט אים אויס אויף איין לעמעלע אונ נעמט טאקע זיך דאס לעמעלע :

טז אז מען וויל ניט אויס לייזין דעם בכור פון איין אייזיל · האקט מען איבער אים דעם האלז מיט איין האק אונ באגראבט אים אונ מען טאר פון אים גאר קיין הנאה ניט האבין · דער עיקר מצוה איז אבער אויס צוא לייזין · נאר סיידין מען איז אין אזוא איין ארט וואו עס איז גאר קיין כהן ניט דא אונ עס ווייזט אויס אז עס וועט דארטין קיין מאל קיין כהן ניט קומען :

יז איין כהן אדער איין לוי וועןזיין אייזיל האט איין בכור דארף ער אים ניט אויש לייזין׳ דעם אייגענעם דין האט אויך די טאכטער פון איין כהן אונ איין לוי • אבער אז ביא זייערע מענטשין גיווינט איין אייזיל איין בכור מוזין זייא אים יוא אויש לייזין׳ אבער ווען דער כהן אדער דער לוי האט בחברותה מיט איין ישראל איין אייזיל • דארף מען אויך דעם בכור ניט אויש לייזין׳ אויך אז איין נכרי איז דער צוא איין חבר דארף מען אים ניט אויש לייזין׳ מען טאר אבער ניט אום מישנע צוא נעמען איין כהן אדער איין לוי אדער איין נכרי פאר איין שותף כדי מען זאל אים ניט דארפין אויש לייזין :

## קז דיני אותו ואת בנו ׳ ובו ה׳ סעיפים
## אין וועלכין טאג מען טאר דיא בהמה ניט קולין :

א מען טאר ניט קולין דיא מוטער מיט דעם קינד אין איין טאג ׳ אונ דעם טאג רעכינט מען פון דער נאכט אן ׳ למשל ער האט גיקוילט דיא מוטער זונטיג ביא נאכט טאר ער דאש קעלביל ניט קולין מאנטיג דעם גאנצין טאג ׳ האט ער זיא אבער גיקוילעט זונטיג פאר נאכט ווען עש איז נאך גרויסער טאג ׳ מעג ער שוין ביא דער נאכט קולין דאש קאלב ווארום דיא נאכט איז שוין גירעכינט צוא מאנטיג ׳ אונ דאש וואש מיר האבין גיזאגט אז מען טאר ניט קולין דיא מוטער מיט דאש קינד׳ מוז ניט דוקא זיין פריער דיא מוטער אונ דער נאך דאש קינד׳ נאר אפילו פריער צוא קולין דאש קינד דער נאך דיא מוטער דאש טאר מען אויך ניט ׳ אונ אז מען וויים ווער דער פאטער איז פון דער בהמה ׳ טאר מען אויך ניט קוליןביידע׳ דעם פאטער מיט דאש קינד אין איין טאג :

ב אפילו מען וויים ניט באשטימט אויב דאש איז דיא מוטער׳ נאר עש ווייזט אויש אז זיא איז דיא מוטער ׳ ווארום דיא בהמה זייגט ביא איר אדער זיא קריכט איר שטענדיג נאך ׳ טאר מען אויך ניט ביידע קולין אין איין טאג :

ג ניט אליין אז דער איד טאר ניט קולין דיא מוטער מיט דאש קינד אין איין טאג נאר אפילו ווען ער וויים אין אנדער קולעט היינט איינם פון ביידע ׳ טאר ער שוין דאש אנדערע ניט קולין אין דעם נעמליכין טאג ׳ איבער דעם אז מען האט גיקוילעט דיא מוטער אדער ער האט איינע פון ביידע פאר קויפט איין אנדערין וואש יענער זאגט אים אז ער וועט עש היינט קולין׳ אדער אפילו יענער זאגט אים ניט אויש דריקליך אז ער וועט עש היינט קולין ׳ עש איז אבער פרייטיג אדער ערב יום טוב אדער איין אנדערין טאג וואש דער שטייגער איז אז יעדער קולעט דענמאלט ׳ מוז ער יענעם צוא וויסין טאן אז ער האט גיקוילעט היינט דיא מוטער אדער דאש קאלב ׳ כדי יענער זאל שוין דיא אנדערע ניט קולין׳ איז זיא טריף גיווארין נאך דעם קולין מוז ער גיין איין שאלה פרעגין • ווארום מאנכעם מאל מעג מען קולין ביידע אין איין טאג ווען איינע איז טריף גיווארין :

ד ווען איין נכרי פאר קויפט דעם אידין צווייא בהמות אונ זאגט איידער ער פאר

קויפט

קויפט זייא אז דאש איז איין מוטער מיט איין קינד ׳ גלייבט מען אים ׳ זאגט ער אבער ערשט דער נאך ווען ער האט שוין פאר קויפט האט ער דרויף קיין נאמנות נישט ׳ אונ אפילו ווען ער זאגט דאש פאר דעם פאר קויפין נאר עש איז אבר צוא דער קענען אז ער זאגט עש כדי ער זאל איין בעסערין מקח נעמען ׳ למשל דיא בהמה איז פעט אונ גיט פיל מילך ׳ זאגט ער אויף דער אנדערע אז זיא איז איר טאכטער כדי מען זאל מיינען אז זיא ווערט אויך אזו גוט זיין וויא דיא מוטער ׳ דא גלייבט מען אים שוין ניט ׃

ה דיא דאזיגע אלע דינים זיינען נאר בייא איין בהמה וואש דער איד מעג עסין ׳ למשל בייא איין קוא אדער איין לעמעלע אדער איין ציג ׳ אבער בייא איין חיה אדער איין עוף גייט דאש ניט אן אונ מען מעג קוילין דיא מוטער מיט דעם קינד אין איין טאג ׃

# טז הלכות אישות ׳ ובו כ״ח סעיפים

## דינים פון מאן אונ ווייב ׃

א יעדער איד מוז נעמען איין ווייב קינדער צוא האבין ׳ דיא דאזיגע מצוה איז תיכף וויא מען פאנגט אן אכצעהן יאר אלט צוא ווערין ׳ ווייניגסטינס טאר מען ניט זיצין ביז איבער דעם צוואנציגסטין יאר אן איין ווייב אויסר ווען מען לערינט שטארק תורה אונ מען וויל דורך דעם ניט נעמען איין ווייב כדי מען זאל ניט גישטערט ווערין אין דעם לערנען ׃

ב אז מען האט שוין גיהאט איין זון אונ איין טאכטער האט מען שוין מקיים גיוועז דיא מצוה פון פריה ורביה ׳ אבר פון דעסט וועגין זאל מען אלץ ניט זיצין אן איין ווייב ׳ אונ אז דאש ווייב איז אים ר״ל גישטארבין זאל ער נעמן איין אנדער ווייב וואש קאן נאך קינדער האבין ׳ ווען ער פילט אבער בייא זיך אז ער קאן קיין קינדר ניט מער האבן ׳ זאל ער ליבער נעמען אזוא איין ווייב וואש זיא קאן שוין ניט מער האבין קינדר ׳ דאש איינגע איז אויך ווען ער האט מערער קינדר אונ עש איז צוא באזארגין אז ווען ער וועט נעמען איין אנדער ווייב אונ וועט מיט איר קינדר האבין וועלין זיינע ערשטע קינדר זיך מיט איר קריגין אונ עש וועט אין דער היים קיין שלום ניט זיין ׳ זאל ער אויך ליבער נעמען איין ווייב וואש קאן שוין קיין קינדער ניט האבין ׃

ג אז מען זיצט מיט איין ווייב צעהען יאר אונ זיא האט קיין קינדער ניט ׳ זאל מען איר גט געבין ׳ מען מוז אבער פריער גיין איין שאלה פרעגין ווארום ניט תמיד איז אזוא דער דין ׃

ד מען טאר ניט זיצין מיט דער ווייב אפילו איין איינציגע שעה אן איין כתובה ׳ אונ אז זיא האט פאר לארין דיא כתובה מוז ער איר לאזין שרייבן איין אנדער כתובה ׃

ה מען מוז זעהען צוא נעמען איין ווייב פון אפרומע משפחה ׳ אויך מוז מען זעהען אז זיא אליין זאל זיין פרום אונ גוט אונ ניט איין קריגערין אונ איינע וואש דער מאן האט איר גט גיגעבין ווייל זיא האט זיך ניט אם בעסטין אויף גיפירט ׳ זאל איר דער אנדערער ניט נעמען ׃

ו עס איז זייער רעכט צו נעמן איין שוועסטערס טאכטר אדר דעם ברודערס טאכטר ׃

איין

ז איין יונגער מאן זאל ניט נעמען איין אלטע ווייב אדער אפילו איין יונגע וואש מען ווייס אז זיא קאן קיין קינדער ניט האבין · ווידער איז ניט רעכט אז איין אלטער מאן זאל נעמען איין גאנץ יונגע ווייב :

ח איין עם הארץ זאל ניט נעמען דיא טאכטער פון איין כהן ווארום דער זווג ווערט ניט גוט אויש גיפירט · אויך איז רעכט אז יעדער מענטש זאל זיין טאכטער ניט געבין איין עם הארץ פאר איין מאן :

ט אין רוסלאנד איז זייער איין גוטער מנהג אז ווען עש קומט אהין איין מאן אדער איין פרויא פון דער פרעמד לאזט מען זייא ניט חתונה האבין ביז מען איבער צייגט זיך אויף זייא פון דער היים פון וואש פאר איין משפחה זייא זיינן אונ איבער זייער שטאנד אויב ער האט ניט איין ווייב אונ אויב זיא האט ניט קיין מאן אזוא דארף מען זיך איבראל נוהג זיין ווארום עש טרעפין זיך איצונד אלע מאל אז שלעכטע מענטשין קומען פון פרעמדע מדינות וואש זיי לאזין דארטין זייערע ווייבער אונ נעמען אנדערע ווייבער עש קאן זיך גאר טרעפין אז איינער אנטלויפט פון דעם קרימינאל אונ דא גיט ער זיך אויש פאר איין ערליכין מאן אונ פאר פירט איין אידישע טאכטער :

י איין כהן טאר ניט נעמען איין גרושה אונ ניט איינע וואש האט חליצה גינומען · אונ ניט איין זונה אפילו ווען איינער איז ביייא איר גילעגין מיט גוואלד הייסט זיא אויך איין זונה קענין איין כהן אונ ער טאר זיא ניט נעמען · אויך טאר ער ניט נעמען איין חללה · דאש הייסט איינע וואש איז גיבארין גיווארין פון איין כהן וואש האט גינומען איינע וואש ער טאר ניט נעמען :

יא איינע וואש עש זיינן שוין ביייא איר צוויי מאנען גישטארבין טאר איר דער דריטער ניט נעמן : אויך איינע וואש הערט אז דער מאן איז גישטארבין אין דער פרעמד אפילו עש זאגין איר דאש פיל פרומע אידין וואש ווייסין עש באשטימט · טאר זיא ניט נעמען איין אנדער מאן ביז זיא גייט צום רב אונ ער איז איר מתיר :

יב ווען מען איז איינעם חושד אויף איין אשת איש אונ דער מאן האט איר גט גיגעבין אדער ער איז גישטארבין טאר דער דאזיגער וואש מען האט אים חושד גיוועזן איר ניט נעמען :

יג איין גרושה אונ איין אלמנה טאר ניט נעמען איין אנדערין מאן ביז נאך ניינציג טעג · דיא ניינציג טעג רעכינט מען אבער ערשט פון דעם אנדערין טאג אן נאך דעם גט · אויך רעכינט מען ניט דעם טאג פון דער חתונה · אפילו ווען זיא איז שוין אלט וואש זיא קאן קיין קינדר ניט האבין · אונ אפילו זיא האט אין מיטין דער צייט מפיל גיוועזן מוז זיא אלץ ווארטין ניינציג טעג חוץ דעם טאג פון דעם גט אונ חוץ דעם טאג פון דער חופה · אייגינטליך טאר זיא גאר קיין שידוך ניט טאן פאר די ניינציג טעג · אויסער ווען דער חתן שווערט ער זאל ניט קומען צוא איר אין הויז אריין ביז נאך דיא ניינציג טעג ווער עש נעמט אבער צוריק זיין איינענע גרושה דארף גאר ניט צוא ווארטין :

יד איין גרושה אדער איין אלמנה וואש איז מעוברת אדער וואש זיא זייגט · טאר ניט חתונה האבין ביז דאש קינד איז שוין אלט פיר אונ צוואנציג חדשים אפילו ווען

זיא

זיא איז ערשט גילעגין גיוואָרין נאך דעם גט אָדער נאך דעם מאנס טויט אונ האט גאר ניט אן גיהויבין צוא זייגין מוז זיא אלץ אזוא לאנג וואַרטין :

טו אין דעם טאג פון דער חופה פאסטין חתן כלה אונ דער מנהג איז אז זייא פאסטין נאר ביז איבער דער חופה אפילו ווען עש איז נאך גרוישער טאג · אונ ווידר פאר קערט אז די חופה דויערט ביז טיף אין דער נאכט מוזין זיי אלץ פאסטין ביז נאך דער חופה · דער דאזיגר טאג מוז בייא זייא זייער היילִיג זיין ווארום ער איז זייער יום כפור זיי מוזין תשובה טאן אויף אלעם וואש זיי האבן גיטאן אין דעם גאנצין לעבין · אונ אויף זיך נעמן גוט אונ פרום צו זיין · אונ דעם אויבערשטין בעטין ער זאל זיי בענטשין דער זווג זאל גוט אויש גיפירט ווערין זייא זאלין זיך עלטערין מיט אנאנדר אונ זאלין האבין פרומע קינדר · אונ איין פרנסה · דער מנהג א״ז אז זייא זאגין צוא מנחה דעם וידוי אזוו וויא ערב יום כפור :

טז אז דער חופה טאג איז אין ראש חודש · אָדער אסרו חג · אדר חמשה עשר באב אדר ט״ו בשבט אדר חנוכה אדר פורים אונ שושן פורים פאסט מען ניט · אָבער ראש חודש ניסן אונ ראש חודש סיון אונ ל״ג בעומר פאסטין יוא חתן כלה · אונ אפילו דענמאלט ווען זייא פאסטין ניט · מוזין זיי נאר אביסיל עסין דעם הונגר שטילען : אָבער זיך ניט צוא זאט אן עסין אונ טרינקן · ווארום דער דאזיגער טאג איז פאר זייא היילִיג אונ זייא מוזין זיך וויא ווייט מיגליך דער ווייטערין פון אלע זאכין וואש דער גוף האט הנאה :

יז דער מנהג איז דער חתן זאל גיין אין קיטיל בייא דער חופה כדי ער זאל זיך דער מאנען אן דעם טויט אונ זאל אין זיין גרעסטע שמחה גידיינקן אן דעם אויבערשטין :

יח דעם חתן שטעלט מען אונטער דער חופה קעגין דער מזרח זייט · אונ דיא כלה שטעלט מען בייא דער רעכטער האנד פון דעם חתן :

יט דאש טבעת קידושין מוז זיין איין גלאטין פינגעריל · עש טאר ניט זיין דרינגען אריין גיזעצט איין שטיינדיל · אויך טארין ניט זיין דרויף אויש גיקריצט אותיות :

כ בייא דער חופה מוז מען האבין צווייא כוסות · פריער מאכט מען איבער איין כוס די ברכה בורא פרי הגפן · אונ די אנדרע ברכה וצונו על העריות אזוא וויא אין סידור שטייט : אונ מען גיט עש צו טרינקן דעם חתן אונ די כלה · דער נאך איז דער חתן מקדש די כלה מיט דעם פינגעריל פאר צווייא עדים כשרים · דער נאך לייענט מען די כתובה · אונ דער נאך זאגט דער חזן די ברכה בכה״ג אונ דיא איבעריגע ברכות איבר דעם אנדערין כוס אונ גיט אים אויך צוא טרינקען דעם חתן אונ דיא כלה :

כא בייא דער סעודה נאך דער חופה זאגט מען פאר דעם בענטשין דוי הסר וגם חרון · ואז אלם בשיר ירון · נחנו במעגלי צדק · שעה ברכת בני ישרון · ברשות מרנן רבנן ורבותי נברך אלהינו שהשמחה במעונו שאכלנו משלו · אונ דער עולם ענטפערט דרויף ברוך אלהינו שהשמחה במעונו שאכלנו משלו ובטובו חיינו · אונ מען גיסט אן צווייא כוסות איבער איינעם זאגט מען נאך דעם בענטשין דיא ערשטע זעקס פון דיא שבע ברכות · אונ איבר דעם אנדערין זאגט מען צוא לעצט בורא פרי הגפן דיא

דאָזיגע בְּרָכָה מאַכט מען איבער דעם כּוס וואָשׁ מען האָט אויף אים געבענטשט

כב דיא שֶׁבַע בְּרָכוֹת מאַכט מען נאָר ווען עשׁ איז דאָ איין מִנְיָן · דער חָתָן איז אויך אַריין גערעכינט אין דעם מִנְיָן :

כג ווען איינער נעמט צוריק זיין איינענע גְרוּשָׁה מאַכט מען אויך שֶׁבַע בְּרָכוֹת אָבער נאָר דאָשׁ איין מאָל נאָך דער חוּפָּה אונ ניט מער אונ מען זאָגט ניט שֶׁהַשִּׂמְחָה בִּמְעוֹנוֹ :

כד בייא דער ערשׁטע סְעוּדָה נאָך דער חוּפָּה מאַכט מען תָּמִיד שֶׁבַע בְּרָכוֹת · עשׁ איז קיין חִילוּק ניט צווישׁן איין בָּחוּר אונ איין אַלְמָן אונ צווישׁן איין בְּתוּלָה אונ איין אַלְמָנָה אָבער אין די איבעריגע זיבּין טעג נאָך דער חוּפָּה איז דער דין אַזוֹ אַז איין בָּחוּר נעמט איין בְּתוּלָה זאָגט מען יעדער מאָל אין דיא זיבּין טעג די שֶׁבַע בְּרָכוֹת ווען עשׁ איז דאָ פָּנִים חֲדָשׁוֹת דאָשׁ הייסט ווען עשׁ קומט איין נייער מענטשׁ וועגין דער חֲתוּנָה אֲפִילוּ ווען ער עסט ניט נאָר ער איז אַזוֹ גיקומן מַזָּל טוֹב ווינשׁין · איז אָבער אַפְרעמדער גיקומן ניט וועגין דער חֲתוּנָה זאָגט מען נאָר דיא לעצטע בְּרָכָה פוּן דיא שֶׁבַע בְּרָכוֹת · דאָשׁ איז די בְּרָכָה וואָשׁ זיא לאָזט זיך אויש מְשַׂמֵּחַ חָתָן עִם הַכַּלָּה דיא דאָזיגע בְּרָכָה מאַכט מען איבער אַכּוֹס · דר נאָך נעמט מען דעם אַנדערין כּוֹס וואָשׁ מען האָט איבער אים געבענטשט אונ מען מאַכט בּוֹרֵא פְּרִי הַגָּפֶן · צוּ דעם דאַרף מען ניט האָבּן איין מִנְיָן עשׁ איז גינוג ווען מען האָט נאָר איין מְזוּמָן דאָשׁ הייסט דריי אידין ביי דעם טישׁ · דער חָתָן איז אויך אַריין גערעכינט אין די דריי אידין · איז אָבער נאָר קיין פרעמדער ניט דאָ בענטשׁט מען נאָר פְראַסט וויא תָּמִיד · האָט אָבער חֲתוּנָה איין אַלְמָן מיט איין אַלְמָנָה מאַכט מען נישט מער שֶׁבַע בְּרָכוֹת נאָר דעם ערשׁטין טאָג נאָך דער חוּפָּה · אונ אַז די סְעוּדָה איז בייא דער נאַכט אונ עשׁ זיינען דאָ פָּנִים חֲדָשׁוֹת זאָגט מען נאָר דיא לעצטע בְּרָכָה פוּן שֶׁבַע בְּרָכוֹת · אונ דאָשׁ איינענע איז אין דיא ערשׁטע דרייא טעג · תָּמִיד ווען עשׁ איז דאָ אַפְרישׁער מענטשׁ וואָשׁ איז גיקומן וועגן דער חֲתוּנָה זאָגט מען דיא לעצטע בְּרָכָה אֲשֶׁר בָּרָא איבער דעם כּוֹס · דער נאָך זאָגט מען בּוֹרֵא פְּרִי הַגָּפֶן איבער דעם אַנדערין כּוֹס וואָשׁ מען האָט אויף אים געבענטשט :

כה מיר האָבּין גיזאָגט אַז פָּנִים חֲדָשׁוֹת הייסט ווען עשׁ קומט איין פרעמדער וועגן דער חֲתוּנָה · מען מוּז אָבער וויסין אַז שַׁבָּת אונ יוֹם טוֹב הייסין אויך פָּנִים חֲדָשׁוֹת אֲפִילוּ ווען עשׁ איז נאָר קיין פרעמדער גיקומן · דאָשׁ איז אָבער נאָר דאָשׁ עסין פוּן בייא דער נאַכט אונ בייא טאָג · אָבער סְעוּדָה שְׁלִישִׁית הייסט אַנדערשׁ ניט פָּנִים חֲדָשׁוֹת נאָר ווען דער חָתָן זאָגט איין דְּרָשָׁה דענסאָלט הייסט שׁוֹין פָּנִים חֲדָשׁוֹת אונ מען מאַכט שֶׁבַע בְּרָכוֹת :

כו מען טאָר ניט זיין אַליין מיט קיין איינציגע נְקֵבָה וואָשׁ זיא איז ניט זיין ווייבּ · ניט מיט איין יונגע אונ ניט מיט איין אַלטע · ניט מיט איין אידישׁ קינד אונ ניט מיט איין נָכְרִית · אָבער דער פאָטער מעג זיין אַליין מיט דער טאָכטער אונ די מוּטער מיט דעם זון · אויך מעג מען זיין אַליין מיט אַמיידיל וואָשׁ איז נאָך ניט אַלט דרייא יאָר אונ אַנְקֵבָה מעג זיין אַליין מיט אַאינגיל וואָשׁ איז נאָך ניט אַלט ניין יאָר · אין

שטאָט

שטאט אונ ביא טאג מעג איין נקבה זיין אליין מיט צווייא ערליכע אידין אבער אז זייא זיינען ניט ערליך טאר זיא ניט זיין אליין אפילו מיט פיל מער וויא צווייא · אונ ביא דער נאכט אדער אין פעלד אפילו ביא טאג טאר זיא ניט זיין אליין מיט צווייא ערליכע אידין · אבער מיט דרייא ערליכע אידין מעג זיא זיין אליין :

**כז** דער איד מוז זיך שטארק דער ווייטערין פון ווייבר ער טאר אפילו ניט הערין איר גיזאנג אונ ניט קוקין אויף אירע האר · מען גירישט אויך ניט קיין נקבה אין איין בריף · אבר דער שטייגר איז צוא שרייבין דעם מאן ער זאל צוא ווישין טאן וואש זיין ווייב מאכט · אויך אז מען וויל איינע נעמן מעג מען גיין זיא אן קוקין אויב זיא גיפעלט אים · אונ עש איז אפילו רעכט אזו צו טאן ווארום דיא היילינגע גמרא זאגט אז מען טאר קיין ווייב ניט נעמען ביז מען זעהעט זיא פריער :

**כח** מען טאר ניט וואונען אין איין הויז מיט דעם ווייב וואש ער האט איר גט גיגעבן · אונ אז עש גייט איר שלעכט איז איין גרויסע מצוה דער גיוועזענער מאן זאל איר אונטער שטיצין מיט געלט שיקין אבער מיט איין אנדערין ווארום ער אליין טאר עש איר ניט געבין :

## רז הלכות אונן · ובו י״ז סעיפים
## דינים פון איין אונן :

**א** ווען עש איז ביא איינעם גישטארבין וואש ער מוז זיצין שבעה נאך אים איז ער איין אונן ביז מען באגראבט דעם מת · דער דין פון איין אונן איז אזו · מען טאר ניט לייגין קיין תפילין אונ ניט דאווענען אונ ניט קיין המוציא מאכין אונ ניט בענטשין אונ ניט קיין ברכה מאכין אונ ניט נאך זאגין קיין אמן אונ ניט קיין שום מצוה טאן · אונ ער טאר ניט עסין קיין פלייש אונ ניט טרינקען קיין ויין · אונ אז ער וויל עסין וואשט ער זיך אונ מאכט קיין ברכה ניט · אונ ער עסט ניט דארטין וואו דער מת ליגט נאר אין איין אנדער שטוב אדר ער מאכט איין וואנד צווישין זיך אונ צווישין דעם מת · ער מעג אויך פאר הייגען איין לייליך פאר דעם מת · נאר עש זאל זיין אצווישן שייד · אונ אז ער קאן דאש אויך ניט קערט ער זיך אום מיט דעם פנים אויף איין אנדערע זייט אונ עסט · אונ אפילו אום פורים ביא נאכט נאך דער מגילה אז מען איז איין אונן טאר מען ניט עסין קיין פלייש אונ ניט טרינקן קיין ויין · אין דער פריא וואשט ער זיך וויא תמיד אבר ער מאכט קיין ברכה ניט · אונ מען טאר דעם אונן ניט מצרף זיין צוא אמנין אונ ניט צוא איין מזומן · אויך טאר קיין אנדערער מענטש ניט עסין אונ אפילו קיין וואשער ניט טרינקען אין דער שטוב וואש דער מת ליגט דארטין אויסער ווען ער מאכט איין וואנד צווישין זיך אונ צווישין דעם מת :

**ב** שבת אונ יום טוב טאר מען ניט טרויערין · איבער דעם אז מען איז איין אונן אין שבת אדער יום טוב עסט מען פלייש אונ מען טרינקט ויין · אונ ער דאווינט · אונ ער בענטשט · אונ מען איז אים מצרף צוא אמנין אונ צו מזומן · אונ ער מוז טאן אלע מצות אקוראט וויא איין אנדער מענטש · אונ חאטשע דער דין איז דאך אז מען

זאגט

זאגט קיין קדיש ניט ביז נאך דער קבורה · אבער אז דער מת ליגט איבער שבת אדר יום טוב · זאגט דער אבל קדיש ביי איטליכן דאווענען פאר דער קבורה · אבער מוצאי שבת דאווינט ער ניט אונ מאכט ניט קיין הבדלה · אונ זונטיג אין דער פריא נאך דער קבורה · אז עס איז נאך צייט דאווינט ער שחרית אונ מאכט הבדלה · אונ אפילו דיא קבורה פאר זאמט זיך ביז מאנטיג אדער דינסטיג · מאכט ער תמיד הבדלה תיכף נאך דער קבורה · אבער שפעטער פון דינסטיג פאר נאכט מאכט מען שוין ניט מער קיין הבדלה :

ג אז מען איז איין אונן מוצאי יום טוב מאכט מען מארגין ביא טאג הבדלה נאך דער קבורה · פאר צייט זיך אבער דיא קבורה ביז נאך דעם מארגעדיגין טאג מאכט ער שוין ניט מער הבדלה · ווארום דיא הבדלה פון יום טוב האט ניט מער צייט נאר ביז איין אייניציגין טאג נאך יום טוב :

ד אז מען ווערט איין אונן פרייטיג פאר נאכט צוא מנחה צייט אונ דער מת מוז בלייבן ליגן ביז איבער שבת · דאווינט ער מנחה :

ה אז מען איז איין אונן דיא אנדערע נאכט יום טוב אונ דארט איז דער מנהג אז דעם אנדערין טאג יום טוב באשעפטיגין זיך אידין מיט דער קבורה · מאכט ער ניט קיין קידוש אונ עסט ניט קיין פלייש אונ טרינקט ניט קיין ויין :

ו מיר האבין אויבין גיזאגט אז פורים ביא דער נאכט נאך דער מגילה טאר איין אונן ניט עסין קיין פלייש אונ ניט טרינקן קיין ויין · אבר מיט דעם דאווענען אונ די מגילה לייענען איז ער גליך מיט יעדער איד אונ ער איז קעגין דעם ניט קיין אונן :

ז נאך דער קבורה ביא טאג דאווינט דער אונן · אונ אפילו עס איז שוין נאך דער צייט פון קריאת שמע · דאס הייסט עס איז שפעטר וויא אפערטיל טאג · דאווינט ער וויא תמיד · איז אבער שוין שפעטער וויא אדריטיל טאג זאגט ער קריאת שמע אן דיא ברכות אונ שמונה עשרה האט ער צייט צוא דאווענען ביז האלבין טאג אבער שפעטער ניט · אונ אז עס איז ראש חודש מעג ער מוסף דאווענען אפילו ווען עס איז שוין נאך חצות · אונ אז דיא קבורה איז נאך צייטליך נאר אז ער ועט אהיים קומען וועט שוין שפעט ווערין · זאל ער גיין אין אהויז ארין געבין דעם בית עולם אונ זאל דארט דאווענען · ער מעג אפילו דאווענען אויף דער גאס אויף איין ריין ארט · וויא באלד מען הייבט נאר אן דאס קבר צוא פאר שיטין מעג ער שוין אוועק גיין דאווענען · אז ער דאווינט שפעט ביא טאג זאל ער נאר זאגין דיא דריא ברכות שלא עשני נכרי · שלא עשני עבד · שלא עשני אשה · אבער דיא אנדערע ברכות זאל ער ניט זאגין ווארום זייער צייט איז נאר אין דער פריא :

ח אז ביא דעם אונן איז אברית · אונ די קבורה וועט זיך פאר זאמן ביז נאך חצות · מאכט מען דיא מילה פאר חצות · אבער דער אונן מאכט ניט די ברכה להכניסו בבריתו · נאר דער וואס איז מיט כסא של אליהו (סנדק) מאכט דיא ברכה :

ט ווען איינער איז גיווארין איין אונן אין מיטין דאווענען · זאל ער ניט אויף הערין נאר ער זאל אפ דאווענען אין גאנצין :

י וָועֶן דֶער אוֹנֵן הָאט יָאר צַייט זָאגְט עֶר נִיט קַיין קַדִישׁ · אָבֶער וָועֶן עֶר אִיז אַיין אוֹנֵן נָאךְ אַשְׁוועֶסְטֶער אָדֶער נָאךְ אַבְּרוּדֶער אוּנ דֶער בְּרוּדֶער אָדֶער דִיא שְׁוועֶסְטֶער הָאט גִילָאזְט קִינְדֶער · אוּנ דֶער אוֹנֵן הָאט יָאר צַייט מֶעג עֶר זָאגִין קַדִישׁ :

יא דֶער אוֹנֵן גֵייט אִין שִׁיךְ אָבֶער עֶר טָאר נִיט זִיצִין אָדֶער שְׁלָאפִין נָאר אוֹיף דֶער עֶרְד · אוּנ עֶר טָאר זִיךְ נִיט בָּאדִין אוּנ נִיט שְׁמִירִין אוּנ נִיט גָאלִין אוּנ נִיט קַיין שׁוּם מְלָאכָה טָאן אוּנ קֵיינֶעם נִיט גִירִיסִין · אָבֶער אַרוּם גֵיין אוֹיף דֶער גַאס מֶעג עֶר יוֹא :

יב וָועֶן אֵיינֶעם שְׁטַארְבְּט אַיין קִינְד וָואשׁ עֶשׁ אִיז נָאךְ נִיט אַלְט גִיוָועזִין דְרַייסִיג טָאג · אִיז עֶר נִיט קַיין אוֹנֵן :

יג וָועֶן עֶשׁ הָאט זִיךְ גִיטְרָאפִין אִין דֶעם טָאג פוּן דֶער חוּפָּה אַז דֶעם חָתָנְס פָאטֶער אָדֶער דִיא כַּלָהס מוּטֶער אִיז גִישְׁטָארְבִּין אוּנ מֶען הָאט שׁוֹין גִיבַּאקִין אוּנ גִיקָאכְט אוֹיף דֶער חֲתוּנָה אוּנ מֶען הָאט עֶשׁ נִיט קֵיינֶעם צוּא פַאר קוֹיפִין שְׁטֶעלְט מֶען דִי חוּפָּה אוּנ מֶען מַאכְט דִיא סְעוּדָה אוּנ מֶען אִיז מְיַיחֵד דִיא חָתָן כַּלָה אוּנ מֶען מַאכְט אַלֶע זִיבִּין טֶעג שֶׁבַע בְּרָכוֹת אוּנ דֶער חָתָן מֶעג זִיךְ אִין דִיא זִיבִּין טֶעג שְׁמִירִין אוּנ גָאלִין אָבֶער עֶר מוּז זַיין פוּן וַוייטִין פוּן דִיא כַּלָה · דָאשׁ בֶּעסְטֶע אִיז עֶר זָאל שְׁלָאפִין אִין אַיין אַנְדֶער חֶדֶר אָדֶר עֶשׁ זָאל מִיט אִים שְׁלָאפִין אַאִינְגִיל אוּנ מִיט אִיר זָאל שְׁלָאפִין אַמֵיידִיל · אוּנ נָאךְ דִיא זִיבִּין טֶעג זָעצְט זִיךְ דֶער חָתָן אָדֶער דִיא כַּלָה שִׁבְעָה זִיבִּין טֶעג אוּנ שְׁלֹשִׁים הוֹיבְּט זִיךְ עֶרְשְׁט אָן פוּן דֶער שִׁבְעָה · אָבֶער אַז מֶען קָאן פַאר קוֹיפִין דָאשׁ וָואשׁ מֶען הָאט אָן גִיגְרֵייט אוֹיף דִיא חֲתוּנָה אָדֶער אֲפִילוּ מֶען קָאן נִיט פַאר קוֹיפִין נָאר עֶשׁ אִיז פַאר קָערְט דֶעם חָתָנְס מוּטֶער אִיז גִישְׁטָארְבִּין אָדֶער דִיא כַּלָהס פָאטֶער אָדֶר זַייעֶר אַבְּרוּדֶער אָדֶר אַשְׁוועֶסְטֶער אָדֶער אַקִינְד אִיז גִישְׁטָארְבִּין טָאר מֶען נִיט שְׁטֶעלִין דִי חוּפָּה נָאר דֶער חָתָן אָדֶר דִי כַּלָה זֶעצְט זִיךְ שִׁבְעָה אוּנ תֵּיכֶף נָאךְ דֶער שִׁבְעָה דָאשׁ הֵייסְט אִין דֶעם אַכְטִין טָאג נָאךְ דֶער קְבוּרָה מַאכְט מֶען דִיא חֲתוּנָה :

יד דֶער אִיד וָואשׁ זִיצְט בַּייא דֶעם מֵת אִיז פָּטוּר פוּן דַאוָונֶען אוּנ פוּן קְרִיאַת שְׁמַע אוּנ פוּן אַלֶע מִצְוֹת · אָבֶר אַז עֶשׁ זִיצִין צְווייא שׁוֹמְרִים דַאוִוינְט אֵיינֶער אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער זִיצְט בַּייא דֶעם מֵת אוּנ דֶער נָאךְ זֶעצְט עֶר וִוידֶער זִיךְ בַּייא דֶעם מֵת אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער דַאוִוינְט :

טו וָועֶן אֵיינֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין גִינוּמֶען דֶעם טוֹיט לְמָשָׁל עֶר הָאט זִיךְ גִיהַאנְגֶען אָדֶער גִיוָוארְפִין אִין אַוַואסֶער אַרַיין אָדֶער עֶר הָאט זִיךְ גִימַאכְט אַיין אַנְדֶערִין טוֹיט אִיז מֶען נָאךְ אִים נִיט קַיין אוֹנֵן אוּנ מֶען זִיצְט נִיט קַיין שִׁבְעָה נָאךְ אִים אָבֶער מֶען זָאגְט נָאךְ אִים צִדּוּק הַדִּין אוּנ אַטֵייל פּוֹסְקִים זָאגִין אַז מֶען זָאל קַיין קְרִיעָה נָאךְ אִים נִיט רַייסִין :

טז אַז אַמוּמָר אִיז גִישְׁטָארְבִּין אִיז מֶען נָאךְ אִים נִיט קַיין אוֹנֵן אוּנ מֶען רַייסְט נִיט קַיין קְרִיעָה אוּנ מֶען זִיצְט נִיט קַיין שִׁבְעָה :

יז אוֹיף אֵיינֶעם וָואשׁ דֶער קְרִימִינַאל הָאט אִים גִיפַּסְקֶעט מִיתָה דוּרךְ אַיין גְנֵיבָה אָדֶער רְצִיחָה אִיז מֶען אַיין אוֹנֵן · אוּנ מֶען זִיצְט שִׁבְעָה אוּנ מֶען רַייסְט קְרִיעָה :

סען

## יח דינים פון כבוד המתים אונ אין אים איז זעקס סעיפים:

**א** מען טאר ניט איבער לייגין דעם מת פון איין קבר אין דעם אנדערין אריין · אויך טאר מען ניט פירין דעם מת פון איין שטאט אין דער אנדערער אריין אבער אז דארטין וואו ער איז גישטארבין איז קיין בית עולם ניטא פירט מען אים יוא אוועק אין איין אנדערע שטאט אריין צוא באגראבין:

**ב** מען טאר ניט עפינען קיין שום קבר אפילו ווען דיא יורשים פאר לאנגען עש:

**ג** מען טאר ניט זיצין אויף קיין קבר אונ אויף קיין מצבה:

**ד** מען טאר ניט טרעטין אויף איין קבר אויך מוז מען דיא קברים גרויש כבוד צוא טיילין מען טאר אויף דעם בית עולם ניט עסין אונ ניט טרינקן אונ ניט פאשין בהמות אונ ניט רייסין קיין גראז אונ ניט טאן קיין איינציגע זאך וואש איז ניט שיין:

**ה** אז מען האט גיגראבין איין קבר אונ מען וועט ערשט מארגין דעם מת אריין לייגין טאר מען עש ניט לאזין אפין איבער נאכט ווארום דאש איז איין גרוישע סכנה נאר מען דארף עש צוריק צוא שיטין:

**ו** ווען מען גיפינט איין גיהרגתן איד אויף דעם וועג מוז מען אים באגראבין אין דיא קליידער אונ מען טאר פון אים ניט אראפ נעמען אפילו דיא שיך אונ מען איז אים ניט מטהר אונ מען טוט אים ניט אן קיין תכריכים נאר מען וויקעלט אים ארום מיט אלייליך:

## יט הלכות טומאת הכהן · ובו ד סעיפים

## דינים פון איין כהן בייא איין מת:

**א** דער כהן טאר זיך ניט מטמא זיין אן איין מת ער טאר אפילו ניט אריין גיין דארטין וואו איינער איז גוסס דאש הייסט ער לעבט נאך אבער מען זעהט אז ער וועט באלד שטארבין · אויך טאר ער ניט גיין דארטין וואו עש איז עפעס דא פון דעם מת למשל עש איז דארטין דא בלוט אדער איין אבר פון מת:

**ב** חוץ דעם וואש דער כהן טאר ניט זיין דארטין וואו דער מת ליגט נאר אפילו אין דעם דאזיגין הויז אונ אין דיא אנדערע הייזער וואש רירין זיך אן מיט דעם דאזיגין הויז אונ עש איז קיין וואנט ניטא צווישין טאר ער אויך ניט זיין · אונ אפילו עש איז דא איין וואנט · נאר עש איז אבער אין דער וואנט דא איין פענסטער אדער אפילו נאר אקליינע לעכל אדר זיי שטייען אונטער איין דאך טאר ער שוין אויך דארטן ניט זיין:

**ג** ווען דער כהן שלאפט אין איין שטוב וואש עש טרעפט זיך דארטין איין מת · אדער אפילו אין דעם דאזיגין הויז אדער דער בייא דארטין וואו ער טאר ניט זיין · מוז מען אים אויף וועקין · איינגינטליך מוז ער תיכף אנטלויפין נאקעטער הייט · איבער דעם זאל מען אים ניט תיכף זאגין אז עש איז דא איין מת · נאר מען זאל אים פראסט רופין כדי ער זאל זיך דער וויל אן טאן · ווערט ער אבער גיוואר אז עש

איז

איז דא איין מת · טאר ער ניט ווארטין מיט דעם אן טאן נאר ער מוז תיכף ארויש לויפין ׃

ד אז בייא איין כהן שטארבט דער פאטער אדר די מוטער אדר איזן אדר אטאכטער אדער אברודר אדער אשוועסטער פון איין טאטין · אדר דאש ווייב · מעג ער זיין אין שטוב · עש איז נאך איין מצוה ער זאל זיין בייא זייא · אבער אז דיא שוועסטער האט שוין איין מאן · האט זיא דעם זעלביגן דין וויא אפרעמדר מת · אונ ער טאר ניט זיין וואו זיא ליגט אונ ניט אין דיא הייזער דער בייא · אונ אז דער פאטער אדער דיא מוטער האט זיך אליין דעם טויט גינומען · האבין זייא אויך דעם דין וויא אפרעמדער מת אונ ער טאר זיך צו זייא ניט מטמא זיין · אויך אז דער פאטער אדר דיא מוטער אדר איינער פון דיא אנדערע קרובים וואש מיר האבין דא גישריבין איז גיהרגת גיווארין · טאר זיך אויך דער כהן צוא זייא ניט מטמא זיין ׃

ה אפילו אויף נכרישע קברים טאר דער כהן ניט גיין ׃

ו ווען דער כהן גיפינט אויף דעם וועג איין מת מצוה · דאש הייסט ער גיפינט אאידין ליגין טויט אויף דעם וועג · אונ עש זייגען דארטין ניט דא אידין דער בייא וואש ער זאל שרייען צוא זייא אז זייא זאלין קומען דעם טויטין צוא באגראבין · טאר ער ניט אוועק גיין פון דעם ארט · אונ אז ער וויים אז דא וועלין קיין אידין ניט אן קומען מוז ער אים אליין באגראבין ׃

ז קליינע כהנים אז זייא שלאפין אין אשטוב וואו אמת איז דרינען איז מען ניט מחויב זייא אויף צוא וועקין זייא זאלין אוועק גיין · אבער פון דעסט וועגין איז עש דאך רעכט מען זאל זייא גיוואגען פון קליינער הייד אן אוועק גיין פון אמת ׃

## כ הלכות שבעה · ובו נ"א סעיפים ׃

## דינים פון שבעה זיצין ׃

א שבעה מוז מען זיצין נאך פאטר אונ מוטר · נאך אייגענע קינדר · נאך שוועסטער אונ ברידער אפילו זייא זייגען ניט פון איין טאטין נאר פון איין מאמען · אונ נאך אמאן אדער נאך אווייב ׃

ב אויף אקינד וואש איז נאך ניט אלט גיוועזין דרייסיג טעג זיצט מען ניט קיין שבעה ׃

ג דיא שבעה הויבט זיך אן תיכף וויא מען שיט צוא דאש קבר ׃

ד אז איינער שטארבט וואו עש איז קיין בית עולם ניט דא · אונ מען פירט דעם מת אין איין אנדערע שטאט ארייין צוא באגראבין · אונ דיא קרובים פארין ניט מיט · הויבט זיך דיא שבעה אן תיכף וויא זייא גייען צוריק פון דער לויה ׃

ה ווען איינער איז דער טרונקען גיווארין אין אזוא אגרויסין וואשר וואש מען קען ניט גיפינען · זיצט מען נאך אים ניט קיין שבעה · ווארום טאמער לעבט ער אונ ער איז ארויש גיקומען פון דעם וואשער אויף אנאנדער זייט וואש מיר ווייסין ניט ׃

ו ווען איינער זיצט שבעה · אונ אין מיטין שבעה איז בייא אים ווידער איינער

גישטארבין

גישטארבין וואש ער מוז שבעה זיצין נאך אים הויבט ער אן די אנדערע שבעה צוא ציילין אין מיטין די ערשטע שבעה · פון דעם ווען די אנדערע קבורה איז גיוועזין :

ז ווער עש זיצט שבעה · טאר ער קיין שום מלאכה ניט טאן · אונ ניט לערנען נאר דעם ספר איוב אונ איכה אונ די טרויעריגע פסוקים אין ירמיה אונ דינים פון אבלות אונ דעם פרק ואלו מגלחין פון דער מסכת מועד קטן · אונ ער טאר קיינעם ניט גירישין · אונ ער טאר ניט אויז גיין אין קיין שיך · אונ ער מוז זיצין אויף דער ערד · אבער אשלאפער אדער אין אלטער מעג זיך אונטער לייגין אקישין · מען מעג אבער ארום גיין אין שטוב נאר ווען מען קומט אים מנחם אבל זיין מוז ער זיצין :

ח ווען איינער איז איין ארומאן אונ ער לעבט נאר פון זיין מלאכה מעג ער דעם פערטין טאג פון דער שבעה טאן אמלאכה בייא זיך אין דער היים עש זאל קיינער ניט זעהען :

ט אזוא וויא דער אבל טאר אין דער שבעה קיין מלאכה ניט טאן אזוא טאר ער אויך ניט לאזין אנדערע ארבעטין פון זיינט וועגין אין דער שבעה · אפילו גברים טארין ניט טאן זיין מלאכה · אבער אז עש איז איין גרויסע זאך וואש ער וועט איין גרויסין שאדין האבין דורך דעם וואש מען וועט עש אין דער שבעה ניט טאן מעג ער די מלאכה לאזין טאן דורך אנדערע מענטשין :

י האנדלען טאר מען אויך ניט אין דער שבעה · אבער ווען עש איז אזוא איין סחורה וואש אז ער וועט איר איצטער ניט פאר קויפין וועט ער שפעטער אן ווערין פון דעם קרן זאל ער שיקין איין שאלה פרעגין · אונ אז עש טרעפט זיך אזוא איין סחורה וואש מען פאר קויפט איר איצטער זייער וואלוויל אונ שפעטער וועט זיא פיל טייערער זיין · אדער ער האט איין סחורה וואש עש טרעפט זיך איצטער אקונה וואש ער גיט פאר איר איין טייערין מקח · אונ אז ער וועט אים אוועק לאזין וועט ער דער נאך מוזין איר פיל וועלוועלער פאר קויפין · מעג ער אויך דאש גישעפט מאכין דורך איין אנדערין :

יא ווען איינער האט אנכרי וואש דער איד לייט אים תמיד געלט אויף רווחים · אונ דער נכרי דארף גראד אין דער שבעה געלט אונ וויא באלד ער וועט אים איצטער ניט לייען וועט ער דעם נכרי פאר לירין אויף תמיד ווארום ער וועט גיין צוא איין אנדערין בעל הלואה אונ יענער וועט אים שוין תמיד לייען · מעג ער דעם נכרי לייען אין דער שבעה דורך איין אנדערין :

יב וועגין שרייבין אין שבעה איז דער אייגענער דין וואש חול המועד · דאש הייסט מען טאר ניט שרייבין נאר סיידין איין גאנץ נייטיגע זאך אדער איין חשבון וואש מען וועט אים פאר געסין ביז איבער דער שבעה :

יג מען מעג שיקין אין שבעה חובות מאנען אונ איין קאסירין :

יד ווען אדינסט זיצט שבעה · מעג זיא באקין אונ קאכין אונ קערין די שטוב אונ בעטין די בעט אונ אנדערע זאכין טאן וואש מען דארף אין שטוב · אויך

בייא

בייא זיך אין דער היים מעג דיא פרויא קאכין אונ באקין אונ אלין דינג טאן וואש זיא דארף אין הויז ווען זיא זיצט שבעה :

טו אז דער שוחט זיצט שבעה אונ דיא שטאט צאלט אים תמיד פון דער וואך מעג ער קוילין אין דער היים · אבער אז מען צאלט אים ניט פון דער וואך נאר מען צאלט אים פאר איטליכע בהמה וואש ער קוילעט · מעג ער אויך קוילין אין דער היים · נאר ער טאר קיין גיצאלט ניט נעמען · אונ אז עש איז אין שטאט ניט מער דא קיין אנאנדערער שוחט נאר ער אליין אונ דער עולם דארף פלייש · מעג ער גיין בייא דער נאכט אין יאטקע אריין קוילין · אונ אז עש איז גאנץ נייטיג מעג ער בייא טאג אויך גיין :

טז ווען צווייא שותפים האבין בחברותה איין גיוועלב אונ איינער זיצט שבעה מוז דער גיוועלב פאר מאכט זיין די ערשטע דרייא טעג · אבער דער אנדערער שותף מעג אין דיא דרייא טעג טאן אין דער היים אלע גישעפטין פון דער חברותה :

יז גאנץ שבעה טאר מען זיך ניט באדין אפילו אין קאלטע וואשער · אבער דאש פנים מיט דיא הענט אונ דיא פיס מעג מען יוא וואשין מיט קאלטע וואשער אבער ניט מיט ווארימע וואשר · נארואקינדבעטארין אז זיא דארף זיך באדין מעג זיא זיך באדין אין דער שבעה · נאר ניט אין דעם ערשטין טאג פון דער שבעה · אונ אז עש איז גאנץ נייטיג מעג זיא דעם ערשטין טאג אויך :

יח האטשע דיא שבעה הויבט זיך אן תיכף נאך דער קבורה · מעג דאך דער אבל אהיים גיין אין דיא שיך · אבער גאנץ שבעה טאר ער ניט גיין אין דיא שיך · נאר אין פילץ שיך אדר אין הילצערנע שיך מעג מען יוא גיין · אבר אקינדבעטארין ביז צום דרייסיגטין טאג מעג גיין אפילו אין לעדערנע שיך · אונ אקראנקר אדר ווער עש האט אמכה אויפין פוס · מעג אויך גיין אין שיך :

יט מען מעג דעם אבל אין דער שבעה מכבד זיין מיט הגבה אונ גלילה אונ ער מעג פסקנן שאלות ווען עש איז קיין אנדערער ניטא צו פסקנן · אבער עולה תורה זיין טאר ער ניט אין שבעה אפילו ער איז אכהן אונ עש איז קיין אנדערער כהן ניטא · אבער אין שבת פון דער שבעה אז עש איז קיין אנדערער כהן ניטא מעג מען אים יוא אויף רופין :

כ עש איז אמצוה צוא דאוונען גאנץ שבעה דארטין וואו דער מת איז גישטארבין · אויך איז איין מצוה דארטין שבעה צוא זיצין אבער איטליכע נאכט מעג דער אבל צוא זיך אהיים גיין שלאפין :

כא אין דיא ערשטע דרייא טעג פון דער שבעה טאר דער אבל קיינעם ניט גירישין · אונ אז איינער קומט אריין אונ ווייס ניט אז ער זיצט שבעה אונ זאגט אים גוט מארגין אדער גאט העלף אדער גוט אבינט · טאר ער אים ניט ענטפערין אונ נאך דעם דריטין טאג טאר ער אויך ניט גירישין נאר אז עש קומט איינער וואש ווייס ניט אויב ער איז איין אבל אונ גירישט אים · מעג ער אים ענטפערין גוט יאר אבער אין שבת פון דער שבעה מעג ער איטליכין גירישין :

כב אייגענטליך איז ניט קיין חיוב צוא זיצין אויף דער ערד · ווארום אז ער וויל מעג ער אגאנצין טאג שטיין אדער ארום גיין · נאר אז ער וויל זיצין מוז ער זיצין אויף דער ערד · אונ אז מען קומט אים מנחם אבל זיין · דא מוז ער זיך שוין זעצין · אונ איין איידעלער מענטש אדער איין אלטער וואש עש שאט זייא דאש זיצין אויף דער ערד · מעגין זייא זיך אונטער לייגין איין קישין :

כג דעם ערשטין טאג פון דער שבעה לייגט ער ניט קיין תפילין · דאש איז אבער נאר ווען דער מת איז גישטארבין אין דעם אייגענעם טאג · אבער ווען דיא קבורה איז ניט אין דעם טאג וואש דער מת איז גישטארבין · אונ עש איז נאך דער קבורה נאך צייט צוא דאווענין · לייגט ער יוא תפילין · אבער ער מאכט איבער זייא ניט קיין ברכה · אונ אז עש איז איינעם אן גיקומען אידיעה אז איינר איז אים גישטארבין אונ עש איז נאך ניט קיין דרייסיג טעג זינט יענער איז גישטארבין לייגט ער ניט קיין תפילין אין דעם טאג וואש דיא שלעכטע בשורה איז אים אן גיקומען :

כד גאנץ שבעה טאר מען זיך ניט שערין אונ ניט גאלין אבער קעמען דיא האר מעג מען זיך :

כה ווען אמוהל זיצט שבעה מעג ער גיין אויף אמילה מל צוא זיין דאש קינד נאר ער לייגט אריין ערד אין דיא שיך אריין אבער תיכף נאך דער מילה מוז ער אהיים גיין · ווארום ער טאר ניט זיין אויף דער סעודה :

כו אז ער דארף נייטיג אוועק פארין · אונ ווען ער וועט איצטער ניט פארין אין דער שבעה וועט ער אנגרויסין שאדין האבין אדער ער מוז נייטיג גיין צו איין שטעלע · מעג ער פארין אדר גיין אין די שיך נאר ער לייגט אין זיי אריין אביסיל ערד :

כז אז דענמאלט ווען ער זיצט שבעה זיינען טריבע טעג · עש איז שוין באלד חצי חודש · אונ וויא באלד ער וועט איצטער ניט מקדש דיא לבנה זיין וועט ער שוין נאך דער שבעה ניט קענען מעג ער גיין אויפין גאס מקדש זיין דיא לבנה :

כח ווען עש קומט איינעם אן דיא שלעכטע בשורה פון דער פרעמד · אז עש איז אים גישטארבין אזוא איין קרוב וואש מיר האבין אויבין גישריבין אז ער מוז נאך אים שבעה זיצין · איז דער דין אזוא ווען עש איז נאך ניט מער וויא דרייסיג טעג זינט יענער איז גישטארבין אפילו ער האט גיוואר גיווארין פונקט אין דעם דרייסיגטין טאג · מוז ער זיך תיכף אקריעה שניידין אונ שבעה זיצין · אונ ער זיצט זיבין טעג שבעה · אונ אין דעם טאג וואש ער האט גיוואר גיווארין לייגט ער ניט קיין תפילין · אונ שלשים הויבט זיך אן פון דעם טאג וואש ער איז גיוואר גיווארין · אבער אז דיא בשורה איז אים אן גיקומען דעם איין אונ דרייסיגטין טאג נאך יענעמס טויט אדער נאך שפעטער זיצט ער שבעה איין שעה · אונ דיא שלשים רעכינט ער פון דעם טאג וואש יענער איז גישטארבין · אונ אז עש איז אויף פאטער אונ מוטער שנייט ער זיך איין קריעה וויא דיא שלעכטע בשורה איז אים אן גיקומען חאץ נאך שלשים : אבר אויף אווייב אדער קינדער אדער שוועסטער אונ ברידער אז דיא בשורה קומט צו אים נאך דעם דרייסיגטין טאג · שנייט ער זיך ניט קיין קריעה :

ווען

**כט** ווען עש קומט איינעם שבת אדער יום טוב אשלעכטע בשורה אז עש איז אים אימעצער געשטארבן אונ עש איז דענמאלט פונקט דער דרייסיגטער טאג · זיצט ער מוצאי שבת אדער מוצאי יום טוב ניט מער נאר איין שעה שבעה · אונ די שלשים הויבט זיך אן פון דעם טאג ווען יענר איז געשטארבן · אונ אז דער שבת אדר יום טוב איז שוין נאך דעם דרייסיגטן טאג · זיצט ער אויך ביי דער נאכט איין שעה שבעה · אבר ווען דער שבת אדער יום טוב איז נאך פאר דעם דרייסיגטן טאג · ווערט דער שבת אדער יום טוב גירעכינט פאר איין טאג שבעה · אונ ער זיצט נאך זעקס טעג שבעה · אונ דיא קריעה שנייט ער זיך זונטאג אין דער פריא אדער אסרו חג אין דער פריא :

**ל** ווען עש קומט צוא איינעם דיא שלעכטע בשורה אום שבת פאר דעם איין אונ דרייסיגסטן טאג · אונ דער שבת איז איין ערב יום טוב · ווערט אים דער שבת גירעכינט פאר שבעה · אונ מיט דעם יום טוב קומט ער איבער שלשים :

**לא** ווען עש זיינען אים אן גיקומען צוויא שלעכטע בשורות אויף איין מאל · נאך דעם דרייסיגסטן טאג · זיצט ער אויף ביידע נאר איין שעה שבעה · אונ ווען ביידע זיינען פאר דעם איין אונ דרייסיגסטן טאג · זיצט ער פאר ביידע איינערלייא שבעה אונ רעכינט איינערלייא שלשים · ווען עש איז אים אבער אן גיקומען איין טאג איין שלעכטע בשורה אונ דעם אנדערן טאג ווידער איין שלעכטע בשורה · אונ ביידע זיינען נאך פאר דעם איין אונ דרייסיגסטן טאג · הויבט זיך אן דיא שבעה פון דעם אנדערן תיכף דעם אנדערן טאג · אונ מיט דעם אכטן טאג ענדיגן זיך ביידערלייא שבעה · אונ דיא אנדערע שלשים הויבט זיך אויך אן דעם אנדערן טאג :

**לב** ווען איינער האט אפ גידאווינט מעריב אונ עש איז נאך טאג · אונ עש איז אים אן גיקומען איין שלעכטע בשורה פאר דעם איין אונ דרייסיגטן טאג · זעצט ער זיך תיכף שבעה אבער דער טאג ווערט אים ניט גירעכינט נאר ער מוז פון מארגן אן זיצין זיבן טעג שבעה · אונ שלשים הויבט זיך אויך ערשט אן פון דעם אנדרן טאג :

**לג** איטליכע שבעה זיצט מען ניט דעם זיבעטן טאג אין גאנצין נאר מען זיצט אין דער פריא אביסיל נאך דעם דאווענען · דער נאך הערט שוין אויף דיא שבעה :

**לד** ווען איינעם איז אימעצער געשטארבן אונ ער ווייס ניט · דארף מען אים ניט צוא ווישין טאן · אונ מען מעג אים רופין אויף איין שמחה · נאר אז ער פרעגט מוז מען אים זאגין דעם אמת · נאר צוא זאגין אום גיפרעגט דאש איז נאריש אונ מען דארף דאש ניט טאן · נאר אזוי זאגט מען יוא אים ווייל ער מוז קדיש זאגין :

**לה** ווען עש גיפאלט יום טוב אין מיטין דער שבעה · אפילו ער האט ערשט ערב יום טוב פאר נאכט מקבל שבעה גיוועזין · הערט שוין מיט יום טוב דיא שבעה אויף · אונ דער ערשטער טאג יום טוב ווערט שוין גירעכינט פאר דעם אכטין טעג · דורך דעם האט ער ביז שלשים ניט מער נאר נאך צווייא אונ צוואנציג טעג · אבער אז ער איז פאר יום טוב גאר קיין שבעה ניט גיזעסין · מוז ער נאך יום טוב זיצין שבעה · נאר אין דער שבעה מעגין אנדערע זיינע גישעפטין פירין · אונ שלשים הויבט זיך אן פון דעם ערשטין טאג יום טוב :

ווען

לו ווען איינם טרעפט זיך איין מת אום יום טוב אדר חול המועד מוז ער זיין ווייטער אין יום טוב קליידער אבער לערנען טאר ער ניט · אונ חאטשע ער מוז דאך נאך יום טוב שבעה זיצין · הויבט זיך שלשים אן פון יום טוב דאש הייסט תיכף נאך דער קבורה · אונ נאך יום טוב זיצט ער ניט מער נאר זעקס טעג שבעה · ווארום דער אנדערר טאג יום טוב ווערט גירעכינט פאר איין טאג שבעה · אונ אפילו דער אנדערר טאג ראש השנה ווערט אויך גירעכינט פאר איין טאג שבעה · אונ אז דער אבל האט מיט איינעם בחברותה איין האנדיל · מעג דער שותף עפענען דעם גיוועלב תיכף נאך יום טוב חאטשע ער זיצט שבעה :

לז ווען איינער איז גיזעסין שבעה פאר יום טוב · נעמט איבער יום טוב די שלשים · אונ אפילו דער זיבעטער טאג איז פונקט אום ערב יום טוב · מעג ער פאר נאכט זיך באדין אונ אפ שערין אדער גאלין · אונ אז דער זיבעטער טאג שבעה איז ערב פסח · מעג ער זיך גאלין פאר מיטאג אונ באדין תיכף נאך מיטאג · אונ אפילו ערב פסח איז נאך אין מיטין דער שבעה איז אויך אזוא דער דין ווארום ערב פסח איז שוין יום טוב אבער אז ער איז איין אבל נאך פאטער אונ מוטער · אפילו ווען די שלשים לאזין זיך אויש אין מיטין יום טוב · טאר ער ערב יום טוב זיך ניט שערין אדר גאלין · סיידין מענטשין שרייען אים אן אונ זאגין אז ער האט שוין צוא לאנגע האר · אבער באדין מעג ער זיך יוא :

לח ווען ערב יום טוב איז נאך אין מיטין דער שבעה · נעמט איבער יום טוב די שבעה אבער ניט די שלשים אונ פאר נאכט נאך מנחה מעג ער זיך באדין · אבר ניט שערין אדר גאלין אבר נאך יום טוב טאר ער זיך ניט באדין ביז נאך שלשים :

לט ווען דער זיבעטער טאג שבעה איז פרייטיג · אונ שבת איז ערב יום טוב · מעג ער פרייטיג זיך באדין אונ אפ שערין אדער גאלין · ווארום יום טוב הערט דאך אויף די שלשים אונ אז ער האט זיך פרייטיג ניט גיגאלט · טאר ער חול המועד זיך ניט גאלין נאר ער מוז ווארטין ביז נאך יום טוב · אונ אז דער זיבעטער טאג שבעה איז ערשט שבת אונ דער שבת איז ערב יום טוב טאר מען זיך פרייטיג ניט באדין אונ ניט שערין אדער גאלין · אבער חול המועד מעג מען יוא זיך באדין אונ שערין אדער גאלין · אונ נאך יום טוב מעג מען אויך ווארום די שלשים האט שוין אויף גיהערט :

מ ווען דער דרייסיגסטער טאג פון שלשים איז פונקט שבת · מעג מען פרייטיג זיך באדין אונ אן טאן שבתדיקע קליידער · אבער שערין אונ גאלין טאר מען ניט ביז זונטאג :

מא ווען ער איז גיזעסין שבעה אפילו נאר איין שעה פאר פסח ווערט דאש שוין גירעכינט פאר זיבין טעג · אונ די אכט טעג פסח מיט די זיבין זיינען שוין פופצעהען טעג · האט ער דער נאך צוא די שלשים נאך פופצעהען טעג · אונ פאר שבועות איז אויך דער אייגענער דין אפילו ער איז נאר איין שעה גיזעסין שבעה פאר יום טוב · איז דאש שוין זיבין טעג · אונ ביידע טעג שבועות ווערין גירעכינט

פאר

פאר אכט טאג · איז שוין פופצעהען טאג · האט ער נאך ביז שלשים פופצעהן טאג :

מב ווען ער איז גיזעסין שבעה פאר ראש השנה אפילו נאר איין שעה הערט שוין ראש השנה אויף די שבעה · אונ יום כפור הערט אויף די שלשים · מעג ער ערב יום כפור זיך באדין אונ שערין אונ גאלין · אונ אז ער זעצט זיך שבעה צום גדליה מעג ער אויך ערב יום כפור זיך באדין אונ שערין אונ גאלין :

מג ווען ער זעצט זיך שבעה אפילו איין שעה פאר יום כפור · הערט יום כפור אויף דיא שבעה · אונ סוכות הערט אויף דיא שלשים איבער דעם מעג ער ערב סוכות זיך באדין אונ גאלין אונ שערין:

מד ווען ער זיצט שבעה אפילו איין שעה פאר סוכות · ווערט דאש גירעכינט פאר זיבין טאג · אונ ביז הושענא רבה פאר נאכט איז שוין פערצעהען טאג אונ שמיני עצרת ווערט אויך גירעכינט פאר זיבין טאג איז איין אונ צוואנציג טאג אונ שמחת תורה איז דער צווייא אונ צוואנציגסטער טאג · האט ער נאך ביז שלשים אכט טאג :

מה שבת אין מיטין דער שבעה טאר מען ניט לערנען נאר וואש מען מעג לערנען אין דער שבעה אבער מען מעג מעביר זיין דיא סדרה · אונ מען רופט אים ניט אויף צום ספר · אבער אז מען האט זיך טועה גיוועזין אונ מען האט אים אויף גירופין · מוז ער גיין עולה לתורה זיין · אונ אז עש איז קיין אנדערער כהן ניטא נאר דער אבל · מעג מען אים שבת אויף רופין · חאטשע עש איז נאך אין דער שבעה :

מו ווען דער זיבעטער טאג פון דער שבעה איז שבת מעג ער איינגמליך אין דער פריא עולה לתורה זיין אבער בעסער איז מען זאל אים אין דער פריא ניט אויף רופין · אונ אז ער וויל דוקא עולה לתורה זיין · זאל מען אים אויף רופין צוא מנחה · אונ ער מעג אגאנצין טאג לערנען ווארום אין דער פריא פון דעם זיבעטין טאג הערט שוין אויף דיא שבעה :

מז ווען עש טרעפט זיך איין מת דעם ערשטין טאג יום טוב הויבט מען אים ניט אפ · אונ נכרים מוזין גראבין דאש קבר אונ נייען דיא תכריכים אונ מאכין דעם ארון אבער אידין זייגען אים מטהר אונ טוען אים אן דיא תכריכים אונ טראגין אים אונ לייגין אים אין קבר אריין אונ שטעלין אויף דיא ברעטער אין קבר אונ זייא מעגין אליין דער ווארעמען דאש וואסער צוא דער טהרה · אבער נכרים מוזין צוריק צוא שיטין דאש קבר נאך דער קבורה :

מח דעם אנדערין טאג יום טוב אפילו דעם אנדערין טאג ראש השנה טוען אידין בייא דעם מת אלע מלאכות וואש דעם ערשטין טאג מוזין זייא נכרים טאן :

מט סייא דעם ערשטין טאג יום טוב סייא דעם אנדערין טאג · שנייט מען זיך ניט קיין קריעה :

נ ווען איינער איז גישטארבין ערב יום טוב · אונ וייל מען האט מורא גיהאט אז עש וועט קיין צייט ניט זיין אים צוא באגראבין · האט מען אים איבער גיגעבין צוא

נכרים

נְבָרִים זַייא זָאלִין אִים פִירְען צוּם בֵּית עוֹלָם אִיז דֶער דִין אַז וַויא בַּאלְד מֶען הָאט אִים גִיפִירְט אוֹיש דֶער שְׁטָאט אַרוֹיש גֶעמְט אִיבֶּער שׁוֹין יוֹם טוֹב: דִיא שִׁבְעָה הָאטְשֶׁע מֶען בַּאנְגְרָאבְּט אִים עֶרְשְׁט יוֹם טוֹב נָאר מֶען מוּז זִיךְ עֶרֶב יוֹם טוֹב בִּיז נַאכְט נוֹהֵג זַיין וַויא אַיין אָבֵל · אָבֶּער אַז עֶר הָאט אִין זַיינֶען מָארְגְן צוּא גֵיין צוּא דֶער קְבוּרָה מוּז עֶר נָאךְ יוֹם טוֹב זִיצִין שִׁבְעָה :

נא נָאךְ דֶער קְבוּרָה זָאגְט מֶען צִדּוּק הַדִין אוּנ קַדִישׁ · אָבֶּער יוֹם טוֹב אוּנ רֹאשׁ חוֹדֶשׁ חֲנוּכָּה פּוּרִים חֲמִשָּׁה עָשָׂר בִּשְׁבָט אוּנ חֲמִשָּׁה עָשָׂר בְּאָב · בְּקִיצוּר דֶענְמָאלְט וָוען מֶען זָאגְט נִיט קַיין תַּחֲנוּן זָאגְט מֶען אוֹיךְ נִיט קַיין צִדּוּק הַדִין · אוּנ פְרַייטִיג נָאךְ מִיטָאג זָאגְט מֶען אוֹיךְ נִיט קַיין צִדּוּק הַדִין :

## כא הלכות שלשים ויארצייט · ובו ח' סעיפים :
### דִינִים פוּן שְׁלשִׁים אוּנ יָארְצַייט :

א גַאנְץ שְׁלשִׁים דָאשׁ הַייסְט בִּיז דְרַייסִיג טֶעג פוּן דֶעם טָאג אָן וָואשׁ דֶער מֵת אִיז גִישְׁטָארְבִּין · טָאר מֶען זִיךְ נִיט בָּאדִין אִין וַוארִימֶע וַואסֶער · אָבֶּער וָוען דֶער אָבֵל מַאכְט אַבְּרִית מֶעג עֶר זִיךְ בָּאדִין אִין דֶער נַאכְט פַאר דֶער מִילָה אַז עֶשׁ אִיז שׁוֹין נָאךְ דֶער שִׁבְעָה אוּנ מֶען טָאר נִיט אָן טָאן קַיין נַייעֶ קְלֵייד · סַיידִין אַז אַיין אַנְדֶערֶער אִיז שׁוֹין גִיגַאנְגֶען דְרִינֶען עֶטְלִיכֶע טֶעג · אוּנ מֶען טָאר זִיךְ נִיט שֶׁערְין אוּנ נִיט גָאלִין אוּנ נִיט שְׁנַיידִין דִיא נֶעגִיל · אָבֶּער אָפּ בַּייסִין דִיא נֶעגִיל מִיט דִיא צֵיין מֶעג מֶען יוֹא אוּנ מֶען טָאר נִיט גֵיין אוֹיף קַיין שׁוּם סְעוּדָה · אוּנ נִיט דָארְטִין וואוּ מֶען שְׁפִּילְט כְּלֵי זֶמֶר אוּנ נִיט אוֹיף קַיין חֲתוּנָה אָבֶּער אַסַארְוֶוער מֶעג בַּאדִינֶען אוֹיף דֶער חֲתוּנָה נָאר עֶסִין טָאר עֶר דָארְטִין נִיט נָאר עֶר מֶעג זִיךְ אַהֵיים נֶעמֶען צוּא עֶסִין · אוּנ דֶער אָבֵל אַלֵיין טָאר נִיט חֲתוּנָה הָאבִּין גַאנְץ שְׁלשִׁים אֲפִילוּ עֶר מַאכְט נִיט קַיין סְעוּדָה · אוּנ מֶען טָאר נִיט גֵיין אִין קְלֵיידֶער פוּן שַׁבָּת גַאנְץ שְׁלשִׁים · אָבֶּער אַז עֶר מַאכְט אַבְּרִית אָדֶער מֶען אִיז אִים מְכַבֵּד מִיט כִּסֵא אֵלִיָהוּ (סַנְדָק) מֶעג עֶר גֵיין אִין שַׁבָּת קְלֵיידֶער :

ב נָאךְ אַפָּאטֶער אוּנ מוּטֶער · טָאר מֶען זִיךְ נִיט שֶׁערִין אוּנ נִיט גָאלִין אֲפִילוּ נָאךְ שְׁלשִׁים · נָאר אַז מֶענְטְשִׁין שְׁרַייעֶן אִים אָן אוּנ זָאגִין עֶשׁ אִיז נִיט שֵׁיין וָואשׁ עֶר גֵייט מִיט אַזֶעלְכֶע לַאנְגֶע הָאר · אָדֶער עֶר גֵייט צְווִישִׁין נָכְרִים אוּנ שֶׁעמְט זִיךְ צוּא גֵיין מִיט צוּא גְרוֹישֶׁע הָאר · מֶעג עֶר זִיךְ שֶׁערִין אָדֶער גָאלִין · אָבֶּער אוֹיף אַסְעוּדָה אָדֶער אַחֲתוּנָה אָדֶער דָארְטִין וואוּ עֶשׁ שְׁפִּילִין כְּלֵי זֶמֶר טָאר מֶען נִיט זַיין דָאשׁ גַאנְצֶע יָאר נָאךְ אַפָּאטֶער אוּנ מוּטֶער :

ג יָאר צַייט אִיז אַמִצְוָה צוּא פַאסְטִין · אוּנ וַויא בַּאלְד עֶר הָאט אַיין מָאל גִיפַאסְט אִין דֶעם יָאר צַייט מוּז עֶר שׁוֹין אַלֶע יָאר פַאסְטִין · אָבֶּער אַז עֶר קָאן שְׁפֶּעטֶער נִיט פַאסְטִין מוּז עֶר זִיךְ לָאזִין מַתִּיר נֶדֶר זַיין :

ד דֶער יָארְצַייט אִיז תָּמִיד אִין דֶעם טָאג וָואשׁ דֶער פָאטֶער אָדֶער דִיא מוּטֶער אִיז גִישְׁטָארְבִּין · נִיט דֶער טָאג וָואשׁ מֶען הָאט זַייא בַּאגְרָאבִּין :

ה וָוען דֶער פָאטֶער אָדֶער דִיא מוּטֶער אִיז גִישְׁטָארְבִּין אִין אַיין עִיבּוּר יָאר אִין דֶעם

ערשטין חודש אדר אדר אין דעם אנדערין חודש אדר איז תמיד דער יארצייט אין איין עיבור יאר אין דעם חודש וואש דער פאטר אדר די מוטר איז געשטארבין · אָבער אז דער פאטער אדער דיא מוטר איז געשטארבין אין אפראסטין יאר אין דעם חודש אדר · איז אין איין עיבור יאר דער יארצייט אין דעם ערשטין חודש אדר · אטייל מענטשין האלטין ביידע יארצייטין אין ערשטין חודש אדר אונ אין דעם אנדערין חודש אדר · דאש איז אָבער ניט נייטיג · אונ אז דער פאטר אדער דיא מוטער איז געשטארבין דעם ערשטין טאג ראש חודש כסליו אונ דענמאלט האט געהאט כסליו צווייא טעג ראש חודש מלא איז ער דאך אייגינטליך געשטארבין אין חודש חשון ווארום דער ערשטער טאג ראש חודש געהער דאך צוא דעם פריערדיגין חודש איבר דעם איז דער דין אזו · אז אין דעם ערשטין יאר ווען דר ערשטער יאר צייט גיפאלט האט כסליו נאר איין טאג ראש חודש איז דער יאר צייט ערב ראש חודש כסליו · אונ אזוא האט שוין צוא זיין אלע יאר ערב ראש חודש דער יאר צייט · אָבר אז ווען דר ערשטער יארצייט גיפאלט איז ראש חודש כסליו צווייא טעג · בלייבט דר יאר צייט אויף תמיד דער ערשטער טאג ראש חודש כסליו · אונ אז ער איז געשטארבין אין איין עיבור יאר אין ראש חודש פון דעם אנדערין אדר איז תמיד דער יאר צייט דעם אנדערין ראש חודש אדר :

ו ווען דער יאר צייט גיפאלט אין איין טאג וואש מען זאגט קיין תחנון ניט פאסט מען ניט · אפילו אום ראש חודש אב פאסט מען אויך ניט · אונ אפילו ראש חודש ניסן וואש אחתן פאסט יוא פאסט ניט קיין יארצייט · אונ אז ער מאכט אברית אדער מען איז אים מכבד מיט כסא של אליהו (סנדק) אין דעם יארצייט דארף ער ניט פאסטן · אונ אז ער וויל דווקא פאסטין דאווינט ער מנחה האלב איינם צוא מיטאג אונ בייסט אן · אונ אז ער מאכט אפדיון הבן אדר ער איז אכהן אויף דעם פדיון הבן דארף ער אויך ניט מער פאסטין נאר ביז האלב איינם צוא מיטאג · דיא נאכט פאר דעם ערשטין יאר צייט טאר מען ניט זיין אויף קיין סעודה · אָבער אויף אסיום מעג מען זיין :

ז נאך אמומר זאגט מען דאך קיין קדיש ניט · אָבר אז ער איז גיהרגת גיווארין זאגט מען יוא נאך אים קדיש :

ח אז עש איז דא איינער וואש ער איז נאך דער שבעה · אונ עש זיינען הויז אים דא אנדערע אבלים קומען אלע קדישים דעם פון דער שבעה אונ אפילו יום טוב האט איבער גינומען די שבעה הייסט עש אלץ שבעה ביז צום זיבעטין טאג פון דער קבורה · נאר פון דעסט וועגין אז עש איז דא איינר אין מיטין שלשים אדער איין יאר צייט · מוזין דיא אויך האבין איטליכער איין קדיש · ווידער איינער פון שלשים איז פאר דעם וואש האט יאר צייט נאר דעם יארצייט קומט איין קדיש אונ אז עש איז אָבער דא אסך יאר צייטין אונ עש קומט אויף איטליכין ניט מער אויש נאר איין קדיש זאגט דער פון שלשים גאר קיין קדיש ניט ווארום ער קאן דאך מארגין אויך זאגין · אָבר דער פון יארצייט קען דאך מארגין שוין ניט מער זאגין קיין קדיש · אָבער ווען עש זיינען דא אסך יאר צייטין אונ איין שבעה מוז דער פון דער שבעה זאגין איין קדיש אונ דיא

יארצייטין

יארצייטין מאכין איין גורל צווישין זיך · ווען עס איז דא איינר וואס ער איז איין אבל דאס גאנצע יאר · אונ ווידער איז דא איינר וואס האט יאר צייט קומען דעם פון יאר צייט אלע קדישים · נאר דער אבל זאגט דעם קדיש נאך דעם מזמור פון דעם יום :

## כב דיני קריעה · ובו ח' סעיפים
### דינים פון קריעה שניידין :

א אויף פאטר אונ מוטר שנייט מען די קריעה אין דער לינקר זייט · אונ אויף איינינע קינדער אויף אווייב אונ אויף אמאן שוועסטר אונ ברידר שנייט מען דיא קריעה אין דער רעכטער זייט פון דעם קלייד :

ב אויף פאטער אונ מוטער מוז מען זיך דיא קריעה שניידין מיט דער האנט אבר אויף אנדערע מתים מעג מען דיא קריעה שניידין מיט אמעסער · אויף פאטער אונ מוטער טאר מען דיא קריעה ניט פאר בייגין אין דער שבעה אבער אויף אנדערע מתים מעג מען דיא קריעה יוא פאר בייגין אריין אז מען זאל זיא ניט ארויס זעהן · אויף פאטר אונ מוטער מוז דיא קריעה בלייבין אזוי וויא זיא איז ביז נאך שלשים · אונ ערשט נאך שלשים מעג ער זייא צוא סטריגיוועין · אבר גוט צוא נייען טאר ער זיי קיין מאל ניט אפילו ניט נאך דעם יאר · אבער אויף אנדערע קרובים מעג ער זיא צוא סטריגיוועין תיכף נאך שבעה אונ גוט צוא נייען נאך שלשים · אונ אז יום טוב נעמט איבר די שבעה מעג ער זיא ערב יום טוב פאר נאכט צוא סטריגיוועין · אונ אז עס איז שוין נאך שבעה נעמט דאך יום טוב איבער שלשים איבער דעם מעג ער ערב יום טוב פאר נאכט צוא נייען דיא קריעה :

ג ווען עס קומט איינעם די שלעכטע בשורה אז עס איז אים גישטארבן איינר פון זיינע קינדער אדער אווייב אדער אמאן אדער אשוועסטר אדר אברודר · אונ עס איז נאך פאר דרייסיג טעג זינט יענער איז גישטארבין מוז ער זיך קריעה שניידין · אז עס איז אבער נאך דרייסיג טעג דארף ער זיך ניט קיין קריעה שניידין · אבער אויף פאטער אונ מוטר מעג עס אפילו שוין זיין נאך איאר מוז ער זיך תמיד איין קריעה שניידין :

ד ווען איינעם זיינען צוויא מתים אויף איין מאל גישטארבין אדר ער האט אויף איין מאל גיוואר גיווארין פון צווייא וואס זיינען אים גישטארבין שנייט ער זיך איין קריעה פאר ביידע :

ה ווען ביא איינעם איז אין דער שבעה נאך איינער גישטארבין רייסט ער זיך דיא פריערדיגע קריעה פיל מער אויף · אדער ער שנייט זיך איין אנדערע קריעה נידעריגער מיט דרייא פינגער ווייט פון דער ערשטע · אבער אז דער אנדערער איז גישטארבין נאך דער שבעה רייסט ער נאר דיא ערשטע קריעה אביסיל מער אויף :

ו ווען מען דאווינט ביא דעם אבל אין דער שבעה זאגט מען ניט קיין תחנון אונ ניט קיין הלל נאר דער מנהג איז אז דער אבל גייט ארויס אונ דער עולם זאגט הלל · אונ אז מען דאווינט דארטין וואו איינער איז גישטארבין אונ עס איז גאר קיין

אבל

אָבֵל גִיטָא זָאגְט מֶען יוֹא הַלֵּל · אוּנ אוֹיךְ אַז מֶען דַאוֶוענְט בַּייא אַיינֶעם אִין דֶער שִׁבְעָה אוּנ עֶס אִיז נִיט דָארְטִין וואוּ דֶער מֵת אִיז גִישְׁטָארְבִּין זָאגְט מֶען אוֹיךְ הַלֵּל נָאר דֶער אָבֵל זָאגְט נִיט · אוּנ אַז עֶס גִיפַאלְט רֹאשׁ חוֹדֶשׁ אָדֶר חֲנוּכָּה אִין דֶעם זִיבֶּעטִין טָאג פוּן דֶער שִׁבְעָה זָאל דֶער אָבֵל שְׁפֶּעטֶער נָאךְ דֶעם דַאוְונֶען זָאגִין הַלֵּל ווָארוּם דֶענְטְמָאלְט אִיז דָאךְ שׁוֹין נָאךְ דֶער שִׁבְעָה :

ז יוֹם טוֹב טָאר מֶען זִיךְ נִיט קַיין קְרִיעָה שְׁנַיידִין · אָבֶּער חוֹל הַמּוֹעֵד שְׁנַייט מֶען זִיךְ יוֹא קְרִיעָה :

ח ווָען מֶען הֶערְט אַיין אִיד אָדֶער אַיין עוֹבֵד כּוֹכָבִים גָאט שִׁילְטִין עֶס מֶעג זַיין אִין ווָאשׁ פַאר אַיין לָשׁוֹן מֶען ווִיל מוּז מֶען זִיךְ אַקְרִיעָה שְׁנַיידִין אוּנ אֲפִילוּ נִיט דַוְקָא שִׁילְטִין נָאר עֶר לֶעסְטֶערְט גָאט אוּנ רֶעט אוֹיף אִים שְׁלֶעכְטֶע רֵייד · מוּז מֶען זִיךְ אוֹיךְ אַקְרִיעָה שְׁנַיידִין · אוּנ אַז עֶר זֶעהֶעט ווִיא אִימֶעצֶער פַאר בְּרֶענְט אַסֵפֶר תּוֹרָה אָדֶר אַמְגִילָה · אָדֶער אִימֶעצֶער צוּא רַייסְט זַייא אָדֶר עֶר צוּא שְׁנַייט זַיי אָדֶר עֶר פַאר מֶעקְט זַייא אוּם מִישְׁנֶע עֶס מֶעג זַיין אַאִיד אָדֶר אַנָכְרִי מוּז אַלְץ דֶער ווָאשׁ זֶעהֶעט עֶס זִיךְ צְווַייא קְרִיעוֹת שְׁנַיידִין · אוּנ דִיא אַלֶע קְרִיעוֹת ווָאשׁ מִיר הָאבִּין דָא גִיזָאגְט מֶעג מֶען שְׁפֶּעטֶער פַאר נֵייעֶן מִיט בְּרֵייטֶע נֶעט אָבֶּער אַרִינְטְלֶעךְ צוּא נֵייעֶן ווִיא דֶער סֵדֶר אִיז דָאשׁ טָאר מֶען אֵייבִּיג נִיט :

## כג הלכות נדה · ובו ע"ט סעיפים
## דִינִים פוּן נִדָּה :

א דִיא עֲבֵירָה פוּן אַיין נִדָּה אִיז זֵייעֶר גְרוֹישׁ אוּנ ווֶער עֶס פַאר זִינְדִיגְט זִיךְ דֶער מִיט הָאט חַס וְשָׁלוֹם כָּרֵת · אִיבֶּער דֶעם מוּז מֶען דֶער בַּייא זֵייעֶר שְׁטַארְק גִיווָארְנְט זַיין אוּנ זִיךְ גוּט אִין זִין אַרַיין נֶעמֶען אַלְץ דִינְג ווָאשׁ מִיר ווֶעלִין דָא שְׁרַייבִּין :

ב ווַייל דָאשׁ רוֹב ווַייבֶּער הָאבִּין אַיין פֶּעסְט גִיזֶעצְטֶע צַייט אַלֶע דְרַייסִיג טָאג אָדֶער צְווַאנְצִיג טָאג אָדֶער מֶער · אִיבֶּער דֶעם מֶעג דֶער מַאן בַּייא אִיר זַיין בִּיז פַאר דֶער צַייט אוֹיךְ זָאל זִיא זִיךְ נִיט בּוֹדֵק זַיין פַאר דֶעם מַאנְס אוֹיגִין · אָבֶּער פַאר זִיךְ אַלֵיין ווָאשׁ מֶער זִיא זֶעהֶעט זִיךְ אִיבֶּער אִיז אוֹיךְ מֶער מִצְוָה :

ג דֶער מַאן מוּז זִיךְ אָפּ שֵׁיידִין פוּן דֶער ווַייבּ אַיין צַייט פְרִיעֶר פַאר אִיר בַּאשְׁטִימְטֶע וֶסֶת · קוּמְט אִיר אוֹישׁ דִיא צַייט פַאר נַאכְט טָאר דֶער מַאן בַּייא אִיר נִיט זַיין דֶעם גַאנְצִין טָאג פְרִיעֶר פוּן אִין דֶער פְרִיא אָן · הָאט זִיא זִיךְ בּוֹדֵק גִיוֶועזֶען פַאר נַאכְט אוּנ גִיפִינְט אַז זִיא אִיז רֵיין מֶעג עֶר בַּייא אִיר זַיין אַיין טָאג דֶער נָאךְ · קוּמְט אָבֶּער אוֹישׁ דִי צַייט אִין דֶער נַאכְט טָאר עֶר בַּייא אִיר נִיט זַיין דִי גַאנְצֶע נַאכְט · אָבֶּר דֶעם גַאנְצִין טָאג פְרִיעֶר אוּנ דֶער נָאךְ אַז זִיא אִיז רֵיין מֶעג עֶר בַּייא אִיר זַיין · אִיז אִיר צַייט גַאנְץ פְרִיא טָאר עֶר בַּייא אִיר נִיט זַיין דֶעם גַאנְצִין טָאג אָבֶּער דִיא נַאכְט פְרִיעֶר מֶעג עֶר בַּייא אִיר זַיין · דֶענְטְמָאלְט ווֶען עֶר טָאר בַּייא אִיר נִיט זַיין מוּז עֶר זִיךְ אוֹיךְ פוּן אִיר שְׁטַארְק דֶער ווַייטֶערִין · עֶר טָאר אִיר אֲפִילוּ נִיט רֶעכְט אָן רִירִין נָאר ווָאשׁ שְׁטַארְק נֵייטִיג אִיז :

ד אײנע װאָס דיא צייט איז בײא איר אַלע מָאל גירוקט פון אײן מָאל צום אַנדערין מיט צװײא אָדער דרײא טעג מוז זיך דער מאַן פון איר דער װײטערין פאַר דיא צװײא אָדער דרײא טעג אַקוראַט אַזוא װיא אויבין איז גישטאַנען׃

ה קומט איר אויס דיא צייט אײדער דיא זון גייט אויף גיהער דאָס נאָך צו דער נאַכט אונ ער טאָר זיא דיא גאַנצע נאַכט פריער ניט אָן רירין׳ אונ װען זיא װײס ניט אויב די צייט קומט אײדער די זון גייט אויף אָדער דער נאָך׳ טאָר ער זיא ניט אָן רירין די גאַנצע נאַכט פריער אונ דעם גאַנצין טאָג דער נאָך׳ דאָס אײגינע איז אויך װען איר צייט איז צװישין טאָג אונ נאַכט טאָר ער זיא ניט אָן רירין דעם גאַנצין טאָג אונ דיא נאַכט דער נאָך׃

ו װען זיא טראָגט אָדער זיא זייגט דאַרף זיא ניט אין זינען האָבין דיא גיזעצטע צייט װאָס זיא פלעגט תמיד צוא האָבין כל זמן זיא איז ריין׃

ז װען דער מאַן איז בײא איר אין דער צייט װאָס מיר האָבין דאָ גישריבין אַז ער טאָר ניט׳ איז עס אײן גרױסע עבירה אונ בײדע מוזין דרויף תשובה נעמען׃

ח אײנע װאָס האָט קײן גיזעצטע צייט טאָר דער מאַן בײא איר ניט זיין דעם דרייסיגסטין טאָג װאָרום דאָס איז דיא צייט פון דאָס רוב װײבער׳ אײגינטליך זײנען בײא דעם דאָ פיל דינים איבער דעם מוז זיא גיין אײן שאלה פרעגין װיא זיא זאָל זיך נוהג זיין׃

ט אײנע װאָס האָט קײן גיזעצטע צייט מוז זיך תמיד איבער זעהן אײדער דער מאַן קומט צוא איר אונ אַז ער גייט אַװעק פון איר אויב עס גיפינט זיך ניט עפּעס אַפּלעק׃

י אײנע װאָס האָט אײן גיזעצטע צייט דענמאָלט װען דיא צייט קומט מוז זיא זיך איבער זעהען האַטשע זיא פילט ניט׳ אונ אַז זיא האָט אָבער פריער זיך ניט איבער גיזעהען נאָר ערשט דער נאָך האָט זיא זיך איבער גיזעהען אונ האָט גאָר ניט גיפונען אונ ניט גיפילט מוז זיא אײן שאלה פרעגין׃

יא װען דער מאַן דאַרף אַװעק פאָרין אונ עס איז נאָהענט צוא איר צייט װאָס ער טאָר איר שוין רעכט ניט אָן רירין אַזוא װיא מיר האָבין אויבין גישריבין מעג ער דענמאָלט יוא זיא אָן רירין מיט ליבשאַפט אונ מיט שײנע רייד אָבער צוא איר קומען טאָר ער ניט׃

יב אַז ער דאַרף אַװעק פאָרין װען זיא איז ניט ריין אונ עס איז נאָך אײן טאָג צוא דער טבילה זאָל ער װאַרטין דעם טאָג׳ דאַרף ער אָבער זייער נײטיג אַװעק פאָרין אָדער ער מוז פאָרין װעגין אײן מצוה זאַך דאַרף ער ניט װאַרטין׃

יג אַז זיא האָט גיפונען אײן פלעק אין דיא רײנע טעג אונ איז אום ריין גיװאָרין אונ אַז זיא װעט איצונד װידער צײלין רײנע טעג װעט איר אויס קומען דיא טבילה נאָהענט צוא איר גיזעצטע צייט מוז זיא גיין אײן שאלה פרעגין אויב זיא זאָל גיין אין מקוה אַריין׃

יד װיל דער מאַן גיין צוא דיא װײב אײן טאָג נאָך דער גיזעצטע צייט אָדער נאָך דעם דרייסיגסטין טאָג װען זיא האָט ניט קײן גיזעצטע צייט מוז ער איר פריער

פרעגין

פרעגין אויב זיא האט זיך גוט איבער גיזעהען אונ האט קיין פלעק גיפונען :

טו ווען זיא איז ניט ריין טאר דער מאן צוא איר ניט קומען חאטשע ער מיינט אז זיא האט זיך טובל גיוועזן נאר ער מוז איר פריער פרעגין אונ זיא זאל אים זאגין אז זיא איז שוין טבילה גיגאנגען :

טז ווען דער מאן ווייס אז עס איז נאך ניט דיא צייט זיא זאל שוין קענען גיין טבילה טאר ער איר ניט גלויבין וואס זיא זאגט אז זיא איז שוין טבילה גיגאנגען :

יז ווען ער איז גיוועזן ביא זיין ווייב ווען זיא איז טהור אונ זיא זאגט אים בשעת תשמיש איך בין טמא גיווארין ווארום זיא האט גישפירט אז עס גייט פון איר דאש בלוט פון נדה זאל ער זיך תיכף אפ שיידין פון איר :

יח ער זאל זיך אפ שיידין פון איר מיט ציטערנעש אונ מיט גרויש שרעק אונ זאל תשובה טאן מיט זיין גאנצין הארצין ווארום ער וואלט פרום גיוועזן וואלט אים ניט גיטראפין אזו איין זאך דרום זאלין זיי זיך גוט בארעכינן זייערע זינד אונ זאלין תשובה טאן פאר הש"י ׳ דער עיקר איז ער זאל ווייטער גיווארינט זיין פון שלעכטע מעשים וואש ער האט ביז אהער גיטאן וועט ער שוין צוא קיין שטרויכלונג ח"ו ניט קומען אונ אויף דיזען מבשול ווען ער האט זיך מיט איר נוהג גיוועזן כדין איז ער אויף דיא מעשה ניט שולדיג נאר דאש איז אים גיקומען וויייל ער האט גיטאן אנדערע עבירות :

יט דאש איז ווען ער איז ביא איר גיוועזן ווען זיא איז מותר צוא אים גיוועזן ׳ אבער אז ער איז ביא איר גיוועזן נאהענט צוא איר וסת דענסמט מאל ווען ער דארף פון איר פון ווייטין זיין אונ דאש האט אים דיא סיבה גיטראפין האט ער איין גרויסע עבירה גיטאן אונ מוז אויף דרויף תשובה נעמען פון איין מורה הוראה ער זאל אים מסדר זיין איין תשובה וויא עס שטייט אין דיא הייליגע ספרים :

כ ווען עס טרעפט זיך אז איין אשה זעהעט דם דורך דעם תשמיש דרייא מאל איינס נאך דעם אנדערין מוז זיא תיכף פרעגין ביא איין חכם צוא זיא מעג זיין מיט איר מאן חאטשע נאך טבילה גיין ווארום עס זייגען דריגען פיל דינים דאש גיהער צו איין מורה הוראה ׳ מיר זייגען נאר מודיע אז מען מוז פרעגין איין שאלה ווייטער אנדערע זאכין וואש גיהער צוא איין מורה הוראה שרייבין מיר ניט :

כא אין דעם דין אז די אשה זאל זיך אויש זעצין דיא צייט איז דא זייער פיל דינים ׳ מען קען ווייבער ניט געבין דאש צוא פאר שטיין דרום אזוא איין אשה וואש זיא האט ניט קיין אויש גיזעצטע צייט זאל זיא פרעגין איין שאלה ביא איין מורה הוראה וויא זיא זאל זיך נוהג זיין וועט ער איר שוין אלעם אויש פרעגין אונ וועט זיא לערנן :

כב ווען דיא אשה גיפינט איין פלעק ברויכט זיא פרעגין איין שאלה :

כג ווען איין אשה דער שפירט אז עס איז איר אזו גלייך וויא זיא וואלט גיקריגין איר דם פון נדה אונ זיא האט זיך בודק גיוועזן גלייך וויא זיא האט דער שפירט אונ האט גאר ניט גיפונען איז זיא דאך טמא וויא א רעכטע נדה׳ אונ ווען זיא האט עפעס גיפונען איין פלעק נאר זיא איז מסופק אין דעם קאליר זאל זיא פרעגין איין שאלה

אבער

אבער ווען זיא גיפינט גאר ניט איז זיא טמא אונ דעם דין איז איין מצוה אז איין אשה זאל די אנדערע לערנן ווארום דאש מערסטע ווייבער ווייסין דעם דין ניט · זיי מיינען אז זיא גיפינט ניט איז זיא טהור · אונ באמת איז זיא טמא וויא איין נדה :

כד עש איז איין חיוב אויף דיא אשה אזוא באלד וויא זיא פילט נאר דאש עש ווערט גיעפינט איר מקור אז זיא זאל זיך באלד אונטער זוכין :

כה איין כלה מוז ציילין זיבין ריינע טעג · ביז דעם טאג אן וואש זיא וויים זיכער ווען איר חתונה וועט זיין חאטשע זיא איז גאנץ ריין :

כו אז מען האט דער נאך וויא דיא כלה האט גיציילט דיא זיבין ריינע טעג אפ גילייגט דיא חתונה אויף עטליכע טעג · אדער ווען זיא האט גיציילט דיא זיבין ריינע טעג האט זיא ניט גיוואוסט קלאר ווען דיא חתונה וועט זיין אונ זיא האט גיציילט בספק דארף מען פרעגין איין שאלת חכם אויב זיא דארף איבער נייעם צוא ציילין זיבין ריינע טעג ווארום דאש איז דרינען פאר האנדין פיל דינים עש איז איין מצוה צוא זאגין אלעמען דעם דין אז מען זאל וויסין ווארום מען וויים גאר ניט אז מען דארף אויף דעם איין שאלה פרעגין זיי מיינען אז זיא האט נאר גיציילט זיבין ריינע טעג איז שוין גינוג אונ באמת מוז מען איין שאלה פרעגין · ווען איין כלה זאל זיך טובל זיין אויב זיא מעג זיך טובל זיין אין דעם טאג פאר דיא חופה · וועט שטיין גישריבין אין הלכות טבילה :

כז ווען איינער נעמט צוריק זיין גרושה מוז זיא אויך ציילין זיבין ריינע טעג אזוא וויא איין אנדערע כלה :

כח אז איינער האט חתונה מיט איין בתולה מוז ער באלד נאך דעם תשמיש זיך אפ שיידין פון איר · אונ ארויש גיין פון איר בעט · דעם דין איז אויך איין מצוה מפרסם צוא זיין אונ צוא זאגין יעדער חתן וכלה ווארום איין טייל ווייסין ניט · אונ זיינען משמש צווייא מאל אונ דאש איז איין רעכטער איסור :

כט איין בתולה נאך דער חתונה מעג אן הויבין צוא ציילין זיבין ריינע טעג פון דעם פינפטין טאג וויא דער חתן איז בייא איר גיוועזין חאטשע איין אנדערע אשה מוז שפעטער אן הויבין צוא ציילין (אזוא וויא דאש וועט ווייטער שטיין גישריבין) אבער וייל זיא איז טמא פון דם בתולים מעג זיא אן הויבין צוא ציילין דעם פינפטין טאג :

ל ווען זיא איז טמא פון דם בתולים איז דעם זעלבינין דין וויא אנדערע נדות ·

לא ווען איין אשה איז שוין גיזעסין אויף דעם בראך שטול אזוא וויא צוא האבין דאש קינד דער נאך האבין דיא ווייענעם אויף גיהערט אונ זיא איז ווייטער מעוברת אונ קיין דם האט זיא אויך ניט גיזעהען מוז זיא דאך איין שאלת חכם האבין אויב זיא איז מותר צוא איר מאן :

לב אויף דיא נשים יולדות איז גאר קיין השגחה ניט ווען זיא זאל זיך מטהר זיין אימליכע אשה טוט וויא זיא וויל דורך דעם קומט ארויש גרוישע מכשולות לבן

גיהער

גיהער איטליכעס בית דין אין שטאט צוא מאכין איין מנהג קבוע כפי הצורך כדי לגדור פרץ :

לג ווען איינע האט מפיל גיוועזין זאל זיא איין שאלה פרעגין וויא זיא זאל זיך נוהג זיין :

לד יעדער איד מוז זיך אפ־שיידין פון זיין ווייב ווען זיא איז טמא ביז זיא זאל אפ ציילין שבעה נקיים אונ זיך טובל זיין אונ ווען זיא האט זיך ניט טובל גיוועזין אפילו עש דויערט כמה שנים הייסט זיא אלץ איין נדה :

לה זיא טאר זיך ניט איבער זאמען אין דער טומאה נאר וויא באלד זיא קאן זיך טובל זיין מוז זיא טבילה גיין אונ ווען דער מאן איז אין דער היים אונ זיא איז זיך ניט טובל ווען דיא רעכטע צייט קומט · האט זיא איין גרוישע עבירה :

לו ער זאל ניט שטיפין אונ לאכין קאטאוועס טרייבין מיט זיין ווייב אין דער נדה ווארום קלות ראש אונ ליצנות ברייננען חלילה צוא איין עבירה :

לז ער זאל איר ניט אן רירין אפילו מיט דעם קלענקסטין פינגער · אונ ער זאל ניט דער לאנגען צוא איר אפילו מיט איין גאנץ לאנגע זאך · אונ ער זאל ניט אריין ווארפין אין איר האנט אונ ניט אין איר שויס אונ זיא צוא אים דאש גלייכין :

לח זייא זאלין ניט עסין אויש איין שיסיל אונ ווען זייא זיינען זיך נוהג אז זייא עסין ניט אויש איין שיסיל אפילו ווען זיא איז טהורי נמצא איז דאש קיין היכר ניט דא טאר זיא ניט עסין בייא איין טיש נאר דורך איין היכר · נאר על פי רוב עסין מאן אונ ווייב אויש איין שיסיל ווען זיא איז טהור דרום איז גינוג ווען זיא איז טמא ניט אויש איין שיסיל צוא עסין :

לט ער זאל ניט עסין אונ טרינקען וואש זיא לאזט איבר · אבער ווען איין אנדערער האט גיגעסין אדער גיטרונקען נאך איר · מעג ער נאך דעם אנדערין עסין אדער טרינקען :

מ ווען זיא האט גיטרונקען אפולע גלאז אונ האט איבער גילאזט בערך איין האלבע גלאז אונ דער נאך האט מען דאש גלאז פול דער גאסין טאר ער אויך ניט טרינקען דער פון · אז זיא האט אבער אין גאנצין אויש גיטרונקען מעג ער אויש דעם גלאז טרינקען אונ מען דארף דאש גלאז ניט אויש שווייגקען · וועד עש וויל אבער מדקדק זיין אונ יוא אויש שווייגקען זאל קומען אויף אים אברכה :

מא ווען זיא האט איבער גילאזט פון איר טרינקען אדער עסין אין דער כלי אונ מען האט דאש איבער גיגאסין אין איין אנדערע כלי מעג שוין דער מאן עסין פון דער אנדערע כלי :

מב אז זיא האט איבער גילאזט עסין אדער טרינקען אונ דער מאן וויים ניט אז דאש האט זיא איבער גילאזט אונ וויל עסין אדער טרינקען דער פון איז ניט נייטיג אים צוא זאגין · ווארום דער איסור פון עסין אדער טרינקען וואש זיא לאזט איבער איז נאר מחמת ווען איינער טרינקט אדער עסט דאש וואש דער אנדערער

לאזט איבער קומט דאש פון ליבשאפט ארויש · איבער דעם איז ניט אסור אז ער
ווייס ניט אז דאש האט זיא איבער גילאזט :

מג איבער דעם אז דער מאן איז ניטא אין דער היים מעג זיא פריער עסין פון דער שיסיל אונ אים איבער לאזין נאר זיא זאל אים ניט אויש זאגין אז זיא האט דער פון גיגעסין · דיא ווייב מעג עסין אונ טרינקען פון דעם וואש ער לאזט איבר :

מד אונזערע חכמים האבין גישריבין דיא איז נאר איין ערליכע אשה וואש טוט דעם רצון פון איר מאן · דאש הייסט וואש נאר דער מאן וויל אזוא זאל דאש ווייב טאן דיא הייסט איין אשה כשרה דיא וועט זוכה זיין צוא גוטע קינדער אונ צוא עולם הבא אונ צוא אלעם גוטין :

מה ער טאר ניט זיצין אויף איר בעט חאטשע ניט פאר אירע אויגין אבער דער ספר בית חדש איז מתיר צוא זיצין · אבער זיך אויש טאן אונ לייגין טאר מען גיוויס ניט נאך אלע דעות · דער רעכט איז מען זאל נזהר זיין אפילו זיצין אויך ניט · וויא דיא ערשטע דעה :

מו זיא מעג יא זיצין אויף זיין בעט ניט פאר זיינע אויגין אבער לייגין טאר זיא זיך ניט אפילו אין אלע קליידער ניט ביא נאכט אונ ניט ביא טאג :

מז ווען ער רירט אן איר בעט גיוואנט אדער איר ליילעך איז קיין איסור חאטשע דער ליילעך איז איין גירינכט מיט בלוט · אטייל מענטשין היטין זיך דער פאר דאש איז אבער איין גרייז עש קומט פאר דער חומרא איין קולא ארויש · מחמת ער מיינט דער איסור איז נאר ווייל דער ליילעך איז איין גירינכט מיט דם נדה אבער אז זיא ציילט שוין ריינע טעג אונ ליגט שוין אויף איין ווייסין ליילעך מיינט ער אז ער מעג שוין אן רירין אונ אויך זיצין אונ ליגין אונ דער אמת איז עש איז גאר קיין חילוק עש איז גלייך דיא אום ריינע טעג מיט דיא טעג וואש זיא ציילט ריינע וואש עש איז אסור איז גלייך אסור אונ אן רירין דיא בעט גיוואנט מעג ער תמיד אפילו עש איז איין גירינכט :

מח זייא טארין ניט זיצין אויף איין באנק אפילו דער באנק איז גאנץ לאנג סיידין דער באנק איז אן גישלאגין אונ שאקילט זיך ניט · אבער אז ער שאקילט זיך טאר מען ניט · אונ אז איין מענטש זיצט צווישין ביידע · זיינען אטייל פוסקים מתיר חאטשע דער באנק שאקילט זיך · מען גיהער אבער אויך נזהר צוא זיין אפילו איינער זיצט צווישין זייא :

מט זייא טארין ניט פארין אין איין וואגין שפאצירין אדער אין איין שיפל שיפן זיך נאר אז זייא דארפין צוא פארין אין איין עסק מעגין זייא פארין אויף איין וואגין חאטשע עש פארט אויף דעם וואגין ניט מער אז זייא ביידע · נאר אז זייא זאלין אזוא זיצין אז זייא זאלין זיך ניט אן רירין :

נ זיין בעט מיט איר בעט טאר זיך ניט אן רירין :

נא ער טאר ניט קוקין אפילו אויף איר טריט פון דיא פיס אונ ניט אויף קיין
שום

שום ארט פון איר לייב וויא דער סדר איז אז זיא גייט צוא גידעקט מיט אירע קליידער :

נב עש איז זייער רעכט אז זיא זאל האבין אנדערע קליידער וואש זיא זאל זיין אין זייא ווען זיא איז איין נדה כדי זייא זאלין תמיד גידיינקען אז זיא איז אנדה ׳ דאך זאל זיא ניט גיין אין מיאוסע קליידער ׳ כדי זיא זאל ניט מיאוס ווערין אין זייגע אויגין ׳ אבער שטארק פוצין טאר זיא זיך גיווים ניט :

נג זיא זאל אים ניט אן גיסין איין כוס צוא טרינקען אז ער זעהעט סיידין זיא זאל מאכין איין היכר דהיינו אנידער צוא שטעלין אויף דעם טיש מיט דער לינקע האנט אדער צוא שטעלין אויף איין אנדער ארט ניט אויף דעם טיש :

נד אז זיא טראגט עסין צום טיש אדער זיא דער לאנגט דעם מאן עפעם זאל זיא משנה זיין וויא תמיד היינו זיא זאל דער לאנגען מיט דער לינקער האנט :

נה זיא טאר ניט לייגין דאש לייליך אויף זיין בעט צום שלאפין אדער דאש קאלדרע אז ער זעהעט ׳ ווען ער זעהעט ניט ׳ מעג זיא יוא בעטין חאטשע ער וויים אז זיא האט גיבעט :

נו ער טאר איר אויך ניט אן גיסין איין כוס צוא טרינקען אונ איר ניט שיקין קיין כוס אפילו דעם כוס של ברכה סיידין אנדערע טרינקען פריער מעג ער איר דער נאך שיקין :

נז זיא טאר ניט שטעלין פאר אים וואסער צוא וואשין :

נח דיא אלע דינים זיינען פון דער צייט וואש זיא איז טמא גיווארין ביז זיא איז זיך טובל ׳ עש איז קיין חילוק ניט צווישין אום ריינע טעג אונ ריינע טעג

נט ווען אבער זייא זיינען חלילה קראנק אונ איינער דארף דעם אנדערין צו באדינען זאלין זייא פרעגין איין תלמיד חכם וויא זייא זאלין זיך נוהג זיין :

ס אטייל פוסקים שרייבין אז איין נדה דיא טעג וואש זיא זעהעט טאר זיא ניט אין שול גיין אונ ניט דאוונען אונ ניט קיין שם דער מאנען אונ אטייל פוסקים שרייבין אז איין נדה מעג יוא אין שול גיין אונ מעג דאוונען אונ אלע ברכות מאכין אויך דעם שם דער מאנען דער מנהג איז אבער זייא גייען ניט אין שול אריין ׳ ווען עש איז בייא איר דא אמנין זאל זיא ניט קוקין אויף דיא ספר תורה ווען מען הויבט אויף דאש ספר אונ מען ווייזט דעם עולם דאש כתב ׳ אבער אין דיא ריינע טעג מעג זיא נאך אלע דיעות גיין אין שול אריין :

סא ימים נוראים אונ סליחות טעג אונ ימים טובים ווען איטליכער גייט אין שול מעג זיא אויך גיין דעסט גלייכין ווען זיא מאכט חתונה אדער זיא שטייט אויף פון קימפעט מעג זיא אויך גיין אין שול אריין :

סב דעם טאג וואש זיא הויבט אן צוא ציילין ריינע טעג מוז זיא זיך איין טאג פריער בודק זיין פאר נאכט צווישין טאג אונ נאכט אונ אז זיא גיפינט שוין נאר ניט זאל זיא מארגין פריא אן הויבין דיא ריינע טעג צוא ציילין :

דיא

סג דיא ריינע טעג הויבן זיך ניט אן פאר דעם זעקסטין טאג פון איר טמא ווערין אפילו ווען זיא איז טמא געווארין אונ האט באלד אויף געהערט צוא זעהען אונ זעהעט שוין מער ניט · מוז זיא ווארטין פינף טעג אונ זאל זיך פאר נאכט בודק זיין אונ מארגין פריא דאש הייסט דעם זעקסטין טאג הויבט זיך ערשט אן דער ערשטער טאג פון דיא זיבין ריינע טעג :

סד אטייל זיינען זיך נוהג אונ הייבין ערשט אן צוא ציילין פון אכטין טאג דהיינו זיא ציט זיך אפ פון דעם זיבעטין טאג אונ מארגין הויבט זיא ערשט אן צוא ציילין דאש איז אבער ניט קיין גוטער מנהג דען מען געהער זיך מקדים צוא זיין צוא איין דבר מצוה דרום איז איין גרויסע מצוה אז ווען זיא האט זיך בודק געוועזן דעם פינפטין טאג אונ זיא קען שוין דעם זעקסטין טאג ציילין זאל זיא חס ושלום ניט אויף האלטין מער אונ דעם צוועלפטין טאג אין וואשער גיין אונ בזכות זה וועט זיא גוטע קינדער האבין :

סה איין כלה וואש נאך דער חופה האט נדה געזעהן אונ מען האט איר נאך ניט גיפירט ליינגין זאל זיא פרעגין איין שאלה ווען זיא זאל אן הויבין צוא ציילין שבעה נקיים :

סו דעסט גלייכין איין כלה וואש דארף חתונה האבין זאל זיא אויך פרעגין איין שאלה ווען זיא זאל אן הויבין צוא ציילין שבעה נקיים :

סז אפילו ווען זיא האט געזעהען נאר איין פלעק דאש הייסט איין כתם אונ זיא איז טמא געווארין הויבין זיך ערשט אן דיא זיבין ריינע טעג ערשט נאך דעם פינפטין טאג פון טמא ווערין וויא אלע ווייבער :

סח דאש איז אבער נאר אז זיא האט געזעהען דם נדה אדער איין כתם דערנאך ווען זיא איז טהור געוועזין · ווען זיא האט אבער גיפונען אפלעק אפילו דם נדה אין דיא טעג וואש זיא ציילט ריינע טעג דארף זיא ניט ווארטין פינף טעג · נאר תיכף אז זיא ווערט ריין קען זיא מארגין פריא אן הייבין זיבין ריינע טעג צוא ציילין :

סט ווען זיא האט זיך טובל געוועזין אונ דער מאן איז ביא איר ניט געוועזן אין דער ליל טבילה אונ מארגין פריא גיפינט זיא איין פלעק · אדער איין אשה וואש זיא איז גאר טהור אונ דער מאן איז ביא איר ניט געוועזין אין דער נאכט אונ מארגין פריא גיפינט זיא איין פלעק מוז זיא פרעגין איין שאלה :

ע דאש וואש דיא ווייבער רופין אפ ציהען מוז זיין פאר נאכט בין השמשות פאר מעריב דאוונען · ווען מען האט אבער שוין גידאווינט מעריב חאטשע זיא האט נאך ניט גידאווינט אדער ווען מען האט שוין מקבל שבת געוועזין אונ עש איז נאך טאג זאל זיא פרעגין איין שאלה וויא זיא זאל זיך נוהג זיין מחמת עש איז דריגען פיל חילוקים מוז זיא פרעגין איין מורה הוראה אונ ווען עש ווערט שפעט עש איז קיין צייט צוא שיקין פרעגין זאל זיא זיך פריער אפ ציהען דער נאך שיקין פרעגין ווען דאש איז שוין שפעט חאטשע קהל האט ניט גידאווינט קיין מעריב זאל זיא אויך מאכין איין שאלה :

עא ווען דיא אשה וויל מאכין דאש אפ ציהען זאל זיא אזוא טאן זיא זאל זיך גאנץ גוט אונטער זוכין מיט איין ווייסע טיכל אונ דאש זאל זיין פאר מעריב דאוונען אונ דער נאך זאל זיא דיא טיכל ארויש נעמען אונ גוט זעהען אויב עש געפינט זיך ניט קיין שום רויטליכקייט זאל זיא ווידער דיא טיכל ארייז טאן אזוא וויא פריער אונ זאל דארטין דאש לאזין אונ זאל מאכין דעם אפ צוג וויא ווייטער וועט שטיין אונ דיא טיכל זאל דארטין זיין ביז עש וועט רעכט נאכט אונ דער נאך זאל זיא ווידער ארויש נעמען דיא טיכל אונ גוט באקוקין אויב עש געפינט זיך דרויף נישט קיין שום רויטליכקייט אזוא הויבט זיך שוין אן פון מארגין פריא דיא זיבין ריינע טעג אונ אויב זיא געפינט עפעס רויטליך אויף דיא טיכל מוז זיא ערשט מארגין מאכין דעם אפ צוג :

עב אזוא געהער איטליכע פרומע אשה צוא טאן אונ בדיעבד ווען זיא האט נאר איין מאל אויף דעם אופן זיך בודק געוועזין איז אויך קיין איסור ניט :

עג דעם טאג וואש זיא מאכט דעם אפ צוג זאל זיא זיך אן טאן נאך דער בדיקה איין ווייסע העמד וואש זיא וויים אז דיא העמד האט ניט קיין שום פלעק אונ אויף איר בעט זאל אויך זיין דאש ליילעך אונ דיא ציכין אן איין שום פלעק · אונ אין דער פריא הויבין זיך אן דיא שבעה נקיים :

עד עש איז איין מנהג כשר וישר אז איטליכע אשה וואש מאכט דעם אפ צוג זאל זיך אפ וואשין אונ זאל אן טאן אוייסע העמד אונ אנדערע קליידער נאר אז זיא האט ניט קיין אנדערע קליידער אונ זיא קען זיך ניט אפ וואשין איז גינוג זיא זאל זיך נאר אונטין ארום שווייגקען אונ זאל אן טאן איין העמד עש זאל זיין ריין פון דם :

עה אלע טאג פון דיא זיבין ריינע טעג מוז זיא זיך בודק זיין צוויא מאל איין מאל אין דער פריא אונ איין מאל פאר נאכט :

עו דיא אלע בדיקות מוזין זיין אדער מיט אווייסע טיכל פון אלטע לייווינט אדער מיט ווייסע וואל ריינע אדער מיט ווייסע באוויל די בדיקה מוז זיין גאנץ גוט אונ וועלכע זיא איז זיך ניט בודק גאנץ גוט נאר אביסיל איז דאש גאר קיין בדיקה ניט :

עז דיא בדיקה זאל זיין ביא דיא ליכט פון דעם טאג ניט ביא קיין בעלייכטין פון איין ליכט :

עח ווען זיא קען זיך ניט אזוא בודק זיין וויא דיא בדיקה דארף זיין איז בדיעבד גינוג תאמשע ווען זיא האט זיך איין מאל פון דיא זיבין ריינע טעג בודק געוועזין בדין · עש איז בוודאי בעסר אז זיא קען דעם ערשטין טאג דיא גוטע בדיקה מאכין נאר בדיעבד איז גינוג איין אנדערער טאג פון דיא זיבין ריינע טעג · דיא וואש האט זיך אבער אפילו איין מאל ניט בודק געוועזין כדין נאר זיא האט זיך אביסיל אויש געוואשין דאש הייסט גאר קיין בדיקה ניט אונ אירע זיבין ריינע טעג זיינען ניט גירעכינט אונ איר טבילה העלפט גאר ניט אונ זיא הייסט אויך נאך דער טבילה איין רעכטע נדה :

עס דיא זִיבִּין רֵיינֶע טֶעג מוּזִין זַיין דוּרְךְ אַנַאנְדֶר זיא זָאל אִין דיא טֶעג נָאר נִיט גִיפִינֶען קֵיין שׁוּם פְּלֶעק אַז זיא הָאט אָבֶּער יוא גִיפוּנֶען אַיין פְּלֶעק מוּז זיא אוֹיף דָאשׁ נַייעַ אַבְּדִיקָה מַאכִין וְויא אוֹיבִּין אִיז גִישְׁטַאנֶען אוּנ אוֹיף דָאשׁ נַייעַ זִיבְּן רֵיינֶע טֶעג צֵיילִין :

# כד הלכות טבילת נשים · ובו סח סעיפים :

## דִינִים פוּן טְבִילָה גֵיין :

**א** וָוען דֶער מַאן אִיז אִין דֶער הַיים אִיז אַיין מִצְוָה זיא זָאל זִיךְ טוֹבֵל זַיין אִין דֶער צַייט וָוען עֶשׁ קוּמְט אִיר אוֹיס אוּנ טָאר נִיט פַאר שְׁפֶּעטִיגִין אֲפִילוּ אַיין טָאג וָוען זיא הָאט אָבֶּער פַאר שְׁפֶּעטִיגְט אִיז דיא עֲבֵירָה זֵייעֶר גְרוֹישׁ :

**ב** זיא מֶעג זִיךְ טוֹבֵל זַיין פְּרַייטִיג צוּא נַאכְט אוֹיבּ זיא הָאט זִיךְ נִיט גִיקָאנְט פְרִיעֶר טוֹבֵל זַיין אוּנ דַוְקָא אַז דֶער מַאן אִיז אִין שְׁטָאט אָבֶּער אַז דֶער מַאן אִיז נִיט אִין שְׁטָאט טָאר זיא זִיךְ נִיט טוֹבֵל זַיין פְּרַייטִיג צוּא נַאכְט · דָאשׁ גְלֵייכִין וָוען זיא הָאט זִיךְ גִיקָאנְט טוֹבֵל זַיין פְרִיעֶר טָאר זיא זִיךְ נִיט טוֹבֵל זַיין פְּרַייטִיג צוּא נַאכְט :

**ג** וָוען זיא הָאט זִיךְ גִיקָאנְט טוֹבֵל זַיין פְרִיעֶר נָאר דֶער מַאן אִיז נִיט גִיוֶועזִין עֶר אִיז עֶרְשְׁט פְּרַייטִיג גִיקוּמֶען צוּא פָארִין אִיז דֶער דִין אַזוֹא וואוּ עֶשׁ אִיז אַיין מִנְהָג אַז מֶען אַסְרֶת טָאר זיא נִיט מְשַׁנֶה זַיין · אוּנ אַז עֶשׁ אִיז נִיט קֵיין מִנְהָג מֶעג זיא זִיךְ טוֹבֵל זַיין :

**ד** וָוען זיא הָאט זִיךְ טוֹבֵל גִיוֶועזִין פְרִיעֶר דָאנֶערְשְׁטִיג אוֹיף דֶער נַאכְט וָואשׁ גִיהֶער צוּא פְּרַייטִיג דֶער נָאךְ הָאט זיא גִיוָואר גִיוָוארִין אַז דיא טְבִילָה אִיז נִיט גוּט דְהַיְינוּ זיא הָאט גִיפוּנֶען אַיין חֲצִיצָה אָדֶער וָואשׁ פַאר אַיין סָפֵק עֶשׁ דַאכְט זִיךְ אִיר אַז זיא הָאט זִיךְ נִיט גוּט טוֹבֵל גִיוֶועזִין מֶעג זיא זִיךְ שׁוֹין פְּרַייטִיג צוּא נַאכְט נָאךְ אַיין מָאל טוֹבֵל זַיין :

**ה** דָאשׁ גְלֵייכִין וָוען זיא הָאט זִיךְ טוֹבֵל גִיוֶועזִין פְּרַייטִיג צוּא נַאכְט אוּנ זיא הָאט גִיפוּנֶען אַיין חֲצִיצָה דְהַיְינוּ עֶפֶּעס אוּנְטֶער אַיין נָאגִיל מֶעג זיא זִיךְ טוֹבֵל זַיין אִיבֶּר אַנַייעֶם אָדֶער וָוען זיא אִיז גִיגַאנְגֶען פוּן דֶער טְבִילָה הָאט זיא בַּאגֶעגְנֶט אַיין הוּנְט אָדֶער אַיין חֲזִיר אוּנ זיא אִיז זִיךְ נוֹהֵג נָאךְ אַזוֹא אַיין בַּאגֶעגֶענֶעם נָאךְ אַיין מָאל טוֹבֵל צוּא זַיין מֶעג זיא זִיךְ טוֹבֵל זַיין נָאךְ אַיין מָאל אֲפִילוּ פְּרַייטִיג צוּא נַאכְט :

**ו** וָוען זיא הָאט זִיךְ טוֹבֵל גִיוֶועזִין פְּרַייטִיג צוּא נַאכְט אוּנ דֶער נָאךְ הָאט זיא דֶער זֶעהֶען אַיין נָאגִיל וָואשׁ זיא הָאט פַאר גֶעסִין אָפּ צוּא שְׁנַיידִין זָאל זיא פְרֶעגִין אַיין שַׁאֲלָה וְויא זיא זָאל זִיךְ נוֹהֵג זַיין :

**ז** מוֹצָאֵי שַׁבָּת הָאט דֶעם דִין פוּן פְּרַייטִיג צוּא נַאכְט זיא זָאל זִיךְ נִיט טוֹבֵל זַיין אוּם מוֹצָאֵי שַׁבָּת נָאר וָוען זיא הָאט פְרִיעֶר נִיט גִיקָאנְט :

**ח** יוֹם טוֹב הָאט דֶעם דִין פוּן שַׁבָּת קֶעגִין אַלֶע זַאכִין וָואשׁ דָא אִיז גִישְׁטַאנֶען :

**ט** וָוען אַיינֶער נֶעמְט אַיין אַלְמָנָה אוּנ דיא עֶרְשְׁטֶע טְבִילָה קוּמְט אוֹישׁ פְּרַייטִיג צוּא נַאכְט זָאל זיא פְרֶעגִין אַיין שַׁאֲלָה וָוען זיא זָאל זִיךְ טוֹבֵל זַיין :

קֵיין

קַיין אִשָׁה טָאר זִיךְ נִיט טוֹבֵל זַיין בַּייא טָאג נָאר בַּייא נַאכְט וֶוען שְׁטֶערְן שְׁטֵייעֶן :

**יא** וֶוען זִיא הָאט עוּבֵר גִיוֶועֶן אוּנ הָאט זִיךְ טוֹבֵל גִיוֶועֶן בַּייא טָאג אִיז דֶער דִין אַזוֹא אַז דָאשׂ אִיז דֶער זִיבֶּעטֶער טָאג פוּן דִיא זִיבִּין רֵיינֶע טֶעג הֶעלְפְט גָאר נִיט דִיא טְבִילָה וָואשׂ זִיא הָאט זִיךְ טוֹבֵל גִיוֶועֶן פַאר שְׁטֶערְן שְׁטֵיין מוּז זִיא זִיךְ אִיבֶּער אַנֵייעֶם טוֹבֵל זַיין נָאךְ שְׁטֶערְן שְׁטֵיין אוּנ וֶוען עֶשׂ אִיז שׁוֹין אֵיין טָאג נָאךְ דִיא זִבִּין רֵיינֶע טֶעג דָאשׂ הֵייסְט אֵיין אִיבֶּער גִינַאנְגֶענֶע טְבִילָה הֶעלְפְט בְּדִיעֲבַד דִיא טְבִילָה וָואשׂ זִיא הָאט זִיךְ טוֹבֵל גִיוֶועֶן דֶעם אַכְטִין טָאג בַּייא טָאג נָאר זִיא אִיז דָאךְ אָסוּר צוּם מַאן בִּיז נַאכְט אָבֶּער לְכַתְּחִילָה גִיהֶער קַיין שׁוּם אִשָׁה צוּא מַאכִין קַיין אִיבֶּער גִינַאנְגֶענֶע טְבִילָה אוֹיךְ נִיט זִיךְ טוֹבֵל צוּא זַיין בַּייא טָאג · אוּנ דִיא וָואשׂ מַאכְט אֵיין אִיבֶּער גִינַאנְגֶענֶע טְבִילָה בַּייא טָאג הֵייסְט אֵיין פְּרוּצָה :

**יב** וֶוען זִיא הָאט עוֹבֵר גִיוֶועֶן אוּנ הָאט זִיךְ טוֹבֵל גִיוֶועֶן בַּייא טָאג פוּן דֶעם זִיבֶּעטִין טָאג הָאבִּין מִיר גִישְׁרִיבִּין אַז זִיא מוּז זִיךְ אִיבֶּער אַנֵייעֶם טוֹבֵל זַיין בַּייא נַאכְט אִיז דֶער דִין אַזוֹא אֲפִילוּ וֶוען דָאשׂ אִיז אוּם פְרֵייטִיג צוּא נַאכְט מוּז זִיא זִיךְ נָאךְ אֵיין מָאל טוֹבֵל זַיין :

**יג** וֶוען עֶשׂ אִיז אֵיין שְׁטַארְקֶער אוֹנֶס אַז זִיא קֶען זִיךְ נִיט טוֹבֵל זַיין בַּייא נַאכְט אִיז דֶער דִין אַזוֹא · דֶעם זִיבֶּעטִין טָאג הֶעלְפְט קַיין שׁוּם אוֹנֶס נִיט נָאר אֵיין אִיבֶּער גִינַאנְגֶענֶע טְבִילָה הֵייסְט דֶעם אַכְטִין טָאג אוּנ עֶשׂ אִיז אֵיין אוֹנֶס זִיא קֶען זִיךְ בַּייא נַאכְט נִיט טוֹבֵל זַיין זָאל זִיא פְרֶעגִין אֵיין שְׁאֵלָה אוּנ אַז דֶער מוֹרֶה הוֹרָאָה וֶועט פַאר שְׁטֵיין אַז עֶשׂ אִיז אֵיין אוֹנֶס וֶועט עֶר אִיר בְּוַודַּאי מַתִּיר זַיין · זִיא אַלֵיין טָאר זִיךְ אָבֶּער נִיט מַתִּיר זַיין :

**יד** דִיא כַּלוֹת וָואשׂ זַיינֶען זִיךְ טוֹבֵל פַאר דֶער חוּפָּה וֶוען עֶשׂ אִיז דֶער זִיבֶּעטֶער טָאג פוּן דִיא רֵיינֶע טֶעג טָאר זִיא זִיךְ נִיט טוֹבֵל זַיין נָאר בַּייא נַאכְט אָבֶּער וֶוען עֶשׂ אִיז דֶער אַכְטֶער טָאג פוּן דִיא נְקִיִּים מֶעג זִיא זִיךְ אוֹיךְ בַּייא טָאג טוֹבֵל זַיין · עֶשׂ אִיז אֵיין מִצְוָה דֶעם דִין צוּא מַאכִין מְפוּרְסָם צוּא דִיא ווַייבֶּער ווַייל זֵייא מֵיינֶען אַז אֵיין כַּלָה מֶעג זִיךְ טוֹבֵל זַיין בַּייא טָאג תָּמִיד אֲפִילוּ דֶעם זִיבֶּעטִין טָאג זֵייא מוּזִין אָבֶּער ווִיסִין אַז דֶעם זִיבֶּעטִין טָאג אִיז קַיין חִילּוּק נִיט אֵיין אַנְדֶער אִשָׁה אָדֶער אֵיין כַּלָה טָארִין זִיךְ נִיט טוֹבֵל זַיין בַּייא טָאג · נָאר דֶעם אַכְטִין טָאג אִיז אֵיין חִילּוּק טָאר אֵיין אַנְדֶערֶע אִשָׁה נִיט לְכַתְּחִילָה אוּנ אַכַּלָה מֶעג יוֹא · אוּנ אֲפִילוּ אֵיין כַּלָה אַז זִיא אִיז זִיךְ טוֹבֵל עֶרְשְׁט נָאךְ דֶער חוּפָּה אֲפִילוּ דִיא עֶרְשְׁטֶע טְבִילָה טָאר זִיא זִיךְ שׁוֹין נִיט טוֹבֵל זַיין בַּייא טָאג לְכַתְּחִילָה אֲפִילוּ דֶעם אַכְטִין טָאג :

**טו** זִיא מוּז זִיךְ טוֹבֵל זַיין דֶעם גַאנְצִין גוּף מִיט אֵיין מָאל נִיט בִּיסְלַאךְ וַוייס דְהַיְינוּ זִיא זָאל נִיט טוֹבֵל זַיין פְרִיעֶר אֵיין הַאנְט אוּנ דֶער נָאךְ דִי אַנְדֶערֶע אוּנ דָאשׂ גְלַייכִין זִיא מוּז מִיט אֵיין מָאל דֶעם גַאנְצִין גוּף אִיבֶּערִין קָאפּ אִין וַואשֶׂער אַרַיין טָאן :

**טז** עֶשׂ טָאר נִיט זַיין קַיין הָאר פַאר קְנִיפְּט ווָארוּם אַז עֶשׂ אִיז אֵיין הָאר פַאר קְנִיפְּט אִיז דִיא טְבִילָה קַיין טְבִילָה :

יז דיא האר וואס זיינען ביא איר אויף דיא שוועכיגע ערטער אונ זיינען צוא זאמען גיקלעפט איז דיא טבילה קיין טבילה :

יח איין אשה וואס האט קאלטינעס אונ זיא פארכט זיך פאר דיא קאלטינעס אראפ צוא נעמען איז ניט קיין חציצה :

יט דאס ליחות פון דיא אויגין אז עס איז אויף דעם אויג פון דרויסין טרוקענע ליחות אדער פייכטער איז איין חציצה · דאס ליחות וואס איז אבער אין אויג אינעווייניג ווען עס איז פייכט אונ ווייך איז ניט חוצץ אונ אז עס איז דאר איז יוא חוצץ אבער אז עס האט אן גיהויבין צוא ווערין געלבלאך אדער גרינגלאך אדער בלאלאך איז חוצץ :

כ דיא דארע בלוט וואס איז אויף איין מכה איז חוצץ אבער דיא ליחה אין דער מכה איז ניט קיין חציצה :

כא ווען דיא ליחה איז ארויס פון דער מכה אויף דיא פלייש ארויס ביז דרייא טעג הייסט דאס קיין חציצה · נאך דרייא טעג איז דאס יוא איין חציצה ווארום עס איז שוין דאר :

כב דיא ליחה פון דעם נאז אז עס איז ארויס אויף דעם פנים אונ עס איז דאר איז עס חוצץ דרום זאל זיא נזהר זיין ארום צוא וואשין דעם נאז אבער אינעווייניג אין דער נאז איז ניט חוצץ · מען גיהער אבער נזהר צוא זיין אין דעם נאז אויך ריין צוא מאכין :

כג ווען זיא האט זיך איין אדער גילאזט · דיא ערשטע דרייא טעג פון אדר לאזין איז עס ניט חוצץ · אונ נאך דיא דרייא טעג איז עס חוצץ כל זמן עס איז פאר גליווערט ביז עס היילט זיך רעכט אויס :

כד איין אשה וואס איז קרעציג מוז זיא ווייקין דיא קרעץ אין ווארימע וואסער ביז זייא ווערין צוא ווייקט אונ ווייך · דארע קרעץ מוז זיא אראפ נעמען חאטשע עס טוט זייער וויייא · אז זיא נעמט ניט אראפ דיא אלע דארע קרעץ איז דיא טבילה קיין טבילה · אונזערע היילגע ספרים ברייגגען אז פיל צדיקים אונ גדולים האבין אפילו ניט גיגלייבט זייערע ווייבער אויב זייא האבין אלע דארע קרעץ אראפ גינומען דרום איז מען דיא ווייבער זייער מזהיר אויף דעם :

כה איין פלאסטער אויף איין מכה איז חוצץ :

כו ווען זיא האט איין שטיקיל האלץ אריין גישטאכין אין איר פלייש אריין אדער איין שטיקיל גלאז אדער איין אנדערע זאך וואס עס שטארצט ארויס פון דיא פלייש אדער אפילו עס שטארצט ניט ארויס נאר מען זעהעט ארויס גלייך מיט דיא פלייש איז חוצץ מוז זיא דאס פאר דער טבילה ארויס נעמען · ווען עס איז אבער מיט הויט אין גאנצין פאר דעקט איז ניט חוצץ :

כז וואס איז אויף דעם לייב איין גיריכט פון שווייס איז ניט חוצץ אונ אז עס איז פאר טריקינט אונ קאנטיג איז חוצץ :

כח וָוען זיא הָאט גיריבּין איין האנט אָן דער אַנדערער אָדער אָן דעם לייב קוּמט אַרויש וויא שׁטיקלאך טייג אַז דאשׁ בּלייבּט אויף דעם לייב אָדער עשׁ פּאלט אויף דעם לייב איז דאשׁ חוצץ:

כט טינט אוּנ לֵיים אוּנ בּלוּט ווען עשׁ איז ניט אָן גיקלעפּט אָן איר פליישׁ איז עשׁ חוצץ חאטשׁע עשׁ איז פייכט י פארבּ איז חוצץ:

ל אוּם ריינקייט אוּנטער דעם נאגיל איז חוצץ:

לא דיא נעגיל זיינען חוצץ אַז זיא האט זיך גיטובילט אוּנ האט פאר געסין אפילו איין נאגיל אָפּ צוּא שׁניידין מוּז זיא נאך דעם ווידער זיך טובל זיין אָבּער אַז זיא איז שׁוין גיוועזין מיט איר מאן אוּנ מארגין האט זיא גיזעהען אַז זיא האט פאר געסין איין נאגיל אָפּ צוּא שׁניידין זאל זיא פרעגין איין שׁאלה אויבּ זיא דארף איבּער אַנייעם טבילה גיין:

לב ווען זיא האט פאר געסין איין נאגיל אָפּ צוּא שׁניידין אוּנ עשׁ איז שׁבּת אָדער יום טוב זאל זיא פרעגין איין שׁאלה אוּם חול המועד זאל זיא זעהען דורך איין נכרית אָפּ צוּא שׁניידין: ווען זיא קריגט ניט אַזוא בּאלד קיין נכרית מעג זיא זיך אַליין אָפּ שׁניידין נאר זיא גיהער משׁנה צוּא זיין מיט דעם אָפּ שׁניידין וויא אַנאנדער מאל:

לג ווען זיא האט איין בּלאז אויף דעם נאגיל אַז זיא קען ניט אָפּ שׁניידין אוּנ קען דאשׁ אוּם ריינקייט אַרויש נעמען זאל זיא פרעגין איין שׁאלה:

לד זיא מוּז זיך אויש מאכין גוּט דיא ציין ווארוּם אַז זיא האט זיך טובל גיוועזין אוּנ האט דער נאך גיפוּנען עפּעס קלעפּין אין דיא ציין איז דיא טבילה קיין טבילה ניט:

לה דעם טאג וואשׁ זיא דארף בּייא נאכט טבילה האבּין זאל זיא ניט עסין קיין פליישׁ אַנאנצין טאג:

לו ווען דיא טבילה קוּמט אויש שׁבּת צוּא נאכט אָדער יום טוב מעג זיא עסין פליישׁ נאר זיא זאל זיך גוּט אויש מאכין דיא ציין:

לז ווען זיא האט ניט גוּט גישׁווענקט אירע פאר בּארגענע ערטער אוּנ וואו זיא האט קנייטשׁין דער נאך האט זיא גיפוּנען איין זאך וואשׁ איז חוצץ העלפט דיא טבילה ניט:

לח ווען זיא האט עפּעס גינוּמען אין מויל אַריין אפילו נאר אַהאר אָדער זיא האט בּשׁעת טבילה גיהאלטין צוּא דיא ליפין אָדער זיא האט גיהאלטין צוּגימאכט דיא הענט וואשׁ קיין וואסער קען ניט אַריין העלפט דיא טבילה ניט:

לט בּשׁעת טבילה זאל איר קיינער ניט צוּא האלטין י ווען עשׁ איז קיין בּרירה אוּנ מען מוּז איר צוּא האלטין זאלין דיא ווייבּער דיא הענט איין טוּנקען אין מקוה אוּנ מיט נאסע הענט צוּא האלטין:

מ עשׁ טאר ניט זיין אוּנטין אין מקוה קיין דיק ליים ווארוּם ווען זיא שׁטייט דרויף העלפט דיא טבילה ניט:

ווען

מא ווען עֶשׁ קוּמְט שְׁטִיקְלַאךְ בְּלָאטֶע אָדֶער שְׁפֶּענְדְלַאךְ צְווִישִׁין דִיא פִינְגֶער פוּן דִיא פִים הֶעלְפְט נִיט דִיא טְבִילָה :

מב זִיא זָאל זִיךְ נִיט טוֹבֵל זַיין, אוֹיף אַיין אָרְט וואוּ מֶענְטְשִׁין קוּמֶען מַחְמַת זִיא וֶועט זִיךְ אַיילִין צוּא טוֹבְלִין מֶען זָאל אִיר נִיט זֶעהֶען וֶועט זִיא נִיט מְדַקְדֵק זַיין גוּט זִיךְ צוּא טוֹבְלִין :

מג זִיא זָאל זִיךְ נִיט טוֹבֵל זַיין גְלַייךְ אוֹיף גִישְׁטֶעלְט אָדֶער גְלַייךְ גִיזֶעצְט ווָארוּם עֶשׁ אִיז דָא עֶרְטֶער וָואשׁ וֶוערִין פַאר בָּארְגִין אַז זִיא טוּט אַזוֹא :

מד זִיא זָאל זִיךְ נִיט גוּט אַיין בֵּייגִין בִּיז עֶשׁ זָאל פַאר בָּארְגִין וֶוערִין אַלֶע פַאר בָּארְגֶענֶע עֶרְטֶער וִיא זָאל זִיךְ נָאר אַבִּיסִיל בֵּייגִין אַזוֹא וִויא זִיא וֶועלְגֶערְט טֵייג כְּדֵי דָאשׁ וַואשֶׁער זָאל קוּמֶען אִין אַלֶע עֶרְטֶר אוּנ אוּנְטֶער דִיא אָרֶעמְס אוּנ אוּנְטֶער דִיא בְּרִיסְט :

מה דִיא הֶענְט אוּנ דִיא פִּים זָאל זִיא הַאלְטִין אִין וַואסֶער גְלַייךְ וִויא מֶען גֵייט אוֹיף דֶער גַאס · וֶוען זִיא הָאט גוּט צוּא גִידְרִיקְט דִיא הֶענְט אוּנ דִיא פִּים אַז דָאשׁ וַואסֶר קֶען נִיט אַרַיין קוּמֶען הֶעלְפְט נִיט דִיא טְבִילָה :

מו צוּם וֶוייניגְסְטִין זָאל דָאשׁ וַואשֶׁער פוּן דֶער מִקְוֶה גְרֵייכִין אַיין פִינְגֶער הֶעכֶער פוּן דֶעם נָאפִּיל :

מז זִיא זָאל נִיט שְׁטַארְק צוּא הַאלְטִין דִיא אוֹיגִין אוּנ נִיט דִיא לִיפִּין אוּנ אוֹיךְ נִיט אִבֶּערִיג צוּ עֶפֶענֶן וֶוען זִיא הַאלְט שְׁטַארְק צוּ אָדֶער שְׁטַארְק אָפִין · הֶעלְפְט נִיט דִיא טְבִילָה :

מח זִיא זָאל נִיט מַאכִין דִיא טְבִילָה אַיילֶענְדִיג נָאר גִילַאסִין · זִיא זָאל אִין זִינֶען הָאבִּין אַלֶעם וָואשׁ זִיא דַארְף צוּא טָאן וִויא דֶער דִין אִיז · אוּנ זָאל מַאכִין דִיא בְּרָכָה מִיט שִׂמְחָה זִיא זָאל זִיךְ נִיט שְׁרֶעקִין וּבִפְרַט בִּזְכוּת דִיא גְרוֹיסֶע מִצְוָה וֶועט צוּא אִיר קַיין שְׁלֶעכְץ נִיט קוּמֶען זִיא וֶועט נִיצוֹל וֶוערִין פוּן אַלֶעם בֵּייזִין וֶוען זִיא טוּט מִיט יִשּׁוּב הַדַעַת אוּנ אִיז מְדַקְדֵק צוּא טָאן וִויא דֶער דִין אִיז וואוֹל צוּא אִיר וואוֹל צוּא אִיר נְשָׁמָה אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט זִיא וֶועט בְּוַודַּאי מְגַדֵּל זַיין תַּלְמִידֵי חֲכָמִים · וֶוען זִיא אִיז אָבֶּער נִיט נִזְהָר אִין דֶעם אַלֶעם וֵוייא צוּא אִיר וֵוייא צוּא אִיר נְשָׁמָה זִיא וואוּנְט מִיט אִיר מַאן אִין דֶער נִדָּה אוּנ אִיר נְשָׁמָה וֶועט גִישְׁלַיידֶערְט וֶוערִין בְּתוֹךְ כַּף הַקֶּלַע · דֶעם גוּף וֶועלִין מַלְאֲכֵי חַבָּלָה צוּא רַייסִין · דְרוּם זָאלִין דִיא עֶרְלִיכֶע וַוייבֶּר לְמַעַן הַשֵּׁם נִזְהָר זַיין אוּנ זִיא זָאל רַחֲמָנוּת הָאבִּין אִיבֶּער זִיךְ אוּנ אִיבֶּער אִיר נְשָׁמָה וֶועט אִיר גִיוִויס גוּט זַיין :

מט עֶשׁ מוּז שְׁטֵיין אַיין אִידִינֶע דֶער בַּייא וִויא זִיא אִיז זִיךְ טוֹבֵל כְּדֵי זִיא זָאל זֶעהֶען אַז דִיא טְבִילָה זָאל גוּט זַיין עֶשׁ זָאל נִיט עֶפֶּעם אַרוֹישׁ שְׁטֶעקִין פוּן דֶעם וַואסֶער וּבִפְרַט קַיין הָאר זָאל נִיט אַרוֹישׁ שְׁטֶעקִין :

נ אוֹיב עֶשׁ אִיז עֶטְוָואס אַיין סָפֵק אוֹיב עֶשׁ הָאט עֶטְוָואשׁ הָאר אַרוֹישׁ גִישְׁווּאוּמֶען פוּן אוֹיבִּין אוֹיף דֶעם וַואשֶׁער מוּז זִיא זִיךְ נָאךְ אַיין מָאל טוֹבֵל זַיין :

נא זִיא זָאל זִיךְ פַאר דֶער טְבִילָה רֵיינִיגִין וָואשׁ אַיין מֶענְטְשׁ דַארְף · אוּנ אַלֶע עֶרְטֶער רֵיין מַאכִין פוּן אוּמְרֵיינִיקַייט :

נב וָוען צְווייא הָאר פון קָאפּ זיינֶען פַאר קְלֶעפְּט מִיט לֵיים אִיז חוצץ · אויב דִיא אונטערשְׁטֶע בְּרֶעמֶען פון דֶעם אויג הָאבִּין זִיךְ צְווייא הָאר אָן גִיקְלֶעפְּט אָן דִיא אויבֶּערשְׁטֶע בְּרֶעמֶען אִיז אֵיין חֲצִיצָה ׃

נג זִיא זָאל פְרִיעֶר אָפּ וַואשִׁין דֶעם שְׁטויבּ פון דִיא פִּיס ׃

נד עֶשׁ אִיז שְׁכִיחַ אַזֶעלְכֶע פְּנִים וָואשׁ זַיינֶען אָן גִיהֶעפְט פֶּעסְט אָן דֶעם לַייבּ צְווִישִׁין דִיא הָאר מוז מֶען דָאשׁ פַאר דֶער טְבִילָה אַרָאפּ נֶעמֶען דורְךְ וַוארֶעמֶע וַואסֶר אונ אָפּ קְרַאצִין מִיט דִיא נֶענִיל ׃

נה אֵיין אִשָּׁה זָאל זַיין אֵיין צְנוּעָה וָוען זִיא אִיז זִיךְ טוֹבֵל דְהַיְינוּ זִיא זָאל גֵיין טְבִילָה בִּצְנִיעוּת עֶשׁ זָאל קֵיינֶער נִיט וויסִין · אונ דִיא וָואשׁ דֶער צֵיילְט אִיטְלִיכִין וָוען זִיא גֵיית טְבִילָה הֵייסְט אַזוֹא וויא אַבְּהֵמָה · אויף אִיר אִיז גִיזָאגְט גִיוָוארִין אָרוּר שׁוֹכֵב עִם בְּהֵמָה אִיז דֶער טַייטְשׁ פַאר פְלוּכְט זָאל זַיין דֶער וָואשׁ לִיגְט מִיט אֵיין בְּהֵמָה דְרוּם זָאל זִיא זִיךְ אָפּ הִיטִין ׃

נו וָוען זִיא גֵיית אַהֵיים פון דֶער טְבִילָה זָאל זִיא זֶעהֶען צוּא בֵּאגֶעגִינֶען אֵיין אַנְדֶערֶע אִשָּׁה כְּדֵי עֶשׁ זָאל זִיא נִיט בֵּאגֶעגִינֶען אֵיין הוּנְט אָדֶער אֵיין חֲזִיר · אונ אויב זִיא הָאט יוֹא בֵּאגֶעגְנֶעט אֵיינֶעם פון זֵייא וָוען זִיא אִיז אֵיין פְרוּמֶע זָאל זִיא זִיךְ נָאךְ אַמָאל טוֹבֵל זַיין אָן אֵיין בְּרָכָה ׃

נז דָאשׁ אָפּ וַואשִׁין פַאר דֶער טְבִילָה מוז זַיין אויף אַלֶע פַאר בָּארְגֶענֶע עֶרְטֶער אונ נָאר מִיט וַואסֶער נִיט מִיט אַנְדֶערֶע גִיטְרַאנְקֶען אונ זָאל אַלֶע הָאר צוּא קֶעמֶען עֶשׁ זָאל נִיט זַיין דִיא הָאר אָן גִיקְלֶעפְּט אֵיין הָאר אָן דֶער אַנְדֶערֶע ׃

נח דֶער נָאךְ מוז זִיא זִיךְ אָפּ שְׁווֵיינְקֶען דֶעם גַאנְצִין גוּף אונ דֶעם קָאפּ אָפּ וַואשִׁין מִיט וַוארִימֶע וַואשֶׁער אונ זִיךְ בֵּאקוּקִין עֶשׁ זָאל אַלֶץ רֵיין זַיין אונ אַלֶץ גוּט אָפּ קְרַאצִין ׃

נט דָאשׁ צְווָאגִין מִיט דֶעם וַואשִׁין זָאל נִיט זַיין מִיט קַאלְטִין וַואשֶׁער נָאר מִיט וַוארִימֶע וּבִפְרַט צְווָאגִין טָאר זִיא נִיט מִיט קַאלְטֶע וַואשֶׁער ׃

ס דָאשׁ צְווָאגִין מִיט דֶעם בָּאדִין אונ וַואשִׁין זָאל זַיין בַּייא טָאג אונ אויךְ נָאהֶענְט צוּא דֶער טְבִילָה דְרוּם זָאל זִיא אָן הויבִּין דָאשׁ וַואשִׁין וָוען עֶשׁ אִיז נָאךְ טָאג אונ עֶשׁ זָאל גִיוֶוערִין בִּיז נַאכְט בִּיז צוּא דֶער טְבִילָה ׃

סא וָוען דִיא טְבִילָה קוּמְט אויס פְרַייטִיג צוּא נַאכְט זָאל זִיא זִיךְ בָּאדִין אונ קֶעמֶען אונ וַואשִׁין אונ אָפּ קְרַאצִין וָוען עֶשׁ אִיז נָאךְ גְרוֹיסֶער טָאג כְּדֵי זִיא זָאל נִיט מְחַלֵּל שַׁבָּת זַיין דֶער נָאךְ זָאל זִיא וַוארְטִין בִּיז שְׁטֶערִין שְׁטֵייעֶן אונ זָאל זִיךְ טוֹבֵל זַיין ׃

סב נָאךְ דֶעם רֵיין מַאכִין זָאל זִיא נִיט נֶעמֶען קֵיין קִינְד אויף דֶער הַאנְט אונ זָאל זִיךְ אָפּ הִיטִין זִיא זָאל זִיךְ נִיט אֵיין רִיכְטִין ׃

סג אַז זִיא הָאט נָאךְ דֶעם רֵיין מַאכִין גִינוּמֶען אֵיין קִינְד אויף דֶער הַאנְט וָואשׁ דָאשׁ קִינְד אִיז נִיט רֵיין פון צוֹאָה אָדֶער לֵיים אָדֶער בְּלָאטֶע אונ הָאט זִיךְ נִיט

בודק

בודק געוועזען דער נאך ציא זיא איז ריין אונ האט זיך אזו טובל געוועזען כוז זיא נאך איין מאל טבילה האבין :

סד ווען איין אשה האט זיך טובל געוועזען אונ האט זיך פריער ניט גוט צוא קעמט חאטשע דיא האר זיינען ניט צו זאמען גיקלעפט איז דיא טבילה קיין טבילה ניט · אונ אפילו אז זיא האט זיך יוא צוא קעמט נאר זיא האט זיך ניט בודק געוועזען דעם גוף צוא ער איז גוט ריין העלפט אויך ניט דיא טבילה :

סה מיט דער ברכה זאלין זייא נזהר זיין וויא דער של"ה הקדוש שרייבט אז מען זאל פאר זאגין דיא ווייבער זייא זאלין זיך פריער טובל זיין אונ דער נאך מאכין דיא ברכה · אונ דער נאך איין מאל זיך טובל זיין · דיא וואש קען זיך ניט טובל זיין נאר איין מאל זאל זיא טאן וויא אין שלחן ערוך שטייט דיא ברכה נאך דער טבילה צוא מאכין :

סו דיא וואש זיינען זיך נוהג צווייא מאל טובל צוא זיין מוזין ביידע טבילות גוט זיין כדין ניט מקיל צוא זיין :

סז דיא וואש זיינען זיך נוהג צווייא מאל טובל צוא זיין איז דאש בייא זייא וויא איין נדר טארין זייא שוין קיין מאל ניט משנה זיין :

סח ווען זיא מאכט דיא ברכה זאל זיא ניט אריין זעהען אין וואסער אריין נאר ארוים אונ עש איז רעכט אז זיא זאל לייגין דיא הענט אויף דעם הארץ בשעת ברכה דער נאך זאל זיא ארפ נעמען דיא הענט אונ זיא זאל זייא האלטין אזו געוויינטליך וויא זיא גייט :

## דיני ניחום אבילים וסעודת הבראה · ובו י"א סעיפים

## דינים פון מנחם זיין אבלים אונ פון דיא ערשטע סעודה פון אבל :

א דיא וואש קומען מנחם אבל זיין טארין ניט אן הויבין צוא ריידין ביז דער אבל הייבט אן פריער · אונ וויא דער אבל גיט אוואונק מיט זיין קאפ וויא עש ווייזט ער פאר לאנגט זייא זאלין אוועק גיין טאר מען שוין ניט זיצין בייא אים :

ב קיין אבל אונ קיין חולה דארפין ניט אויף שטיין פאר קיין מענטש אפילו פאר דעם רב :

ג דער דרך ארץ איז אז איינער וויל אויף שטיין פאר דעם אנדערין זאגט ער צוא אים זיץ אויף דיין ארט · נאר צוא איין אבל אונ צו איין חולה טאר מען דאש ניט זאגין · ווארום עש ווייסט אויש ער זאל בלייבין זיצין אין זיינע אבלות אדער אין זיין קריינקייט :

ד עש איז איין מצוה מען זאל מתפלל זיין אין די שטוב פון דעם וואש איז געשטארבין · שחרית מנחה אונ ערבית · חאטשע עס איז ניטא קיין אבל · אונ אויב עש איז דא איין אבל · דארף דער אבל אליין דאווענען אונ מען איז אים מצרף צום מנין :

ה דיא אבלים טארין ניט עסין דיא ערשטע סעודה פון איינענע · דעריבער דארפין

זעהען די שכנים מען זאל אריין שיקן אויף די ערשטע סעודה פון זייא · ער זאל
ניט דארפן עסן אייגענע און דאש ווערט גירופן סעודת הבראה :

ו ווען איין אשה איז איין אבלה רחמנא לצלן · טארין מאנס פארשוין ניט שיקן
צו איהר די סעודת הבראה · נאר ווייבער מוזין איהר שיקן די ערשטע סעודה :

ז אז דער אבל איז גיקומען פון בית עולם פרייטיג שפעט דארף מען איהם ניט
שיקן די סעודת הבראה · ווארום פרייטיג שפעט טאר מען ניט עסן :

ח אז דער מת איז איין קטן ווייניגער וויא דרייסיג טעג דארף מען די אבלים
קיין סעודת הבראה ניט שיקן :

ט דער וואש דארף זיך זעצין שבעה נאך יו"ט ווייל עש איז בייא איהם גישטארבין
איינער אום יום טוב דארף מען איהם קיין סעודת הבראה ניט שיקן :

י בייא די אבלים אין שטוב מעג מען אויש קערין און ריין מאכין · מען מעג אויך
אלע כלים וואש מען ניצט אוים שווייגקען און ריין מאכין :

יא באלד וויא מען איז מקבר דעם מת · מעגין די אבלים עסן פלייש און טרינקען
ויין אביסיל אין עסן · אבער פיל ווין טאר מען ניט טרינקען :

## דיני קדיש לאבל · ובו ה' סעיפים
## דיא דינים פון קדיש וואש איין אבל זאגט

א עס גיפינט זיך אין פיל מדרשים אז דורך דעם קדיש וואש איין זאגט נאך זיינע
עלטערין ווערין זייא ניצול פון דין של גיהנם · דעריבער איז מען זיך נוהג
אז דער אבל זאגט דעם קדיש נאך עלינו און דאש רופט מען קדיש יתום · אויך איז
מען זיך נוהג אז דער אבל דאווינט פאר דעם עמוד · און איז מפטיר · און בפרט
שבתות צוא נאכט דארף איין אבל משתדל זיין צוא דאווענען פאר דעם עמוד ·
ווארום דאמאלס איז מער מסוגל די תפלה פאר די נשמות :

ב מען זאגט קדיש אויף אמוטער האץ דר פאטער לעבט · און ער קאן איהם ניט ווערן :

ג אין אנדערע ערטער זאגט מען קדיש אויף אנדערע קרובים אויך · אבער וואו עס
איז דא איין אבל אויף עלטערין · טאר מען בייא איהם ניט אוועק נעמען קיין קדיש :
ווארום ער גזלת די מתים :

ד אום שבת ויו"ט ר"ח והנוכה טאר איין אבל ניט מתפלל זיין פאר דעם עמוד ·
נאר קדיש מעג מען זאגין · און מען דארף זאגין :

ה מען איז זיך נוהג אז מען זאגט מער ניט קדיש וויא עלף חדשים · און די אלע
קדישים פון דעם לעצטן טאג גיהערין צוא איהם · נאר איאר צייט האט איין קדיש :

## דיני צדקה · ובו ה' סעיפים
## דינים פון צדקה געבין :

א עש איז איין גרוישע מצוה יעדער מענטש זאל געבין צדקה נאך זיין פאר מעגין
נאך · אין דער תורה הקדושה געפינט זיך כמה מצות עשה און מצות לא תעשה
ווענ

ווענין צדקה · דרום דארף יעדער מענטש זייער גיזהר זיין אין דעם · דאש איז ניוויש אז איין מענטש ווערט ניט ארום פון צדקה געבין · אונ דער וואש איז זיך מרחם אויף ארעמע לייט וועט השי"ת זיך מרחם זיין אויף אים :

ב דער מענטש זאל זיך ניט טראכטין ביא זיך וויא קען איך געבין צדקה עש וועט דאך ביא מיר ווייניגער ווערין · ווארום ער דארף וויסין אז דיא געלט איז מער ניט וויא אפקדון ביא דעם מענטשין · דארף ער דאך גיוויש טאן דעם רצון פון דעם וואש האט אים גיגעבין צוא באהאלטין :

ג דער וואש איז איין גרויסער עשיר מעג צוא טיילין אפילו מער וויא איין פינפטע טייל פון זיין אייגינס · נאר אויב ער איז ניט שטארק רייך טאר ער מער ניט צוא טיילין ביז איין פינפטע טייל פון זיין פערמעגינס · אונ לכל הפחות דארף יעדער מענטש געבין איין צעהנטע טייל פון זיין אייגינש :

ד מען דארף געבין צדקה מיט אפרייליכן פנים אונ מיט אגוטע הארץ · אונ זאל ריידן מיט דעם ארומאן גוטע ווייכע רייד · איז ער אויף דרויף מקבל איין בזונדרין שכר :

ה עש איז זייער פיל דינים דא אין דעם ענין פון צדקה וועט מען דאש גיפינען אין יו"ד הלכות צדקה · אונ בזכות צדקה וועט אונז השי"ת שיקין דעם גואל צדק ב"ב אמן :

# כה הלכות מזוזה · ובו י"ג סעיפים :

## דינים פון דער מזוזה :

דער אויבערשטער האט אונז גיגעבין דרייא טייערע מצות וואש זייא דער מאנען אונז יעדין אויגין בליק אן זיין ליבין נאמען אונ אן זיין היילינע תורה · דאש זיינען דיא תפילין אויף דעם קאפ אונ אויף דער האנט · דיא ציצית אן דעם קלייד · אונ דיא מזוזה אן דער טיר · ווער עש האלט דיא דאזינע דרייא מצות וויא עש דארף צוא זיין האט איין גרויסין שכר :

א יעדע טיר פון דעם הויז אונ דיא שטיבער מוז האבין איין מזוזה · אויך ווען איין שטוב האט עטליכע טירין מוז יעדער טיר האבין איין מזוזה · אפילו ווען מען באניצט נאר ניט דיא איבעריגע טירין אונ מען גייט נאר אריין אונ ארויש דורך איינע מוזין דאך האבין אלע מזוזות :

ב איין שול דארף קיין מזוזה ניט האבין · איז אבער אין שול דא איין דירה וואש מען וואונט דרינען מוז זיא האבין איין מזוזה :

ג איין סוכה איז פטור פון איין מזוזה :

ד יעדער ארט וואש איז ניט ריין · דאש הייסט איין בית הכסא · איין באד · איין שטאל · אונ איין נארבעריייא · דארף ניט האבין קיין מזוזה · אבער איין היינער שטאל מוז יוא האבין איין מזוזה · אונ אז עש איז דרינען ניט ריין מאכט מען דיא מזוזה אין דרויסין · אויך דארט וואו מען האלט האלץ אדער שטרויא אדער משקאות מוז זיין איין מזוזה :

ה איין קראם וואש מען זיצט דרינען נאר ביא טאג דארף קיין מזוזה ניט :

ו דאש ארט פון דער מזוזה איז אין דער רעכטער זייט פון דער טיר וויא מען קומט אריין · מען שלאגט איר אן אין דער קרים · דער אויבערשטער זייט פון דער מזוזה צוא דער שטוב אריין · אונ דער אונטערשטער טייל ארויש · אויך זאל מען זיא אן שלאגין דארט וואו עש פאנגט אן דעם אויבערשטע דריטיל פון דער ביא שטידיל אבער ניט נידעריגר · אונ אז דיא טיר איז שטארק הויך · זאל מען איר אזוא אן שלאגין אז מען זאל קענען צוא איר גרייכין מיט דער האנט :

ז מען מוז דיא מזוזה איין וויקלען אין איין גישטעל אדער אין איין פאפיר · נאר דער שם שדי זאל אפין זיין · אדער אונטער איין גלאז · אונ מען טאר איר ניט לאזין הייגען · נאר מען מוז דאש פאפיר אדער גישטעל פון אויבין אונ פון אונטין אן שלאגין מיט נעגיל :

ח ווען מען שלאגט אן דיא מזוזה מאכט מען דיא ברכה ברוך אתה יי אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו לקבוע מזוזה · אונ אז מען שלאגט אן מערער מזוזות אין איין הויז איז אויף אלע גינוג דיא ערשטע ברכה אליין :

ט מען מעג אויך שניידין איין דינעם שפאלט אין דעם ביא שטידיל אונ דרינען אריין זעצין די מזוזה · אבער איר אריין צו זעצן אין איין צו טיפין שפאלט · טאר מען ניט :

י דיא שולדיקייט צוא מאכין איין מזוזה איז אויף דעם וואש וואונט אין דער דירה · אבער ניט אויף דעם וואש דאש הויז איז זיין · אונ אז מען קלייבט זיך ארויש טאר מען ניט אפ רייסין דיא מזוזה אפילו ווען דער וואש קלייבט זיך אריין צאלט אים ניט פאר דער מזוזה · עש איז אבער רעכט יענער זאל אים צאלין · ווען עש קלייבט זיך אבער אריין איין נכרי · זאל מען ארויש נעמען דיא מזוזה · אונ אפילו דער נכרי הייסט זיא אים לאזין · זאל ער אים ניט פאלגין אונ זיא אראפ נעמען :

יא יעדער מאל ווען מען קומט אריין אונ ווען מען גייט ארויש זאל מען קושין דיא מזוזה :

יב מען מוז שטארק גיווארינט זיין ריין צוא האלטין דאש ארט פון דער מזוזה · מען טאר דארטין ניט שטעלין קיין וואש שיסיל וואש מען וואשט זיך דרינען · אויך טאר מען דארטין ניט לייגין קיין מיסט אונ קיין אנדערע זאך וואש איז ניט ריין אונ ניט שיין · ווער עש האלט ערליך דיא מזוזה וויא עש דארף צוא זיין · דער איז זוכה צוא פיל גוטש · צוא איין שיינע דירה אונ צוא איין לאנג לעבין :

יג ווען מען וויל גיין אדער פארין אין וועג אריין · זאל מען לייגין דיא רעכטע האנט אויף דער מזוזה אונ זאגין רבונו של עולם איך בעט דיך דוא זאלשט מיך היטין אין דעם וועג וואש איך גייא עש זאל מיר קיין שלעכץ ניט גישעהען · איך זאל באגליקין אין מיינע גישעפטין אונ איך זאל בשלום אהיים קומען · אונ אז ער קומט שוין אויש דער שטאט ארויש זאל ער זאגין דיא תפלת הדרך וויא עש שטייט אין סידור · אויך איז רעכט ווען מען גייט אין וועג אריין זיך מיט צוא נעמען איין בינטיל ציצית ווארום טאמער ווערט פסול איין ציצה זאל ער תיכף האבין איין אנדערע · מען

זאל

זאל זיך אויך תמיד מיט נעמען בראוט אויף דעם וועג אפילו מען ווייש אז עש איז אויף דעם וועג דא צוא באקומען :

## כן הלכות בקור חולים · ובו ד' סעיפים

### דינים פון בקור חולים :

**א** עש איז אגרויסע מצוה צוא גיין צוא אקראנקען מען זאל זעהן וואש ער מאכט אונ אים צוא טרייסטען מיט גוטע ווערטער ער זאל זיך ניט שרעקען · אונ וויא באלד יענער איז קראנק הערט אויף דער כבוד · דאש הייסט מען טאר ניט זאגין איך בין גרעסער פון אים אונ עש איז פאר מיר ניט אנשטענדיג איך זאל צוא אים גיין · דאש טאר מען ניט נאר מען מוז צוא אים גיין · דיא קרובים אונ דיא גוטע פריינט וואש קומען תמיד צוא אים גיזונטער הייד · מוזין צום קראנקין גיין תיכף אין ערשטין טאג · אבער דיא וואש זיינען ניט גיוואונט צוא אים צוא קומען · זאלין ערשט צו אים גיין מבקר חולה זיין דעם דריטין טאג · ווען ער איז אבער זייער שטארק קראנק גיווארין · מעגין אפילו דיא פרעמדע אויך צו אים גיין תיכף אין ערשטין טאג · איין שונא טאר ניט גיין מבקר חולה זיין · ווארום דער קראנקער קען מיינען אז ער קומט ווייל ער זויל אן אים איין נקמה דער לעבין · דער איינענער דין איז אויך בייא איין אבל · אז דער שונא טאר ניט קומען מנחם אבל זיין אפילו ווען ער מיינט עש ערינשט ווארום יענער קען מיינען אז ער טוט עש וועגין איין נקמה :

**ב** דער עיקר מצוה פון מבקר חולה זיין איז מען זאל דעם אויבערשטין בעטין ער זאל זיך דער בארימען איבער דעם קראנקין ער זאל גיזונט ווערין · אונ אז מען קומט צום קראנקין אונ מען איז אויף אים ניט מתפלל האט מען ניט מקיים גיוועזין די מצוה · איבער דעם זאל מען ניט קומען אין דיא ערשטע דרייא שעה פון דעם טאג אין דער פריא · ווארום דעמאלט איז יעדער קראנקער בעסער · וועט ער פאר אים ניט בעטין · ווארום ער וועט מיינען אז ער איז שוין בעסער גיווארין · אויך זאל מען ניט קומען אין דיא לעצטע דרייא שעה פאר נאכט ווארום דעמאלט איז תמיד דעם קראנקין ערגער · וועט ער מיינען אז עס איז שוין ניט צוא העלפין :

**ג** דיא תפלה וואס מען בעט פאר דעם קראנקין זאגט מען זיא אין וואס פאר איין לשון מען וויל נאר מען לאזט דער נאך אויש המקום ירחם עליך בתוך כל חולי ישראל · אונ אום שבת זאגט מען שבת היא מלזעוק ורפואה קרובה לבא ורחמיו מרובים ושבתו בשלום :

**ד** ווען איינער איז קראנק אויף שלשול אדער ער האט שטארק קאפ שמערצין · זאל מען צו אים ניט קומען · נאר אין דרויסין פרעגט מען וואש ער טוט אונ מען בעט צוא השי"ת פאר אים :

